י. ל. פּערעץ

# געקליבענע ווערק



אַרויסגעגעבן דורכן „קאָמיטעט צו פײַערן דעם הונדערטסטן
געבוירן־טאָג פון יִצחאָק לייבוש פערעץ" באַם איקוף




1951

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן מיט
דער מאַטעריעלער הילף פון די
איקוף־פריינט :
סאָכער אַניש
ד״ר לעאָן און ראַיאַ ליבמאַן
יעכיעל מענדעלעוויטש
אַווראָם עפּשטיין
שמועל קאָמאָרסקי

I. L. PERETZ

# GUEKLIBENE VERK

## OBRAS ESCOGIDAS

Editado por el "Comité del Icuf pro Conmemoración del Centésimo Natalicio de Itzjok Leibush Peretz".

Editorial "ICUF"

BUENOS AIRES 1951

IMPRESO EN LA ARGENTINA PRINTED IN ARGENTINE

פּ. קאַץ

# י. ל. פּערעץ און זײַן אױדיטאָריע

### .1

דער באַנד געקליבענע װערק איז אױסן בעיקר צו באַקענען אונדזער יונגן ייִדישן דאָר מיט דער פּילזײַטיקער ליטעראַרישער שאַפונג פון י. ל. פּערעץ, אײנער פון די דרײַ קלאַסיקער, ריכטיקער, הױפּט־פיגורן פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, און אונדזער אױפגאַבע מיט דעם אַרײַנפיר אין דעם באַנד איז צו געבן די לײענער אַ שליסל צו אַט דער קינסטלערישער רײַכקײט, װי צו דער גײַסטיקער פּערזענלעכקײט פון דעם דיכטער, אין װעלכן מיר זעען דעם אױסדרוק פון דעם ייִדישן ליטעראַרישן געניוס.

מען מוז דאָ אָנמערקן, אַז דער באַגריף גופא פון ייִדישן ליטעראַרישן געניוס האָט זיך אױסגעפורעמט אין אונדזער געדאַנק אַ דאַנק י. ל. פּערעצעס פּילזײַטיקן שאַפן און זײַן טיפן גרונטעװען אינעם סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן פון די ייִדישע שיכטן און דװירעם און אין די גײַסטיקע ריכטונגען און װערטן, װאָס די שיכטן און דװירעם האָבן פון זיך אַרױסגעבראַכט.

י. ל. פּערעץ איז געקומען צו דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור שױן אַלס רײַפער מענטש, צװישן דעם 38־טן און 39־טן יאָר פון זײַן לעבן און שױן נאָכדעם װי ער האָט אָפּגעצאָלט זײַן צינז דעם ייִנגלשן שאַפונגס־דראַנג דורך זײַנע לידער און אַנדערע פּרוּװן אין פּױליש און אין העברעיִש. געקומען איז ער צו דער ייִדישער ליטעראַטור אַ אָנגעזאַפּטער, פון אײן זײַט, מיט דעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן װיסן און אַ גענערטער מיט דער דװירעם־לאַנגער און זײַן־צײַטישער ייִדישער סענסיביליטעט, װי מיר װעלן דאָס אָנרופן, און פון דער אַנדער זײַט — אַ קולטור־מענטש פון דער צװײטער העלפט נײַנצנטן יאָרהונדערט, מיט ברײטע

יעדיעס אין דער אייראָפּעישער געשיכטע, פּאָליטיק, פילאָזאָפיע און ליטע־ראַטור, מיט סאָציאַליסטישע איבערצײַגונגען, וואָס נעמט נאָענט צום האַרצן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין פּוילן און אין רוסלאַנד, פון וועלכער פּוילן איז דעמאָלט געווען אַ טייל.

די פּאָעמע „מאָניש”, וואָס י. ל. פּערעץ האָט אָנגעשריבן אין 1888 און איז דערשינען אין דרוק ערשט אין 1892, אין שאָלעם־אַליכעמס „יודי־שער פאָלקס־ביבליאָטעק” און אויך אונטער זײַן רעדאַקציע, איז אַ פּראָ־דוקט פון דעם צוזאַמענשטויס צווישן די צוויי קולטורן, ריכטיקער, צווישן די צוויי דערציִונגען אָדער, ווי מען איז געוווינט צו זאָגן: צוויי וועלטן: די טראַדיציאָנעלע פרום־יידישע, אין וועלכער עס האָט זיך דערצויגן אָט דער מאָניש, אַ יונגערמאַן פון פּערעצעס דאָר, און דער דרויסנדיקער, דער אייראָפּעישער. דער צוזאַמענשטויס קומט דאָ פאָר אָפן געביט פון ליבע. דער אילוי מאָניש פאַרליבט זיך אין אַ מיידל פון אַ דאַנציקער „דײַטש”, וואָס האַנדלט מיטן פרומען שטעטל, און עס באַקומט זיך די דראַמע: פאַרן שטעטל, פאַר טאַטע־מאַמע איז עס אַן אַרבעט פונעם סאַטן, ראַב־מאָנע ליצלאַן, מאָניש איז אינגאַנצן אַ פאַרענדערטער, עס ברענט אין אים אַ פײַער, אַ געזאַנג רײַסט זיך אים פון האַרצן, אָבער ניט דאָס פריִערדיקע געזאַנג פון דער טוירע, און דאָ קומט די פאַרלעגנהייט פון פּערעצן גופא: ניט נאָר איז ליבע נישט קיין יידישע זאַך — זינגט שיר־השירים איז גע־וואָרן דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען, וואָס גאָט האָט געזונגען צו דער קנעסעס־ייִסראָעל, איז ליבע בלויז די זאַך פון וועגוס, וואָס „שפּרינגט אַרויס פון שוים אינמיטן יאַם און אַן אַ העמד” און פון „אַמאַר מיט בלינ־דע אויגן, וואָס לויפט אום באָרוועס, נאַקעט און שפּילט זיך מיט אַ פײַלנ־בויגן” — נאָר יידיש פאַרמאָגט גאָרניט אַזאַ שפּראַך־אויצער פאַר ליבע:

„קיין רעכטן קלאַנג, קיין רעכטן טאָן!
„ס'האָט פאַר ליבע קיין געפיל.
„נישט קיין פּאַסנד וואָרט פאַר סטיל...

און פּערעץ גיט אָפּ אַ גאַנץ קאַפּיטל פון דער פּאָעמע, אין איר ער־שטער רעדאַקציע, אָט דער פאַרלעגנהייט זײַנער באַם באַזינגען מאָנישעס ליבע און ער זאָגט דאָרט:

„אַנדערש וואָלט מײַן ליד געקלונגען,
„כ'זאָל פאַר גויִים גויִיש זינגען
„נישט פאַר יידן, נישט זשאַרגאָן" ! —

אָט דער ליבע, דער קלאַסישער ראָמאַנטיק, דעם ראָמאַנס צווישן יונגל

און מיידל, צווישן מאַן און פרוי, האָט פּערעץ דעריבער טאַקע געזונגען, ריכטיקער וועט זײַן, אָפּגעזונגען, צעוּרשט אין פּויליש, די שפּראַך פון דעם פּאַריץ מיט דער פּריצע, און אין העברעיש, די שפּראַך פון שיר־השירים און פון „אהבת ציון". און אין ייִדיש האָט ער פון דעמאָלט אָן גענומען זינגען פון גאָר אַן אַנדער ליבע: מענטשן־ליבע, סימפּאַטיע צום אָרעמען און געדריקטן און האַס, כוזזעק, בײַזע סאַטירע, אױף רײַכן און אונטערדריקער. בײַ פּערעצן האָט גענומען קלינגען שפּראַך אין ייִדיש אױף איבערזעצן פון די נעוויאַים, באַזונדערס פון יעכעזקל:

„גאָט זאָגט מיר אַזױ צו זאָגן:
„די „נעוויאַים" וועל איך קלאָגן,
„די שאַקראָנים, די קאַזװאָנים,
„מיטן אומפאַרשעמטן פּאָנים
„און פאַרגלייזטע אויגן!

און די ייִדישע שפּראַך קלינגט איצט שוין אויך איבערצוזעצן אָדער איבערצודיכטן פון פּוילישן קאָנאָפּניצקאַס „לידער", אַ פּאָעמע, וואָס איז פול מיט האַרציקער ליבע צו די אָרעמע און אַרבעטנדיקע, וואָס זינגען דאָס שניטער־ליד, ווי פול מיט שאַרפער סאַטירע איבער די כאַנייפים, וואָס זינגען אָדעם פאַר די רײַכע און שטאַרקע.

.2

י. ל. פּערעצעס איבערגאַנג צו ייִדיש אין יענער צײַט מיינט אַן אָפענע דעמאָנסטראַציע און פּראָטעסט קעגן דער העברעיִשער ליטעראַטור, וואָס האָט נויטווענדיקערווײַז געמוזט זײַן אַ באַטלאָנישע, אַן אָפּגעריסענע פון־נעם לעבן, אויסגערעכנט אױף לייענער, וואָס ליטעראַטור איז בײַ זיי אַ פאַר־נעמעניש פאַר לײַדיקגייער אָדער אַ שירמע פון קלוימערשטער פאָרגעשריטנ־קייט און ליבעראַליזם, הינטער וועלכער זיי געגנאַרן גאָט און לײַט און שינדן באַם פאָלק די הויט. בײַ זיי, בײַ אַט די ליבעראַלן־מאַסקילים אין די הענט געפינט זיך דעמאָלט אויך דאָס ייִדישע פאַרלאַג־וועזן און פּערעץ מוז אין דער זעלבער צײַט ווערן אויך אַ פאַרלעגער, קעדיי צו האָבן אַ טרי־בונע פאַר זײַן נײַעם ייִדישן שאַפן, וואָס איז, אין קעגנזאַץ צו דער באַלע־באַטיש־מאַסקילישער באַטלאָנעם, דורכגעדרונגען מיט דעם קריטישן און רעאַליסטישן גײַסט פון אַ סאָציאַליסטישן אָנהענגער.

אין יאָר 1891 הייבט אָן י. ל. פּערעץ אַרויסגעבן אַ האַלב־יערלעכן

זשורנאל „פיר ליטעראטור, געזעלשאפט און עקאנאמיע" אונטערן נאמען „די יידישע ביבליאטעק". די אויסגאבע איז אויסגערעכנט געווען אף א נייעם לייענער, אף דעם יידישן ארבעטער און אף דער יידישער יוגנט, וואס איז דורשטיק צו וויסן, וואס זוכט א קריטיש ווארט וועגן דער געזעלשאפט און א ווארט פון האפענונג אף דעם אנקומען פון דער דערלייזנדיקער נייער סאציאלער ארדענונג. די מיטלען אבער אף ארויסצוגעבן דעם זשורנאל האט ער געפונען גראד בא רייכע יידן, בא מענטשן מיט א מאסקיליש־אסימילאנטישן צוגאנג צו ליטעראטור. דערפון איז ארויסגעקומען, אז גראד דער אריינפיר־ארטיקל צום ערשטן באנד פון דער „יידישער ביבליאטעק" איז א מאסקיליש־אסימילאנטישער, נאר אינעוויי־ניק לייענען מיר אין א פאליטישן איבערבליק אזא מין זאץ:

„דער פאפירענער ליבעראליזם איז אדורך גאנץ אייראפע, ווי א זאראזע. פרייהייט הייסט דאס רעכט צו מאכן זיך אן ארט באם טיש, ווײלן — הייסט קויפן שטימען פאר געלט און בראנפן, פארלאמענטן זיינען בערזעס, ווו פארטייען שווינדלען מיט פאליטישע פאפירן, ווו די דעפּוטירטע פארקויפן איינער דעם צווייטן די געקויפטע שטימען, די „פרייע פרעסע", די שטאלץ פונעם נײַנצנטן יארהונדערט, איז א רינשטאק פון בלאגע און שאנטאזש".

אדער אזא זאץ, וואס כאראקטעריזירט די ענגלישע פאליטיק און מיט געוויסע ענדערונגען, איז ער גילטיק נאך היינט:

„פאר ענגלאנד איז זייער נוצלעך, אז עס זאלן אויפהערן מילכאמעס, דאך איז פאר איר נאך נוצלעכער, אז אנדערע זאלן אויסטאן די קלייזיען, און זי אליין זאל קענען דערוויל פארכאפן מיט דער שווערד נאך און נאך לענדער אין אפריקע, אזיע און אויסטראליע . . . זי האט נאך ניט אלע באקליידט מיט איר בוימוואל פון מאנטשעסטער און נישט אלע צעטיילט אירע מעסערלעך פון בירמינגאם, נאר ווען אפילע אלע רעגירונגען זאלן זיך צווישן זיך אויסגלייכן, וועלן זיי נאך אלץ ניט אוועקלייגן דאס געווער: עס בלייבט נאך איבער די סאציאליסטישע פארטיי, וואס וערט פון טאג צו טאג שטארקער און הויבט אן ניט אף א גלייכווערטל צו שרעקן".

אט דער פאליטישער איבערבליק געשריבן אין 1891 גיט אויס י. ל. פערעצן ווי א טיפן קענער פון דער וועלט־פאליטיק, וואס זעט זי ניט אינעם גייסט פון א סאציאליסטישן ראמאנטיקער און סימפאטיקער, נאר פון אזעלכן, וואס זעט שוין דעם קאפיטאליזם אין זיין אימפעריאליסטישער

פּאָזע. אין דער שײַן באַקומט זײַן דערציילונג „באַנציע שווײַג", געדרוקט אינעם 3־טן באַנד פון זײַן „ייִדישער ביבליאָטעק", אין יאָר 1894, אַ פיל גרעסערע באַדײַטונג ווי מען האָט איר דעמאָלט צוגעשריבן. דאָס איז שוין ניט בלויז אַ כוויזעק אַף דעם פּאַשעטן האָרעפּאַשניק, דעם וואָס זײַנע איז די צוקונפט, די גאַנצע וועלט, און ער, דער טאַם, פאַרלאַנגט נישט מער ווי אַ בולקע מיט פּוטער; ס'איז אויך אַ כוויזעק אַף דעם קליין־סאָציאַליזם, וואָס פאַרזעט דעם קאַמף פאַר דער פעלקער־באַפרײַונג צוליב אַט דער בולקע מיט פּוטער, וואָס בלײַבט פאַר אים אַ נישט־דערגרייכלעכער אידעאַל.

אין די דרײַ בענד „ייִדישע ביבליאָטעק", האָט י. ל. פּערעץ געדרוקט זײַן סעריע לידער, וואָס טראָגן דעם אַלגעמיינעם טיטל „צײַט־געדיכטן", אַ צווייטע סעריע אונטערן טיטל „מיש־מאַש", די לידער „דער באַלעגאָלע", „מײַן מוזע", „יויכעוועד", „פון יעכעזקל", „האָף און גלויב". און פון זײַנע דערציילונגען: „דער טאָנעס", „אינעם פּאָסטוואָגאָן", „האַלט ס'מויל", „מענדל ברײַנעס", „אַ קלעזמערס טויט", „ס'הערצל צאַפּלט", „שאָלעם באַיִס", „די אַלמאָנע", „די לעזערן", „דער נײַער ניגן", „אַ פאַרשטערטער שאַבעס", „דאָס שטרײַמל" און די פריִער דערמאָנטע דערציילונג „באַנציע שווײַג". צו יענע יאָרן געהערן אויך „אין קעלער־שטוב", „אַ קאָס פון אַ ייִדענע", „באָם פײַער", „אַ קאַשיע אַף יענע לײַט", „אין כיידער אַרײַן שקאָצים", די „סעריע קליינע מײַסעלעך פאַר גרויסע קינדער", „די רויז", „ער שפּילט פאַרן טײַוול", „דאָס אָרעמע ייִנגל", „דער כאָלעם" א. אַ.

אַכוצדעם האָט פּערעץ אין די דרײַ בענד געדרוקט זײַנע „בילדער פון אַ פּראָווינץ־רײַזע", אַ סעריע פון 24 קאַפּיטלען, אויפגעכאַפּטע בילדלעך אַף זײַן רײַזע אין יאָר 1890 איבער דעם טאָמאַשאָווער פּאָוויאַט, אין שליכעס פון אַ סטאַטיסטישער עקספּעדיציע, אָרגאַניזירט פון אַ געוויסן יאַן בלאָך, אַ פילאַנטראָפּ און עקאָנאָמיסט, וואָס האָט געוואָלט דערווײַזן, אַז ייִדן זײַנען אַ פּראָדוקטיווער עלעמענט. די סטאַטיסטישע ציפערן פון דער רײַזע זײַנען קיינמאָל ניט דערשינען און דאָס איינציקע וואָס פון איר איז אַרויסגעקומען איז געווען דאָס קינסטלעריש געוויזענע בילד פון ייִדישן לעבן אין דער פּוילישער פּראָווינץ פון יענער צײַט. געשריבן האָט ער דאָ אויך פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען, ליטעראַטור־קריטיק און עסייען, דורכגעדרונגען מיט אַ קריטישן און ראַציאָנעלן בליק אַף דער ייִדישער און אַלגעמיינער געזעלשאַפט.

באַקאַנט זײַנען שוין דעמאָלט געווען אויך פּערעצעס דערציילונגען „דער מעשולעד״, „וואָס הייסט נעשאָמע״ און „דער מעשוגענער באַטלען״, וואָס יאַנקעוו דינעזאָן האָט אַרויסגעגעבן אין 1890 אונטערן טיטל „באַקאַנטע בילדער״ און די דערציילונגען „דער כעלמער מעלאַמעד״, „יאַנקל פּעסימיסט״ און „וועגנום און שולאַמים״, וואָס זײַנען געווען געדרוקט אין שאָלעם-אַליכעמס „פֿאָלקסביבליאָטעק״. י. ל. פּערעץ וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אָנגעוווירן זײַן אַדוואָקאַטאָרישע פּראַקטיק און אַפילע פֿאַרלוירן זײַן טיטל אַדוואָקאַט צוליב אַ מעסירע באַ דער מאַכט, האָט פֿון זײַן מיטאַרבעט אין שאָלעם-אַליכעמס „פֿאָלקסביבליאָטעק״ געדאַרפֿט ציִען זײַן כאַיונע. אין דער זעלבער צײַט האָט י. ל. פּערעץ שוין דעמאָלט אָנגעהויבן מאָביליזירן די ייִדישע שרײַבער אַרום זײַן „ייִדישער ביבליאָטעק״. צווישן זיי: אַווראָם רייזען, יעהויאָש, ש. בענציִאָן גוטמאַן, אַ דרויאַנאָוו, מ. ריוועסמאַן, גוידאַ גאָרין א״אַ. פּערעץ האָט דעמאָלט געפֿירט אין וואַרשע די מאָביליזאַציע פֿון די ייִדישע שרײַבער, וואָס שאָלעם-אַליכעם אין אַדעס און קיִעוו מיט זײַן „פֿאָלקסביבליאָטעק״.

דער כילעק צווישן פּערעצעס „ייִדישע ביבליאָטעק״ און שאָלעם-אַליכעמס „פֿאָלקסביבליאָטעק״ איז באַשטאַנען דעריקער דערין וואָס די ערשטע האָט געהאַט גאָר אַן אַנדער אוידיטאָריע לייענער ווי די צווייטע. בעיס די „פֿאָלקסביבליאָטעק״ האָט געהאַט אַלס לייענער דעם נישט-דיפערענצירטן שיכט פֿאָלקסמענטשן פֿון די אוקראַיִנישע שטעטלעך, איז דער לייענער פֿון דער „ייִדישער ביבליאָטעק״ געווען דער ייִדישער אַרבעטער פֿון פּוילן און ווײַסרוסלאַנד, וואָס איז שוין געהאַט אַרויפֿגעטראָטן אַף דעם וועג פֿון פּראָפֿעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע און סאָציאַליסטישער אויפֿקלערונג. ביידע אויסגאַבעס האָבן לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, נאָר בעיס שאָלעם-אַליכעמס האָט פֿאַרענדיקט איר עקזיסטענץ מאַכמעס באַ אים האָבן זיך אויסגעשעפּט די פֿינאַנציעלע מיטלען, איז פּערעצעס איבערגעריסן געוואָרן, מאַכמעס ער האָט זיך געוואָלט באַפֿרײַען פֿון דער אַפּעטראָפּסעס און קאָנטראָל פֿון די באַלעבאַטישע פֿינאַנסירער און גרינדן אַ צווייטע אויסגאַבע, וואָס זאָל זיך אײַנגאַנצן שטיצן אַף דער אַרבעטער-אוידיטאָריע.

י. ל. פּערעץ הייבט אָן אַרויסגעבן אין 1894 אָנשטאָט דער „ייִדישער ביבליאָטעק״ די באַרימטע „יאָנטעוו-בלעטלעך״, וואָס האָבן אונטער זייער פֿרום-שטייגערישן פּאָנעם, צוליב צענזור-טײַמים, געדינט דער פּראָפּאַגאַנדע פֿון דעם סאָציאַליזם צווישן די ייִדישע אַרבעטער. ביז סאָף 1895 זײַנען

דערשינען 17 אזעלכע בלעטלעד, וואס האבן געטראגן די נעמען: „לעקאווער פייסעד", „פיילנבויגן", „גרינס", „טאנעס", „טרייסט", „שויפער", „הוישאנע", „ליכטל", „שאבעס אויבס", „האמען־טאש", „קאל כאמירא", „דער אויצער", „ביקורים", „טאמוז", „לעשאנע טויווע", „אוינעג שאבעס", „כאמישעאסער". פון טייל נעמען קוקט מאמעש אפער דער קעמפערישער הינטערמיין זייערער. געדרוקט האבן זיך דא פערעצעס דערציילונגען, וואס זייערע נעמען זיינען אויך אזעלכע „יאנטעוודיקע", ווי אויך די סעריע מייסעלעד פון דול־הויז, „דער פעטער שאכנע און די מומע יאכנע" און שוין אויך זיינע ערשטע כסידישע דערציילונגען: „האכנאסעס קאלע", „מעקובאלים", „אז מען זאגט מעשוגע" און „דעם רעבנס ציבעק". אין די בלעטלעד האט ער אויך געדרוקט זיינע „דריי נייטארנס" און אנדערע זאכן אין פערז פון קעמפעריש־הומאניסטישן כאראקטער.

ווי געזאגט, האבן די יאנטעוו־בלעטלעד פינאנציעל זיך געשטיצט שוין אינגאנצן אף די יידישע ארבעטער, וואס האבן זיי באטראכט פאר זייער לעגאלן ארגאן. אף צו דעקן דעם דעפיציט, וואס זיי האבן געהאט, האט פערעץ ארויסגעשיקט אין די גרעסערע שטעט אף א טור דעם שריפטשטעלערע דאוויד פינסקי, וועלכער האט געדרוקט אין פערעצעס אויסגאבעס זיינע ערשטע סאציאליסטישע דערציילונגען. ד. פינסקים שליכעס איז, נאטירלעך, געווען א דאפלטע. ער האט אויך געפירט א מינדלעכע סאציאליסטישע פראפאגאנדע. צי דערפאר אדער מאכמעס בעיים די צארישע אבלאוועס פלעגט מען צו אפט געפינען בא די ארבעטער די יאנטעוו־בלעטלעד, ווי עס גיט אן זאלמען רייזען אינעם „לעקסיקאן פון דער יידישער ליטעראטור", האט די מאכט פארבאטן דאס דערשיינען פון דער אויסגאבע.

### 3.

אין פערעצעס ליטערארישער טעטיקייט טרעט דעמאלט ארײַן א געוויסער שטילשטאנד. ער האט ניט ווו זיך צו דרוקן. אכוץ ווען ניט ווען אין א „קאלענדאר" מיט אן אפטיילונג פאר ליטעראטור אדער אין א נארד־אמעריקאנער צייטונג. אינעם אפשניט צווישן 1896 ביז 1899, ווען עס הייבט אן דערשיינען „דער יוד", א זשורנאל פון ציאניסטן מיט א פאזיטיווער באציונג צו יידיש, האט ער אנגעשריבן קוים אנדערהאלבן צענדליק דערציילונגען, שוין ארײַנגערעכנט „יויכענע מעלאמעדס מייסעלעד", וואס

ער האט אפגעדרוקט ערשט שפעטער אינעם „יוד“, ווו ער הייבט אן דרוקן זיינע כסידישע דערציילונגען און שפעטער זיינע „פאלקסטימלעכע געשיכטן“.

די עסטעטישע ריכטונג אין דער יידישער ליטעראטור־קריטיק שטעלט אוועק דאס יאר 1899 ווי דאס איבערברוך־יאר פון י. ל. פערעצעס שאפן. ער זאל דעמאלט האבן איבערגעגאנגען פון זיין ביז דעמאלט סאציאליסטישן און מאסקיליש־ראציאנאליסטישן וועג אין דער ליטעראטור צו א ריין עטישן, מיסטישן און נאציאנאליסטישן. די נייע סאציאלע ליטעראטור־קריטיק ווייזט אן אף דער פאלשקייט פון אט דער איינטיילונג און פון אט דער צעברעקלונג פון פערעצעס גאנצער ליטעראַרישער און קולטור־פערזענלעכקייט. פערעץ האט קיינמאל ניט אויפגעהערט זיין סאציאליסט און ראציאנעל־דענקענדיקער מענטש און איז קיינמאל ניט געווען קיין מיסטיקער. ער האט אין לעבן פיינט געהאט בעטאכלים האסינע די „גוטע־יידן“ מיט זייער „גוט־יידישקייט“, ווי ער האט דאס אפן געזאגט דעמאלט ווען מען האט אנגעהויבןריידן וועגן זיין כסידישן מיסטיציזם.

זיין כסידישע טעמאטיק הייבט זיך אן נאך אין אנהייב פון זיין ליטעראַרישער קאריערע; טייל פון זיינע שענסטע כסידישע דערציילונגען, צווישן זיי „די מעקובאלים“, האט ער אנגעשריבן נאך אין 1894; זיין „משנת חסידים“, וואס איז אפגעדרוקט געווען אין 1902, האט ער אנגעשריבן אין העברעיש אויך אין 1894. דאס אייגענע פארקערט: פערעצעס ארעסט פון א סאציאליסטישער פארזאמלונג און זיין זיצן צוויי כאדאשים אין ווארשעווער „פאוויאק“ איז געשען אין אויגוסט 1899.

עס וואלט געווען דער גרעסטער אומזין צו זען אין פערעצן א דאפלטע פערזענלעכקייט פון דעם מין וואס מען באגעגנט צווישן די פאטאלאגישע העלדן פון דער בולוואר־ליטעראטור.

אין די אלע לידער און דערציילונגען זעען מיר פערעצן ניט גלאט ווי א שרייבער, וואס דרינגט אריין מיט זיין אויג אינעם לעבן, אין דער מאכנע פארשוינען, וואס שווייבלען און גריבלען אין דעם לעבן, וואס ער האט פאר זיך. מיר זעען אים ווי א ריז מיט א גוואלדיקן קויעד, וואס נעמט זיך אונטער געזונט צו מאכן דאס דאזיקע קראנקע לעבן, וואס ער זעט ווי א געמויזעכץ מיט פרעש, פול מיט אומרעכט, מיט מענטשלעכער

קליינלעכקייט, מיט עקספלואטירטער ארבעט און גייוועדיקער באטלאנעס, מיט צוויעס און כניפע וואס גדייען אף דעם מיסט פון אומוויסן; נישט קיין ראכמאנעס־געפיל צו די ארעמע און אונטערדריקטע, אפן שטייגער פון די רוסישע און פוילישע פאפוליסטן פון די זעכציקער יארן פארגאנגענעם יארהונדערט, ווי עס מיינען יענע יידישע ליטעראטור־קריטיקער, זעען מיר אין פערעצעס שניידיקע דערציילונגען, נאר אן אפן אויג פאר דאס וואס דאס לעבן דארף זיין — אין דעם פאל דאס יידישע, וואס ער זעט עס א צעטראטנס פון דרויסנדיקע און פון אינעווייניקסטע מענוואלים — און אין נאמען פון אט דער געזונטער און אויסגעלייזטער וועלט, וואס ער זעט שוין אנקומען, בייטשט ער אן ראכמאנעס די קנופיע וואס האט זיך אף דעם לעבן אנגעזעצט, די „מלכותא דארעה כמלכותא דרקיע” (די ערדישע וועלט־רעגירער ווי די הימלשע) און טרייסט די אונטערדריקטע, די עלנטע און דערשלאגענע, די הארעפאשנע יידן און זייערע פארהארעוועטע ווייבער, וואס אויך אין זייערע אויגן זעט ער שוין פינקלען דעם מענטשלעכן באוווסטזיין, די מענטשלעכע ווירדע און דעם דראנג צו דערלייזונג.

ווי ארעם עס איז דער באגריף וועגן אט דעם פעריאד אין פערעצעס שאפן בא די דאזיקע קריטיקער, וואס זיינען אים מעוואטל מיט דער באצייכענונג פון מאסקילישן ראציאנאליזם, וואס איז דערווידער דער קונסט!... פערעץ גופע ענטפערט זיי מיט זיינעם אן ארטיקל: „דער וועג פון דער יידישער ליטעראטור”, געדרוקט אין 1910, ווו ער מאכט צו נישט די גאנצע קונסט, פאר וועלכער זיי שטעלן זיך איין, אויב זי האט ניט אלס ציל די דערלייזונג און דערהויבונג פון דעם מענטשן, און פרעגט אפ דערביי די גאנצע יידישקייט פון דער יידישער ליטעראטור, אויב זי נערט זיך ניט פון די יידישע לעבנס־דערפארונגען און האט ניט אלס ציל די סאציאלע דערלייזונג פונעם יידישן פאלק. די זעלבע קריטיקער האבן שפעטער אט דאס ארטיקל ארויסגעשטעלט אלס פערעצעס א נאציאנאליסטישן „אני מאמין”, און האבן ווידער ארויסגעוויזן די ארעמקייט פון זייער סאציאלן פארשטאנד, אדער נאך עפעס ערגערס, פארמישנדיק אדער מיסטיפיצירנדיק דעם באגריף פון קאנסערוואטארישן נאציאנאליזם, וואס דערלאזט ניט אפשאפן דאס געמויזעכץ, מיט דעם באגריף פון קינסטלערישער עכטקייט און ציל־באוווסטקייט.

אגעוו, איז אט די מיסטיפיקאציע זייער גרינג געווען זיך אנצונעמען אין יענער צייט ווען מען האט געמישט סאציאליזם מיט קאסמאפא־

ליטיזם און אַסימילאַציע און נאָכמער איז עס גרינג געווען בעשאַס מאַ־
גייפּע, מיר מיינען דאָ אין דער צײַט פון דער רעאַקציע נאָך 1905, ווען
דער מין קריטיק האָט גענומען גדייען. בעשאַס מאַגייפּע, דערציילט פּע־
רעץ אין זײַן דערציילונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען, איז דאָס שטעטל
פרום געוואָרן, דעם רויפעס ווײַב האָט אויסגעטאָן דאָס שײַטל און אָנגע־
טאָן אַ האָרבאַנד, אַ באַהאַלטענער מאַסקיל האָט פאַרברענט פאַר אַלעמען
אין די אויגן אַן „אהבת ציון" און גענומען זיך צו טילים זאָגן, די דינסט
פון בעדער איז געקומען צום ראָוו אַרויסנעמען אַ טשוווע, באַאַשער...
זי פלעגט אַלע פרײַטיק אַרײַנקוקן דורך אַ שפּאַרע אין באָד אַרײַן צו די
מענער. עפּעס אַ יונגערמאַן, מען וויל ניט פוירעש בישמוי זײַן, פאַסט שוין
אַ גאַנצן כוידעש און קלערט נאָך אַ פּאָרוש צו ווערן, גאָט וויים פאַר וואָס
פאַר אַ זינד! טייל שנײַדער טראָגן אָפּ דעם יִטער, קאַצאָווים גיבן אַ גרע־
סערן צולאָג..." קורץ, דאָס שטעטל שרעקט זיך. אונדזער ליטעראַריש
שטעטל האָט זיך בעיים דער רעאַקציע שטאַרק געשראָקן און... האָט
געבלאָזן אַף קאַלטן. אַ הײַנטיקן רעוואָלוציאָנערן ייִדן וועט מען מיט אַזאַ
קריטיק ניט מיסטיפיצירן.

עמעס איז, אַז בײַ פּערעצן האָט זיך אין אַ געוויסער צײַט, צווישן
די יאָרן 1912 און 1913, ווען ער האָט מיטגעאַרבעט אין טעגלעכן
„הײַנט" אונטער דער רובריק „מײַן ווינקעלע", אַרויסגעכאַפּט ווען ניט
ווען, אין דער היץ פון דער דעבאַטע קעגן די אַסימילאַנטן, אַ מין היפּער־
ייִדישקייט, אַ נאַציאָנאַליסטישער קווימש, און דאָס אייגענע קעגן די לײַכ־
טע פּאַסאַזשירן אַפן אַטעיִסטישן וואָגן. ער האָט ניט פאַרליטן די אויי־
בערפלעכלעכקייט. נאָר גראָד זײַן אייגנטלעכן פּערעצישן נאַציאָנאַליזם,
זײַן ליבע צום ייִדישן פאָלק, דעם וואָס שלאָגט פון יעדער שורע אין זײַנע
דערציילונגען, וואָס זײַנען געדרוקט געווען אין דער „ייִדישער ביבליאָ־
טעק" און אין די „יאָנטעוו־בלעטלעך", האָבן זײַנע קריטיקער נישט באַ־
מערקט, און האָבן אויך נישט באַמערקט פּערעצעס קינסטלערישן נאַציאָ־
נאַלן וועג, זײַן קינסטלערישע עכטקייט, וואָס נערט זיך פון דער ייִדישער
פאָלקסטימלעכקייט און פון דעם דוירעס־אַלטן ייִדישן כוש פאַר גערעכ־
טיקייט, וואָס שלאָגט אַזוי מעכטיק בײַ די נעוויאים, און פון דעם ייִדישן
אָפּטימיזם, ייִדישער לעבנספרייד, ייִדישן גלויבן און מענטשלעכקייט און
ייִדישן סאָלידאַרישן געפיל, וואָס קיינער פון די ייִדישע שרײַבער האָט
ניט אין זיי אַזוי טיף געגרונטעוועט ווי י. ל. פּערעץ, און האָט זיי שפּע־

טער אַנגעטראָפן בײַ דעם באַלשעמטאָװ, בײַ דעם נעמיראָװער, בײַ די נאָכמענטשוקעס און בײַם ביאַלער רעבן, װאָס האָבן מוירעד געװען אין דער פאַרגליװערטער ייִדישקייט פון די גװירישע לאַמדאָנים און זייערע געדונגענע ראַבאָנים.

4.

און װאָס איז דען פּערעצעס כסידעס אויב ניט די אַנטפּלעקונג פון אַט די קװאַלן מיט ענטוזיאַזם, מענטשלעכער גוטסקייט און סאָלידאַריטעט, דינאַמאָ־מאַשינען װאָס באַװעגן אונדזער לעבן פאָרױס? אַװאַדע װאָלטן די עסטעטישע קריטיקער װעלן, אַז די מילן פון פּערעצעס ייִדישער קינסטלערישער עכטקייט זאָלן מאָלן דאָס מעל און באַקן דאָס ברויט פון זייער פאַרגליװערטער ייִדישקייט, פון זייער גװירישן נאַציאָנאַליזם און זייער באַטלאָנישער מיסטיק. און זיי, װאָס זײַנען אַף אַ צייט געװאָרן די באַלעבאַטים פון דער ייִדישער ליטעראַטור, אויסנוצנדיק די צאַרישע רעאַקציע נאָכן דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעװאָלוציע, האָבן קעגן פּערעצעס װילן, אַרויפגעװאָרפן אַף אים זייער מיסטישע קאַפּאָטע.

אין דער עמעסן איז אין פּערעצעס כסידישע דערציילונגען פאַרקערט גראָד דאָס פאַרקערטע פון דאָס מיסטישע. עס קומט אין זיי צום אויסדרוק אַלץ װאָס איז מענטשלעך, אָבער אין דער זעלבער צײַט דערהויבנדיק. די שפּראַך דאָ נאָר איז די שפּראַך פון דער כסידישער און בכלאַל רעליגיעזער אידעען־װעלט. דער דראַנג צו גוטע מײַסים איז דאָ, לויט דער שפּראַך, דער יעיצער־טאָװ און פאַרקערט, דער דראַנג צו אַ שלעכטער טאַט, צו אַ טײַװע, איז דער יעיצער־האָראַ, דער סאָטן, סאַמאָעל, דער סאַמעד מעם, לילים... דאָס גײַסטיקע און דאָס קערפּערלעכע, װידער, האָבן זייערע העברעיִשע, ריכטיקער, ראַבאָניש־העברעיִשע טערמינען און אַזוי אַלע די אַװודעס פונעם כאָסיד, װי פון דעם טראַדיציאָנעלפרומען ייִדן, װאָס זײַנען אײַנגעקייטלט אין זײַן לעבנס שטייגער. דאָס איז די פאַרב, אין װעלכער דער קינסטלער טונקט זײַן פּענדזל, קעדיי אַרויסצוברענגען די געמאָלטע געשטאַלט און איר סוויווע װאָס ריכטיקער, װאָס געטרײַער צום אָריגינאַל. פאַרקערט היט זיך פּערעץ פאַר אַ ראַבאָניש־העברעיִש װאָרט װען ער פירט אַרויס אין זײַנער אַ דערציילונג אַ געװײנלעכן פאָלקס־מענטשן, און װערט מאַמעש אויפגעבראַכט װען ער באַגעגנט בײַ אַ שרײַבער פאַלשע שפּראַכן־פאַרב.

מאַכמעם דעם וואָס פּערעץ לאָזט שטענדיק זײַנע פּאַרשוינעז אַקטוירן און ריידן זעלבשטענדיק, דאַכט זיך אָפּט, אַז זיי פאַרלירן דעם שרײַבערס קאָנטראָל און פאַרטראָגן זיך אין אַנדערע וועלטן, נאָר פּערעץ געפינט שטענדיק אויס אַ מיטל זיי צוריקצוברענגען אַף זייער אָרט; אַ קינסטלערישן מיטל, נאַטירלעך. די איראָניע איז איינע פון די אויסגעפּרוּווסטע מיטלען דערצו באַ פּערעצן. דערין איז ער אין אַ געוויסן זיך ענלעך צו אַנאַטאָל פראַנס, וואָס אָפּערירט אויך אָפּט מיט פּאַרשוינען פון דער רעליגיעזער אידעען־וועלט. מער ניט, דער פראַנצויזישער עפּיקורעער, וואָס נוצט זיך מער מיט זײַן אייגענער פּראָזע, מוז אָדער ער קאָן אַזוי אַרום אָנהאַלטן זײַן קלוגן קאָנטראָל איבער די פּאַרשוינען אומאויפהערלעך, בעיים פּערעץ מוז זײַן קאָנטראָלירנדיקע איראָניע צוגעבן מין האַצאַד, ווי ער האָט דאָס געטאָן אין זײַנע „מעקובאָלים“, לעמאָשל, מיט אַזאַ אַרײַנפיר ווי: „אין די שלעכטע צײַטן פאַלט אַפילע טוירע — די בעסטע סכוירע — אויך“. אָדער מיט זײַן דערקלערונג פונוואַנען עס נעמט זיך אַ כיישעק צו קאַבאָלע: „מימאָנאַפשעד — דאַרף מען אויפזײַן גאַנצע נעכט און הונגערן גאַנצע טעג, לאָז מען כאָטש דערפון אַ נוצן האָבן, זאָל כאָטש זײַן טאַנייסים מיט סיגופים, זאָלן זיך כאָטש עפענען אַלע טויערן פון דער וועלט מיט סוידעס, רוכעס און מאַלאָכים!“ אין אַנדערע כסידישע דערציילונגען שפּאַרט באַ אים די איראָניע מאַמעש פון אַלע זײַטן, ווי אין דער דערציילונג „ניסים וועניפלאָעס“, וועגן דעם פרומען ווײַבל און דעם גראַף. אין יענע דערציילונגען וווּ עס איז נישטאָ קיין איראָניע איז דערפאַר פאַראַן דער קלוגער אויספיר און גראָד אַ וועלטלעכער און אַ מענטשלעכער, ווי אין יוויכענען מעלאַמעדס מײַסעלעד.

אין פּערעצעס גרעסטן לעגאַט פאַר כסידעס: „צווישן צוויי בערג“, איז די קאַוואָנע אַ גאַנץ אָפענע: די „מיסטיק“ פונעם ביאַלער רעבן, דער דינאַמישער עקסטאַז פון די טאַנצנדיקע כסידים איז דער אויסדרוק פון וועלן זײַן צוזאַמען מיט ייִדן און פון ייִדישן זײַן צוזאַמען. „אויב ניט נאָך העכער“ פלעפּט מאַמעש: דער ליטוואַק, דער מיסנאַגעד, איז געווארן דעם נעמיראָווערס אַ כאָסיד, ווײַל ער האָט געזען דעם רעבן ניט אַרויף אין הימל, ניט ווי מוישע ראַביינו אַפילע, וואָס האָט זיך געהאַלטן נאָר צען טפאָכים אונטערן הימל, נאָר אויפשטיין פאַרטאָג און אָנהאָקן האָלץ אין וואַלד פאַר אַ קראַנקער ייִדענע. און אָט דער אויב ניט נאָך

העכער, וואַרפֿט אַראָפּ די גאַנצע מיסטיק פֿון דער כסידעס ביז דער פּאַשעטער ערדישער מענטשלעכער גוטסקייט.

אָט דאָס איז פּערעצעס כסידעס.

אויב פּערעצעס כסידישע דערציילונגען זײַנען גענומען פֿון דער ייִדישער אידעען־וועלט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט און ספּעציעל פֿון דער אוקראַיִניש־פּוילישער כסידישער באַוועגונג, זײַנען זײַנע פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן גענומען פֿון דער ייִדישער זיטן־וועלט און נעמען אַרום אַן אומבאַשטימטן שטעטל און אַן אומבאַשטימטן צײַט־אָפּשניט, כאָטש די מערסטע פֿון זיי האָבן אַלס סצענאַריום דעם שפּעטן מיטלאַלטער אין מיזרעד־אייראָפּע. געשריבן האָט ער זיי צווישן 1904 און 1915, אַ כוץ דער מײַסע „דרײַ כופּעס“, וואָס ער האָט געשריבן נאָך אין 1901.

אָט די ערשטע פֿון פּערעצעס פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן באַווײַזט, אַז לעכאַטכילע האָט ער גערעכנט אויסצוּוויקלען זיי אויסער צײַט און אָרט און אויך די פֿאַרשווינען זייערע אַרויסברענגען אַן אַ באַשטימטער געשטאַלטונג, נאָר מיט נעמען, וואָס זאָלן אין זיך קוילעל זײַן אַלע ייִדישע צײַטן און טפּוצעס. צוליב דעם אויך מישט ער מיט אַ קיוון שטייגערבאַגריפֿן פֿון פֿאַרשיידענע צײַטן. די מײַסע קומט פֿאָר „ווײַט, ווײַט הינטער די האָרע־כוישעך, אויף יענער זײַט סאַמבאַטיען, אין אַ מעדינע מיטן נאָמען וווּנדערלאַנד, ווו די רויטע ייִדן וווינען, און זייער מײלעך איז שלוימע דער זיבן און צוואַנציקסטער, וואָס האָט אַ באַסמאַלקע און אַזוי ווײַטער. אַ מײַסע מיט דעם גאַנצן רעקוויזיט פֿון די קישעף־מײַסעס, נאָר אויף אַ ייִדישן שטייגער און אין אַ ייִדישן לאָשן, וואָס האָט צו זיך קיין גלײַכן ניט מיט זײַן שיינקייט און האַרמאָנישקייט אַפֿילע ניט בײַ פּערעצן גופֿע, וואָס האָט אין זײַנע כסידישע דערציילונגען דערגרייכט צו אַן אומגעוויינלעכער ביז אים רײַכקײַט, שיינקייט און האַרמאָניע אין דער שפּראַך.

דער הויפּט כילעק אין דער שפּראַך פֿון די פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן צו דער שפּראַך פֿון די כסידישע דערציילונגען, איז אַ פֿונדאַמענטאַלער: בעיס אין די דערציילונגען איז די שפּראַך אַ דינאַמישע, האַלט נאָך דעם שנעלן ריטם פֿונעם כסידישן געשפּרעך, ווי אַ רעמעז בלויז, אַ זשעסט, איז געגנוג אויף איבערצוגעבן אַ געדאַנק, איז זי דאָ אַן עפּישע, אַ מענוכעדיק־פּליסנדיקע. אָט די מענוכעדיקע פּליסיקייט פֿון דער שפּראַך האַלט פּערעץ אַן אין אַלע איבעריקע פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן, כאָטש זיי האָבן

שוין מער רעאַלע אָדער גאַנץ רעאַלע פּאַרשוינען און סוויוועס און אַפילע כסידישע פּאַרשוינען.

פּערעץ האָט אַ שוואַכקייט צום הימל אַלס סצענאַריום פאַר די נע־שאָמעס פון זײַנע פּאַרשוינען. אָבער דערמיט ווערן ניט זײַנע דערציי־לונגען מיסטיש. פּאַרקערט, דער הימל ווערט בא אים פּאַרוואַנדלט אין אַן ערדישער אָרענע, ווו דער לייענער פילט זיך אַ סאַך היימישער און פרײַער ווי אין אַן ערדישן געריכט־הויז, לעמאַשל, און צווישן די „נע־שאָמעס" פילט ער זיך היימישער ווי צווישן די לעבעדיקע גופים, וואָס האָבן זיי געטראָגן אין זיך. מיט די פאָלקסטימלעכע מיסטישע מײַסעס און לעגענדעס טוט ער דאָס אייגענע וואָס מיט די כסידישע: ער ציט פון זיי אַראָפּ זייער מיסטישן שלייער, און אַפילע דעם ראָמאַנטישן, וואָס די צײַט האָט זיי אָנגעטאָן. ער טוט עס אַף זײַן פּערעצישן קלוגן און ניט באַמערקבאַרן אויפן, מיט אַן איראָניע, וואָס ליגט אין דער געשליפנקייט פון דער שפּראַך און איז אַן ערעד דינער אײַנגעוועבט אין איר ווי אין דער פּראָזע פון אַנאַטאָל פראַנס. דערפון באַקומט זיך, אַז בעיים אינעם „ברונעם פון דער הייליקער קלער" שפּאַרט די אַפּיקאָר־סעס און דער כוויזעק איבער די הייליקע פון יעדער פּראָזע בא דעם מײַס־טער פון דער פראַנצויזישער פּראָזע, לייענען זיך פּערעצעס „פאָלקסטימ־לעכע געשיכטן" ווי טמימעסדיקע פאָלקס־מײַסעס, און ערשט ווען מען לייענט איבער די מײַסע און מען פאַרטראַכט זיך וועגן איר, שפּרינגט אַרויס די פראָפאַנע קאַוואָנע פונעם קינסטלער. נעענטער צו פּערעצן אין שײַכעס אָט דעם שטריך איז דער שפּאַנישער גרויסער דערציילער און שפּראַך־מײַסטער ראַמאָן דעל וואַליע אינקלאַן. באַזונדערס וואָרפט זיך אין די אויגן אָט די נאָענטקייט אין דער מײַסע „דרײַ כופּעס", ווו דער שטאָף גופע איז אַ וועלטלעכער.

פּערעצעס קאַוואָנע אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" איז אַרויס־צוברענגען מערסטנס אַ מוסער האַסקל פון פּאָזיטיוון כאַראַקטער. אין די „דרײַ כופּעס", לעמאַשל, ניט געקוקט אַף דעם עטוואָס סקעפּטישן סאָף, איז די קאַוואָנע צו באַווײַזן, אַז מענטשלעכע דערפאַרונגען גייען נישט פאַרלוירן. אין דער מײַסע „באַם גויסעם צוקאָפּנס" ווערט אַרויסגעשטעלט די אומאייגננוציקע מענטשן־ליבע קעגן דער אייגננוציקער פרומקייט. אין „די דרײַ מאַטאָנעס" ווײַזט ער אַז אַף מענטשלעכער גרויסקייט און קליי־נע נישט באַמערקבאַרע ניסיוינעס. אין „אַן אָפּקומעניש" — די גוורע פון

ביישטיין א ניסאיען. אין דער „מייסע איבער א שמעק טאבאק" איז שוין די קאוואנע א פארקערטע: דער בעלעמער ראוו זינדיקט איבער זיין טייווע צו א שמעק טאבאק. פאראן זיינע מייסעס וועגן זינד און כאראטע, וועגן באלוינטער ארנטלעכקייט (מערסטנס די עליאהו־האנאווי־מייסעס), וועגן דער מענטשלעכער פאשעטקייט, וואס איז אנגעלייגטער בא גאט ווי לאמדאנעס, און וועגן פאשעטע מענטשן וואס האבן מער כוש פאר עמעס ווי די געלערנטע און פילן די פאעזיע מער ווי די פאעטן. וועגן אויסדויער („ניסים אפן יאם" און „ס'אי גוט"). קעגן גייווע („מאטל פרינץ") און אויך אזא פרעכטיק דערציילט מייסעלע אף דער טעמע פון די קאנווענציאנעלע ליגנס, ווי „דאס גלעזל".

.5

י. ל. פערעצעס דראמאטישע ווערק, ווי עס וויזט ריכטיק אן י. דאברושין, זיינען טיילוויז טעמאטיש פארבונדן מיט זיין פריער אנגעשריבענע דערציילונגען, און ווי ער דריקט זיך אויס אף אן אנדער ארט: „צוגייענדיק צו דעם דראמאטישן שאפן איז פערעץ געווען באווירקט פון זיינע אייגענע ליטערארישע אנזאמלונגען". דאס הייסט, אז אין די ווערק איז פערעץ אויך אידעיש דער זעלבער וואס אין זיינע דערציילונגען — דער רעוואלוציאנער, וואס שטעלט אוועק די פראבלעם אין איר גאנצער שארפקייט און זוכט פאר איר די ליי‍זונג דורך דער ענדערונג אינעם סאציאלן סיידער האאוילאם. דרייסטער וואלט געווען צו זאגן, אז פערעץ האט סצעניזירט זיינע דערציילונגען, מיט דער פרייקייט, נאטירלעך, וואס דער מעכאבער גופע פארגינט זיך באם אויספורעמען דאס ווערק און מיט דער פארפולקומטער אויסקריסטאליזירונג פון זיין אידעע. דערצו נאך זיינען זיינע דערציילונגען גופע פול מיט פראבלעם און קאנפליקט, וואס דאס מיינט מיט דראמאטישן שטאף. אבער, דראמע איז פארט א טעאטער־זשאנר און פאדערט טעאטראלישע פארעם. און טעאטראלישע פארעם מיינט נישט בלויז דיאלאג און אידעען־קאנפליקט, נאר אויך און עפשער דעריקער די אויסוויקלונג פון דער האנדלונג, די קאנסטרוקציע. און דא מוז מען זאגן, אז די דערציילונג, די ערשטע פארעם אין וועלכער פערעץ האט אויסגעוויקלט זיינע אידעען, מיט זייערע קאנטראסטן און קאנפליקטן, האט זיך אים געשטעלט אין וועג באם רעקאנסטרויִרן די זאכן פארן טעאטער.

אַ בוילעטער באַווייַז דערפאַר איז פּערעצעס „די גאָלדענע קייט“, טעמאַטיש די שטאַרקסטע פון זייַנע דראַמאַטישע ווערק, וואָס איז ביז הייַנט נאָך נישט אויפגעפירט געוואָרן. די טעמע איז די דראַמע פונעם כאַסידיזם, פון דער ייִדישער באַוועגונג, וואָס האָט געזאָלט גייַסטיק אויסלייזן דאָס ייִדישע פאָלק נאָך די דורכגעפאַלענע מעשיכישע פרוּוון פון 17־טן יאָרהונדערט; אויסלייזן דורך באַהעפטונג צו גאָט און קאָלעקטיווער פרייד, אין שטענדיקן נעשאָמע־יאָנטעוו, שאַפנדיק אַ מאַסן־פילאָזאָפיע פון רעליגיעז־פאַנטעזיסטישן עקסטאַז. אָט די פילאָזאָפיע האָט אויסגעלעבט איר צייַט און געמאַכט פּלאַץ פאַר דער האַסקאָלע און פאַר דעם סאָציאַליזם, אַליין דעגראַדירנדיק צו אַ גייַסטלאָזער אינסטיטוציע, וואָס דינט אַלס אָנשפּאַר דער אייַנגעשטאַנענער רוטינערער ייִדישקייט. פּערעץ האָט די דאָזיקע דראַמע אָנגעכאַפּט באַם סאַמע שפּיץ, ווי מען כאַפּט אָן דעם אָקס באַ די הערנער. אָבער, אויסגעשעפּט האָט ער זי באַם סאַמע אָנהייב, אינעם ערשטן אַקט. פאַרטראַכט האָט ער דורכצופירן זי אין אַן אַטמאָספער פון אַ פאַמיליען־קאָנפליקט, ריכטיקער פון אַ דוירעס־קאָנפליקט, וואָס הייבט זיך אָן מיט דעם אויטענטישן פאָרשטייער פון דער כאַסידישער אידעע, גייט דורך די האַסקאָלע און פאַרענדיקט זיך מיט דעם סאָציאַליזם אין דער זעלבער פאַמיליע. נאָר אָנשטאָט צו פירן די האַנדלונג אַף אַרויף, קרעשטשענדאָ, ווי דאָס פאָדערט די טעאַטראַלישע פאָרעם, גייט באַ אים די האַנדלונג, אַ געבונדענע צו די גרענעצן פון זייַן פירגענומענער טעמע, אַף אַראָפּ, צו דער דעגראַדאַציע פון דער גאָט־ייִדישער „דינאַסטיע“, צו דער פאַרבלאָזער און לעבלעכער האַסקאָלע און צו אַ סאָציאַליזם, וואָס ער האָט נאָך פאַר אים קיין פאָרעם ניט.

דעריבער אויך זייַנען פּערעצן מער געלונגען טעאַטראַליש זייַנע איינאַקטערס, ווו דער אידעען־קאָנפליקט שפּרייט זיך ניט אויס ווייַטער פון דער דערציילונג, וואָס האָט אים געדינט אַלס דראַמאַטישע טעמע. מער ווי אַלע דראַמאַטישע זאַכן איז י. ל. פּערעצן געלונגען „אין פּאָליש אַף דער קייט“, וואָס איז געבויט אַף זייַן דראַמאַטישער פּאָעמע „מאָניש“. אין דער טעאַטראַליזירטער פּאָעמע איז אַף אַ זייער געלונגענעם אויפן אויסגעהעפּט דאָס לירישע מיט דעם סאָציאַלן אַף דער קאַנווע פונעם ייִדישן מיטלאַלטער, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן אַף נאַכטלעגער אין די פּוילישע שטעטלעך פון דער מאָדערנער צייַט. דאָס לירישע מיט דעם סאָציאַלן זייַנען דאָ ניט נאָר אויסגעהעפּט, נאָר אויך צוזאַמענגעהעפּט

און בילדן איין פּראָבלעם. אין פּאָליש אַף דער קייט איז געבונדן ניט נאָר די ליבע און די סעקסועלע פּראָבלעם פֿון דער יוגנט ביכלאַל, נאָר צוגעבונדן איז דאָרט דער גאַנצער לעבנסשטייגער פֿונעם שטעטל מיט זײַן טאָקיפּישן גוויר און איידע קאַבצאָנים, און ביידע פּראָבלעמען געפֿינען זייער לייזונג אין צערײַסן די דאָזיקע פֿאַרשקלאַפֿנדיקע קייט. אַן ענלעכע טעמע פֿון קאַמף קעגן דעם פֿאַרשקלאַפֿנדיקן מיטלאַלטער וויקלט אויס י. ל. פּערעץ אין זײַן פּיעסע „וואָס אין פֿידעלע שטעקט". דאָ איז דער הויפּטהעלד אַ קלעזמער, אַ מענטש מיט אַ נויגונג צו קונסט, צו מוזיק, צו פּאָעזיע, צו דערהויבונג, צו פֿרײַען געדאַנק, צו ליבע, און געבונדן איז ער צום שטעטלשן שטייגער, וואָס פֿענטעט אים און פּלעטשט אים אַף אַראָפּ, ביז ער איז מוירעד.

איינס פֿון פּערעצעס גרעסערע דראַמאַטישע ווערק איז „באַנאַכט אַפֿן אַלטן מאַרק", וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן אין 1907, נאָר פֿאַרענדיקט און די לעצטע פֿאָרעם געגעבן אַ סאַך שפּעטער. אויב „די גאָלדענע קייט" איז געווען אַ פּרווו אונטערצופֿירן אַ סאַכאַקל אונטער דעם כאַסידיזם, באַ וועלכן ער האָט אָפּגעשוימט פֿאַר זיך די אידעע און האָט זי אויסגעטאָן פֿון אירע מיסטישע קליידער, איז „באַנאַכט אַפֿן אַלטן מאַרק" אַ פּרווו אונטערצופֿירן אַ סאַכאַקל אונטערן גאַנצן ייִדישן מיטלאַלטער, אַרײַנוועבנדיק אין אים, אין אָט דער נאַכט פֿון ייִדישן לעבן, די שטראַלן פֿון דעם פֿרימאָרגן, פֿון דעם פֿרײַען געדאַנק, פֿון דער מאָדערנער ליטעראַטור, פֿונעם אויפֿקומענדיקן טעאַטער. אַ שלאַל מיט פֿאַרשווינען ברענגט אַרויף פּערעץ אַף דער בינע, צווישן זיי אויך מייסים פֿון די קוואָרים אַרויס, און עס שאַפֿט זיך דערפֿון, ווי פּערעץ אַליין באַצייכנט דאָס: אַ נעץ פֿון שאָטן און שטראַלן.

וואָס שײַעך דער מיסטיק אין דעם ווערק, כאַזערט זיך דאָ איבער דאָס אייגענע וואָס מיט דעם כאַסידיזם און מיט די פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן. עס ריידן דאָ מייסים, נעשאָמעס, נאָר די רייד זייערע זײַנען רעאַלע, לעבעדיקע, שאַרף קריטיזירנדיקע. דער מיטלאַלטער מיט זײַן גאַנצן טויטן קלאַפּערגעצײַג, מיט זײַנע אָפּגעלעבטע פֿאַרשווינען, מאַכט עס דאָ דעם אײַנדרוק, איז אַרויסגעקומען זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר דער מאָדערנער וועלט. נאָר ווי עס טרעפֿט באַ פּערעצן און באַ אַ סאַך אַנדערע גרויסע קינסטלער, קומען אַרויס די פֿיגורן פֿון דער אַלטער וועלט שאַרפֿער און בולעטער ווי פֿון דער נײַער, וואָס איז נאָך נישט אויסגעפֿורעמט, און דאָס רופֿט זיך אָפּ

לעטוויוועס די אַלטע און אויך לעטוויוועס זייערע אידעען. דערפון האָט זיך גענומען די אומבאַשטימטע, קלוימערשט מיסטישע טענדענץ פון דער פּיעסע.

צוליב דעם שלאַל פּאַרשוינען, וואָס די פּיעסע פּאַרמאָגט, צוליב דער קורצקייט און שאַרפקייט פונעם דיאַלאָג, וואָס איז דאָ, מער ווי אין אַלע פּרײַערדיקע פּיעסן, אַן אַנגעלאָדענער מיט אידעע, באַקומט זיך אויך אַן אײַנדרוק ווי מיר וואָלטן געהאַט פאַר זיך סימבאָלן אַנשטאָט לעבעדיקע מענטשן. דער עמעס איז, פּערעץ איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון סימ־באָליזם, פון שרײַבן מיט פּאַרטיקע סימבאָלן. פּערעץ איז דער וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור די גרעסטע צאָל פּאַרשוינען, וואָס זײַנען צוליב זייער קינסטלערישער פּאַרענדיקטקייט פּאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין סימבאָלן, אין אידעען־געשטאַלטן.

אין י. דאָברושינס עסיי וועגן י. ל. פּערעצעס דראַמאַטורגיע, אין דער ניו־יאָרקער כווידעש־שריפט פון איקוף — „ייִדישע קולטור", ווערטן אויך דערמאָנט י. ל. פּערעצעס אַ פּיעסע „דער הויקער", וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1914 אָפּן גרונד פון זײַנע קינדער־מײַסעלעך „צום באַרג" און „דער אייביקער פרידן אין ערגעצלאַנד". די דאָזיקע פּיעסע געפינט זיך ניט אין די אונדז באַקאַנטע אויסגאַבעס פון י. ל. פּערעצעס געזאַמלטע ווערק. מיר וועלן דאָ דעריבער ציטירן דאָברושינס ווערטער וועגן דער פּיעסע:

„זײַן דראַמאַטורגישן וועג האָט פּערעץ פּאַרענדיקט מיט דער דאָזי־קער ווייניק באַקאַנטער פּיעסע, וועגן דעם קינד דעם זינגער, ווו ס'הילכט די טעמע פון דער אָרעמשאַפט און די טעמע פונעם טרוימער, וואָס ווערט געבענטשט מיט דער מעגלעכקייט אויסצוזינגען די ליידן פון די דערני־דעריקטע און באַליידיקטע און פירן זיי צו די הייכן פון מענטשלעכן לעבן".

„אין דער דאָזיקער פּערעציש־שיינער שטאַרקער פּיעסע, וואָס קוקט אַרויס אָפּ די וואָס וועלן זי אָראָפּברענגען אָפּ דער בינע, האָט פּערעץ באַהעפט די גרונט־מאָטיוון פון זײַנע דראַמאַטישע, רעאַליסטישע און ראָ־מאַנטישע ווערק. זײַן פּאַרטיפטן הומאַניסטישן צוגאַנג צו מענטשלעכע ליידן האָט דאָ פּערעץ באַהעפט מיטן זיכערן גלויבן אין מענטשלעכן גליק, וואָס איז פּאַרבונדן מיטן פּאָעטישן באַרופ, מיטן טרוימערישן מענטש, מיט דער שעפערישער פּערזענלעכקייט".

„די דאָזיקע פּיעסע וועגן דעם גײַסטרײַכן קינד האָט אים פּילײַכט

געצייכנט דעם וועג צו זײַנע לויטערע טרוימערישע לידער פֿאַר קינדער און וועגן קינדער. מיט זיי האָט דאָך פּערעץ אין 1915 געשלאָסן זײַן לעבן און זײַן שאַפֿונג".

## .6

צום סאָף נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן י. ל. פּערעצעס אווידיטאָריע, וועגן דעם לייענער, וועלכן ער האָט געהאַט פֿאַר די אויגן בעיים ער האָט געשריבן זײַנע לידער, זײַנע דערציילונגען, די רעאַליסטישע ווי די כסידישע און פֿאָלקסטימלעכע און זײַנע פּיעסן. ווי מיר האָבן פֿריִער אָנגעוויזן, האָט ער קעדיי צו ברענגען זײַן שרײַבן פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט און פֿאַר זײַנע לייענער, דעם אַרבעטער און פּאַשעטן פֿאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן געלייענט ייִדיש, געמוזט, ווי שאָלעם־אַלייכעם אין דער אוקראַיִנע, ווערן אַ פֿאַרלעגער און אַרויסגעבן אין יאָר 1891 אַן אייגענעם זשורנאַל, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן „די ייִדישע ביבליאָטעק" מיט דעם זעלבן געדאַנק ווי שאָלעם־אַלייכעם האָט אַרויסגעגעבן זײַן „פֿאָלקס־ביבליאָטעק", מיט דעם כילעק וואָס פּערעצעס אווידיטאָריע איז געווען אַ מער דיפֿערענצירטע, מיט אַ מער באַשטימטן קלאַסן־פּאָנעם. די דעמאָלט עקזיסטירנדיקע העברעיִשע צײַטונגען, יאָרביכער און פֿאַרלאַגן, האָבן אין דער זײַט פֿון אָט דער אווידיטאָריע נישט געקוקט און זי האָט זיי נישט אינטערעסירט. זיי האָבן געהאַט זייער אווידיטאָריע צווישן די וווילקענענדיקע יונגעלײַט אַף קעסט און צווישן די יעשיווע באָכערים, וואָס האָבן געלייענט טרייף־פּאָסלדיקע העברעיִשע מעליצע־ביכלעך באַהאַלטענערהייט אָדער אויסבאַהאַלטענע אונטער די טאָוולען פֿון די קאָשערע געמאָרעס.

אין יאָר 1894, איז שוין די אווידיטאָריע פֿון י. ל. פּערעץ און זײַנע מיטאַרבעטער אַזוי גרויס, אַז ער האָט שוין די מעגלעכקייט זיך באַפֿרײַען פֿון דער שטיצע פֿון זײַנע מעצענאַטן, אַ פּאָר מאַסקילים וואָס זײַנען אײַנגעגאַנגען אַף ייִדיש צוליב „בילדן דאָס פֿאָלק", און ער הייבט אָן אַרויסגעבן די „יאָנטעוו־בלעטלעד", וואָס די צאַרישע מאַכט אידענטיפֿיצירט שוין מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, און ווען די „יאָנטעוו־בלעטלעד" ווערן סאָף 1895 צוגעמאַכט, בלײַבט פּערעץ אַן אַ טריבונע און מיט אים אויך אַן אַ לעגאַלער טריבונע די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט.

אָפּגעשאַפט האָט די צאַרישע מאַכט די טריבונע, נאָר די אוידיטאָריע איז געבליבן. זי האָט געלייענט און איבערגעלייענט צום הונדערטסטן מאָל פּערעצעס „דאָס שטרײַמל" און האָט דעקלאַמירט „די נאַכט־וועכטער", דאָס פרום־ראַבאָנישע לידל, וואָס פּערעץ האָט זיך דערויף אונטערגעשריבן לומפּנפּוצער, האָט געזונגען מיט אַ קאַצאַפּישן ניגון „מאָל־כוסאָ דעאַראָ קעמאַלכוסאָ דעראָקיִאַ", האָט געפירט דעבאַטן אַרום „באַנציע שווײַג". און אַזוי צעוואַקסן איז זיך אָט די אוידיטאָריע, אַז זי האָט אויפגעריסן די אויגן באַ יענע, וואָס האָבן קיינמאָל אין איר זײַט נישט געקוקט, און אין 1899 גרינדן זיי אַ וואָכנבלאַט אין יִדיש, מיט אַ ליבע־דערקלערונג צו יִדיש און צו דער מאָדערנער יִדישער ליטעראַטור, און זיי פאַרבעטן טאַקע י. ל. פּערעצן צו זיך פאַר אַ מיטאַרבעטער.

און י. ל. פּערעץ דרוקט דאָרטן גראָד די „קלאָץ־געשיכטן", „אײַזיקל שויכעט", „דער פאַרשלאָטענער ברונעם" א"אַ. און די רעדאַקציע גיט אים איבער שרײַבן די איבערזיכטן „פון כוידעש צו כוידעש" און אַז דאָס וואָכנבלאַט באַשטימט אַרויסצוגעבן אַ כוידעש־זשורנאַל „די יִדישע פאַמיליע", גיט זי איבער די רעדאַקציע פון דעם זשורנאַל צו י. ל. פּערעץ. דאָס איז געווען דער נִיצאָכן פון פּערעצעס אוידיטאָריע, דער אויסגעוואַקסענער און צעוואַקסענער יִדישער אַרבעטערשאַפט, וואָס פּערעץ איז געווען איר טריבון, איר קינסטלער.

אין 1901 האָט די יִדישע לייענער־וועלט — פּערעצעס אוידיטאָריע — געפײַערט זײַן 50־יעריקן געבורטסטאָג און האָט אים אונטערגעטראָגן אַ מאַטאָנע די אויסגאַבע פון זײַנע שריפטן. און ווען צוליב אָט דער אוידיטאָריע ווערט אין 1903 געגרינדעט אין פּעטערבורג די יִדישע טאָגצײַטונג „דער פרײַנד", קומט דאָך אַוואַדע פּערעצן דער אויבנאָן צווישן אירע מיטאַרבעטער. פּערעצעס נאָמען פעלט דעמאָלט נִיט אין קיין איינער פון די אויסגאַבעס, וואָס ווערן געגרינדעט און אַרויסגעגעבן פאַר זײַן אוידיטאָריע, די לייענער פון דער מאָדערנער יִדישער ליטעראַטור, וואָס אירע שאַפער זײַנען מענדעלע, שאָלעם־אַליכעם און פּערעץ, די לייענער פון די יִדישע ביבליאָטעקן, וואָס גרינדן זיך אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, ליטע, ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע, שפּאַנען אַריבער קיין גאַליציע און רומעניע, צו די באַלטישע לענדער און צו די אַמעריקאַנישע און לייגן דעם גרונטשטיין פון דער פילפאַרצווייגטער יִדישער קולטור.

זײַן צעשטראַלטע פּערזענלעכקייט און בליציקער געדאַנק באַלויכט די יִדישע שפּראַך־קאָנפֿערענץ אין טשערנאָוויץ 1908, וואָס פּראָקלאַמירט יִדיש אַלס שפּראַך פֿון יִדישן פֿאָלק — ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן: קאָנסטאַטירט יִדיש אַלס די שפּראַך פֿון יִדישן פֿאָלק. און אין סעפּטעמבער 1937, צוויי און צוואַנציק יאָר נאָך זײַן טויט (געשטאָרבן איז פּערעץ אין כוידעש מײַ 1915), ווען יִדישע קולטור־דעלעגאַציעס פֿון 23 לענדער זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען צום ערשטן יִדישן קולטור־צוזאַמענפֿאָר אין פּאַריז, וואָס האָט געגרינדעט דעם אַלוועלטלעכן יִדישן קולטור־פֿאַרבאַנד — איקוף — האָבן י. ל. פּערעצעס צעשטראַלטע און בליציקע אויגן, אינאיינעם מיט מענדעלעס זיידעשער כאָכמע און שאָלעם־אַלייכעמס אַלץ זעענדיקן שמייכל אַראָפּגעקוקט אויף די פֿאַרזאַמלטע פֿאָרטרעטער פֿון זייער אוידיטאָריע, האַנאָע געהאַט פֿון זיי, זיי געבענטשט און געטרייסט.

פֿאַרשלינגענדיקע און פֿאַרטיליקנדיקע כוואַליעס זײַנען אין דעם קורצן מעשעך ביז הײַנטיקן יאָר, ווען מיר פֿײַערן פּערעצעס הונדערטסטן געבורטסטאָג, אַריבער איבערן קאָפּ פֿונעם יִדישן פֿאָלק. פֿאַרשלינגענדיקע כוואַליעס פֿון אַסימילאַציע אין נאָמען פֿון קלוימערשט העכערער קולטור פֿון געשעפֿט און קאַריערע, און איבער זיי די כוואַליע פֿון יִדן־אויסראָטונג אין נאָמען פֿון אַ קלוימערשט העכערער ראַסע, וואָס האָט קאַלטבלוטיק אומגעבראַכט זעקס מיליאָן יִדן פֿון פּוילן און ליטע, פֿון ווײַס־רוסלאַנד און אוקראַינע, פֿון די באַלטישע און באַלקאַנישע לענדער, דאָרט ווו עס האָבן געלעבט די ברייטע אוידיטאָריעס לייענער פֿון מענדעלע, פּערעץ און שאָלעם־אַלייכעם. און אָט זײַנען מיר דאָ. מיר, דאָ און דאָרט פֿאַרבליבענע אויף ווידערוווקס, און מיר טראָגן צו נײַע דורעס יִדן דאָס געשליפֿענע און האַרמאָנישע וואָרט זייערס און זייערע ליכטיקע טרוימען וועגן אַן אויפֿגעריכט יִדיש פֿאָלק אין אַ גערעכטער וועלט פֿון שאָלעם, פֿון אַ געזונט האָרעפּאַשנע לעבן אין שיינקייט און דערהויבנקייט.

# דער מעשולעך

ער גייט, און דער ווינט צעיאָגט די פּאָלעס און די ווײַסע באָרד.

אַלע מאָל כאַפּט ער זיך אָן מיט דער רעכטער האַנט אין דער לינקער זײַט! עס גיט אים אַלע מאָל דאָרט אַ שטאָך. ער וויל זיך דאָך נישט מוידע זײַן; ער וויל זיך דאַווקע אײַנריידן, אַז ער טאַפּט נאָר בײַ דער בוזעם־טאַש.

— איך זאָל נאָר דעם קאָנטראַקט מיט דעם געלט ניט פאַרלירן! — אָט פאַר דעם מיקלוימערשט ציטערט ער.

— און אַפילע עס שטעכט, איז אויך אַ נאַרישקייט! איך האָב נאָך, געלויבט איז גאָט, גענוג קויעך אַף אַזאַ שליכעס. אַנדערע אין מײַנע יאָרן וועלן שוין קיין וויאָרסט ניט אָפּגיין, נאָר איך, געלויבט איז זײַן ליבער נאָמען, דאַרף נאָך ניט צו קיין מענטשן און פאַרדין מיר אַליין מײַן ברויט... געלויבט איז גאָט, מע געטרויט מיר געלט!

— ווען איך האָב מײַן אייגנס, — טראַכט ער ווײַטער — וואָס מע געטרויט מיר, וואָלט איך אין שליכעס צו זיבעציק יאָר ניט געגאַנגען; וויל אָבער דער ריבוינעשעלאוילעם אַזוי, איז אַזוי גוט!

עס הייבט אָן פאַלן גראָבע פלאַכעס שניי; ער ווישט זיך אַלע מאָל דאָס פּאָנעם.

— איך האָב נאָך — טראַכט ער — אינגאַנצן אַ האַלבע מײַל, אָוואַ! אויך מיר אַ גאַנג! אַ סאַך נעענטער ווי ווײַטער! — ער דרייט זיך אי־בער — מע זעט שוין אַפילע ניט דעם שטאָטישן זייגער, ניט דעם קלויס־טער, ניט די קאַזאַרמע. „נו, שמאַריע, פאָר!"

און שמאַריע פאָרט אין דעם נאַסן שניי; די אַלטע פיס קאָפּען זיך אַרײַן און אַרויס. — „געלויבט איז גאָט, עס איז קיין גרויסער ווינט ניט!".

גרויס האָט, אַפּאָנעם, בײַ אים געהייסן אַ שטורעמווינט; דער ווינט איז געוועזן גענוג שטאַרק און געיאָגט גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, אַז עס

האַט אים אַלע מאָל אַטעם פֿאַרפֿעלט; ער האָט אים אַרויסגענאַרט אַלע טרערן פֿון די אַלטע אויגן, וואָס האָבן אים געשטאָכן ווי שפּילקעס. נאָר אַף די אויגן ליַידט ער טאָמיד.

פֿאַרן ערשטן געלט, פֿאַלט אים איַין, קויפֿט ער זיך וועג־ברילן. — אַזוינע גרויסע, קיַילעכדיקע; זיי זאָלן די גאַנצע אויגן פֿאַרשטעלן.

— גאָט זאָל וועלן, — טראַכט ער — וואָלט איך צו דעם אויך גע־קומען! עס זאָל נאָר זיַין אַלע טאָג אַ שליכעס, און וויַיט, גאָר וויַיט! גיין, באַרעכאָשעם, קאָן איך, וואָלט איך מיר שוין אָפּגעשפּאָרט אַף אַ פּאָר ברילן...

ער דאַרף אַפּילע אַ שטיקל פּעלצל אויך. עס וואָלט אים ליַיכטער גע־ווען אַף דער ברוסט... ער רעכנט איבער, אַז דערוויַיל האָט ער נאָך אַ וואַ־רעמע קאַפּאָטע!

— זי זאָל זיך נאָר ניט ריַיסן, וואָלט זי גאָר וווֹיל געווען. — ער שמייכלט מיט פֿאַרגעניגן. — דאָס — טראַכט ער — איז ניט קיין היַינ־טיקע קאַפּאָטע, קיין קיַי און שפּיַי, קיין שפּינוועבס! נאָר פֿאַרציַיטישער לאַסטיק; דאָס, וועט מיך איבערלעבן! און אַז אַ שפּאַלט, דאָס איז אויך אַ מיַילע; זי צעפֿליט זיך ניט אַזוי ווי אַ היַינטיקע סכוירע, און פֿון פֿאַרנט פֿאַרלייגט זיך אַף אַן אייל!...

— אַ פּעלצל — טראַכט ער וויַיטער — איז אייגנטלעך בעסער. אַ פּעלצל איז וואַרעם, גוט וואַרעם. נאָר אַלץ פֿריִער ברילן. אַ פּעלצל איז נאָר גוט ווינטער, און ברילן דאַרף מען טאָמיד, וואַרעם זומער, אַז עס מאַכט זיך אַ ווינט און יאָגט דעם שטויב גליַיך אין די אויגן אַריַין, איז ערגער ווי ווינטער!

און עס בליַיבט, אַז פֿריִער זיַינען ברילן, דערנאָך ערשט אַ פּעלצל! דער אייבערשטער זאָל נאָר העלפֿן, ער זאָל אָפּנעמען דעם ווייץ... אַ פּיר גילדן וועט ער אוואָדע כאַפּן...

און ער שלאָפּעט וויַיטער, און דער נאַסער שניי פּאַטשט אים אין פּאָנעם אַריַין, דער ווינט ווערט אַלע מאָל שטאַרקער און די זיַיט שטעכט אַלע מאָל מער.

— דער ווינט זאָל זיך נאָר וועלן איבערדרייען! נאָר מינהאַסטאַם — טראַכט ער — איז אַזוי גליַיכער, צוריקצוּוועגס וועל איך מער מיד זיַין, וועל איך אים דעמאָלט האָבן פֿון הינטן! אָ, דעמאָלט וועט עס גאָר אַנ־דערש גיין! אַלץ פֿאַרזאָרגט! גרינג אָפּן האַרץ!

ער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן אַ רעגע און דעם אָטעם כאַפּן, דאָס שרעקט אים אַ ביסל איבער:

— וואָס איז אַזוינס מיט מיר געשען? ווייניק פּרעסט און ווינטן האָב איך אויסגעהאַלטן אַלס קאָנטאָניסט? — פרעגט ער זיך טרויעריק און האַלב דערשראָקן.

און ער דערמאָנט זיך זײַן סלוזשבע אַלס ניקאָלײַעווסקער סאָלדאַט. פינף און צוואַנציק יאָר ריינע סלוזשבע אונטער דער ביקס, כוץ די קינדערשע יאָרן אַלס קאָנטאָניסט. ער איז זיך גענוג אָנגעגאַנגען אין זײַן לעבן, געמאַרשירט איבער בערג און טאָל, אין שניי און פרעסט און אַלערליי זאַווערוכעס. און וועלכע שנייען, וועלכע פרעסט! די ביימער פלעגן פּלאַצן, פייגעלעך פלעגן טויט אַראָפּפאַלן אױף דער ערד — און דער רוסישער סאָלדאַט איז געגאַנגען פּריש, לעבעדיק, און נאָך דערצו אַ לידעלע געזונגען, אַ טרעפּאַק, אַ קאָמאַרינסקי און מיט די פיס צוגעקלאַפּט!

דער געדאַנק, אַז ער האָט גאַנצע פינף און דרײַסיק יאָר אויסגעהאַלטן די פּאַרצײַטיקע סלוזשבע, אויסגעשטאַנען אַלע צאָרעס, אַלע שנייען, אַלע ווינטן, אַלע שלעק, הונגער, דאָרשט און נויטן, און אַ געזונטער אַהיים געקומען — דער געדאַנק מאַכט אים גרויס! ער הייבט אויף דעם קאָפּ מיט גאַדלעס און גייט מיט נײַעם קויעך.

— האַ, האַ, וואָס איז גאָר באַ מיר אַזאַ פּרעסטל? אין רוסלאַנד, דאַכט זיך, איז געווען עפּעס אַנדערש!

ער גייט, דער ווינט ווערט אַ ביסל שטילער, עס ווערט אַלע מאָל טינקעלער, עס פאַלט צו די נאַכט.

„אויך מיר אַ טאָג — טראַכט ער — אַ טאָל־אומאָטאָרל!...” און ער הייבט זיך אָן מער צו יאָגן, עס זאָל אים ניט די נאַכט באַפאַלן. ניט אומזיסט גייט ער שאַבעס אין שולעכל לערנען מוירע, ער וויים: מע דאַרף אַרויסגיין און צוריק קומען בעכיטוייוו!

ער פילט אַ ביסל הונגער, און אַ טעווע האָט ער, אַז ווען ער ווערט הונגעריק, ווערט ער לוסטיק! ער וויים, אַז אַפּעטיט איז אַ גוטע זאַך; זײַנע סאָכרים, וואָס שיקן אים אין שליכעס, ווײַנען טאָמיד נאָר אױף דעם, וואָס זיי זײַנען קיינמאָל ניט הונגעריק! ער האָט, באַרעכאַשעם, אַפּעטיט! אויסער, אַז ער איז ניט בעקאָוו האַברײַע ווי, לעמאָשל, נעכטן; ער איז קראַנק געווען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס ברויט איז זויער.

— גיי, ווו איז עס זויער געווען; זעלנעריש ברויט! אַמאָל עפּשער

יאָ, אָבער היַינט ? היינט באַקט פֿאַניע אַזאַ ברויט, אַז די יִדישע בעקערס מעגן זיך באַהאַלטן. און געקויפֿט האָט ער אַ פּריש ברויט ! עס איז געווען אַ מעכיַיע צו שנייַדן. ער איז אָבער ניט געווען בעקאַוו האַבריִע, עפּעס האָט אים אַ קעלט געיאָגט אַדורך די ביינער.

— נאָר געלויבט איז דער, וואָס ער איז ניט ווערט זייַן נאָמען צו גערענקען, עס טרעפֿט זיך אים זעלטן !

אַצינד האָט ער אויך אַפּעטיט, ער האָט אַפֿילע אין קעשענע ברויט מיט אַ שטיקל קעז... דאָס שטיקל קעז האָט אים דעם סויכערס וויַיב געגעבן, לעבן זאָל זי און געזונט זייַן ! זי איז טאַקע אַ באַלצדאָקע, זי האָט אַ יִדיש האַרץ.

— זי זאָל נאָר ניט אַזוי קלאָלען, — טראַכט ער — וואָלט זי געווען גאָר אַ ווױלע יִדענע ! ... — ער דערמאָנט זיך אין זייַן געשטאָרבן וויַיב.

— גאָר מייַן שפּרינצע ניפֿריטשקעס ! זי האָט אויך געהאַט אַ גוט האַרץ, און אַזאַ טעווע צו קלאָלען ! וואָס פֿאַר אַ קינד איך האָב אַוועקגע־שיקט אין דער וועלט אַרייַן, האָט זי געוויינט ווי אַ ביבער, כאָטש אין דער היים האָט זי זיי געשאָלטן מיט טויטע קלאָלעס ! ווער שמועסט, — דערמאָנט ער זיך — אַז איינס איז געשטאָרבן ! זי האָט זיך געוואָרפֿן גאַנצע טעג ווי אַ שלאַנג אַף דער ערד, געהאַקט זיך מיט די פֿויסטן אין קאָפּ אַרייַן.

איינמאָל האָט זי גאָר געוואָלט וואַרפֿן אַ שטיין אין הימל אַרייַן !

— „אַט, זעסטו, — טראַכט ער — גאָט מאַכט זיך אַ סאָד פֿון אַ נאָ־רישע יִדענע ! ... זי לאָזט אָבער ניט אַרויסנעמען די מיטע מיטן מעס ! זי פּאַטשט אוים די ווייַבער, דער כעוורע נויסים רייַסט זי אוים די בערד !"

„אַ שיינע גוורע האָט געשטעקט אין דער שפּרינצען ! עס האָט זיך גערראַכט אַ פֿליג, און אַזאַ קויעך, אַזאַ קויעך ! ..."

— פֿאַרט, זי זאָל עס מיר מויכל זייַן, אַ גוטע געווען ! זי האָט אַפֿילע מ י ך אויך ניט פֿייַנט געהאַט, כאָטש זי האָט מיר קיינמאָל קיין גוט וואָרט ניט געגעבן !

געשריגן האָט זי : אַ געט, אַ געט ! אַז ניט, וועט זי אַזוי אַנטלויפֿן ! נאָר וווּ האָט זי געוואָלט אַ געט !

ער דערמאָנט זיך עפּעס און שמייכלט...

די מייַסע איז שוין לאַנג, לאַנג, דענסטמאָל איז נאָך געווען די קאָנ־סומציע און ער איז געווען אַ נאַכט־וועכטער און אַרומגעגאַנגען גאַנצע

נעכט מיטן אײַזערנעם שטעקעלע, מע זאָל ניט אַרײַנגאַנװענען בראָנפן!

סלוזשבע האָט ער געקענט, באַ פּאַניען איז אַ גוט כײדער, ער האָט גוטע מעלאַמדים געהאַט!... פֿאַרטאָג, װינטער איז עס געװעזן, עס קומט אים אָפּבײַטן דער טאָג־װעכטער, כאַים־יױנע — איז שױן אַף אױלעם עמעס — און ער גײט אַהײם געפֿרױרן, פֿאַרשטאַרט! ער קלאַפּט באַ דער טיר, און זי שרײַט אים אַרױס פֿון בעט:

„גײ אין דער ערד אַרײַן! איך האָב געמײנט, דײַן נאָמען װעט אַהײם קומען".

אַהאַ! זי איז בײז נאָך פֿון נעכטן באַטאָג! ער קאָן זיך אַפּילע ניט דערמאָנען, װאָס נעכטן איז אַזױנס געװעזן, נאָר ז י ַ ן האָט דאָך עפּעס געמוזט.

— פֿאַרמאַך דאָס מױל און עפֿן! — שרײַט ער.

— דעם קאָפּ װעל איך דיר עפֿענען! — הערט זיך אַ קלאָרע טשװע.

— לאָז מיך אַרײַן! — שרײַט ער.

— אין דער ערד אַרײַן גײ! — ענטפֿערט זי.

און ער האָט זיך מעיאַשעװ געװען און איז געגאַנגען אין בעס־מעד־רעש אַרײַן. ער האָט זיך געלײגט שלאָפֿן אונטערן אױװן. צום שלימאַזל איז געװעזן אַ סװאַנד, ער איז פֿאַרגאַרעט געװאָרן, און מע האָט אים אַהײם געטראָגן אַ טױטן...

„אַ קלײניקײט האָט דעמאָלט שפּרינצע איבערגעאַרבעט!" ער האָט שפּעטער גאַנץ גוט געהערט, װאָס זי האָט איבערגעאַרבעט.

מע זאָגט איר: עס איז גאָרנישט, אַ סװאַנד.

נײן! זי װיל נאָר אַ דאָקטאָר; זי האָט בעדײע צו כאַלעשן, צו װאַרפֿן זיך אין װאַסער אַרײַן, און שרײַט נאָר: מײַן מאַן! מײַן מאַן, מײַן טאַכשוט!

ער נעמט צוזאַמען אַלע קױכעס, זעצט זיך אױף און פֿרעגט זי גע־לאַסן:

— שפּרינצע, װילסט אַ געט?

— נעם אײַן... — זי האָט דאָך ניט געענדיקט די קלאָלע און אַרױסגעלאָזט אַ געװײן...

— שמאַריע, װי מײנסטו, גאָט װעט מיך ניט שטראָפֿן פֿאַר מײַנע קלאָלעס, פֿאַר מײַן רישעס?...

קױם איז ער געזונט געװאָרן, — צוריק די אײגענע שפּרינצע: אַ מױל

אַף רעדער, אַ צונג אַף שרויפן, און אײַזן שטאַרק, זי קראַצט ווי אַ קאַץ. האַ, האַ! אַ שאָד שפּרינצע! זי האָט אַפילע קיין נאַכעס פון די קינדער ניט דערלעבט.

עס מוז זיי גוט גיין אַף דער וועלט; אַלע בעלמעלאָכעס. די מעלאָכע לאָזט ניט שטאַרבן פון הונגער! קויעד האָבן זיי, אין מיר אַרײַן גערעדט, אײַ וואָס, זיי שרײַבן ניט, וואָס איז? אַליין קאָנען זיי ניט, און גיי בעט ערשט אַז אַנדערן, יענער זאָל שרײַבן! און וואָס פאַר אַ טאַם האָט אַזאַ בריוו? ווי איבערגעשווענקטע יאָד! און גלאַט מיט דער צײַט... יונגע קינדער פאַרגעסן... עס מוז זיי דאָך גאָר גוט זײַן...

נאָר שפּרינצע נעבעך ליגט אין דער ערד! אַ שאָד שפּרינצע!

— אַזוי ווי די קאָנסומציע האָט אויפגעהערט, איז זי געוואָרן אויס מענטש! טאַקע, איידער איך האָב מיך געוווינט צום שליכעס, צו זאָגן דעם פאָרעץ: יאַשניע פּאַניע, ניט וואַשע וויסאָקע בלאַגאָראָדיע, איידער מע האָט מיר געטרויט קאָנטראַקטן מיט געלט — האָט געפעלט דאָס שטיקל ברויט...

מיילע איך, זעסטו, אַ מאַנספּאַרשוין, אַ געוועזענער קאָנטאָניסט, עסט מען ניט אַ טאָג! איר אָבער איז עס געגאַנגען, משטיינס־געזאָגט, אינעם גאַנצן לעבן! אַ נאַרישע יידענע, זי פאַרלירט באַלד די קויכעס, זי האָט שוין אַפילע ניט געקאָנט שעלטן, דער גאַנצער שייגעץ איז איר פון קאָפּ אַרויס, און נאָר געוויינט!...

עס איז מיר נימעס־אומאָעס געוואָרן פאַרן לעבן... עפּעס האָט זי גאָר מוירע געקריגן פאַר מיר! זי האָט גאָר מוירע געהאַט צו עסן, מיר זאָל ניט פעלן; אַז איך זע, אַז זי האָט מוירע, בין א י ך באַ קוראַזש, א י ך שרײַ, איך שעלט! לעמאַשל: פאַרוואָס גייסטו ניט פרעסן? ! איך פאַל אַמאָל אין אַ רעציכע אַרײַן און וויל זי פּאַשעט שלאָגן, נאָר גיי שלאָג אַ ווייַנענדיקע יידענע, אַז זי זיצט פאַרלייגט די הענט און רירט זיך ניט! איך לויף צו מיט מײַן קולאַק, שפּײַ אין אים נאָך אָן, און זי ענטפערט מיר: „עס פרײַער דו אָפּ, איך וועל דערנאָכדעם עסן!” און איך האָב געמוזט פרײַער אָנבײַסן פונעם ברויט, און איר איבערלאָזן די רעשט...

אַמאָל נאַרט זי מיך אַרויס אין גאַס אַרײַן: איך וועל שוין עסן, גיי נאָר אין גאַס אַרײַן; גיי, עפּשער וועסטו עפּעס פאַרדינען, און מיקלוימערשט שמייכלט זי דערבײַ, און גלעט מיך אַמאָל!

און אַז איך גיי און קום צוריק, טרעף איך נאָך קימאַט דאָס אייגענע

ברוים! זי רעדט מיר איין, אַז זי קאָן ניט עסן קיין טרוקנס, זי דאַרף גאָר אַ גריץ!

ער בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ, גלייַך עס וואָלט אים געדריקט אַ שווערע לאַסט, און די טרויעריקע געדאַנקען יאָגן:

— און וואָס פאַרא יעלאָלעס זי האָט געמאַכט, אַז איך האָב געוואָלט מייַן שאַבעסדיקע קאַפּאָטע, אָט די, וואָס איך טראָג, — פאַרזעצן! מייסים האָט זי געאַרבעט און געלאָפן און פאַרזעצט אירע מעשענע בענטש־לייַכ־טער. און ביז אין טויט אַרייַן שוין געבענטשט אין קאַרטאָפל!... פאַרן טויט האָט זי מיר מוידע געווען, אַז זי האָט קיינמאָל ניט געוואָלט קיין געט, אַז זי האָט נאָר אַ בייז מויל געהאַט.

— די צונג, די צונג, — האָט זי געשריגן. — ריבוינעשעלאוילעם, זייַ מיר מויכל די צונג! — און איז טאַקע געשטאָרבן אין איין פּאַכעד, מע זאָל זי אָף יענער וועלט ניט הענגען אָף דער צונג!

— גאָט, — מאַכט זי צו מיר, — וועט קיין ראַכמאָנעס אָף מיר ניט האָבן; איך האָב צופיל געזינדיקט! נאָר אַז דו וועסט קומען, ניט באַלד, כאַסוועשאָלעם! איבער הונדערט און צוואָנציק יאָר, אַז דו וועסט קומען, געדענק, כאַפּ מיך אַראָפּ פון טליִע! זאָג דעם בעסדן־שעל־מיַילע, אַז דו האָסט מיר מויכל געווען!

זי האָט באַלד פאַרלוירן די געדאַנקען, אַלץ גערופן די קינדער. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זיי זייַנען דאָ אין שטוב, אַז זי רעדט מיט זיי, און האָט זיי אויך געבעטן מעכילע!

אַ נאַרישע ייִדענע, ווער וואָלט איר ניט מויכל געווען.

ווי אַלט איז זי געווען אינגאַנצן? עפּשער אַ יאָר פופציק! אַזוי פרי געשטאָרבן! אַ קלייניקייט, אַז אַ מענטש נעמט זיך צו דאָס לעבן, אַז וואָס מע טראָגט אַרויס פון שטוב צו פאַרזעצן, טראָגט מען איר אַרויס האַלב געזונט, שטיקער פלייש!...

טאָג אָף טאָג איז זי גרינער און געלער, קלענער און דאַרער געוואָרן.

זי האָט געזאָגט, אַז זי פילט, ווי דער מאַרך טריקנט איר אין די ביי־נער... זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט שטאַרבן!...

ווי זי האָט ליב געהאַט די שטוב מיט אַלע זאַכן! וואָס מע האָט אַרויסגעגעבן: אַ בענקל, אַ בלעכענע העסע, איך ווייס וואָס, האָט זי עס באַגאַסן מיט ביטערע טרערן; זי האָט זיך מיט יעדער זאַך געזעגנט ווי אַ מאַמע מיט אַ קינד!... משטיינס־געזאָגט, אַרומגעכאַפּט און קימאַט

געקושט... „אָהאָ! — מאַכט זי, — ווען איך וועל שטאַרבן, וועסטו שוין ניט זײַן אין שטוב!"

אַ מײַסע, אַ נעקייווע איז פּאַרט אַ נאַר! אַ רעגע איז זי אַ קאָזאַק אין ספּודניצע, און אַ ליאַדע־וואָס — ערגער ווי אַ קינד! זעסטו שוין, באַ שטאַרבן איז אוואַדע אַ כילעק צי מיט אַ בענקל צי אָן אַ בענקל!...

— פּע! — האַקט ער זיך אַליין איבער די געדאַנקען. — וואָס מיר קומט אַלץ אין קאָפּ אַרײַן, דורך די פּוסטע זאַכן גיי איך וואַלגע.

— נו, זעלנערישע פּיס, טראָגט ווײַטער! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

ער קוקט זיך אום — אַרום און אַרום שניי; אויבן — אַ גראָער הימל מיט שוואַרצע שמאַטעס געלאַטעט; — גאָר מײַן אונטערשטע קאַפּאָטע!

— טראַכט ער. — שײַנעט מיט לאַטקעס לאַטעם! ריבוינעשעלאָוילעם, דיר פּעלט אויך קרעדיט אין געוועלב?

דערווײַל נעמט אַ פּראָסט. די באָרד און די וואָנסעס זײַנען אײַז, אין גוף איז אַפּילע נישקאָשע, דער קאָפּ איז גאָר וואַרעם, אָפּן שטערן פּילט ער טראָפּן שוויים; נאָר די פּיס ווערן וואָס אַמאָל קעלטער און שוואַכער.

שוין ניט ווײַט, ער האָט דאָך כיישעק זיך אָפּצורוען און ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין. דאָס ערשטע מאָל דאַרף ער זיך אָפּרוען באַ אַ שליכעס פון צוויי מײַל וועג. ער וויל זיך ניט מוידע זײַן, אַז ער איז אַן אַכציקער און עס איז שוין צײַט דערויף.

ניין, ער מוז גיין... נאָר גיין... קאָלזמאַן מע גייט, גייט מען, עס טראָגט זיך; קוים גיט מען נאָך דעם יעיצערהאָרע און מע רוט זיך אָפּ. ווערט מען שוין אַ לײַט!

— מע קאָן זיך גלאַט פאַרקילן, שרעקט ער זיך אַליין איבער, און וויל זיך אויסריידן דעם שטאַרקן כיישעק צום אָפּרוען.

— ניט ווײַט שוין צום דאָרף, דאָרט וועל איך אויך צײַט האָבן!

— דאָס — טראַכט ער וועל איך יאָ טאָן: איך וועל ניט גיין גלײַך צום פּאָרעץ... באַם פּאָרעץ מוז מען וואַרטן אַ שאָ אין דרויסן... נאָר גלײַך צום ייִד.

— כאָטש גוט, — טראַכט ער — וואָס איך האָב ניט קיין מוירע פאַר דעם פּאָרעצס הונט; פונדעסטוועגן, באַנאַכט, אַז מע לאָזט אָפּ דעם בורן, איז פּאַרט אַ סאַקאָנע: איך האָב מיט אַפּילע מײַן וועטשערע, און

בורי האָט ליב קעז, פּאָרט בעסער פּרזער אויסרוען די ביינער! איך וועל מיר פּריער גיין אַריין צום ייִד, אָנוואַרעמען זיך, וואַשן זיך, עפּעס עסן...

און עס קומט אים וואָסער אין מויל אַריין; ער האָט פון אינדערפרי אָן ניט געגעסן; נאָר דאָס איז אַ קלייניקייט, אים אַרט ניט, וואָס ער איז הונגעריק; ער האָט האַנאַע דערפון: אַז מע איז הונגעריק, איז אַ סימען, אַז מע לעבט! נאָר די פיס!...

ער האָט נאָך איינגאַנצן אַ צוויי ווערסט, ער זעט שוין אַרויס דעם פּאָרעצס גרויסע שאָפּע... נאָר די פיס זייַנען נישט, זיי ווילן זיך דאַווקע אָפּרוען!

— און ווידער פּאַרקערט, — טראַכט ער זיך, — וואָס איז, אַז איך וועל מיך אַ ביסל אָפּרוען? אַ מינוט, אַ האַלבע מינוט! עפּשער יאָ? לאָז מיך נאָך פּרוּוון! אַזוי לאַנג פאָלגן מיך די פיס, וועל איך זיי אויך אַמאָל פאָלגן!

און שמאַריע זעצט זיך אין דער זייַט אַף אַ בערגל שניי. אַצינד הערט ער ערשט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים ווי אַ האַמער און עס שטעכט, און דער קאָפּ שוויצט...

ער דערשרעקט זיך... צי ווערט ער ניט קראַנק? ער האָט באַ זיך פּרעמד געלט! ער קאָן בלייַבן, כאַסוועשאַלעם, כאַלאָשעס... און ער טרייסט זיך: געלויבט איז גאָט, וואָס קיינער גייט נים! און אַפילע עמיץ זאָל גיין, וועט אים אויך ניט אייַנפאַלן, אַז איך האָב געלט באַ מיר... משטיינס־געזאָגט, וועמען מ'געטרויט געלט!... נאָר אַ קאָפּ זיצן, דער־נאָך וואַלייַ!

נאָר די ברעמען פאַלן אים צו ווי בלייַ.

— נייַן, הייב דיך אויף, שמאַריע, ווסטאַווייַ! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

קאָמאַנדירן קאָן ער נאָך, אָבער אויספירן נישט; ער קאָן זיך נישט רירן, אים דאַכט זיך דאָך, אַז ער גייט, אַז ער גייט אַלע מאָל שטאַרקער! אָט זעט ער שוין אַלע הייַזלעך... דאָ וווינט אַנטעק, דאָרט באַזילי; ער קאָן זיי אַלע, ער דינגט באַ זיי פורן... צום ייִד איז נאָך ווייַט, נאָר גלייַכער צום ייִד... מ'טרעפט דאָרט אַמאָל מעזומען... און אים דאַכט זיך, אַז ער גייט צום ייִדס הייזל; נאָר עס רוקט זיך אַפּ אַלע מאָל ווייַ־טער, ווייַטער... מינהאַסטאַם דאַרף אַזוי זייַן... עס ברענט דאָרט אַ פּריילעך פייַערל אַפּן קוימען, דאָס גאַנצע פענצטערל איז לוסטיק און

רויט, די גראָבע מירל שוימט אָוואָדע אַ גרויסן טאָפּ קאַרטאָפּל, און זי איז אים שטענדיק מעכאַבעד מיט אַ קאַרטאָפּל; אַ פאַרגעניגן אַ הייסע קאַר־טאָפּל! און ער רוקט זיך ווייטער. אַזוי דאַכט זיך אים אויבוואָל ער זיצט אַף אַן אָרט.

דער פראָסט האָט אַ ביסל געלאָזט, עס הייבן אָן פאַלן ברייטע דיקע פלאָכעס שניי.

אים איז, אַפּאָנעם, אויך וואַרעמער געוואָרן אין דער שניי־קאַפּאָטע. און עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז שוין באַם יוד אין שטוב. מירל זייערט די קאַרטאָפּל, ער הערט, ווי דאָס וואַסער גיסט זיך, זיור, זיור, זיור, אַף אַזוי גיסט זיך פון זיין לאַסטיקענער קאַפּאָטע אויך. יוינע גייט אַרום און זינגט אונטער דער נאָז; זיין שטייגער איז צו זינגען נאָך מיירעוו, ווייל דעמאָלט איז ער הונגעריק, און מאַכט אַלע מאָל: „נו, מירל!"

נאָר מירל יאָגט זיך נישט; „וואָלנער טוט זיך בעסער!"

— צי שלאָף איך, און עס כאָלעמט זיך מיר? — ווערט ער ראַפּטום פּריילעך דערשראָקן. עס דאַכט זיך אים, אַז עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין זיין עלטערער זון... כאָנע! כאָנע! אָ! ער דערקענט אים! וואָס טוט ער דאָ? נאָר כאָנע דערקענט אים נישט, און ער מאַכט זיך נישט ווייסנדיק... כאַ, כאַ, כאַ, ער דערציילט יוינען, אַז ער פאָרט צום טאַטן, ער פרעגט אויס אַפּן טאַטן, ער האָט דעם טאַטן נישט פאַרגעסן! און יוינע מאַמזער זאָגט אים נישט, אַז דער טאַטע זיצט אַפּן באַנקבעטל... מירל האָט צו טאָן: זי איז פאַרנומען באַ די קאַרטאָפּל, זי וועט נישט מאַפסיק זיין; זי שמייכלט נאָר, זי רייבט די קאַרטאָפּל מיטן גרויסן הילצערן לעפל און שמייכלט!

— אָ! כאָנע מוז זיין רייך, גאָר רייך! אַלץ איז אַף אים גאַנץ, און אַ קייט... עפשער טאָמבאַק? ניין, אָוואָדע גאָלד! כאָנע וועט נישט טראָגן קיין טאָמבאַקענע קייט, כאַסוועשאָלעם... כאַ, כאַ, כאַ! — ער גיט אַ קוק אַפּן פּיעקאָליק... כאַ! כאַ! כאַ! — ער פלאָצט שיר פאַר געלעכטער, יעקל, בערל, זכאַריע... אַלע דריי... כאַ! כאַ! כאַ! זיי האָבן זיך באַ־האַלטן אַפּן פּיעקאָליק, דאָס איז גאַנאַווים! כאַ! כאַ! כאַ! אַ שאָד שפּרינ־צע, אַ שאָד! זי זאָל כאָטש אויך האָבן דאָס נאָכעס! דערוויייל באַשטעלט כאָנע צוויי געגנדז. „כאָנע! כאָנע! דערקענסט מיך נישט? איך בין עס!..."
און אים דאַכט זיך, אַז ער צעקושט זיך מיט כאָנען...

— הערסטו, כאָנע, אַ שאָד די מאַמען, זי זאָל דיך זען!... יעקל,

בערל, זכאַריע, אַראָפּ פון פּיעקאַליק! איך האָב אײַך באַלד דערקענט! קומט אַראָפּ, איך האָב געוווּסט, אַז איר וועט קומען! אַ וועהאָרײַע, איך האָב אײַך מיטגעבראַכט קעז, עמעסן שאָפּענעם קעז! זעט נאָר, קומט, קינדער! איר האָט דאָך עפּעס ליב זעלנעריש ברויט! וואָס? עפּשער נישט? עמעס אַ שאָד די מאַמען!

און עס דאַכט זיך אים, אַז אַלע פיר קינדער האָבן אים אַרומגערינגלט און האַלטן אים און קושן און דריקן זיך צו אים צו.

— נאָר וואָלנע, קינדערלעך! וואָלנע, דריקט מיך נישט צו שטאַרק! איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַן, איך בין אַן אַכציקער!... וואָלנע, איר דושעט מיך, וואָלנע, קינדערלעך... אַלטע ביינער! וואָלנע, איך האָב געלט אין קעשענע! מיר, באָרעכאַשעם, געטרויט מען געלט!... גענוג, קינדערלעך, גענוג!...

און עס איז געוועזן גענוג... ער איז פאַרבליבן פאַרשטאַרט מיט דער האַנט אַף דער בוזעם־קעשענע.

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

באַרעכאַשעם — גאָט צו דאַנקען.
אַטאַל־אומאַטאָרל — דאָ געמיינט: אַ קליינס.
בעכיטוייוו — צום גוטן.
נישט בעקאַוו האָבר!ע — ניט געזונט.
כעוורע נוייסים — די שאַמאָסים, וואָס טראָגן אַוועק דעם טויטן אַפן בעסאַלמען.
אוילעם עמעס — געמיינט: יענע וועלט (אַ רעליגיעזער באַגריף).
בעסדן־שעל־מײַלע — דער אייבערשטער (הימלשער) געריכט, ריכטער.
העסע — אַ וואַנט־לײַכטער.

# דער מעשוגענער באַטלען

.1

ער איז געלאָפן אויף און אָפּ באַטאָג איינער אַליין אין בעסמעדרעש און פּלוצלינג זיך אָפּגעשטעלט.

— ריבוינעשעלאָוילעם, ווער בין איך?

— ווער בין איך?... מע רופט מיך: בערל כאַנציעס... נו, בין איך דען בערל כאַנציעס? בין איך דען דער נאָמען? — די שילד איז נאָך ניט די קלייט! דאָס הויז, וווּ דער ראָוו וווינט, הייסט: „פּאָד־קאַרפּיעם" און איך — בערל כאַנציעס!

אין ציאַכנאָווקע קאָן מען מיך: מע וויים, ווער בערל כאַנציעס איז; אָבער אין אַמעריקע? ווען איינער, לעמאָשל, גיט אַזוי ראַפּטאָם אַ זאָג אַרוים אין אַמעריקע, אין בעסמעדרעש: „בערל כאַנציעס"... נו, וואָלט עמיץ געוווּסט, אַז מע מיינט מיך?

שיינע האָכאָ! דאָ איז עפּעס אַנדערש, דאָ גיט יעדער אַ שמייכל, אַ שאָקל מיטן קאָפּ, מאַכט אַזוי אַ טנוע... „אַ באַקאַנטע זאַך, בערל כאַנציעס"! איינער טראַכט: ·דער באַטלען, דער צווייטער: — דער מעשוגענער, דער דריטער: — כ'וויים וואָס; דער פערטער וועט זיך דערמאָנען, אַז איך הייס נאָכן פעטער בערל. — טויבעלע, עמעס, גיט אַ קרעכץ דערביי, ווייל זי וויים, אַז איך בין נעבעך אַ יאָסעם. אָבער אין אַמעריקע, וווּ מע קאָן ניט כאַנע די זיצערקע, און וווּ מע וויים ניט, אַז עס איז געוועזן אַף דער וועלט אַ בערל כאַקרעס, דער מאַמעס אַ ברודער, וווּ מע וויים ניט, אַז איך בין, וואָס מע רופט מיך: אַ מעשוגענער, אַ באַטלען, אַ יאָסעם און עפּשער גאָר אַ כאַקרען אויך (איך בין, דאַכט זיך געראָטן אין

פּעטער אַרײַן). וואָס פאַר אַ רױשעם וואָלט דאָרט געמאַכט: בערל כאַנ־
ציעס?!

עפּעס ווײס איך דאָך יאָ, ווער איך בין? איך אַליין זאָג דאָך: אַ מע־
שוגענער, אַ באַטלען... נו, דאָס בין איך!

— בין איך דען ניט מעשוגע? וועלכער מענטש שטעלט זיך אַנידער
קלערן, ווער ער איז! אַ מענטש איז אַ מענטש! איך בין אַ מענטש און
היים: בערל כאַנציעס... וואָלט איך געוועזן אַ הויז, וואָלט איך עפּשער
געהייסן: פּאָד־קאָרפּיעס, — אַן אַרעסטאַנט — וואָלט איך געהאַט אַ לאַטע
אַף די אַקסלען און אַ נומער... וואָלט מײַן טאַטע, ניט די מאַמע, גע־
וועזן דער פאַרזאָרגער, דער „פּאַרנאָסע־געבער", ניט דער באַטלען, וואָלט
איך געהייסן „בערל שמערלס". עס וואָלט אַפּילע שווער געוועזן אַרויס־
צוזאָגן: „בערל שמערלס", נאָר מע וואָלט שוין געמוזט! און עפּשער
וואָלט איך דעריבער ווייניקער געוועזן באַ מענטשן אין די מײַלער — ווען
מײַן נאָמען זאָל זיך ניט אַזוי גלאַטיק אַראָפּקאָלערן פון דער צונג.

— אָבער, ווי איך וואָלט געהייסן — אַ מענטש בין איך...

אַ מענטש! נאָר אַ באַטלען דערצו... מאַלע אַ מענטש בלײַבט אַ יאָ־
סעם, נו, וווינט ער אין בעסמעדרעש? קראַנק בין איך עפּעס צו טאָן?
אין שליכעס גיין, האָלץ האַקן, אַ מעשאָרעס ווערן און גיין אָנגעטאָן אַ בע־
געד, ניט קרוע־בלוע, עסן ברויט, ניט זײַן ביז דרײַסיק יאָר יעשיווע־
באָכער, עס זאָל מיר פעלן צוויי טעג אין דער וואָך, און אַרומדרייען זיך
אַליין און קלערן: ווער איך בין?!

איך וואָלט כאָטש געוווּסט, וועד מײַן קאַפּאָטע איז; צינד, אָסער
אויב איך ווייס! — אַ שטיק בענדיט, אַ שטיק כאַיִם, אַ שטיק יוינע, דרײַ
פערטל פון מיסט! אַ מאַראָכע, טויבעלע קאָן נייען, אַניט, וואָלט איך גע־
וועזן אַדאָם־נאַקעט.

— איז דען דאָס אַליין ניט קיין שיגאָען? אַזאַ מין באַטלאָנעס, אַזאַ
מין באַטלאָנעס! גאָרנישט... שמערל, כאַיִם, יוינע... עס האָט אַ שיר,
וויפל בעסמעדרעשניקעס איך האָב איבערגעלעבט!... איינער איז שוין
אַ סויכער, איינער — אַ טרעגער, איינער — אַ שענקער; אַ דײַנע, איינער
איז שוין אַן אַלמען אַפּילע, שמערל האָט שוין דאָס דריטע ווײַב; נאָר
אַלע האָבן קינדער, געשעפטן, אַסאָקים; גוט, שלעכט, נאָר פאַרנומענע
מענטשן, עסן ניט קיין טעג, זײַנען ניט קיין באַטלאָנים... מענטשן! איך
וויל אויך זײַן אַ מענטש!

— וואָס הייסט אַ מענטש?

— ווי איך בין אַ ייִד, איך בין קיין מענטש ניט!

— ווי איך בין אַ ייִד, איך בין אַ ייִד! עמעס, איך בין אַ ייִד, נאָר גאַנץ ציאַכנאָווקע זײַנען אויך ייִדן און זײַנען ניט איך! אַלעמײַ, איך בין אַ מאַנספּאַרשוין (כאָטש אַ קלאָג צו מײַן מאַנספּאַרשוין, אַ ווייטיק צו אים!) נו... אַלע מענטשן, וואָס זײַנען ניט קיין נעקייוועס, זײַנען מאַנספּאַרשוינען. האַקלאַל, זײַנען אַלע בערל כאַנציעס!

— ניין, ברודער בערל! נאָר דיך ניט! דו ביסט אַ מאַנספּאַרשוין, דו ביסט אַ ייִד, עמעס; נאָר ניט ד ו ביסט דער מאַנספּאַרשוין, ניט ד ו ביסט דער ייִד!... ד ו ביסט עפּעס אַנדערש; דאָס אַלץ איז נאָר אַ צו־לאָג, צוגעגעבענע זאַכן; אָבער ניט דו אַליין...

— איך רייד מיר אײַן, אַז איך בין אַ באַטלען, אַ מעשוגענער, אַ יאָ־סעם, אַן אומגליקלעכער מאַנספּאַרשוין... נאָר באַטלאָנים, מעשוגאָים, יעסוימים זײַנען דאָ אַ סאַך, עפּשער אַזוינע מאַנספּאַרשוינען ווי איך בין — ווייניקער; נאָר ד אָ איז, אַ דײַגע, עפּשער אין אַן אַנדערער שטאָט, עפּשער אין אַמעריקע, נו, זײַנען אַלע איינס? כאַסוועשאָלעם, יעדערער פֿאַר זיך!...

— נו, ווער זשע בין א י ך, צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

— עס האָט געמוזט אין מיר אַרײַן אַ דיבעק, עס מוז עמיץ זיצן און קלערן איבער מיר, און מיר דאַכט זיך: איך אַליין קלער! אַ וועהאָרײַע, ווען איך האָב קויעד (אַ גאַנצע וואָך, אויסער מאָנטיק און דינסטיק), האָט יענער אַף מיר קיין שליטע ניט; קלער איך ווייניקער! און בעעמעס, די בקירע איז, אַז קיין שום מענטש אין דער וועלט קאָן ניט איבערקלערן זיך אַליין! — ווי הייסט, איך וויל מיך מאַסיג זײַן? איך וויל מיך אַרויס־רײַסן פֿון מיר אַרויס, אַוועקשטעלן זיך אָדער אים אין אַ זײַט, „ער" זאָל קוקן אַף מיר! איך־ער זאָל קוקן אַף ער־איך!...

כאַ, כאַ, כאַ! ווי הייסט! זאָל איך מיר נאָר באַרעכענען!... עפּעס ווערט מיר וואַרעם אין קאָפּ!...

(ער לויפֿט צו צום קוער, גיסט זיך אָפּ מיט קאַלט וואַסער; שלעפּט אַרויס פֿון אונטערן אויוון אַ שמאַטע און בינדט זיך שטײַף אַרום דעם שטערן).

— ציינד וועט עס גיין. נאָכאַמאָל!... איך וויל וויסן, ווער איך אַליין בין...

— ווּ זאָל איך קוקן, אַראָפּ צי אַרויף? רעכטס — צי לינקס?..
איך בין דאָך אין מ י ר. ווען איך, לעמאָשל, קריך אַרויף אַפן אָרנקוידעש, בין איך אינגאַנצן אויבן; איך וועל אונטן גאָרניט איבערלאָזן. לאָמיך לויפן אין קעלער אַרײַן, וועל איך זײַן אינגאַנצן אונטן... נו, אַזוי ווי קאָן איך קוקן אַף מיר?!

הייכע דאָמי?!

— וואָס דען זיצט אין מיר און קלערט פאַר מיר?

— און עפּעס זיצט דאָך פאָרט... האַ?...

— איך וויים דאָך, אַז ווען עס זײַנען געלעגן באַ דער שאַמעסטע אומגעציילטע קיכלעך און איך האָב שוין דרײַ טעג קיין מײַכל ניט געהאַט אין מויל, האָב איך גאַנץ שטאַרק כיישעק געהאַט אַראָפּצושניפּן אַ קיכל... נאָר איך האָב געזאָגט: ניין! מע טאָר ניט! ניט מײַן... דערנאָך האָב איך געפונען טויזנט טערוצים... „די שאַמעסטע האָט גענוג פאַרדינט אָן מיר, זי מעג מיר געבן אַ צולאָג", „איך זאָל זי בעטן, וואָלט זי מיר אַליין געגעבן", „איך וועל איר מיט גאָטס הילף אַמאָל באַצאָלן"... נאָר א י ך האָב אַלץ געזאָגט: „ניין, מע טאָר ניט"... און עס איז געבליבן — ניט!... פריִער איז עס געגאַנגען איינס נאָכן אַנדערן: מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך אַליין פרעג און איך אַליין ענטפער, נאָר דערנאָך, שפּעטער אַ ביסל, כאַטש טאָד־קעדיי־דיבער, נאָר דערנאָך איז עפּעס אַנדערש געוואָרן, עס איז געוואָרן צוזאַמען: יאָ און ניין, ניין און יאָ און ווײַטער ניין! עס איז געוואָרן אַ מאַכלויקעס, און נ י ש ט איז געוואָרן, ניט ווײַל א י ך האָב ניט געוואָלט, אָדער דעם כיישעק פאַרלאָרן; ניין, נאָר די האַנט האָט זיך ניט געקענט רירן; זי האָט ניט געוווּסט וועמען צו פאָלגן... אַ וועהאָרײַע, איך בין דערנאָך שטאַרק מיד געוועזן, טאַקע ווי נאָך אַ גרויסער מאַכלויקע, ווי נאָך אַ הייסן וויקועך מיט יונגע לאָקש, וואָס וויל מיר אַלץ אײַנריידן, אַז דער גאָען, זיכרוינע־ליוורעכע, זיצט אין גאַניידן מיט אַ פאַראַצטער באָרד, ווײַל ער האָט ניט געהאַלטן פון כסידעם!

— אַזאַ פערד!... נאָר מיד בין איך געוועזן; איך דערמאָן מיך גאַנץ זיכער, זיכער! דאָס אייגענע איז געוועזן פּורים, ווען איך האָב געטראָגן פון פערעץ פײַנהאַלץ, פון גוויר, דעם ראָוו, שאַלעכמאָנעם. איך האָב געהאַט אַ פול מויל מיט וואַסער, די צונג איז מיר אַרומגעלאָפן אין מויל ווי מעשוגע, ווי איך לויף אַצינד אַרום אין בעסמעדרעש. די הענט האָבן מיר געציטערט! אַ שטיק טאָרט, מאַקאַראָנען, עפּעס נאָך עטלעכע

מינים... איך, נאַשער, האָב געוואָלט, איך, ערלעכער מאַן, האָט ניט געוואָלט!...

— מע זאָגט: „יעיצערטאָוו”, זאָל זײַן אַזוי! אָבער סײַוויסײַ בין איך דאָך נאָר אַ דירע, וווּ עס וווינען צוויי שכנים, איינער הייסט: יעיצערטאָוו, דער צווייטער — יעיצערהאָרע. ניט אַזוי? ווײַטער די מײַסע מיט די נעמען... אָבער ווער זײַנען זיי? ווער בין איך?!

— איך בין אַ דירע, איך בין אי דער גוטער שאָכן, אי דער שלעכטער שאָכן. אַלץ איך, און דערצו וויל איך וויסן, ווער איך בין?! כאַ, כאַ, כאַ! — שאַ! נעכטן ערשט, דער אוילעם האָט געלאַכט, וואָס איך בין געבליבן שטיין אַף איין אָרט עפּשער אַ שאָ! א י ך  וו יי ס, וואָס איך בין געשטאַנען! איך האָב ניט געקענט גיין: מע האָט געהאַקט האָלץ אַפן שול־הויף, האָב איך געוואָלט גיין פרווון, צי איך קאָן אַ שײַט האָלץ צעהאַקן, צי קאָן איך אַרבעטן... איך האָב שוין אָנגעהויבן גיין; שטייען צוויי בענק: אין דער זײַט אַ באַנק, אין יענער זײַט אַ באַנק. דאָ דערציילט מען, אַז מע הייצט אין באָד, הייבט מיר אָן בײַסן דאָס גאַנצע לײַב און איך וויל צוגיין צום קעסטל, אַרויסשלעפּן דאָס בעזעמל און גיין אין באָד אַרײַן... קעגנאיבער האָט זאָרעד מעלאַמעד דערציילט יענקל קעצלען, אַז אין „באַל־אַקיידע” איז דאָ אַף דער הײַנטיקער סעדרע אַ פּילע־פּלאָימדיקער דרוש! וויל איך וויסן, וואָס זאָרעד מעלאַמעד איז געפעלן, צולויפן צו דער מיזרעד־וואַנט און אַראָפּכאַפּן דאָס סיפער... נו, בין איך טאַקע געשטאַנען! די פיס האָבן ניט געוווּסט וועמען צו פאָלגן: צי ד ע ם בערל כאַנציעס, וואָס וויל גיין האָלץ האַקן, צי ד ע ם בערל כאַנציעס, וואָס וויל גיין אין באָד אַרײַן, ווײַל עס בײַסט אים, צי ד ע ם בערל כאַנציעס, וואָס וויל וויסן, וואָס זאָרעד מעלאַמעד איז געפעלן!... איך בין טאַקע אַזוי לאַנג געשטאַנען, ביז איך האָב מיך דערמאָנט, אַז איך האָב נאָך קיין מינכע ניט געדאַוונט!

— נו, אַלקיין? וווינען אין מיר שוין פיר פאַרשויִן! אַ האָלץ־העקער, אַ באַל־אַקיידעניק, אַ בעדער און דער לעצטער — אַ מינכע־דאַוונער, וועלכער האָט אַלע אַרונטערגעיאָגט אונטערן אויוון, זיי זאָלן קיין פּיפּס ניט געבן, נאָר ע ר האָט צו שאַפן, און די פיס מוזן א י ם פאָלגן. אַ וועהאָרײַע, בין איך טאַקע צוגעגאַנגען צו דער וואַנט און האָב געדאַוונט!

אַ שטיקל עמעס שטעקט דערינען... וואָרעם זיי זײַנען ניט פאַרלאָרן געוואָרן; זיי האָבן זיך נאָר באַהאַלטן אונטערן אויוון, זיי האָבן פון דאָרטן

אַרויסגעקוקט. זיי האָבן געוווּנקען צו מיר, און האָבן מיך מעוואַטל גע־וועזן! אינמיטן שמוינעסרע האָב איך אַלץ אין זינען געהאַט: האָלץ האַקן, שמײַסן זיך אַף דער העכסטער באַנק אין באָד, און דעם באַל־אַקיידעס דראָשעס אויך!

— נו, האַקלאָל? וואָס העלפט דער יעיצערטאָוו מיטן יעיצערהאָרע, אַז איך בין אַמאָל דרײַ, און אַמאָל פיר!

— אָט אַצינד פיל איך, אַז „איך" אַליין בין עפּעס אַ גאָרניט! איך אַליין וואָלט גאָר ניט געלעבט. איך אַליין, ווען איך לעב אַפּילע, וואָלט איך מיך אינדערפרי אַפּילע פון דער באַנק ניט אויפגעהויבן. איך וואָלט געלעגן ווי אַ גוילעם אַד סאָף קאָל האַדוירעס... איך בין טאַקע אַ גוילעם, איך האָב גאָר קיין נעשאָמע ניט; וואָס דען? אַלץ אַרום לעבט, אַלץ אַרום האָט נעשאָמעס, די נעשאָמעס זייערע לאָזן אַרויס פון זיך אַזוינע לאַנגע, דינע, שפּיציקע פעדעמלעך, אַזוינע שטראַלן, און זיי כאַפּן זיך און טשעפּען זיך אין מיר, קריכן אין מיר אַרײַן, רירן מיך, שטעלן מיך אַף די פיס, הייסן מיר גיין, טאָן, לויפן... אָבער איך אַליין בין גאָרניט!

ווער דען פאָרט קלערט? הא? ווער זיצט אין מיר און קלערט?... ווײַטער אַ פרעמדער? ניט איך?

— נו, זאָל זײַן אַ פרעמדער! ווער איז ער? ווי קומט ער צו מ י ר? צי בין איך אַ שטײַג און ער — אַ פייגעלע?... דאָוויד האַמעלעך, אָלעוו־האַשאָלעם, זאָגט: יוינאַסי, הייסט עס מײַן טײַבעלע! — וויל דאָס טײַ־ב ע ל ע האָלץ האַקן, אין באָד אַרײַן גיין, אַראָפּגאַנוועגען פון שאַלעכמאַ־נעס, אָוועקשניפּן אַ קיכל באַ דער שאַמעסטע, און טאָך־קעדיי־דיבער זען דעם באַל־אַקיידעס דראָשע?... פו, טײַבעלע, ניט שיין! ביסטו עס, מעגסטו זיך שעמען!

— כאַ! כאַ! כאַ! בערל כאַנציעס איז אַ טײַבעלע, אַ פייגעלע; בערל כאַנציעס האָט אַ קליין פּיסקעלע מיט פליגעלעך, בערל כאַנציעס וועט אַמאָל אַרויספליִען פון דער שטײַג...

— נו, בערל כאַנציעס, דעמאָלט וועסטו אויך קלערן, ווער דו ביסט? אויך זײַן אַ יאָסעם, אויך זײַן אַ באַטלען, אויך זײַן מעשוגע?

אַוואַדע! ווער דען? די שטײַג איז מעשוגע! די שטײַג איז אַ יאָסעם?

— ריבוינעשעלאָוילעם! ווער בין איך פאָרט?

.2

עס קומט אין בעסמעדרעש אַריַין וואָלף סויכער.

בערל כאַנציעס דערזעט אים און אַנטלויפט אין אַ זיַיט. וואָלף סויכער וואַשט די הענט, ווישט אָפּ אין דער פּאָלע, נעמט אַרויס פון דער שאַנק אַ סייפער און זעצט זיך אַריַינקוקן. בערל כאַנציעס לאָזט פון אים קיין אויג ניט אַראָפּ...

— ווער איז ער? — פרעגט ער זיך און ענטפערט זיך באַלד:

— וואָלף סויכער! — ער גיט זיך דערביַי אַ שטאַרקן קניפּ אין באַק אַריַין...

— בעהיימע! כאַמויר! וואָלף סויכער איז אַזוי ווי בערל כאַנציעס! אַזוי הייסט ער; נאָר ווער איז ער?... צי איז ער איינער, צוויי, צי דריַי? וויפל פייגעלעך פישטשען אין זיַין שטיַיג, פאַרשטייסטו, וואַיטעק?!

ער האָט זיך נאָך שטיַיפער צוגעצויגן דעם קאָפּ.

— לאָמיך קלערן...

— אַצינד איז ער איינער. איין וואָלף סויכער... ער זיצט און לערנט! פאַרטיפט, ער זעט מיך ניט. ער לערנט, אַוואַדע, נעדאָרים, זיַין פּירעק, מער קען ער ניט... אַצינד איז אַ קוינעך, קוינאָם, קוינעס... אַצינד איז ער אַ „לאָשן שעבאָדו כאַכאָמים", אַצינד ווייס איך, וואָס ער איז, אַ פּירעק נעדאָרים... דערנאָך? דערנאָך וועט וואָלף סויכער אַראָפּגיין אין גאַס אַריַין, וועגן טווּע אָף אַ פאַלשער וואָג, אָפּנאַרן גאַנץ קרוין־פּוילן און אַהיים גיין געבן דעם וויַיב, דער אָרעמער, דערשלאָגענער טויבע, צוועלף פּעטש מיט פיר דזאָך! זעסט דאָס לעמעלע, בערל כאַנציעס! זעסט דאָס שעפעלע, זעסט, ווי עס קנייטשט איַין דעם שטערן, זעסט די פרומע אייגעלעך, זעסט, זעסט! און דו שויטע, דו בערל כאַנציעס, דו כאַמויר, ווילסט מיר איַינריידן, אַז דאָס איז דער אייגענער גאַנעוו פון גאַס, דער אייגענער רויצייעך פון דער היים? ניין, בערל כאַנציעס! מיר ווער סטו דאָס ניט איַינריידן! ניין, ניין! — ניט אַזוי קוקט אַ גאַנעוו, ניט אַזוי זעט אויס אַ רויצייעך!... שויטע!...

— איך זאָג דיר, בערל כאַנציעס, אַז עס זיַינען דאָ דריַי וואָלף סויכערס... איינער איז אַ לעמעלע, אַ פרום לעמעלע, וואָס זיצט און לערנט נעדאָרים און וועט אָף יענער וועלט אויך לערנען נעדאָרים, און טאַקע מיטן ריבוינעשעלאָוילעמס פּירעש... דער צווייטער — איז אַ גאַנעוו, און

וועט דאַרטן אויך כאַפּן פון די טעלער; דער דריטער — איז אַ רויצייעד, וואָס האַרגעט דאָס ווייַב מאָקעם רעצעך...

— אַ ראַכמאָנעס אַף איר!... עס שנייַדט מיך באַם האַרץ, אַפּט כאָלעמט זי זיך מיר... זי בעט מיך אַמאָל, באַנאַכט אין שלאָף, איך זאָל איר העלפן... דאָס הייסט: זי בעט ניט מיטן מויל, זי רעדט ניט, כאַס־וועשאָלעם, אַ ייִדישע טאָכטער רעדט ניט מיט אַ מאַנספּאַרשוין... נאָר זי קוקט אַף מיר מיט אַזאַ... מיט עפּעס אַזאַ... מין קוק...

— ריבוינעשעלאָוילעם! קוקן מעג זי דאָך! זי מעג קוקן אַף אַ מאַנספּאַרשוין!...

— כאַ, כאַ, כאַ! איך אַ מאַנספּאַרשוין... וואָלף סויכער איז אַ מאַנס־פּאַרשוין, פוילן זאָל ער, וואָלף סויכער! איך בין אים אַ סוינע אַפּן לעבן. איך האָב באַ אים אַ טאָג; נאָר אַ סוינע בין איך אים! סינאָס כינאָם טאָקע, נאָר אַ סוינע... איך וואָלט אים געשטאָכן! יאָ!... נאָר ניט דעם וואָלף סויכער, וואָס זיצט און לערנט, אַפילע דעם גאַנעוו ניט, נאָר דעם רויצייעד! אים וואָלט איך געשטאָכן... איך אַליין קען ניט, איך אַליין האָב ניט צו שאַפן, איך בין נאָר אַ שטייַגל... איך האָב אַפילע אַ קניפּיק, אַ שאַרפן קניפּיק, גאָר אַ שאַרפן, מע קאָן מיט אים נעגל שנייַדן, אַ קאָפּ גאָלן...

— איך מאַך מיר אַפילע קיין לאָמטערן ניט, ווייַל עס איז מיר אַ שאָד דער קניפּיק, ער זאָל ניט שטומפּיק ווערן...

דאָך איך אַליין קאָן ניט... מע דאַרף, עס זאָל מיר עמיץ הייסן; עפּעס אַ באַסקאָל, עפּעס איינער, אַפילע זאָרעך מעלאָמעד! זאָל ער אַליין מיר הייסן! ווער שמועסט, ווען זי זאָגט מיר, אַזוי שטיל, באַנאַכט אין כאָלעם; נאָר זי וועט ניט זאָגן, אַ ייִדישע טאָכטער וועט ניט זאָגן. כאַס־וועשאָלעם! איר וואָלט זי פייַנט געהאַט, זי זאָל מיט מיר ריידן.

— אַזוי איז בעסער, קוקן זאָל זי, און שטענדיק, און אַ גאַנצע נאַכט; באַטאָג קאָן נאָך עמיץ דערזען, כאַסוועשאָלעם! עס איז געגנוג יעדע נאַכט...

— אָ, ווי שיין וואָלט עס געווען! איך וואָלט אַרויסגענומען דעם קניפּיק, איבערגעגאַנגען די כאַליאָווע, איין מאָל, צוויי מאָל, דרייַ מאָל, און בוך!...

— כאַ, כאַ, כאַ! עס וואָלטן אַרויסגעלאָפן געדערים און געדערימלעך. כאַ, כאַ, כאַ! און בלוט, רויט בלוט... כאַ, כאַ, כאַ!

— נײן. וואָלף סויכער, נעדאָרים־לערנער, ניט דיך מײן איך! יענעם, יענעם, דעם רוּיצייעד... נאָר ניט דיך!

— הערסט, בערל כּאַנציעס, ווען דו ביסט אַ מענטש, ווען דו ביסט ניט קײן יאַסעם, קײן באַטלען, קײן מעשוגענער, קײן כּאַקרען, וואָלט שוין אַלץ גוט געווען... טײַבעלע וואָלט אַפּילע געווײנט, זי וואָלט דאָך גע־וואָרן אַן אַלמאָנע, נאָר איך וואָלט איר אין כּאָלעם געזאָגט: טײַבעלע, גענוג, דו האָסט צוויי מאַנען, אײנער גאַנוועט, דער צווייטער זיצט און לערנט, וואָס טויג דער דריטער, ווילסט דאַווקע דרײַ? דאַווקע מע זאָל דיך, טײַבעלע, שלאָגן. דאַווקע דו זאָלסט וויינען גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט...

— און עפּשער איז ער פאַרט נאָר אײנער?...

— בערל כּאַנציעס! דרײַ זײַנען זיי, לאָמיר זיך וועטן. קום אומישנע, ווײַל ער זיצט דאָ און לערנט, קום אין גאַס אַרײַן, וועסטו זען, ווי יענער גאַנוועט דערווײַל אין גאַס... דערנאָך ווי ער שלאָגט, קום! וועסט זען!..

ער הייבט זיך אויף, לויפט אַף די נעגל צו דער טיר, שלעפּט אַרויס דעם שליסל און פאַרמאַכט פון יענער זײַט...

**3.**

ער קומט צוריק, בלאַס און אין קאַס...

— זיי האָבן זיך באַהאַלטן, די גאַנאָווים! וואָס האָבן זיי צו טאָן? עס איז הײַנט ניט קײן טאָרג! עפּעס אַ יאַנטעוו, עס הענגען פענער, מע קאָן ניט גאַנווענען... טײַבעלע איז ניט אין דער היים... זי האָט גע־מוזט גיין צו אַ שכיינע. די טיר איז צו... זיי האָבן זיך עפּשער ביידע באַהאַלטן! איך האָב אַרײַנגעקוקט דורכן פענצטער. אונטערן בעט, האָט זיך מיר געדאַכט, רירט זיך עפּעס, אַף דער פּאָדלאָגע האָט זיך דער שאָטן געהוידעט, געוואָרפן, געצאַפּלט! אַ קאַשע אַף אַ מײַסע, ער זיצט דאָ און לערנט, און זיי ליגן אונטער די בעטן... ווו דען זאָלן זיי ליגן! —

— און וואָלף סויכער, דער טאַם, דער נעדאָרים־לערנער, האָט אַפּילע ניט געהערט, אַז איך האָב אויף־ און צוגעשלאָסן די טיר! ער איז אַזוי פאַרטיפט אין לערנען!

— און עפּשער לערנט ער גאָר ניט? עפּשער זיצט דאָ דער גאַנעוו און וויל אָפּנאַרן מיך מיטן ריבוינעשעלאָוילעם?

— וואָלף! — רופט ער אים פּלוצלינג.

— וואָס איז?

— גאָרניט!

— באַטלען! —

אין אַ פּאָר מינוט אַרום!

— וואָלף!

— וואָס איז?

— איך האָב אַ קניפּיקל!

— ווויל דיר!

— ווילסט זען?

— ניין!

— דאַרף מען ניט!

אין אַ פּאָר מינוט אַרום:

— וואָלף!

— וואָס?

— דו לערנסט, צי דו מאַכסט נאָר אַזוי?

— וואָס גייט עס דיך אָן?

— איך דאַרף נייטיק צו וויסן, כ'לעבן, נייטיק!...

— שטיל, מעשוגע!

אין נאָך אַ פּאָר מינוט:

— וואָלף!

— וואָס איז?

— וויפל ביסטו?

וואָלף סויבער ווערט בייז, מאַכט צו די געמאָרע און גייט אַרויס פון בעסמעדרעש; בערל כאַנציעס בלייבט אַליין.

— צי האָב איך גערעדט מיט וואָלפן? און וואָס האָב איך מיט אים אַזוינס גערעדט? וואָס איז ער אַנטלאָפן? ווי בין איך אַרויסגעגאַנגען? הא? וואָס טוט בא מיר אין האַנט דאָס קניפּיקל?

ער וווּנדערט זיך שטאַרק, און נאָך מער, ביפראַט אַז ער דערזעט, אַז ער האָט זיך דורכגעשניטן די כאַליעווע. ער ווערט בייז.

— בערל באַטלען! דו אַליין האָסט צעשניטן דיין כאַליעווע! דו האָסט אַנדערע כאַליעוועס? טייבעלע וועט דיר ווי ט ע ר שענקען אַ פּאָר

שטיוול? זי האָט וויניק געלייזט פאַר יענע שטיוול! זעסטו, באַטלעז, זעסטו, מעשוגע, זעסט, עס איז עמיץ אין דיר און ניט דו! זעסט?

— לאָמיך נאָר אַליין זען, ווי דו זעסט אויס, כאַמויר, וואָס לאָזט זיך די שטיוול צעשנייַדן! לאָמיך דיך אָנקוקן, באַטלעז!

ער לויפט צום קיִער, כאַפּט די שמאַטע אַראָפּ פון קאָפּ און הייבט אָן רייַבן און פוצן דאָס מעש.

— איך זע דיך שוין אַ ביסל, באַטלעז, — וואַרט, וואַרט, איך וועל דיך נאָך בעסער זען. איך וועל דייַן גאַנץ טרייפן פּאַרצעף זען, דייַן כאַמויר־קאָפּ!...

ער לאָזט זיך אַראָפּ אַף דער קני און רייַבט מיטן גאַנצן קויעך. ער בלייַבט דאָך פּלוצלינג שטיין.

— ווער פוצט דעם קיִער? ווער? איך? איך האָב קויעך? איך האָב דען הייַנט געגעסן, נעכטן געגעסן? וואָס איז הייַנט? דינסטיק! מאָנטיק און דינסטיק האָב איך דאָך ניט קיין טעג. ווער רייַבט?!...

ער האָט זיך צוריק צוגעכאַפּט צו דער אַרבעט.

— זאָל רייַבן ווער עס וויל, איך, צי דער פויגל, צי די טויב, דער יעיצערהאָרע, צי דער יעיצערטאָוו, נאָר דייַן באַטלאָניש טרייפן פּאַרצעף מוז איך זען! באַלד, באַלד! און אַפּאַמאָל!

ער פאַרמאַכט די אויגן און רייַבט ווייַטער אַ ווייַלע מיט קויעך. דערנאָך עפנט ער די אויגן און דערזעט זיך.

— כאַ, כאַ, כאַ! אַזו זע איך אויס, אַ מעס, אַ מעס, אַ ריינער מעס! צו נעמען אַף דער טאָרע־ברעט, צו לייגן שערבלעך אַף די אויגן!

— זעסט, טייַבעלע, ווי איך זע אויס! זעסט! און אַזוי זע איך אויס, ווען דו דערלאַנגסט מיר אַלע מאָל אַ שטיקל ברויט... אַניט, ווי וואָלט איך נאָך אויסגעזען? —

ער פאַרטראַכט זיך און דערמאָנט זיך ווייַטער.

— אַ מעס! דאָס בין איך, יאָ, יאָ! דאָס איז בערל באַטלעז, בערל יאָסעם, בערל מעשוגע! אָט דאָס! דאָס! און ווער בין איך פּאָרט?

ער קוקט אַפּן קיִער און קוקט אַף זיך.

דאַרטן זעט מען ניט די צעריסענע כאַליעוועס! וווּנדערט ער זיך און ווערט בייז.

— אַ מאַקע דיר! — שרייַט ער פּלוצלינג אויס, — אַ מאַקע דיר

דו קיִער־מענטש! דו דאַרפסט אויך האָבן צעריסענע כאַליעוועס! אַז איך האָב, דאַרפסטו אויך האָבן!

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן מער אַף דער פּאָדלאָגע, אַנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אַף דער ערד און אַרײַנגעשטופּט די פיס אין קיִער.

— איך זע ניט, נאָר דו האָסט, דו האָסט צעריסענע כאַליעוועס! זעסט!... — אויפצוהייבן זיך איז אים שוין שווער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער מענטש אינעם קיִער האַלט אים צו באַ די פיס; ער האָט זיי דאָך אָפּגעריסן, אויפגעהויבן זיך, אַ ביסל פאַרוווּנדערט, אַ ביסל דער־שראָקן.

— קיִער־מענטש! באַטלען! — האָט ער זיך געריצט און פאַרט מוירע געהאַט צו קוקן אין קיִער אַרײַן. ער איז צוגעלאָפן צום אויוון, אָנ־גענומען אַף די הענט קאַלך און פאַרשמירט דעם קיִער.

— ליג דאָרט אין דער קרענק, קוק ניט אַרויס!

דער קאָפּ האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק ווי טאָן און די פיס האָבן אים געבראָכן, ער האָט זיך ווײַטער פאַרטראַכט.

— לאָמיך נאָר עפּעס דערמאָנען...

— אַצינד טוט מיר ווי דער קאָפּ... אַז דער רויצייעך שלאָגט טײַ־בעלען, טוט מיר ווי דאָס האַרץ... עס ברעכן מיר די פיס. אַז איך גיב מיר אַ קניפּ אין באַק, פלאַמט מיר די באַק, ווײַל איך האָב אַ באַק, איך האָב הענט און פיס, איך האָב אַ קאָפּ מיט אַ האַרץ און האָב עפּשער אַ נע־שאָמע אויך — אַלץ האָב איך, נאָר וואָס בין איך אַליין? ניט די באַק, די פיס, ניט דאָס האַרץ, ניט דער קאָפּ, ניט די נעשאָמע. וואָס דען? גאָרניט...

— איך זאָל מיך קאָנען מעאַבעד אַצמוי לאַדאָאָס זײַן, און אַליין זען, וואָס עס וועט זײַן, וואָס עס וועט בלײַבן, אַז עס וועט אָוועקפאַלן דער קאָפּ, די הענט, די פיס, די בעק, די צעריסענע כאַליעוועס... דע־מאָלט וואָלט איך עפּשער עפּעס געוווּסט? צי וואָלט ניט אַ יוישער געוועזן צו פּרוּוון...

— ווען זי זאָל נאָר הייסן! עפּשער וואָלט איך עס באַ אים גע־פּרוּווט.

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

**שייַנע האָכאָ** — דאָ איז עפּעס אַנדערש.
**כאַקרען** — אַ פאָרשער, אַ פילאָזאָף. געוויינלעך רופט מען אָן „כאַקרען" אַ מענטשן, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פּוסטע פילאָזאָפירונגען.
**אַמאַראָכע** — דאָ געמיינט: אַ גליק.
**אַדיבעק** — ווי עס גלייבן די אָבערגלייביקע: אַ רוח, וואָס האָט זיך באַזעצט אין מענטשנס קערפּער.
**אַוועהאָרייַע** — און אָט איז אַ באַווייַז.
**שליטע** — מאַכט, ווירקונג.
**כקירע** — פילאָזאָפיע.
**מאָסיג זייַן** — באַגרייַפן.
**קיער** — האַנטפּאַס (אין בעסמעדרעש).
**הייכע דאָמי** — ווי קאָן עס געמאָלט זייַן?!
**אַראָפּצושניפּן** — אַראָפּצושלעפּן.
**טאָד־קעדיי־דיבער** — גלייַך אָפּן שטעל.
**זיכרוינע־ליוורָאכע** — זייַן אָנדענק זאָל געבענשטט זייַן. אַ צושפּרוך, וואָס אַ רעליגיעזער ייִד געברויכט, ווען ער דערמאָנט אַ פאַרשטאָרבענעם פרומען מענטשן.
**באַל־אַקיידע** — דער פּסעוודאָנים פונעם אויטאָר פונעם ווערק „אַקיידאַס־ייִצכאָק" (אַ רעליגיעז־פילאָזאָפיש בוך). דאָס געמיינט: דעם בוך גופע.
**אַפּילע־פּלאָ׳מדיקער** — אַ ווונדערבאַרער.
**דרוש** — אַ סכאָלאַסטישע אויסטייַטשונג פון ביבלישע „פּסוקים" און טאַלמודישע אַפאָריזמען.
**אַ באַל־אַקיידעניק** — געמיינט: אַ לערנער פונעם „באַל־אַקיידע".
**מעוואַטל געוועזן** — געמאַכט צו גאָרנישט.
**אַד סאָף קאָל האַדוירעס** — ביזן סאָף פון אַלע דורות, אייביק.
**כאַמויר** — אייזל.
**וואָיטעק** — אין געגעבענעם קאָנטעקסט געמיינט: גראָבער קאָפּ.
**נעדאָרים** — אַ טאַלמודישער טראַקטאַט, וווּ עס האַנדלט זיך וועגן „נעדאָרים" (צוזאָגן, פאַרפליכטונגען), וואָס אַ רעליגיעזער ייִד נעמט אָף זיך אויסצופילן.
**פּייערק** — קאַפּיטל.
**קוינעד, קוינאָם, קוינעס** — טאַלמודישע טערמינען, וואָס באַטייַטן באַשטימטע מינים „נעדאָרים".
**אַלאָשן בעבאָדו כאַכאָמים** — אַן אויסדרוק (אַ טערמין, אַ פאָרמולע) פון די (טאַלמודישע) געלערנטע.
**קרוין־פּוילן** — דער טייל פּוילן, וואָס האָט אַפּ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע פון די יאָרן 1914—1918 געהערט צו רוסלאַנד.
**דזאָד** — אַ קלאַפּ, אַ שטויס.
**קניפּיק** — אַ מעסערל.
**אַ באַסקאָל** — געמיינט: אַ קאָל פון הימל.
**מעאַבעד אַצמוי לאָדאַאַס זייַן** — באַגיין זעלבסטמאָרד.

# דאָס שטרײַמל

אַליין בין איך אַ קירזשנער, נאָר דעריקער — אַ שטרײַמל־מאַכער. עמעס איז, אַז דאָס ראָוו פּאַרנאָסע האָב איך פון פויערשע סערמעגנגעס און טרעגער־פּעלצלעך.

עס פאַלט אויך אַמאָל אַרײַן לייבל מילנער מיטן שאָפן־פּעלץ...

עמעס איז, אַז אַ שטרײַמל טרעפט זיך זעלטן, זייער זעלטן, וואָרעם — ווער טראָגט הײַנט אַ שטרײַמל? אַ ראָוו! און אַ שטרײַמל לעבט אים שטענדיק איבער...

אויך איז עמעס, אַז ווען עס טרעפט זיך שוין אַ שטרײַמל, מאַך איך עס ערשט אומזיסט, אָדער האַלב אומזיסט. לעכאָלאָפּאָכעס — לייג איך מײַן אַרבעט צו. דאָס אַלץ בין איך מוידע, און דאָך בין איך דעריקער אַ שטרײַמל־מאַכער, ווײַל אַ שטרײַמל האָב איך ליב צו מאַכן!

אַז עס קומט מיר אין די הענט אַרײַן, איז „אַכריי בלויסי״ — פיל איך ערשט, וואָס איך בין און וואָס איך קאָן!

פון וואָס דען — זאָגט אַליין — זאָל איך האַנאָע האָבן?

איך פלעג אַמאָל נאָכעם האָבן פון פויערשע סערמעגנגעס...

ערשטנס: פאַרוואָס ניט?

צווייטנס: האָב איך מיר געטראַכט: „דאָס פויערל גיט אונדז ברויט, ער אַרבעט זומער אַזוי שווער און ביטער, און איך קאָן אים ניט שיצן פאַר דער זון, וועל איך כאָטש ווינטער, ווען ער רוט, אים אָפּהיטן פון קעלט!״

און דריטנס, האָב איך געהאַט אַ פּײַן לידעלע דערצו:

אַ יונגערמאַן בין איך געווען, אַ קאָל האָב איך געהאַט ווי אַ גלאָק, און איך פלעג נייען און זינגען:

„שטעך, נאָדל, שטעך,
„אַ לעדער ווי אַ בלעך,
„אַ פוטער ווי אַ באַרשט!
„סימאַכט זיך אַ סערמענגע פיַין,
„סיוועט דעם פויערל וואַרעם זיַין...
„מיריעם־לעב, מיך דאַרשט!"

און אַזוי וויַיטער! נאָך עטלעכע סטראָפעס... און דאָס גאַנצע לידל, פאַרשטייט זיך, איז נאָר געמאַכט געוואָרן פאַרן „מיַימער־האַמוס־גערס" וועגן, עס זאָל אויסקומען דער — „מיריעם־לעב, מיך דאַרשט!"

וויַיל איר מוזט וויסן, אַז די היַינטיקע אישע צנוע מאָראַס מיריעם־דוואָשע איז דעמלט נאָך קיין גאַבעטע ניט געוועזן; זי האָט מיך ניט גערופן ווי היַינט „בערל קאַלבאַס", נאָר „בערעלע", און איך פלעג זי רופן „מיריעם־לעבן!" און עס איז באַאוואָנויסיינו האָראַבים געוועזן אַ גרויס ליבשאַפט צווישן אונדז. און קוים האָט זי דערהערט דעם „מיימער־האַמוסגער" — אַז מיך דאַרשט, האָט זי מיר באַלד דערלאַנגט אַ ביסל וויַינשל־שנאַפּס! שנאַפּס האָט אַ גרויסע פולע אָפּן קויעד־האַדאַם, און איך פלעג זי טאַקע טאָך־קעדיי־דיבער אָנכאַפּן באַם קלייד, דערלאַנגען אַ ברענענדיקן קוש אין די רויטע קירשן אַריַין... און טאָפּלט דערפרישט, נעמען זיך צו די סערמענגעס!

היַינט — אויס קירשן!

איך היים „בערל קאַלבאַס", זי — „מיריעם־דוואָשע"...

אויך ביז איך געוואָר געוואָרן, אַז ערד איז דאָ ווייניק, פויערים — אַ סאַך... מע זאָגט: צופיל... איז די „איבעריקע" פויערים ליַידן הונגער; אַז אַפילע פון 6 מאָרג ערד קאָן מען ניט לעבן, אַז ווינטער, דעריבער, רוט דאָס פויערל ניט.

עס גייט ערשט אַ „זוואָזקע".

אַ שיינע רו האָט ער עס ווינטער! גאַנצע טעג און נעכט פירט ער ווייץ אין לייבלס מיל אַריַין.

וואָס קלערט איר? איך קאָן אַ סאַך נאָכעס האָבן, אַז מיַין סערמענגע, מיַין פראַצע, ווערט אַ גאַנצן ווינטער אויסגעווייקט, נאָכקריכנדיק אַ פּאָר פעגירישע פערד, וואָס שלעפּן לייבל מילנערס טוווּע פאַר דריַיצן גראָשן פער זאַק, פאַר פינף מיַיל וועגס!

פּששש! און וואָס האָב איך פאַר אַ נאָכעס פון אַ טרעגער־פעלצל?

אַ גאַנצן ווינטער טראָגט עס זעק מיט מעל אין לייבל מילנערס מיל אַרײַן, און אַ גאַנצן זומער ליגט עס פֿאַרזעצט אין שענק פֿאַר כּײַ גראָשן.

עלעל־צײַט, אַז מע ברענגט עס מיר אויפֿצוריכטן, ווער איך נאָך שיקער פֿון רייעך פֿון שלעכטן בראָנפֿן!

און אַז לייבל מילנערס שאָפּן־פֿעלץ, ביכוווידוי אַוועצמוי, פֿאַלט מיר אין די הענט אַרײַן, ווי מיינט איר, האָב איך נאָכעם דערפֿון?

עס איז טאַקע אַ שאָפּן־פֿעלץ, עס איז טאַקע אַ קאָוועד, מע האָט טאַקע דערפֿאַר דערעכערעץ אין שטעטל; נאָר מיר קומט דערפֿון קיין גוטס ניט אַרויס.

איך האָב אַ מיִעסע טעווע געקריגן: איבער וואָס איך זע, האָב איך ליב צו קלערן: פֿ ו נ וו אַ נ ע ן עס קומט? פֿ אַ ר וו אָ ס עס איז אַזוי? צי קאָן ניט אַ נ ד ע ר ש זײַן! און ווי איך קריג לייבל מילנערס פֿעלץ אין דער האַנט אַרײַן, הייב איך אָן צו קלערן:

ריבוינעשעלאוילעם! נאָך וואָס האָסטו באַשאַפֿן אַזויפֿיל מינים פֿעלצן? פֿאַרוואָס האָט איינער אַ שאָפּן־פֿעלץ, דער צווייטער — אַ טרעגער־פֿעלצל, און דער דריטער — אַ סערמענגע, און אַ פֿערטער גאָרניט?

און קוים הייב איך אָן קלערן, פֿאַרטראַכט איך מיך, די נאָדל בלײַבט שטיין, און האָישע צנוע מאָראַס מיריעם טיכיע וואַרפֿט מיר, וואָס עס קומט איר אונטער דער האַנט, אין קאָפּ אַרײַן...

זי וויל גלײַך מיט אַלע, אַז „בערל קאָלבאַס” זאָל ווייניקער קלערן און מער אַרבעטן...

נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך מוז קלערן! אַז איך ווייס פֿאָרט, אַז לייבל מילנער לאָזט זיך ניט פּריִער איבערשטרײַכן דעם שאָפּן־פֿעלץ, ביז ער רײַסט ניט אָפּ אַ גראָשן פֿון זאַק דער סערמענגע, און דעם אייגענעם גראָשן פֿער פֿוד דעם פֿעלצל...

נו, זאָל איך פֿון ד ע ם נאָכעם האָבן?

★

אַ, איך האָב שיר ניט פֿאַרגעסן!

אַ וואָך פֿאַר סליכעס האָט זיך מיר שיר ניט געמאַכט אַ נײַע מאָדנע אַרבעט... וואָס ווײַבער קאָנען! עס קומט אַרײַן פֿריידל די גאַבעטע מיט שרעקלעך גרויסע האַנטשו אַף די הענט — איך קוק מיך צו, עס איז אַ פּאָר פֿויערשטע שטיוול — איך האָב געמיינט, אַז איך פּלאַץ פֿאַר געלעכטער.

— גוט־מאָרגן! — מאַכט זי צו מיר מיט איר זיס־אָפּגעריסן קעלכל.

— גוט־מאָרגן, בערעלע!

זי איז מײַן ווײַבס כאַווערטע, און איז זיך נויהעג, פּונקט ווי די גאַנצע שטאָט, און רופט מיך „בערל קאָלבאַס", הײַנט: בערעלע! און אַזוי זיס — אײַנגעמאַכטס דערפון צו פּרעגלען! פאַרשטײ איך שוין, אַז זי דאַרף עפּעס צו מיר...

איך קלער, אַז זי האָט די פאָריערשע שטיוול פון אַ וואָגן „אַראָפּגעצויגן" (עס איז דאָך ניט ערגער פאַר קלײנגעלט פון — צדאָקע־פּושקע) און וויל באַ מיר די סכוירע באַהאַלטן.

פרעג איך זי שטרענג:

— וואָס ווילט איר?

— באַלד מיטן „יִירגאָזן", — ענטפערט זי נאָך זיסער, האָניק רינט איר פון אַלטן מויל אַרויס, — באַלד „וואָס ווילט איר?" און ווו איז דער „גוט־יאָר"!

— זאָל זײַן „גוט־יאָר", נאָר אַן עק.

— וואָס אײַלסטו זיך, בערעלע, — שמייכלט זי נאָך זיסער — אָט בין איך געקומען דיך פרעגן, אויב דו האָסט ניט עטלעכע שטיקלעך פּוטער.

— און וואָס איז, אַז כ'האָב?

— וואָלט איך דיר אָנגעשלאָגן אַן אײַסעק, — מאַכט זי.

— נו? אַרויס דערמיט! רעדט!

— דו זאָלסט זײַן אַ גוטער „בערעלע", וואָלסטו מיר אויסגעבעט אָט די שטיוול מיט שטיקלעך פּוטער! איך וואָלט געהאַט אין וואָס צו גיין צו סליכעס, און דו וואָלסט דיר גאָר וואָלוול אַ מיצווע געקויפט!

איר פאַרשטײט אַ מיסכער? אַ „וואָלוועלע מיצווע"!

— איר ווייסט דאָך, — זאָג איך איר, — אַז בערל קאָלבאַס איז ניט קײן באַל־אַסקן אַף מיצוועס.

— נאָר וואָס? פון אַן אָרעמער ייִדענע וועסטו געלט נעמען?

— נו, ניט קײן געלט! איך וועל עס אײַך טאָן פאַר גאָר אַ קלײניקייט: א י ך וועל אײַך אויסבעטן די שטיוול, און א י ר וועט נאָר מיר דערציילן אײַערע כאַטאָס נעורים...

וויל זי ניט, האָב איך זי אָפּגעשיקט צו אַן אײַנבינדער!

בעט איך ניט קײן שטיוול אויס! עס איז מיר אַזוי אויך נימעס אומאָעס פאַרן לעבן! איר לאַכט? און דאָך, אַז איך האָב ניט קײן

שטרײַמל, איז מיר אַלץ נימעס אומאָעס! וואָרעם וואָס? אַף וואָס אַרבעט איך? אַלץ דעם שטיק כוימער אָנצולייגן! און מיט וואָס? מיט ברויט און מיט קאַרטאָפל, ברויט אָן קאַרטאָפל, און גאַנץ אָפט נאָך מיט קאַר־טאָפל אָן ברויט! קעדײַ?

גלייבט מיר, אַז אַ מענטש אַרבעט פופציק יאָר און עסט פופציק יאָר טאָגטעגלעך קאַרטאָפל, מוז אים נימעס אומאָעס ווערן דאָס לעבן! מוז אים דאָך אַמאָל אײַנפאַלן — זיך אָדער לייבל מילנער אַ מײַסע צו טאָן! און אויב איך עס ווײַטער רויִק מײַנע קאַרטאָפל און איך אַרבעט ווײַטער, האָב איך עס נאָר דעם שטרײַמל צו פאַרדאַנקען.

אַז איך קריג אַ שטרײַמל אין די הענט אַרײַן, ווערט מיר אויפגע־פרישט דאָס בלוט אין די אָדערן! ווייס איך, נאָך וואָס איך לעב!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מאַכנדיק דאָס שטרײַמל, פיל איך, אַז איך האַלט אַ פויגל אין דער האַנט, און אָט וועל איך זי עפענען, וועט דער פויגל אַרויספליִען הויך, הויך! קוים מיטן אויג צו דערזען!

און איך וועל שטיין און קוקן און קוועלן: דאָס איז מײַן פויגל, איך האָב'ן געמאַכט. איך האָב'ן אַרויסגעשלאָגן אין דער הייך!

אין שטאָט, באַרעכאָשעם, האָב איך קיין דייע ניט, צו קיין אַסיפע רופט מען מיך ניט, אַליין גיין, — בין איך קיין שנײַדער ניט, איך קום ניט קימאַט אַרויס אין גאַס אַרײַן! איך האָב קיין שטאָט ניט, ניט אין שול, ניט אין בעסמעדרעש, ניט באַ אַ מיניען! איך האָב אַף גאָרניט, אין ערגעץ ניט צו שאַפן... אין דער היים איז מאָראַס מיריעם די רײַטערקע! איידער איך פּרוּוו עפּענען דאָס מויל צו ריידן אַ וואָרט, באַהאָגלט זי מיך שוין מיט קלאָלעס! זי ווייס שוין, וואָס איך וויל זאָגן, וואָס „בעריל קאָלבאָס" מיינט, און עס קאָכט.

נו, וואָס בין איך? אַ גאָרניט! און דאָך, לאָז איך אַמאָל אַרויס אַ שטרײַמל אַף קאָהאָל — בייגט זיך קאָהאָל אײַנדרײַען!

איך זיץ אין דער היים און שווײַג, און מײַן שטרײַמל שאָקלט זיך אויבנאָן אַף אַ כאַסענע, אַף אַ ברים, אַף אַ סודאָס־מיצווע... עס הוידעט זיך איבערן גאַנצן אוילעם באַ דער קאַלפע, באַ אַ דין־טוירע!

און אַז איך דערמאָן מיך אין דער געדולע, וואַקסט מיר טאַקע דאָס האַריץ.

קענניבער מיר ווינט אַ שמוקלער... איך בין אים, אַסער, ניט מעקאַנע!...

זאָל זײַנער אַן עפּאַלעט, אָדער אַ שליפע, זאָגן אַף אײן אַקס „טרייף", און אַפן צווייטן „קאָשער"! אַדרעבע, לאָמיר זען! און אַז מײַן שטרײַמל זאָגט אַף פיר אָקסן דורכאַנאַנד: „טרייף!" — ווערט דער קאַצעוו אויסגערופן, די העקער־יונגען באַהאַלטן די ציין אין בײַטל, דאָס גאַנצע שטעטל האָט נײַע „נײַן טעג", אַ גאַנצע סאָטניע קאָזאַקן קריגט פאַר זעקס גראָשן אַ פונט פלייש, און פאַרפאַלן! עס רעדט קיינער ניט אַ וואָרט!

אָט דאָס הייסט אַ גוורה!

איך געדענק דען ניט? פאַראַיאָרן איז געווען אַ פּעגירע אַף שאָף.

עפּעס זאָגט מען, מאַכן די שעפּעלעך אַזוינע מאָדנע האָקאָפּעס, ביז זיי פאַרדרייען די קעפּלעך און פאַלן אַנידער טויט! איך בין ניט געווען דערבײַ; „האָקאָפּעס" איז „האָקאָפּעס", נאָר מינהאַסטים האָט שוין יאַנקל קאַצעוו געהאַט וואַלוול שאָפן־פלייש!

דער וועטערינאַר איז געקומען און געזאָגט: טרייף! מע הערט אים ווי די קאַץ!

ער האָט אַראָפּגעבראַכט פירערליי עפּאַלעטן, אַ פּאָר שליפּעס; מע האָט זיי אָוועקגענאַנגעוועט דאָס פלייש פון אונטער די הענט, און נאָך אַפן דריטן טאָג האָט דאָס גאַנצע שטעטל געהאַט וואָלוול קאָשער פלייש אַף וועטשערע!

באַ מײַן שטרײַמל גאַנוועט מען ניט! עס דאַרף קיין שליפּעס, קיין עפּאַלעטן ניט, ער אַליין רירט זיך אויך ניט פון אָרט! און קאָלזמאַן מײַן שטרײַמל זאָגט ניט: עס! עפנט זיך אין שטעטל קיין מויל ניט אויף!



איר מיינט עפּשער, אַז די גוורה שטעקט אין דעם, וואָס איז אונטערן שטרײַמל? אַסער כּאָזער.

איר ווייסט עפּשער ניט, וואָס דערונטער איז?

איד, באַרעכאַשעם, ווייס!

די בריִע איז, באַרעכאַשעם, פריִער אין נאָך אַ קלענער שטעטל אַ מעלאַמעד געווען, און מײַן טאַטע, אַלעוואַשאַלעם, איידער ער האָט געזען, אַז עס וועט שוין פון מיר קיין לײַט ניט זײַן, האָט ער מיך אַהין געשיקט

צו דער בריע לערנען! עס איז געווען, ראכמאנע־ליצלאן, א שלימאזל, וואס די וועלט פארמאגט עס ניט! א זעלטענער מעלאמעד!

די באלעבאטים האב געזען, אז ער קאן זיך ניט אף קיין „צוראס מאטבייע”, האבן זיי אים באלד אפגעריסן א העלפט סכירעס און די צווייטע העלפט געצאלט מיט אפגעריבענע צווייערס פאר דרייערס, אדער מיט בלעכענע פערציקערס; די רעבעצן האט געזען, אז זי וועט מיט אים מיט גוטן ניט ארויס, פלעגט זי אים טאגטעגלעך דאס בערדל אויסצופן.

און איר האט ניט וואס פאריבל צו האבן!

ערשטנס, האט געפעלט פארנאסע, צווייטנס, האט א יידענע ליב צו צופן; דריטנס, האט ער שוין א בערדל געהאט, וואס האט זיך געבעטן, קימאט געבאלעשט, מע זאל עס צופן! עס האט אזוי באשיימפערלעך געבעטן, אז מיר, טאלמידים, האבן זיך אויך ניט געקאנט איינהאלטן און אלעמאל האט זיך אן אנדערער געמוזט אראפלאזן אונטערן טיש, צוכאפן זיך צום רעבנס בערדל און אויסרייסן א האר!

נו, זאגט אליין! קאן אין אזא בריע שטעקן א גוורע?

עפשער מיינט איר, ער איז מיט דער צייט אנדערש געווארן?

אסער כאזער! עס איז אין אים קיין שום ענדערונג ניט געשען! די אייגענע קליינע, פארלאשענע, מיט אייטער פארגאסענע, באטלאנישע, שטענדיק דערשראקענע אויגן!...

עמעס, פאר דאכקעס איז אים דאס ערשטע ווייב געשטארבן. נו, וואס איז? מיי נאפקעמינע? צופט אים דאס צ ו ו י י ט ע דאס בערדל! וויבאלד עס בעט זיך, עס כאלעשט, מע זאל עס צופן, אז מע קאן עס ניט אפזאגן! און איך אליין, ו ו ע ן איך זע עס, קומט מיר אויך דאס וואסער אין מויל ארייַן, א צופ צו טאן!

נאר וואס דען איז געשען? ניט מער נאר, וואס א י ך האב אים א שטריימל געמאכט!...

איך בין מוידע אומיסוואדע, אז ניט מיין אייצע איז עס געוועזן! מיר וואלט עס גאר ניט אייַנגעפאלן!

קאהאל האט באשטעלט, און איך האב געמאכט! נאר קוים איז דאס אייגענע קאהאל געווירע געווארן, אז דאס שטריימל, וואס זיי האבן בא מיר באשטעלט, וואס איך, ארעמער „בעריל קאלבאס”, האב געמאכט, קומט צו פארן און איז שוין א ווערסט הינטער דער שטאט, איז עס ארויסגעלאפן מיט א סימכע, מיט א געדולע! קינד און קייט איז ארויס־

געלאָפן, קראַנקע זײַנען פון די בעטן אַרוים! מע האָט אײַנגעשפּאַנט די פערד, און גאַנץ קאָהאָל האָט זיך אַף איינמאָל געוואָלט אײַנשפּאַנען און שלעפן מײַן שטרײַמל; גאָט ווייס, וואָס פאַרא מאַכלויקעס עס וואָלט דערפון אַרויס! וואָס פאַר פּעטש, וואָס פאַרא מעסירעס... ווען ניט וואָס אַ כאָכעם האָט אַן אייצע געגעבן! מע זאָל מאַכן אַ ליציטאַציע!

און לייבל מילנער האָט געגעבן כײַ מאָל כײַ זעהוווים, און ע ר איז געוועזן דאָס ערשטע פערד!

נו, שטעקט ניט אַ גוורע אין מײַן שטרײַמל?



מײַן אישע צנוע רופט מיך (אַכוץ בערל קאַלבאַס) נאָך באַלטײַוועניק, אַזעסמעכוצעפּניק, ניוולפּעניק, קאַלבויניק, און וואָס דאָס וואַסער ברענגט איר אין מויל אַרײַן...

עס איז עמעס, אַ מענטש איז קיין כאַזער ניט! איך האָב האַנאָע פון אַ גלײַכווערטל; איך האָב אַמאָל ליב לייבל מילנער, א י ן די אויגן און א ו נ ט ע ר די אויגן, אַרײַנצוזעצן אַ שפּילקע.

אויב — וואָס וועל איך דאָ לייקענען? — די דינסטמיידלעך, וואָס נעמען וואַסער קעגניבער אין הויף באָם פּלומפּ, זײַנען כאַסוועשאַלעם קיין קויהאַנים און דוכענען ניט, האָב איך ליב אַ קוק צו טאָן...

נאָר גלייבט מיר, אַז ניט ד אָ ס דערהאַלט מיך באָם לעבן!

מיך דערהאַלט באָם לעבן איין זאַך: איך ווייס, אַז איך לאָז איין מאָל אין אַ יויוול אַרוים אַן אַוווידע-זאַרעלע אַף קאָהאָל, און דער גאַנצער אוילעם בוקט זיך צו איר, צו מײַן „מײַסע יאָדײַ!"

איך ווייס, אַז ווען מײַן אישע צנוע וואַרפט מיר די שליסעלעך איבערן טיש, אַז דאָס האָט איר מײַן שטרײַמל אַזוי געהייסן. מיך הערט זי ווי די קאַץ, אָבער מײַן שטרײַמל מ ו ז זי פאָלגן.

ווען זי קומט אַהיים ערעוו שאַבעס און יאָנטעוו פון יאַטקע אַן פליייש, און שילט דעם קאַצעוו — ווייס איך, אַז דער קאַצעוו איז אַ מאַקע שולדיק, אַז מײַן ש ט ר ײַ מ ל לאָזט זי הײַנט קיין קוגל ניט מאַכן!

איך ווייס, אַז ווען זי נעמט נאָך גאָר אַ גוטן טאָפּ און וואַרפט אים אַרוים אין גאַס אַרײַן, אַז דאָס האָט ניט זי, נאָר מײַן שטרײַמל דעם טאָפּ אַרויסגעוואָרפן! אַז ווען זי נעמט און קנײַפּט אויס פון ראַשטשינע אַ שטיק טייג און וואַרפט עס אין פײַער אַרײַן, און הייבט אויף די הענט,

און פאַרגלאָצט די אויגן צום באַלקן, ווייס איך גאַנץ גוט, אַז דער באַלקן הייבט דערפון גאָר ניט אָן צו וויסן, — אַז דאָס האָט גאָר מײַן שטרײַמל דאָס שטיקל טייג פאַרברענט!

★

און דערבײַ ווייס איך, אַז מײַן אישע צנוע איז ניט קיין באַסיעכידע באַ קאָהאָל, און קאָהאָל איז ניט קיין בעניאָכיד באַ גאָט; אַז קאָהאָל האָט אַ סאַך אַזוינע נאָשים צידקאָניעס, און גאָט, באָרעכהו, האָט אַ סאַך אַזוינע קאָהאָלס, און אַז מײַן שטרײַמל האָט איבער אַלע מיליאָנען מיליאַסן נאָשים צידקאָניעס צו שאַפן!

מיליאָנען שליסל ווערן געוואָרפן, מיליאָנען ווײַבער מאַכן ניט קיין קוגל, מיליאָנען טעפּ פּלאַצן אַף די שטיינער אין גאַס, און פון דעם כאַלע נעמען וואָלט איך מיך אונטערגענומען מעפאַרנעס צו זײַן אַ פאָלק עוויוינים.

און ווער טוט דאָס אַלץ! אַלץ מײַסע יאָדײַ! אַלץ מײַן שטרײַמל!

★

ווײַטער דער שמוקלער! אָט זיצט ער קעגנאיבער דעם פענצטער; זײַן פּאָנעם גלאַנצט, גלײַך מע וואָלט עס מיט שמאַלץ באַשמירט.

וואָס גלאַנצט עס? וואָס פינקלען אים די לויפנדיקע אייגעלעך?

ער האָט אָנגעדרייט אַ פּאָר גאָלדענע שליפּעס!

ערשטנס, ווייסן מיר, וואָס גאָלד און וואָס מישורא איז! און צווייטנס, ווייס איך, אַז אַ פּאָר שליפּעס מוזן צען מאָל מער זעלנער האָבן הינטער זיך, אַלס לייבלס שאָפּן־פעלץ. — סערמענגעס און טרעגער־פעלצ־לעך! און הײַנט זאָל פּרוּוון די גרעסטע גאָלדענע שליפע אַרויסגעבן אַ פּריקאַז: „צען אָקסן זאָלסטו קוילען און אַ האַלב קאָכן!” „קרענק זאָלסטו קײַען, פּירערלײַ געפּעם האָבן און די מילץ עסן אַף דער לינקער זײַט טעלער!”, „פון יעדן ביסן זאָלסטו וואַרפן אַ שטיק אין פײַער צי אין וואַסער אַרײַן!”, אָדער: „יעדער כאָסן מוז מיר פריִער ווײַזן זײַן קאַלע, און יעדע קאַלע — איר כאָסן!”, „מיט מיר — אַלץ, אַפילע צע־זעצטערהייט, אָן מיר — ניט אַ לעק!”

די גרעסטע גענעראַלסקע שליפע ווערט גאָר די פאַנטאַזיע, די האָזע דערצו ניט האָבן! און ווען יאָ, וואָלט זי געמוזט פאַרזייען מיט נײַע

זעלנער די גאַנצע מעדינע: באַ יעדן בעט אַנידערשטעלן כאָטש אַ פּאָר קאַזאַקן, איינער זאָל היטן דעם צווייטן, אוןביידע — דאָס בעט!

און וויפל וואָלט דערבײַ נאָך גנייוועס געשען, וויפל קאָנטראַבאַנדע! וויפל וואָלט מען אָפּגענאַרט! ריבוינעשעלאָוילעם, ווי פאַרמאָגט מען דאָס!

און מײַן שטרײַמל טוט דאָס אַלץ, און שטיל און פײַן, אָן נאַהײַקעס, אָן קאַזאַקן!

איך זיץ מיר גאַנץ שטיל אין שטוב און ווייס, אַז אָן מײַן שטרײַמלס דערלויבעניש וועט זיך קיין מוישעלע צו קיין באַנעלען ניט צורירן, קיין אויג ניט וואַרפן!

באַסוועשאָלעם!

און פאַרקערט, אַז מײַן שטרײַמל הענגט אָן אַזאַ מוישעלען אָדער באַנעלען אַ לונג־און־לעבער אַף דער נאָז, איז — צום טויט! קענסט פון איר ניט אַנדערש פּאָטער ווערן, סײַדן מיטן לעבן צוזאַמען! און ווילסטו אַזוי לאַנג ניט וואַרטן, מוזטו קומען בעטן, באַלעשן פאַרן אייגענעם שטרײַמל: שטרײַמעלע, ראַטעווע! שטרײַמעלע, עפן מיר אויף די קייטן! לאָז מיך אַרויס פון טפיסע!

★

אין עק גאָס איז דאַ אַ שענק.

זײַט מײַן אישע צנוע איז אַ גאַבעטע געוואָרן און גיסט מיר אַף ווײַנשל קיין שנאַפּס ניט אויף, כאַפּ איך מיך דאָרט אַמאָל אַרײַן, דאָס האַרץ צו דערכאַפּן! ביפּראַט אין אַ טאָנעס; אַלקאָלפּאָנעם בין איך דאָך ניט מעכוּיעוו צו פאַסטן; עס איז דאָך פאָרט מײַן אייגן שטרײַמל!

דעם שענקער קען איך שוין פון לאַנג... ער לעבט אויך ניט פון מיצוועס און מײַסים־טויווים... נאָר ניט אין דעם בין איך אַצינד אויסן...

צוויי טעכטער האָט ער געהאַט! צוויי שוועסטער פון איין טאַטע־מאַמע! וואָס זאָג איך, אַ צווילינג! ווי איך בין אַ ייִד.

עס איז דען מעגלעך געוועזן איינע פון דער צווייטער צו אונטער־שיידן? און אַ כיינעוודיקער צווילינג, אַ בראָכע צו מאַכן!

פּענעמלעך — ווי סימכאַסטוירע־עפּעלעך פון אַ פּאָן אַראָפּ! באַ־שמעקט — ווי בסאָמים־שטעקעלעך; אויפגעוואַקסן ווי לולאָווים, און צוויי פּאָר אויגן, זאָל גאָט שוימער אומאַצל זײַן! אַז איינע וואַרפט אַ בליק,

דאַכט זיך — אַ בריליאַנט האָט געבליצט, און אָרנטלעכע קינדער! אין שענק — און דאָך ווײַט פֿון שענק!

אין אָרנקווידעש אַליין וואָלט מען זיי ניט בעסער און ערלעכער דער־צויגן.



אין שענק געבאָרן — און דאָס זײַנען מאַלקעם געוועזן: עס האָט קיין איינציקער שיקער פֿאַר זיי קיין שלעכט וואָרט ניט גערעדט... קיין סטראַזשניק, קיין אַקציזניק! עס זאָל געוועזן דער גרעסטער מאַן אַרײַנ־קומען, וואָלט ער אויך, דאַכט זיך, די האָזע ניט געהאַט איינער אַ קניפּ צו געבן אין בעקל: ניט מיט די הענט, ניט מיטן אויג, ניט אַפילע אין געדאַנק! איך האָב שיר, שיר ניט געזאָגט: אַז אין זיי שטעקט מער גוו־רע ווי אין מײַן שטריימל! און איך וואָלט אַ גראָבן טאָעס געהאַט!

דאָס שטריימל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז שטאַרקער, טויזנט מאָל שטאַרקער פֿאַר זיי!

אַ צווילינג! איינע אָן דער אַנדערער האָט זיך ניט געוויזן. אַז איינער האָט עפּעס ווי געטאָן, האָט די צווייטע דעם אייגענעם שמערץ געפֿילט... און דאָך — ווי געשווינד האָבן זיך זייערע וועגן צעשיידט...

דאָס אייגענע געטאָן, קוים עמוואָס אַנדערש, און דאָך!...

ביידע האָבן זיך פּלוצלינג פֿאַרענדערט: טיילמאָל זײַנען זיי פֿריי־לעכער, טיילמאָל טרויעריקער און פֿאַרטראַכטער געוועזן ווי פֿריִער! — איך קאָן אײַך ניט אויסמאָלן, וואָס מיט זיי איז געשען. די רעכטע ווערטער ליגן מיר אַף דער צונג, נאָר איך קען זיי ניט אַראָפּשאָרן... אַ מענטש האָט ניט געלערנט... נאָר אין זיי איז עפּעס טיפֿער, פֿעסטער און צוגלײַך טרויעריקער און זיסער געוואָרן...

און מע האָט געוווּסט, ווער עס איז שולדיק דערינען: מע האָט געטײַט מיט די פֿינגער אַף צוויי מוישעלעד, וואָס האָבן ביידע כאַנעלעך נאָך שענער, נאָך בעסער, נאָך כיינעוודיקער, נאָך עפּעס העכער געמאַכט!..

עט, עפּעס האָב איך אָן אַנדער לאַשן באַקומען, עס פּאַסט גאָר ניט פֿאַר אַ קירזשנער! אַ טרער האָט זיך מיר אין די אויגן פֿאַרדרייט: ניט פֿאַר מײַנע יאָרן.

מײַן אישע צנוע וועט ווײַטער זאָגן: באַלמײַוועניק...

איך וועל אײַך שוין לאַנג ניט ברײַען:

ביידע שוועסטער האָבן דאָס אייגענע געטאָן, קעהאוואיע דאָס איי־גענע, ניט אומזיסט זײַנען זיי דאָך אַ צווילינג געווען!

ביידע האָבן מוישעלעך באַקומען, און ביידע האָבן געמוזט אין אַ קורצער צײַט אַרום אַרײַנזעצן קלינעס אין די קליידעלעך!

שעמט אײַך ניט, דער סיידער־אוילעם איז אַזוי; גאָטס ווילן איז עס, וואָס איז די בושע?

און דאָך, ווי אַנדערש איז בײַ יעדערער געשען!

איין שוועסטער האָט געטראָגן פראַנק און פרײַ: פאַר גאָט אין שול, פאַר לײַט אין גאַס, פאַרן סטראַזשניק, אַקציזניק און אַלע געסט אין שענק!

די אייגענע שוועסטער האָט זיך דערנאָך אין דער ווײַט פון די שיקורים, אין אַ שטילע שטוב, אין אַ וואַרעמע שטוב און אין אַ ווײַס בעט אַרײַנגעלייגט.

מע האָט די פענצטער פאַרהאַנגען, די גאַס מיט שטרוי אויסגעלייגט, עס איז אַ באָבע געקומען; מע האָט נאָך אַ דאָקטער געשיקט... דערנאָך איז אַ סימכע געווען... און ווי הייסט אַ סימכע!

און עס האָט אָנגעהויבן וואַקסן אַ נײַ קליין מוישעלע — לעטוירע, לעכופּע אולעמײַסים טויווים! און אַז זי האָט געזען, ווי גוט עס איז, שיט זי שוין יאָר בײַ יאָר קליינע מוישעלעך, און איז אַ באַלעבאָסטע אַד האַיוים האַזע...

אָבער די צווייטע האָט געטראָגן בעסאָד סוידעס, ווייען געקריגן אין אַ קעלער, דאָס קינד האָט אָפּגענומען אַ שוואַרצע קאַץ...

איר קליין מוישעלע ליגט שוין לאַנג ערגעץ הינטער אַ צוים; מער וועט שוין קיין מוישעלעך בײַ איר ניט זײַן! און איין גאָט ווייס, וווּ זי אַליין איז אומגעקומען — זי איז אַוועק!

מע זאָגט, אַז זי דינט ערגעץ אַף דער ווײַטער וועלט, אַז זי לעקט אָפּ פון פרעמדע טעלער... אַנדערע זאָגן, אַז זי לעבט שוין ניט מער...

אַ שלעכטן סאָף געהאַט!

און דער גאַנצער כילעק איז געווען, וואָס דאָס ערשטע איז געשען אַפן שול־הויף, אַפן עלטן בערגל מיסט, אונטער אַ ברודיק שטיק וואָלן־צײַג מיט באַזילבערטע אויסנעס... נאָר מיטן שטרײַמל — און דאָס צווייטע איז געשען ערגעץ אין אַ זינגענדיקן וואַלד, אַף פרישן גראָז מיט פרישע בלומען, אונטער גאָטס בלויען הימל, אויסגענייט מיט זײַנע שטערן, נאָר אָנעם שטרײַמל.

עס העלפֿט ניט קיין שמעקעדיקע בלומען, קיין זינגענדיקער וואַלד, ניט גאָטס הימל, ניט זײַנע שטערן, ניט גאָט אַליין! —

ניט אין זיי אַלע שטעקט די גוווּרע; אין שטרײַמל שטעקט זי! ניט אין פּאַנאָנעס, ניט אין שליפּעס, ניט אין טויזנט מאָל שענערע כאַ־נעלעד, נאָר אַליין אין שטרײַמל. אין דעם שטרײַמל, וואָס איך, „בערל קאָלבאָס", מאַך.

און דאָס נאָר דערהאַלט מיך באַם נאַרישן לעבן פֿון קאַרטאָפֿל.

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

אַ כ ר יי ב ל ו י ס י — נאָך דעם, ווי איך בין פֿאַרוועלקט געוואָרן.
מ ײַ מ ע ר ־ ה אַ מ ו ס ג ע ר — אַ באַמערק־זאַץ; אַ זאַץ, וואָס איז גענומען אין קלאַמערן.
א י ש ע צ נ ו ע מ אָ ר אַ ס — די צניִעסדיקע פֿרוי.
ב אַ וו ו י נ ו י ס יי נ ו ה אָ ר אַ ב י ם — איבער אונדזערע גרויסע זינד. דאָ געמיינט: מע דאַרף מוידע זײַן.
ק ו י ע ד ־ ה אַ ד אַ ם — די קראַפֿט פֿון בלוט, דער טעמפּעראַמענט.
מ אָ ר ג — אַ שעטעד־מאָס פֿאַר ערד. באַ 0,6 העקטאַר.
כ ײַ (ח״י) — אַכצן.
ב י כ וו ו י ד ו י א ו וו ע אַ צ מ ו י — ער טאַקע אַליין (מיט זײַן קאָוועד).
ט י כ י ע — זאָל לעבן.
א י ז ז י ד נ ו י ה ע ג — פֿירט זיך אויף.
יִ ר ג אָ ז ן — געמיינט: אַ קאַס, אַ געפֿילדער.
ב אַ ל ־ אַ ס ק ן — געמיינט: אַ באַלן.
כ אַ ט אַ ס נ ע ו ר י ם — יונגנט־זינד.
כ ו י מ ע ר — געמיינט: דעם קערפּער.
ס ו ד אָ ס ־ מ י צ וו ע — אַ מאָלצײַט באַ אַ מיצווע (באַ אַ ברים, באַ אַ כאַסענע).
ב אַ ד ע ר ק אַ ל פּ ע — באַ דער וואַל־אורנע, ווען מע פֿלעגט ווילן די קאָהאַלשע פֿירער, גאַבאָים און אאַז״וו.
ה אַ ק אָ פּ ע ס — דאָ געמיינט: דריידלעך.
א י ד ב י ן מ ו י ד ע א ו מ י ס וו אַ ד ע — איך בין מוידע און אָנערקען.
כ ײַ מ אָ ל כ ײַ ז ע ה ו וו י ם — אַכצן מאָל אַכצן גילדן.
אַ ז ע ס מ ע כ ו צ ע פּ נ י ק — אַזעספּאָנעם.
נ י וו ל פּ ע נ י ק — אַ מענטש, וואָס רעדט גראָבע רייד.
אַ ז אַ וו ו י ד ע ־ ז אָ ר ע ל ע — אַ געץ. אַן אָפּגאָט.
מ ײַ ס ע ־ י אָ ד ײַ — דאָס ווערק פֿון מײַנע הענט.
נ אָ ש י ם צ י ד ק אָ נ יִ ע ס — פֿרומע ווײַבער.
ב אָ ר ו ד ־ ה ו — געבענטשט זאָל ער זײַן.
מ ע פּ אַ ר נ ע ס ז ײַ ן — שפּײַזן.
ש ו י מ ע ר א ו מ אַ צ ל ז ײַ ן — אויסהיטן.
ק ע ה אַ וו אַ י ע — דאָ געמיינט: פּונקט, מאַמעש.
ד ע ר ס יי ד ע ר ־ א ו י ל ע ם — די אָרדענונג פֿון דער וועלט.
אַ ד ה אַ י ו י ם ה אַ ז ע — ביז הײַנטיקן טאָג.

# די פרומע קאַץ

דרײַ זינג־פײגעלעך זײַנען געווען אין איין שטוב, און אַלע דרײַ, איינס נאָכן אַנדערן — האָט די קאַץ צורעכט געמאַכט...

עס איז קיין איינפאַכע קאַץ ניט געווען, נאָר אַן עמעס, עמעס פרומע נעשאָמע, וואָס האָט ניט אומזיסט געטראָגן די ווײַסע גוט־ייִדישע יופּע, און געהאַט אייגעלעך, אין וועלכע דער הימל האָט זיך געשפּיגלט...

עס איז אַ פרומע קאַץ, אַ טווילע־קאַץ געווען! צען מאָל אין טאָג האָט זי זיך געוואַשן... און געגעסן האָט זי שטיל, ערגעץ אין אַ זײַט, אין אַ ווינקעלע...

אַ גאַנצן טאָג האָט זי געכאַפּט וואָס־עס־איז מילכעדיקס, און ערשט אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט זי געגעסן פלייש, קאָשער מײַזן־פלייש...

און ניט געאײַלט זיך צו דער אכילע, ווי אַ גראָבע זאַך. ניט געכאַפּט און געשלונגען, ווי פרעסער טוען; נאָר בעניחעס, שפּילנדיק... זאָל דאָס מײַזל לעבן נאָך אַ רעגע... זאָל עס אַ ביסל אַרומטאַנצן, אַפּציטערן, ווידוי זאָגן — אַ פרומע קאַץ כאַפּט ניט...

אַז מע האָט אין שטוב אַרײַן דעם ערשטן זינג־פויגל געבראַכט, האָט זי אַפּ׳ן באַלד ראַכמאָנעס באַקומען; עס האָט זי באַם האַרץ אָנגעכאַפּט.

— אַזאַ שיינס, — זיפצט זי, — אַזאַ קליינס, אַזאַ מעכײַעדיק פייגעלע זאָל קיין אוילעמהאַבע ניט האָבן!

— און עס קאָן קיין אוילעמהאַבע ניט האָבן! — איז זיכער די קאַץ —

ערשטנס, וואַשט זיך עס דײַטשעריש, מיטן גאַנצן לײַב אין שיסעלע וואַסער...

צווייטנס, אַז מע האָט עס אײַנגעזעצט אין שטײַג, איז עס שוין אַ כײַע־ראָע! כאָטש אַ יונג, זיס און פײַן פייגעלע... האַלט עס שוין מער פון דינאַמיט, ווי פון שולכן־אָרעך.

הײַנט דאָס זינגען אַליין! דאָס אויסגעלאַסענע זינגען, דאָס צופּײַפן און דאָס קוקן גלײַך אַן אַ שום דערעכערעץ אין הימל אַרײַן! דאָס רײַסן זיך אַרויס פון שטײַג צו דער זינדיקער וועלט, צו דער פרײַער לופט, צום אָפענעם פענצטער...

צי איז נאָך אַמאָל אַ קאַץ אין אַ שטײַג געזעסן? צי האָט נאָך אַמאָל אַ פרומע קאַץ אַזוי געפּיפן, אַזוי זימרע־בען־סאַלעדיק געפּיפן?

— און אַ שאָד! — וויינט דאָס פרומע האַרץ אין דער פרומער קאַץ, — עס איז דאָך אַ לעבעדיקע זאַך, אַ טײַערע נעשאָמע, אַ פונק פון דער הייך!

דער קאַץ קומען טרערן אין די אויגן:

— און דאָס גאַנצע אומגליק איז, וואָס דער זינדיקער גוף איז אַזוי שיין, דער אוילעמהאַזע דעריבער — אַזוי לוסטיק, דער יעיצערהאָרע אַזוי שטאַרק...

ווי קאָן אַזאַ קליין זיס פייגעלע זיך אַנטקעגנשטעלן דעם שרעקלעכן יעיצערהאָרע?

און וואָס מער עס לעבט, מער זינדיקט עס, גרעסער וועט זײַן די שטראָף...

האַ!

און אַ הייליק פײַער האָט זיך אָנגעצונדן אין דער קאַץ, דאָס פײַער פון פינכאָס בען עלאָזאָר בען אַרן האַקויהען, און זי איז אַרויפגעשפּרונגען אַפן טיש, ווו די שטײַג מיטן זינג־פייגעלע איז געשטאַנען, און — עס פליִען שוין פעדערן אין צימער.

* * *

מע האָט די קאַץ געשלאָגן... די שלעג נעמט זי אָן פאַר ליב... זי האָט פרום אָפּגעקרעכצט, אָפּגעמיאַוטשעט אַ יאָמערלעכן אַלכעט...

מער וועט זי שוין ניט זינדיקן...

די קלוגע קאַץ פאַרשטייט, פאַר וואָס מע האָט זי געשלאָגן... מער וועט זי אַף קיין שלעג ניט פאַרדינען...

— מע האָט זי געשלאָגן, — פאַרשטייט די קאַץ, — דערפאַר, ווײַל זי האָט פאַרפעדערט די שטוב; ווײַל אַפן ווײַסן געשטריקטן טישטעך זײַנען געבליבן פלעקן פון בלוט...

אַזאַ פּסאַק מוז מען מעקײַעם זײַן גוט, שטיל און פרום, עס זאָל קיין פעדער ניט פליִען, קיין טראָפּן בלוט ניט פאַלן...

און — אַז מע האָט דעם צווייטן זינג־פויגל געקויפט און אין שטוב געלאָזט, האָט זי אים שוין שטיל און פֿײַן דערוואָרגן און מיט די פֿעדערן צוזאַמען אײַנגעשלונגען.

* * *

מע האָט די קאַץ געשמיסן...

צונד האָט ערשט די קאַץ פֿאַרשטאַנען, אַז ניט וועגן פֿעדערן גייט עס, ניט וועגן פֿלעקן פֿון בלוט אַפֿן טישטעך...

דער סאָד איז, אַז מע טאָר ניט טייטן! אַז מע דאַרף ליב האָבן, מוחל זײַן... אַז ניט מיט אַרבע־מיסעס־בעסדן פֿאַרבעסערט מען די זינדיקע וועלט!

מע דאַרף מאַכזיר־לעמוטעוו זײַן, מוסער זאָגן, צום האַרץ ריידן!

אַ קאַנאַריק אַ באַלטשוווע קאָן קומען צו אַזאַ מאַדרייגע, צו וועלכער די פֿרימסטע קאַץ וועט ניט דערגרייכן!

און די קאַץ דערפֿילט, ווי עס וואַקסט אין איר דאָס האַרץ פֿאַר פֿרייד: אויס אַלטע שלעכטע און האַרטע צײַטן! אויס בלוט פֿאַרגיסן.

ראַכמאָנעס, ראַכמאָנעס, און נאָכאַמאָל ראַכמאָנעס...

* * *

און מיט ראַכמאָנעס איז זי צוגעגאַנגען צום דריטן קאַנאַריק!

— שרעק דיך ניט, — מאַכט זי מיט דער ווייכסטער שטימע, וואָס איז אַמאָל אַרויס פֿון אַ קאַציקן האַלדז, — זינדיק ביסטו, נאָר איך וועל דיר קיין שלעכטס ניט טאָן, ווײַל איך האָב ראַכמאָנעס אַף דיר!

איך וועל דיר אַפֿילע די שטײַג ניט עפֿענען, איך וועל דיך אַפֿילע ניט אָנרירן!

דו שוויַיגסט? זייער גוט! איידער פֿרעכע לידער צו זינגען, איז גלײַכער שווײַגן!

— דו צאַפּלסט — נאָך בעסער! נאָך בעסער! צאַפּל, צאַפּל, מײַן קינד, נאָר ניט פֿאַר מיר, פֿאַרן בוירע־אוילעם צאַפּל, פֿאַר זײַן ליבן נאָמען!

— האַלעווײַ זאָלסטו שוין אַזוי בלײַבן! — שטיל, ריין און צאַפּלדיק...

— איך וועל דיר העלפֿן צאַפּלען! פֿון מײַן פֿרומער נעשאָמע וועל איך הויכן אַף דיר שטילקייט, זיסקייט און פֿרומקייט... מיט מײַן הויך זאָל אַרײַן עמונע אין דײַן לײַב, יעדעס־שאָמאָים אין דײַנע ביינדלעך, טשוווע און כאַראָטע אין דײַן הערצעלע!

און די קאַץ פּילט ערשט, ווי גוט עס איז צו מוחל זײַן, ווי אַ פרייד עס איז יענעם אַרײַנצובלאָזן מיטן הויך פרומקייט און ערלעכקייט.

און עס וואַקס דאָס פרימסטע האַרץ אין דער פרימסטער ווײַסער קאַץ. —

נאָר דער קאַנאַריק קאָן אין דער קאַצן־לופט ניט אָטעמען — עס האָט אים דערשטיקט.

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

גוט־יִדישע יופּע — די זשופּיצע פון אַ „גוטן־ייִדן״, פון אַ רעבן.

אַטוילע — דאָס אָפּטוקן זיך אין וואַסער מיט ריטועלע צוועקן.

בענימעס — מיט אַ זיס, פרום פּאָנעם.

ווידוי זאָגן — זאָגן אַ ספּעציעלע טפילע פאַרן טויט.

וואַשט זיך דײַטשעריש — ניט לויטן ייִדישן רעליגיעזן ריטואַל.

שולכן־אָרעך — אַ זאַמלונג רעליגיעזע געזעצן, ווי אַזוי אַ ייִד דאַרף זיך אויפפירן.

זימרע־בען־סאָלעדיק — (זימרע בען סאָלו — לויט דער ביבלישער לעגענדע, אַן אויסגעלאַסענע זינדיקע פּערזאָן) געמיינט: אויסגעלאַסן.

פּינכעס בען עלאָזאַר בען אַרן האַקויהען — פּינכעס, דער זון פון עלאָזאַר, דער זון פון אַרן דעם קויהען, וואָס האָט, לויט דער ביבלישער לעגענדע, אין גאָטס נאָמען זיך נויקעם געווען אין דעם זינדיקן זימרי בען סאָלו און האָט אים דערהאַרגעט.

אַרבע־מיסעס־בעסדן — פירערליי טויטן, מיט וועלכע מע פלעגט, לויטן ביבלישן און טאַלמודישן געזעץ, דערהאַרגענען די פאַר־מישפּעטע צום טויט.

מאַכזיר־לעמוטעוו זײַן — אומקערן דעם זינדיקן אַפן גוטן וועג (ער זאָל פרום ווערן).

בוירע־אוילעם — דער שעפער פון דער וועלט (גאָט).

ייִרעס־שאָמאַיִם — גאָטספאָרכטיקייט.

# באָנציע שווײַג

דאָ, אַף דער וועלט, האָט באָנציע שווייַגנס טויט גאָר קיין אײַנ־דרוק ניט געמאַכט! פרעגט עמיצן בעכיירעם: ווער באָנציע איז געווען, ווי אַזוי ער האָט געלעבט, אַף וואָס ער איז געשטאָרבן! צי האָט אינ׳ם דאָס האַרץ געפּלאַצט, צי די קויכעס זײַנען אים אויסגעגאַנגען, צי דער מאַרכבייין האָט זיך איבערגעבראָכן אונטער אַ שווערער לאַסט... ווער וויים? עפשער איז ער גאָר פאַר הונגער געשטאָרבן!

אַ פערד אין טראַמווײַ זאָל פאַלן, וואָלט מען זיך מער אינטערעסירט, עס וואָלטן צײַטונגען געשריבן, הונדערטער מענטשן וואָלטן פון אַלע גאַסן געלאָפן און די נעוויילע באַקוקט; באַטראַכט אַפּילע דעם אָרט, וווּ די מאַפּאָלע איז געווען...

נאָר דאָס פערד אין טראַמווײַ וואָלט אויך די זכיִע ניט געהאַט, עס זאָל זײַן אַזויפיל פערד ווי מענטשן — טויזנט מיליאָן!

באָנציע האָט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבן; ווי אַ שאָטן איז ער דורך — דורך אונדזער וועלט!

אַף באָנציעס ברים האָט מען קיין ווײַן ניט געטרונקען, עס האָבן קיין קויסעס געקלונגען! צו באַרמיצווע האָט ער קיין קלינגענדיקע דראָשע ניט געזאָגט... געלעבט האָט ער ווי אַ גרוי קליין קערנדל זאַמד באַם ברעג פון יאַם, צווישן מיליאָנען זײַנס־גלײַכן; און אַז דער ווינט האָט׳ן אויפגעהויבן און אַף דער אַנדערער זײַט יאַם אַריבערגעיאָגט, האָט עס קיינער ניט באַמערקט!

באַם לעבן האָט די נאַסע בלאָטע קיין צייכן פון זײַן פוס ניט באַ־האַלטן; נאָכן טויט — האָט דער ווינט דאָס קליינע ברעטל פון זײַן קייווער אומגעוואָרפן; דעם קאַברענס ווײַב האָט עס געפונען ווײַט פון קייווער און דערבײַ אַ טעפּל קאַרטאָפל אָפּגעקאָכט. עס איז דרײַ טעג נאָך באָנציעס טויט, פרעגט דעם קאַברען בעכיירעם, ווו ער האָט׳ן געלייגט!

וואָלט באָנציע אַ מאַצייווע געהאַט, וואָלט עפּשער איבער הונדערט יאָר אַן אַלטערטום־פאָרשער זי געפונען, און דער נאָמען „באָנציע שווייג״ וואָלט נאָכאַמאָל איבערגעקלונגען אין אונדזער לופט.

אַ שאָטן! זיין פּאָטאָגראַפיע איז ניט געבליבן בא קיינעם אין מויעד, בא קיינעם אין האַרץ; עס איז פון אים קיין זייכער געבליבן!

„קיין קינד, קיין רינד״; עלנט געלעבט — עלנט געשטאָרבן!

ווען ניט דאָס מענטשלעכע גערודער, וואָלט עפּשער עמעצער אַמאָל דערהערט, ווי באָנציעס מאַרכביין האָט אונטער דער לאַסט געקנאַקט; וואָלט די וועלט מער צייט געהאַט, וואָלט עמעצער עפּשער אַמאָל באַמערקט, אַז באָנציע (אויך אַ מענטש) האָט לעבעדיקערהייט צוויי אויסגעלאָשענע אויגן און שרעקלעך איינגעפאַלענע באַקן; אַז אפילע ווען ער האָט גאָר שוין קיין לאַסט ניט אַף די פּלייצעס, איז אים אויך דער קאָפּ צו דער ערד געבויגן, גלייך ער וואָלט לעבעדיקערהייט זיין קייווער געזוכט! וואָלטן אַזוי וייניק מענטשן ווי פערד אין טראַמוויי געוועזן, וואָלט עפּשער אַמאָל עמעצער געפרעגט: ווו איז באָנציע אַהינגעקומען?!

ווען מע האָט באָנציען אין שפּיטאָל אַריינגעפירט, איז זיין ווינקל אין סוטערינע ניט ליידיק געבליבן — עס האָבן דערויף צען זיינס־גלייכן געוואַרט, און צווישן זיך דעם ווינקל „אין פּלוס״ ליציטירט; ווען מע האָט׳ן פון שפּיטאָל־בעט אין טויטן־שטיבל אַריינגעטראָגן, האָבן אַפן בעט צוואַנציק אָרעמע קראַנקע געוואַרט... ווען ער איז אַרויס פון טויטן־שטיבל — האָט מען צוואַנציק הארוגים פון אונטער אַן איינגעפאַלענעם הויז געבראַכט. — ווער ווייס, ווי לאַנג ער וועט רויק ווּינען אין קייווער? ווער ווייס, וויפל עס וואַרטן שוין אַף דעם שטיקל פּלאַץ...

שטיל געבוירן, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן און נאָך שטילער באַגראָבן...

נאָר ניט אַזוי איז געוועזן אַף יענער וועלט! דאָרטן האָט באָנציעס טויט אַ גרויסן איינדרוק געמאַכט!

דער גרויסער שויפער פון מאָשיעכס צייטן האָט געקלונגען אין אַלע זיבן הימלען: באָנציע שווייג איז ניפטער געוואָרן! די גרעסטע מאַלאָכים מיט די ברייטסטע פליגל זיינען געפלויגן און איינער האָט דעם אַנדערן איבערגעגעבן: באָנציע איז „ניסבאַקעש געוואָרן בעיעשיווע־שעל־מייַלע!״ אין גאַניידן איז אַ ראַש, אַ סימכע, אַ גערודער: „באָנציע שווייג! אַ שפּאַס — באָנציע שווייג!!!״

יונגע מאַלאַכימלעך מיט בריליאַנטענע אייגעלעך, גאָלדענע דראָט־אַרבעטענע פליגעלעך און זילבערנע פאַנטאָפעלעך זיַינען באַנציען אַקעגן געפלויגן מיט סימכע! דער גערויש פון די פליגל, דאָס קלאַפן פון די פאַנטאָפעלעך און דאָס פריילעכע לאַכן פון די יונגע, פרישע, רויזיקע מיַילעכלעך האָט פאַרפולט אַלע הימלען און איז צוגעקומען ביז צום קיסיי־האַקאָווער, און גאָט אַליין האָט אויך שוין געוווּסט, אַז באַנציע שוויַיג קומט!

אַווראָהאָם אָווינו האָט זיך אין טויער פון הימל געשטעלט, די רעכטע האַנט אויסגעשטרעקט צום ברייטן „שאָלעם־אַלייכעם!״ און אַ זיסער שמייכל שיַינט אַזוי העל אַף זיַין אַלטן פאַנעם!

וואָס רעדלט אַזוי אין הימל?

דאָס האָבן צוויי מאַלאָכים אין גאַניידן פאַר באַנציעס וועגן אַ גינגאָלדענעם פאַטערשטול אַף רעדלעך געפירט!

וואָס האָט אַזוי העל געבליצט?

דאָס האָט מען דורכגעפירט אַ גאָלדענע קרוין מיט די טיַיערסטע שטיינער געזעצט! אַלץ פאַר באַנציען!

— נאָך פאַרן פסאַק פון בעסדן־שעל־מיַילע? — פרעגן די צאַדיקים פאַרווּנדערט און ניט גאָר אָן קינע.

— אָ! — ענטפערן די מאַלאָכים. — דאָס וועט זיַין אַ פראָסטע פוסטע פאָרמע! קעגן באַנציע שוויַיג וועט אַפילע דער קאַטייגער קיין וואָרט אין מויל ניט געפינען! די „דיעלע״ וועט דויערן פינף מינוט!

— איר שפילט זיך מיט באַנציע שוויַיג?

---

אַז די מאַלאָכימלעך האָבן באַנציען געכאַפט אין דער לופט און אָפגעשפילט אים אַ זעמער; אַז אַווראָהאָם אָווינו האָט אים ווי אַן אַלטן קאַמעראַד די האַנט געשאָקלט; אַז ער האָט געהערט, אַז זיַין שטול איז גרייט אין גאַניידן; אַז אַף זיַין קאָפ וואַרט אַ קרוין; אַז אין בעסדן־שעל־מיַילע וועט מען איבער אים קיין איבעריק וואָרט ניט רעדן — האָט באַנציע, גלייַך ווי אַף יענער וועלט, געשוויגן פאַר שרעק! עס איז אים דאָס האַרץ אַנטגאַנגען! ער איז זיכער, אַז דאָס מוז זיַין אַ כאָלעם, אָדער אַ פראָסטער טאָעס!

ער איז צו ביידע געוווינט! ניט איין מאָל האָט זיך אים אַף יענער וועלט געכאָלעמט, אַז ער קליַיבט געלט אַף דער פאָדלאָגע, גאַנצע אויצרעס

ליגן... און אויפגעכאַפּט האָט ער זיך נאָך אַ גרעסערער קאַפּצן ווי נעכטן... ניט איין מאָל האָט אים עמעץ בעטאָעם צוגעשמייכלט, אַ גוט וואָרט געזאָגט און איבערגעדרייט זיך און אויסגעשפּיגן...

— מיין מאזל — טראַכט ער — איז שוין אַזוי!

און ער האָט מוירע די אויגן אויפצוהייבן, דער כאַלעם זאָל ניט פאַרשווינדן; ער זאָל זיך ניט אויפכאַפּן ערגעץ אין אַ הייל צווישן שלאַנגען און עגדעשן! ער האָט מוירע פון מויל אַ קלאַנג אַרויסצולאָזן, מיט אַ גליד אַ ריר צו טאָן — מע זאָל אים ניט דערקענען און אַוועקשליידערן אַף קאַפּעקאָל...

ער ציטערט און הערט ניט די מאַלאָכימס קאָמפּלימענטן, זעט ניט זייער טאַנצן אַרום אים, ער ענטפערט ניט אַווראָהאָם אָווינו אַפן האַרצלעכן „שאָלעם־אַלייכעם", און — געפירט צום בעסדן־שעל־מײַלע — זאָגט ער אים קיין „גוט־מאָרגן" ניט...

אויסער זיך איז ער פאַר שרעק!

און זײַן שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, אַז ער האָט, ניט ווילנדיק, דערזען די פּאָדלאָגע פון בעסדן־שעל־מײַלע! סאַמע אַלעבאַסטער מיט בריליאַנטן! „אַף אַזאַ פּאָדלאָגע שטייען מײַנע פיס!" — ער ווערט אײַנגאַנצן פאַרשטאַרט! „ווער ווייס, וועלכן גוויר, וועלכן ראָוו, וועלכן צאַדיק מע מיינט... ער וועט קומען — וועט זײַן מײַן פינצטערער סאָף!"

פאַר שרעק האָט ער אַפילע ניט געהערט, ווי דער פּרעזעס האָט בעפיירעש אויסגערופן: „די דיעלע פון באָנציע שווײַג!" און, דערלאַנגענדיק דעם מייליץ־יוישער די אַקטן, געזאָגט: לעז, נאָר בעקיצער!"

מיט באָנציען דרייט זיך דער גאַנצער סאַלאָן. עס רוישט אים אין די אויערן. אינעם גערויש הערט ער דאָך אַלע מאָל שאַרפער און שאַרפער דעם מאַלעך־מייליצס זיסן קאָל, ווי אַ פידל:

— זײַן נאָמען — הערט ער — האָט אים געפּאַסט ווי צו אַ שלאַנקן לײַב אַ קלייד פון אַן אַרטיסט אַ שנײַדערס האַנט.

— וואָס רעדט ער? — פרעגט זיך באָנציע, און הערט, ווי אַן אומגעדולדיקער קאָל האַקט איבער און זאָגט:

— נאָר אָן מעשאָלים!

—ער האָט זיך קיינמאָל — הייבט ווײַטער אָן דער מייליץ־יוישער — אַף קיינעם ניט געקלאָגט, ניט אַף גאָט, ניט אַף לײַט; אין זײַן אויג האָט

קיינמאָל ניט אויפגעפּלאַמט קיין פונק פון האַס, ער האָט עס קיינמאָל ניט אויפגעהויבן מיט אַ פּרעטענזיע צום הימל.

באַנציע פאַרשטייט ווײַטער ניט אַ וואָרט, און דער האַרטער קאָל שלאָגט ווײַטער איבער:

— אַן רעטאָריק!

— אויב האָט ניט אויסגעהאַלטן, ע ר איז אומגליקלעכער גע־וועזן — —

— פאַקטן, טרוקענע פאַקטן! — רופט נאָך אומגעדולדיקער דער פּרעזעס.

— צו אַכט טאָג האָט מען אים מאָל געוועזן —

— נאָר אַן ר ע אַ ל י ז ם!

— אַ מויעל אַ פּושער האָט דאָס בלוט ניט פאַרהאַלטן —

— ווייטער!

— ער האָט אַלץ געשוויגן — פירט ווײַטער דער מיליץ־יווישער, — אַפילע ווען די מוטער איז אים געשטאָרבן און ער האָט צו דרײַצן יאָר אַ שטיפמאַמע באַקומען... אַ שטיפמאַמע אַ שלאַנג, אַ מאַרשאַס...

— מיינט מען דאָך עפּשער פאָרט מיך? — טראַכט באַנציע.

— אַן אינסינואַציען אויף דריטע פּערזאָנען, — בייזערט זיך דער פּרעזעס.

— זי פלעגט אים קאַרגן דעם ביסן... אייערנעכטיק פאַרשימלט ברויט... האָר־פּלאַקס פאַר פלייש... און זי האָט קאַווע מיט סמעטענע געטרונקען —

— צו דער זאַך! — שרײַט דער פּרעזעס.

— זי האָט אים פאַר דאָס קיין נעגל ניט געקאַרגט, און זײַן ברוין און בלויער לײַב פלעגט אַרויסקוקן דורך אַלע לעכער פון זיינע פאַר־שימלט־צעריסענע קליידער... ווינטער אין די גרעסטע פרעסט האָט ער איר באַרוועס אפן הויף האָלץ געהאַקט, און די הענט זײַנען צו יונג און צו שוואַך געוועזן, די קלעצלעך צו דיק, די האַק צו שטומפּיק... ניט איין מאָל האָט ער זיך די פיס אָפּגעפרוירן, נאָר ג ע ש ו ו י ג ן האָט ער, אַפילע זיך פאַרן פאָטער —

— פאַרן שיקער! — לאַכט אַרײַן דער קאַטייגער, און באַנציען ווערט קאַלט אין אַלע איירעים.

— ניט געקלאַגט, — ענדיקט דער מיליץ־יווישער דעם זאַץ.

— און שטענדיק עלנט, — פירט ער ווײַטער — קיין כאַוועה, קיין טאַלמעטוירע, קיין כיידער... קיין גאַנץ בעגעד... קיין פרײַע מינוט —

— פאַקטן — רופט ווײַטער דער פּרעזעס.

— ער האָט געשוויגן אַפילע שפּעטער, ווען דער פאָטער האָט'ן שי־קערערהייט אַמאָל אָנגעכאַפּט בײַ די האָר און אינמיטן אַ שנייענדיקער ווינטער־נאַכט אַרויסגעוואָרפן פון שטוב! ער האָט זיך שטיל אויפגע־הויבן פון שניי און איז אַנטלאָפן, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן... אַפן גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן... באַם גרעסטן הונגער האָט ער נאָר מיט די אויגן געבעטלט!

ערשט אין אַ שווינדלענדיקער, נאַסער פרילינג־נאַכט איז ער אין אַ גרויסע שטאָט אַרײַנגעקומען; ער איז אַרײַן ווי אַ טראָפּן אין אַ יאַם, און דאָך האָט ער די אייגענע נאַכט אין אַרעסט פאַרבראַכט... ער האָט געשוויגן, נישט געפרעגט פאַר וואָס, פאַר ווען? ער איז אַרויס און די שווערסטע אַרבעט געזוכט! נאָר ער האָט געשוויגן!

שווערער פאַר דער אַרבעט, איז געוועזן זי צו געפינען — ער האָט געשוויגן.

באָדנדיק זיך אין קאַלטן שוויים, צוזאַמענגעדריקט אונטער דער שווערסטער לאַסט, באַם גרעסטן קראַמף אין ליידיקן מאָגן — האָט ער געשוויגן!

באַשפּריצט פון פרעמדער בלאָטע, באַשפּיגן פון פרעמדע מײַלער, געיאָגט פון טראָטוואַרן מיט דער שווערסטער לאַסט אַראָפּ אין גאַסן צווישן דראָשקעס, קאַרעטן און טראַמווײַס, קוקנדיק יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגן אַרײַן — האָט ער געשוויגן!

ער האָט קיינמאָל נישט איבערגערעכנט, וויפל פוד לאַסט עס קומט אויס אַף אַ גראָשן, וויפל מאָל ער איז געפאַלן בײַ יעדן גאַנג פאַר אַ דרײַער, וויפל מאָל ער האָט שיר נישט די נעשאָמע אויסגעשפּיגן, מאָנענדיק זײַן פאַרדינסט; ער האָט נישט גערעכנט, נישט זײַן, נישט יענעמס מאַזל, נאָר געשוויגן!

זײַן אייגן פאַרדינסט האָט ער אויך נישט הויך געמאָנט! ווי אַ בעט־לער האָט ער זיך בײַ דער טיר געשטעלט, און אין די אויגן האָט זיך אַ הינטישע באַקאָשע געמאָלט! „קום שפּעטער", און ער איז פאַרשוווּנדן שטיל, ווי אַ שאָטן, קעדיי שפּעטער נאָך שטילער אויסצובעטלען זײַן פאַרדינסט!

ער האָט אַפילע געשוויגן, ווען מע פלעגט אים אָפּרייסן פון זיין פאַר־דינסט, אָדער אַריינוואַרפן אַ פאַלשע מאַטבייע!...

ער האָט אַלץ געשוויגן...

מיינט מען דאָך טאַקע מיך! — טרייסט זיך באָנציע.

---

— איינמאָל — פירט ווייטער דער מייליץ־יוישער נאָך אַ טרונק וואַסער — איז אין זיין לעבן אַן ענדערונג געשען... עס איז דורכגע־פלויגן אַ קאָטש אַף גומענע רעדער מיט צעפלאַשעטע פערד... דער שמייַ־סער איז שוין לאַנג פונוויטנס געלעגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ אַפן ברוק... פון די דערשראָקענע פערדס מייַלער שפּריצט דער שוים, פון אונטער די פּאָדקאָוועס יאָגן זיך פונקען, די אויגן בלישטשען, ווי ברע־נענדיקע שטורקאַצן אין אַ פינצטערער נאַכט — און אין קאָטש זיצט נישט טויט, נישט לעבעדיק אַ מענטש!

און באָנציע האָט די פערד פאַרהאַלטן!

און דער געראַטעוועטער איז געווען אַ ייִד אַ באַלצדאָקע און האָט באָנציען די טויווע נישט פאַרגעסן!

ער האָט אים דעם געהאַרגעטנס בייַטש איבערגעגעבן; באָנציע איז אַ שמייַסער געוואָרן! נאָך מער — ער האָט אים כאַסענע געמאַכט, נאָך מער — ער האָט אים אַפילע מיט אַ קינד פאַרזאָרגט —

און באָנציע האָט אַלץ געשוויגן!

— מיך מיינט מען, מיך! — באַפעסטיקט זיך באָנציע אין דער דייע, און האָט דאָך נישט די האָזע אַן אויג צו וואַרפן אַפן „בעסדן־שעל־מייַלע"...

ער הערט זיך ווייטער איין צום מאַלעך־מייליץ:

— ער האָט געשוויגן אַפילע, ווען זיין באַלטויווע האָט אינקורצן באַנקראָטירט און אים זיין לוין נישט באַצאָלט...

ער האָט געשוויגן אַפילע, ווען דאָס ווייַב איז פון אים אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט אים אַ קינד פון דער ברוסט...

ער האָט געשוויגן אַפילע מיט פופצן יאָר שפּעטער, ווען דאָס קינד איז אויפגעוואַקסן און געגנוג שטאַרק געווען — באָנציען אַרויסצוּוואַרפן פון שטוב...

— מיך מיינט מען, מיך! — פרייט זיך באָנציע.

---

— ער האָט אַפילע געשוויגן, — הייבט אָן ווייבער און טרויערי־קער דער מאַלעך־מײליץ, — ווען דער אייגענער באַלטויווע האָט זיך מיט אַלע אויסגעגלײַכט, נאָר אים קיין גראָשן סכירעס נישט צוריקגע־געגעבן — און אַפילע דעמאָלט, ווען ער איז באָנציען (ווײַטער פאָרנדיק אַף אַ קאַטש מיט גומענע רעדער און פערד ווי לייבן) איבערגעפאָרן...

ער האָט אַלץ געשוויגן! ער האָט אַפילע דער פּאָליציי נישט געזאָגט, ווער עס האָט אים צורעכט געמאַכט...

---

— ער האָט געשוויגן אַפילע אין שפּיטאָל, וווּ מע מעג שוין שרײַען! ער האָט געשוויגן אַפילע, ווען דער דאָקטאָר האָט אָן פּופּצן קאָפּע־קעס נישט געוואָלט צוגיין צו זײַן בעט, און דער וועכטער, אָן פינף קאָ־פּעקעס — טוישן אים די וועש!

ער האָט געשוויגן באַם גויסעסן — ער האָט געשוויגן באַם שטאַרבן...

קיין וואָרט קעגן גאָט, קיין וואָרט קעגן לײַט!

— דיקסי!

---

באָנציע הייבט אָן ווײַטער צו ציטערן אַפן גאַנצן לײַב. ער ווייסט, אַז נאָכן מייליץ־יוישער גייט דער קאַטייגער! ווער ווייסט, וואָס דער וועט זאָגן! באָנציע אַליין האָט זײַן לעבן נישט געדענקט. נאָך אַף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריִערדיקע פאַרגעסן... דער מאַלעך־מייליץ האָט אים אַלץ דערמאָנט... ווער ווייס, וואָס דער קאַטייגער וועט אים דערמאָנען!

— ראַבויסיי! — הייבט אָן אַ שאַרף־שטעכנדיק בריִענדיקער קאָל. נאָר ער האָקט אָפּ.

— ראַבויסיי! — הייבט ער נאָכאַמאָל אָן, נאָר ווייכער און האקט ווײַטער אָפּ.

ענדלעך הערט זיך, פון דעם אייגענעם האַלדז אַרויס, קימאַט אַ ווייַ־כער קאָל:

— ראַבויסיי! ער האָט געשוויגן! וועל איך אויך שווײַגן! —

עס ווערט שטיל — און פון פאָרנט הערט זיך אַ נײַע ווייכע ציטער־דיקע שטימע:

— באָנציע, מײַן קינד באָנציע! — רופט זי אים ווי אַ האַרפע...

— מײַן האַרציק קינד באָנציע...

אין באַנציען צעוויינט זיך דאָס האַרץ... ער וואָלט שוין אַצינד די אויגן געעפנט, נאָר זיי זיַינען פאַרפּיַנצטערט פון טרערן... עס איז אים אַזוי זיס־וויינענדיק קיינמאָל נישט געוועזן... „מיַין קינד", „מיַין באַנציע" — זיַיט די מוטער איז געשטאָרבן, האָט ער אַזאַ קאָל און אַזוינע ווערטער נישט געהערט.

— מיַין קינד! — פירט וויַיטער דער אָוו־בעסדן. — דו האָסט אַלץ געליטן און געשוויגן! עס איז נישטאָ קיין גאַנץ גליד, קיין גאַנץ ביינדל אין דיַין לייב אָן אַ וווּנד, אָן אַ בלוטיקן אָרט, עס איז נישטאָ קיין איין באַהאַלטענער אָרט אין דיַין נעשאָמע, ווו עס זאָל נישט בלוטן... און דו האָסט אַלץ געשוויגן...

דאָרט האָט מען זיך נישט פאַרשטאַנען דערויף! דו אַליין האָסט גאָר עפּשער נישט געוווּסט, אַז דו קאָנסט שריַיען און אַז פון דיַין געשריי קאָנען יעריכוים מויערן ציטערן און איַינפאַלן! דו אַליין האָסט פון דיַין פאַרשלאָפענעם קויעך נישט געוווּסט...

אַף יענער וועלט האָט מען דיַין שוויַיגן נישט באַלוינט. נאָר דאָרט איז דער אוילאָם־האַשעקער, דאָ אָפּן אוילאָם־האָעמעס וועסטו דיַין לוין באַקומען!

דיך וועט דאָס בעסדן־שעל־מײַלע נישט מישפּעטן, דיר וועט עס נישט פּאַסקענען.

דיר וועט עס קיין ביילעק נישט אויס־ און נישט אָפּטיילן: נעם דיר, וואָס דו ווילסט! אַלעס איז דיַין.

— באַנציע הייבט דאָס ערשטע מאָל די אויגן אויף! ער ווערט ווי פאַרבלענדט פון דער ליכט פון אַלע זיַיטן! אַלץ בלאַנקט, אַלץ בליש־טשעט, פון אַלעם יאָגן שטראַלן: פון די ווענט, פון די קיילים, פון די מאַלאָכים, פון די דאַיאָנים! סאַמע ענגלען!

און ער לאָזט די מידע אויגן אַראָפּ!

— טאַקע? — פרעגט ער מעסופּעק און פאַרשעמט.

— זיכער! — ענטפערט פעסט דער אָוו־בעסדן. — זיכער, זאָג איך דיר, אַז אַלץ איז דיַינס. אַלץ אין הימל געהער צו דיר! קליַיב און נעם, וואָס דו ווילסט; דו נעמסט נאָר בײַ דיר אַליין!

— טאַקע? — פרעגט באַנציע נאָכאַמאָל, נאָר שוין מיט אַ זיכערן קאָל.

— טאַקע! טאַקע! טאַקע! — ענטפערט מען אים אַף זיכער פון אַלע זײַטן.

— נו, אויב אַזוי, — שמייכלט באָנציע, — וויל איך טאַקע אַלע טאָג אינדערפרי אַ הייסע בולקע מיט פרישע פוטער!

דאַיאָנים און מאַלאָכים האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ פאַרשעמט; דער קאַטייגער האָט זיך צעלאַכט.

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

סוטערינע — אַ קעלער.

„אין פלום" ליציטירט — גלײַך אַפן אָרט אויסגעדונגען.

ניפטער געוואָרן — געשטאָרבן.

ניסבאַקעש געוואָרן בעיעשיווע־שעל־מײַלע — געראָפן (אויפגעפאָדערט) געוואָרן אין הימל אַרײַן.

קיסיי האַקאָוועד — גאָטס שטול.

פּסאַק — אורטייל.

קאַטייגער — פּראָקוראָר.

אַזעמער — אַ געזאַנג.

קאַמעראַד — כאַווער.

פּרעזעס — פּאָרזיצער.

מײליץ־יױשער, מאַלעד־מײליץ — דער פּאַרטיידיקער, אַדוואָקאַט.

איעוו — דער הויפּט־העלד פונעם ביבלישן בוך מיט דעם זעלבן נאָמען. לויט דער ביבלישער לעגענדע, האָט גאָט אויסגעפּרוּווט איעווס פרומקייט דורך פאַרשיידענע צאָרעס, וואָס ער האָט אַף אים אָנגעשיקט.

דיקסי — איך האָב מײַנס געזאָגט (געענדיקט ריידן).

אָוו־בעסדן — פּאָרזיצער פון געריכט.

יעריכוי — אַ שטאָט אין פּאַלעסטינע אין די ביבלישע צײַטן. לויט דער ביבלישער לעגענדע, זײַנען די מויערן פון יעריכוי (בעיים די בניי־יִסראָעל האָבן זי באַלאַגערט) אײַנגעפאַלן דערפון, וואָס די בניי־יִסראָעל זײַנען אַרומגעגאַנגען אַרום די מויערן און האָבן געשאַלט אין טרומייטן.

אוילאָם־האַשעקער — פאַלשע וועלט.

דאַיאָנים — דאָ: ריכטער.

# װעבער־ליבע

## (דערציילונג אין בריוו)

### ערשטער בריוו

טײַערער קינפּטיקער שװאָגער!

דו פֿרעגסט, װי מיר גייט? מינאַסטאַם, װי אַ ראָשע אַף יענער װעלט. פֿאַר שוסטער — שרײַבסטו — זײַנען שלעכטע צײַטן געקומען? מיר, װעבער, האָבן שױן לאַנג אויפֿגעהערט אַף גוטע צו האָפֿן. מענטשן זאָגן, אַז עס איז אַ „הינטישע" צײַט. שטעל דיר פֿאָר, אַז אַלטע, גוטע װעבער, פֿאַרדינען פֿיר־פֿינף רובל אַ װאָך, געװײנלעכע און יונגע, װי איך, מעגן זיך באַנוגענען מיט דרײַ־פֿיר, און אַף די דרײַ־פֿיר רובל מוז מען שװער אַרבעטן, מוז מען זיצן בײַ דעם שטול פֿון זיבן אינדערפֿרי ביז צען בײַנאַכט, אַרבעטן פֿופֿצן־זעכצן שעה אין טאָג; און צו דעם מוז מען שױן גליק האָבן, װײַל נאָר גליקלעכע װעבער האָבן באַשטענדיקע אַרבעט; מאַסן גייען אַרום מיט פֿאַרכאַלעשטע פּנעמער און ליידיקע הענט!

אַזױ, ברודער! אַלטע לײַט דערציילן, אַז אַמאָל פֿלעגן זײַן פֿיל יאַכסאָנים, װאָס האָבן נישט געװאָלט אַרבעטן; הײַנט װערט די שװערסטע אַרבעט געזוכט, געשפּירט, געבעטלט און קוים אויסגעבעטלט! און אַז מע האָט זי שױן, ציטערט מען ערשט, מע זאָל זי, גאָט באַהיט, נישט פֿאַרלירן: צופֿרײַער גאָט און דערנאָך דער ברױטגעבער זאָלן, כאָלילע, נישט אָפּשטיין; זײ זאָלן שיטן מיט אַרבעט, מיט אַרבעט ביז צום טױט! ביז צום דערשטיקן! װאָרעם טאָמער פֿאַרפֿעלט אַרבעט? טאָמער װערט מען קראַנק, און די שיצן פֿאַלן פֿון די ציטעריקע הענט אַרױס?

און װאָס װעט זײַן אַף דער עלטער? אַף דער גרױער, שװאַכער עלטער װאָס װעט זײַן?

און אַז מע זעט אַרום זיך אַזױפֿיל קראַנקע, אַזױפֿיל אויסגעמאַטער־

טע, אַלטע וועבער, איז קיין וווּנדער נישט, אַז מע קאָן אָן קרענק און שוואַכע עלטער קיין רעגע נישט פאַרגעסן; און ווירקלעך — בײַ פופצן־זעכצן שאָ אַרבעט אַ טאָג, בײַם אַרײַנאָטעמען קליי און פאַרביקן שטויב פון גאַרן, בײַם איבערקומען מיט אַ ברויט און אַ הערינג אַ טאָג און אַ מאָגערן געקעכטס באַנאַכט, מוז אַ קרענק זײַן אַן אָפטער גאַסט, קאָן מען אַף קיין געזונטער עלטער נישט רעכענען! דערצו האָבן נאָך אַ טייל ווײַבער און קינדער. פאַרשטייסט? נישט אַליין טרינקט מען זיך, — מיט אַ בינטל אַפן האַלדז!

דו זאָלסט זען, ווי אַ באַווײַבטער און אַ באַקינדלטער וועבער קומט אַהיים פון דער אַרבעט, ווי ער וואַרפט אַ קורצן, דערשראָקענעם בליק אַפן אויסגעמוטשעטן ווײַב, אַף די קינדערלעך, „הויט און ביין", וואָס וואַקסן אויף ערגער ווי אין אַ וואַלד; דו זאָלסט זען, ווי געשווינד ער שלינגט אײַן דאָס קאַרגע מאָגערע געקעכטס, ווי האַסטיק ער וואַרפט זיך אין בעט אַרײַן!

שלאָפן וויל ער, אײַנשלאָפן, ווייניקסטנס די אויגן פאַרמאַכן, ער זאָל די צאָרעס, דעם יאָמער נישט צוזען!

נאָר וואָס העלפט עס? פון בייזן לעבן ווערן בייזע כאַלוימעס... עס כאָלעמט זיך, אַז דאָס ווײַב איז קראַנק און עס איז איר נישטאָ מיט וואָס צו העלפן... אַז איין קינד האָט דעם צווייטן אַ פינגער אָפּגעריסן בײַם געשלעג איבער אַ ביסן ברויט און אַז אינמיטן איז אַרײַן דער ווירט פון הויז און טופּעט מיט די פיס: דירע־געלט, אַז ניט, וואַרפט ער דאָס גאַנצע געזינדלט אַרויס אינמיטן ווינטער אַפן שניי.

און אַז מע כאַפּט זיך אויף אינדערפרי, פאַלט גאָר אַזוי געשווינד נישט אײַן די אויגן צו עפענען: אַזוי גוט און פײַן גיסט זיך דאָס לעבן מיט די כאַלוימעס צוזאַמען.

אַז עס קומען זיך אַלטע וועבער צוזאַמען, רעדט מען פון גוטע צײַטן; נאָר נישט פון די, וואָס וועלן אָדער זאָלן קומען: אין דעם גלייבט שוין קיינער נישט! נאָר פון אַמאָליקע גוטע צײַטן, ווען דער וועבער האָט געאַרבעט אַף זיך אַליין, מיט זײַן אייגענעם גאַרן, אַף זײַן אייגענעם שטול און האָט זיך אַליין זײַן אַרבעט פאַרקויפט... אַ וועבער פלעגט פאַרדינען פופצן־צוואַנציק רובל אַ וואָך, ער איז געווען אַ באַלעבאָס פאַר זיך, אַ מענטש אַ פרײַער מיט אַ דייע אַפילע אין שטאָט־זאַכן. מע זאָגט, אַז עס איז אַמאָל אַ וועבער־דאָזאָרצע געווען! הײַנט איז אַ וועבער אַ פּראָס־

טער אַרבעטער, דער גאַרן איז נישט זײַן, די אויסגעאַרבעטע סכוירע גיט ער אַוועק! ער ווייס נישט, וויפֿל עס קאָסט דער גאַרן און וויפֿל ער באַקומט פֿאַר זײַן אַרבעט, נישט זײַן דײַגע, ער נעמט פֿאַרן „שטערן״; און זיבן־אַכט קאָפּעקעס אַ „שטערן״ הייסט שוין אַ ראַיעלער פּרײַז!

יאָ! איך פֿאַרגעס גאָר, אַז איך רייד מיט אַ שוסטער, וואָס ווייס נישט, וואָס אַ „שטערן״ איז; שטעל דיר פֿאָר, אַז דו וווינסט אין אַ גרויסער שטאָט, אַרבעטסט נישט אַף דײַנע באַלעבאַטים, דו אַליין קויפֿסט קיין לעדער נישט, נעמסט קיינעם קיין מאָס נישט און טראָגסט קיינעם די שטיוול נישט! דו קענסט נאָר איין סויכער, וואָס גיט דיר די סכוירע אויסצואַרבעטן און נעמט בײַ דיר צו די אַרבעט, צאָלט דיר פֿאַר אַזויפֿיל פֿאָר שטיוול אַזויפֿיל און אַזויפֿיל.

אָט דאָס, פֿאַרשטייסטו, איז אַ „שטערן״, אַרבעטסט אָגולנע פֿאַרן סויכער. דעם פֿאַרדינסט נעמט דער סויכער צו, און דיר גיט ער וואַסער אַף קאַשע. וואָרעם אַנדערע האָבן דאָס אויך נישט. און דערווײַל רעדט מען נאָך פֿון אַ מאַשין, וואָס וועט אַרבעטן שטיוול אָן שוסטערישע הענט... גוט? אַזוי אַשטייגער לעבט זיך בײַ אונדז! זיבן־אַכט קאָפּעקעס פֿאַר אַ שטערן איז אַ פּרײַז מעשוגע צו ווערן. נאָר וואָס מאַכט מיריאָם־לעב? צי האָט זי נאָך ליב צו שטיקן נאָזטיכלעך פֿאַר פּרעמדע נעז? צי אַרבעט זי נאָך זינגענדיק? צי הילכט נאָך די שטוב מיט איר זילבערנעם קאָל? צי זײַנען נאָך אירע אויגן אַזוי פֿריש, אַזוי קינדעריש־ריין, אַזוי הימל־בלוי? זיי רויטלען זיך נאָך נישט? און דו וואָס ביסט? צי רעכנסטו נישט, אַז בעשאַס דער מילכאָמע צווישן גריכנלאַנד מיטן טערק לוינט זיך אַרײַנצוגאַנווענען קיין פּאַלעסטינע אַף קייווער־אָוועס? און עפּשער האָסטו האַרץ צו גיין קיין אַרגענטינע און מולכאָמע האַלטן מיטן היישעריק? וואָרעם דאָ, ברודער, איז ביטער ווי גאַל!

און עפּשער האַלטסטו זיך נאָך אינעם אַלטן, גוטן, פֿרומען „אַלשיך״ און זעסט טויזנט און איין נאַכט אַפֿן יִידישן אויפֿן? שרײַב! איך רעכן, אַז מיריאָם־לעב טעג צושרײַבן... הער, אַז מיריאָם־לעב כאָלעמט זיך מיר אַמאָל מיט רויטע אויגן, גיי איך אין פֿאַבריק אַרײַן מיט געבאַלטע פֿויסטן... נאָר דאָס פֿאַרשטייסטו נישט...

דײַן געטרײַער קינפּטיקער שוואָגער...

## צווייטער בריוו

אַז דו האָסט מיך עטלעכע מאָל אין איין בריוו געפרעגט, ווי עס גייט מיר, האָב איך דיין מיין געלעזן צווישן די שורעס, צווישן די ווערטער, און האָב פאַרשטאַנען, אַז מיין געטריַיער, קינעטיקער שוואָגער פרעגט: האַקלאַל, ווען שטעלט מען אַ כופּע? און אַז איך האָב דיר געשיקט אַ בינטל וועבערישע צאָרעס, האָסטו דיך אַפילע אָנגעהויבן צו שטויסן, אַז דאָס הייסט: דערוויַיל נישט!

אַז איַיזערנעם מויער האָסטו, קינעפּטיקער שוואָגער מיַינער; אין דיַין איַיזערנעם קוגל-טאָפּ מוז מען אַריַינשלאָגן מיט אַ האַמער, אַניט, פאַר־שטייסטו נישט!

נאָר אַז דו האָסט שוין אַרויסגעלייגט אַלץ, ווי אַ הערינג אַפן טעלער, מוז איך דיר שוין געבן אַ קלאָרע, אויסגעטיַיטשטע טשוווע.

איך קאָן נישט, איך טאָר נישט כאַסענע האָבן!

דו פרעגסט, צי האָב איך נישט אין דער פרעמד פאַרגעסן, וואָס איך האָב אין דער היים געזאָגט, צי האָט מען מיך נישט פאַרטוישט אַף אַן אַנדערן, אַל־קאַל־פּאָנעם דאָס האַרץ פאַרביטן? אָדער צי איז עס נישט, ווי מע זאָגט: אויס די אויגן — אויסן האַרץ?... איך האָף, ניין, איך גלייב, אַז מיריאַם־לעב האָט דעם בריוו נישט געזען, זי וואָלט אַזוינע שיַי־לעם נישט געפרעגט, זי ווייס, אַז אונדזערע הערצער זיַינען צוזאַמענגע־בונדן אַף אייביק, אַף לעבן און טויט!

איַי, ברודער, ברודער! כאַסענע האָבן וויל איך, ווי אַ מענטש וויל גליקלעך זיַין. ווי אַ מענטש וויל באַפריַיט ווערן פון בענקשאַפט, פון האַרצ־ווייטיק, פון קאָפּ־ברעכעניש. איך וויל, נאָר מאַלע וואָס אַ וועבער וויל?

אונדזערע ברויטגעבערס אַ זון מיט אַ טאָכטער האָבן געוואָלט, האָבן זיי כאַסענע געהאַט, און עס איז אַ פרייליכע כאַסענע געוועזן; מע האָט אַפילע אונדז, וועבער, נישט פאַרגעסן; מע האָט אונדז בראָנפן געשטעלט, און אַז איך האָב געזאָגט, אַז איך טרינק נישט, האָט אַף מיר דער מיַיס־טער געקוקט פון אַ זיַיט און האָט זיך אַוואָדע אַ קניפּל אין נאָזטיכל גע־מאַכט!...

און דער וועג פון דער היים אין שול אַריַין איז געווען אויסגעלייגט מיט דיוואַנען, אַ קאַפּעלע האָט געשפּילט, האָט מען אין הימל געהערט, די לעוואָנע מיט די שטערן האָבן געטאַנצט! די העכסטע פאַבריקן זיַינען

שטום געוואָרן, פאַרהילכט, פאַרשעמט! פון טאַנץ־זאַלן האָט זיך ליכט געגאָסן, די גאַנצע גאַס האָט זיך אין ליכט געבאָדן! ליכט האָט זיך גע־גאָסן, ווי ווײַן, און ווײַן, ווי וואַסער! נעכטן איז געווען די האָכצײַט, הײַנט איז דאָס יונגע פּאָרפּאָלק געפאָרן מאַכן אַ לוסט־רײַזע.

זיי האָבן געוואָלט, האָבן זיי כאַסענע געהאַט. מײנסט עפּשער, זיי האָבן זיך נײטיק געברויכט? עס האָט אײנס אָן צווייטן לעבן נישט גע־קאָנט? גאָט באַהיט! ער האָט עטלעכע באַקאַנטע מײדלעך אין זײַן פאַב־ריק, און אַ טאָג פאַר דער כאַסענע האָט ער זיי אַ מאָלצײַט געמאַכט, און האָט יעדערער אַ מאַטאָנע געלאָזט, זי זאָל אָן אים נישט פאַרגעסן, ביז ער וועט צוריק קומען... און עס איז אַ לוסטיק מאָלצײַט געווען, לוס־טיקער, ווי די האָכצײַט אַליין, מע האָט נאָך בעסערן ווײַן געטרונקען!

צווישן די מײדלעך איז אויך אַ ווײַבל געווען, אַ וועבערס אַ ווײַב... איך קען אים — אַ שיקער איז ער! נאָר גיי ווייס, צי שיקערט ער, ווײַל זי פירט זיך אַזוי, צי פירט זי זיך אַזוי, ווײַל ער שיקערט, צו פירן זיי זיך ביידע אַזוי, ווײַל דאָ איז דער אַלשיך אויס דער מאָדע אַרויס, און שאַבעס גייט אוילעם שפּאַצירן... נאָר לוסטיק איז געווען!

די קאַלע, ווײַטער, איז אויך קיין צנוע נישט! אַמאָל פלעגט זײַן אַ מײדל, ווי אַ שפּיגל, און ברודיק ווערן פון אַ הויך. הײַנט זײַנען די מאַמזלען, ווי די זיפּן, ווער ווייס וואָס עס איז שוין אַדורכגערונען!... איך ווייס נאָר, אַז אַ כוידעש פלעגט זי זיך קושן מיטן בוכהאַלטער און אַ כוידעש מיטן פּראָקורענט; שפּאַצירן פלעגט זי גיין און פאָרן מיט ביידע צוזאַמען...

און דאָך האָבן זיי געהייראַט, און אַצינד מאַכן זיי אַ לוסט־רײַזע; און איך מיט מיריאַם־לעב קאָנען צוזאַמען קיין לעבן נישט פירן, כאָטש מיר דאַרפן אײנס דאָס צווייטע ווי ברויט, ווי וואַסער, ווי לופט... כאָטש אונדזערע געדאַנקען זײַנען דורכגעפלאָכטן, כאָטש זי איז מיר אינעם פלייש און אין די אָדערן אַרײַנגעוואַקסן, מוז זי דאָך זיצן באַ דיר און בלענדן זיך די אויגן איבער שטיקערײַ, און איך, איך מוז דאָ זיצן אײנער אַליין און וועבן, און וועבן, בעשאַס אין מויעך ברענט און די גאַל גיסט זיך אויס אין אַלע גלידער! און צוזאַמענקומען קאָנען מיר זיך נישט!

דו וואָלסט זען, ווי אַ באַווײַבטער, באַקינדלטער וועבער זעט אויס. איך רייד שוין ניט פון דער היים, נאָר אין פאַבריק ווי ער זעט אויס, ווי ער בייגט זיך און נייגט זיך פאַרן ברויטגעבער מיט זײַנע „מענטשן“,

ווי ער קריכט זי אונטער די פיס, ווי ער ציטערט פֿאַר זייער הויך, ווי ער בעטלט קוים אויס אַ גינסטיקן בליק... בררר! אַ קעלט גייט מיר דורך די ביינער, אַז איך זע עס! ניין! אַף דעם וועל איך קיינמאָל נישט באַ־שטיין! זאָל מיך אײַנשלינגען אייביקע פֿינצטערניש אָן אַ שטראָל פֿון גליק, אָן טרייסט, אָן האָפֿענונג; הונגער וועל איך לײַדן, ווי אַ נאַקעטער וואָרעם אַף נאַסער ערד, אונטער אַ ווײַנענדיקן הימל זאָל איך ליגן, און דאָס נישט! — און וועט נישט בעסער זײַן, איז פֿאַרפֿאַלן! זאָל מיך מיראָים־לעב פֿאַרגעסן, אויב זי קאָן, פֿאַרלייקענען, אויב זי וויל, אַניט, זאָל זי לײַדן גלײַך מיט מיר, כאָטש יעדער באַזונדער! אַף דער ערד מוז אַמאָל גליק וואַקסן, די ערד דאַרף עפּשער אונדזערע טרערן, אונדזער בלוט דערצו. מיר וועלן עס געבן — זאָל אַמאָל און פֿאַר אַנדערע וואַקסן!

איך ענדיק נישט דעם בריוו. פּלוצלינג איז ליכטיק געוואָרן אין מײַן האַלב פֿינצטערן ווינקל. איך קוק מיך אום — דאָס פֿענצטער פֿלאַמט — עס ברענט ערגעץ — עפּשער אין פֿאַבריק?...

ד ײַ ן...

## דריטער בריוו

דו פֿרעגסט, פֿאַרוואָס עס איז אַזוי שלעכט? פֿאַרוואָס עס ווערט אַלעמאָל ערגער? עס איז אַן איינפֿאַכע זאַך: לייג צו דײַנע לאַנגע אויערן: ווער שטעלט דעם פּרײַז פֿון דעם וועבערס אַרבעט? דער וועבער מיט זײַן ברויטגעבער! דער וועבער וויל ווי־ס'איז מענטשלעך לעבן, און דעריבער — ווי מעגלעך טײַערער פֿאַרקויפֿן זײַן אַרבעט; זײַן ברויטגעבער, ווידער, וויל וואָס מער פֿאַרדינען און דעריבער — וואָס ווייניקער צאָלן פֿאַר דער אַרבעט. איז דאָ אַ סאַך אַרבעט און ווייניק וועבער, מוז דער פֿאַבריקאַנט צאָלן, וויפֿל דער וועבער וויל; איז אָבער דאָ אַ סאַך וועבער און ווייניק אַרבעט, איז, פֿאַרקערט, מוז דער וועבער נעמען, וויפֿל דער ברויטגעבער גיט אים; און וועבער ווערט טאָג־טעגלעך מער, די צאָל וואַקסט ווי אַף הייוון... די כאָכמע ווייסן שוין די קינדער אין דער וויג, נאָר דו ביסט דאָך אַ שוסטער, און אַן אַלשיד־שוסטער, קאָן זײַן, דו ווייסט עס נישט.

די קאָנקורענץ צווישן די וועבער וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג. זיי קאָנ־קורירן איינער מיטן צווייטן. יונגע, וואָס קאָנען מער און לענגער אַרבעטן, שפּאַרן אַרויס די אַלטע, וואָס האָבן שוין צו דער קאַטאָרגע קיין קרעפֿטן נישט; קאַוואַלירן, וואָס קענען זיך באַנוגענען מיט אַ קליינעם פֿאַרדינסט,

יאגן אוועק די באוויבטע און באקינדלטע, וואס דארפן מער; דערנאך קומען לער־יינגלעך און פארטרייבן די וועבער! און דער לוין ווערט געווארפן און פאלט פון טאג אף טאג... היינט הערט זיך נאך, אז נייע יונגע באלע־צדאקעס וועלן עפענען וועבער־שולן, וואס וועלן ארויסווארפן יאר־יערלעך נייע וועבער!

עס איז ווייניק, וואס איז שלעכט, דאס שלעכטע מוז נאך זיין אזוי איינפאך, אזוי ריכטיק, אזוי גלאט, פעסט און קיילעכדיק, ווי א רינג ארום האלדז!...

און עס וועט קומען א צייט, ווען זיבן וועבער וועלן אנכאפן איין ברויטגעבער און בעטן זיך: גיב ארבעט, גיב, האלב אומזיסט, זאל זיין אומזיסט, נאר פארנומען זאלן מיר זיין און פארגעסן, אז אונדזערע ווייבער בעטן און די קינדער העלפן צו...

דו גלייבסט נישט? דו מיינסט, אז אלץ האט א גרענעץ און קאן ווייטער נישט גיין? איך גלייב, ארבעט איז אויך א מין שיקרעס, זי פארהילכט, פארטויבט! זי פארשלאגט דעם קאפ מיט די געהירן, און מע פארגעסט אן זיך, אן דער וועלט! עס איז אויך א מין בראנפן!

דערפאר איז אבער היינט א פרייע וועלט! קיינער טאר מיך נישט נייטן, איך זאל ארבעטן; איך בין קיינעם פאדאנע נישט! איך ארבעט ווען איך וויל, וואס איך וויל — א פרייער פויגל בין איך; נאר ווער עס וויל, שיסט מיך, פליקט מיך אפ און לייגט מיך אין טאפ אריין. איך וואלט געוועזן א פרייער מענטש, איך זאל קיין מאגן נישט האבן, ער זאל נישט מאנען: עסן און עסן! איך זאל נישט דארפן טרינקען, וווינען, איך זאל ארבעטן אף איבעריקע אנגענעמע זאכן! א, דעמאלט וואלט איך אנדערש געשאצט מיין ארבעט! אבער היינט?

איך וויל נעמען א סאך, דער ברויטגעבער וויל געבן ווייניק; מיר ביידע זיינען פריי, און דאך, קאן ער זיך אן מיר באגיין, און איך אן אים נישט.

היינט הער איך אויף צו ארבעטן, מארגן ווארפט מען מיך אף צוויי שפענער פון דירע ארויס; איבערמארגן קריג איך מאגן־קרעמפ פאר הונגער; נאך א טאג, און איך שטיי שוין פונדערווייטן און קוק מיט ברענענדיקע אויגן אף דער זיצערנס ברויט און קען מיך בעיין־אויפן ניט אוועקרייסן פון ארט; דאס ברויט איז א מאגנעט; מיט נעגל בין איך צוגעשלאגן צום ארט...

איך האָב עס נאָך אַליין נישט געפּרוּווט, נאָר אַזוי קוקן אַף אַ ברויט, אַזוינע אויגן האָב איך שוין געזען! אַזוינע אויגן האָבן נאָר וועלף אין די וועלדער!

נו, דערפון וועל איך דיר אַן אַנדערשמאָל דערציילן... עס איז שפּעט, — און מיר ברעכט דער קאָפּ ווי אַ שאַרבן.

דײַן...

## פּערעטער בריוו

אַ שיינעם דאַנק פאַר דײַן טרייסט; בעסער געזאָגט: פאַר דײַן גוטן ווילן מיך צו טרייסטן, וואָרעם וואָס ביסטו שולדיק, אַז אַפילע אין קאָפּ פון אָרעמסטן שוסטער שלאָגט זיך אַפּ די וועלט אַ סאַך בעסער ווי זי איז?

אַז איך וועל איבערזעצן דײַן שוסטער־געדאַנק אַף מײַן וועבער־שפּראַך, וועט עס הייסן, אַז גוטע און שלעכטע צײַטן בײַטן זיך, ווי זומער און ווינטער; אַז אויב הײַנט איז דאָ ווייניק אַרבעט און אַ סאַך לײדיקע הענט, וועט אַמאָל דער זאַפּאַס אויספאַרקויפט ווערן און עס וועט זײַן פאַרקערט: אַרבעט אין די מאַסן און ווייניק וועבער! און דעמאָלט וועט זײַן אַ גאַניידן אַף דער וועלט! מען וועט אונדז זוכן מיט ליכט אין די גאַסן, און אַז מע וועט אונדז, וועבער, געפינען, וועט מען זאָגן: שנײַדט אונדז אַפּ די קעשענע, נאָר אַרבעטן קום! בעט דיר אויס דאָס טעלערל פון הימל, נאָר נעם די שיצן אין דער האַנט אַרײַן! מע וועט צאָלן פאַרן „שטערן״ מי־יעדייע וויפל, און וועבער וועלן אומגיין אין גאָלד...

און דעמאָלט וועל איך דיר נאָר אַ פּיפּס געבן, וועסטו קומען מיט מיריאַם־לעב צו לויפן, פאַרנדיק אָדער רײַטנדיק, און מע וועט שטעלן אַ כופּע צו מאַזל, צו בראָכע, צו גליק...

אוי, אַלטער, אַלטער נאַר! אַ שיינעם זייפנבלאָז האָסטו עס אויפגע־בלאָזן! הער אַ מײַסע, וואָס מע דערציילט! עס האָט זיך אַמאָל אַ מעכאַ־שעף אַף אַ שטעטל פאַרלייגט און געוואָלט עס יאָגן און פּלאָגן. עס איז אָבער אַ פרום שטעטל געווען, פול מיט הייליקייט, און ער האָט דערויף קיין גרויסע שליטע נישט געהאַט; האָט ער זיך מעיאשעוו געווען און האָט זיך פאַר אַ פּאַקן־טרעגער פאַרשטעלט און אָנגעהויבן אַלע הייליקייטן אויסצוקויפן, און ער איז אַ רײַכער סוחער געווען; מיט גאָלד געצאָלט האָט ער! עס איז געקומען צו אַ רענדל פאַר אַ בינטל ציצעס, אַ רענדל פאַר אַ טילימל, פאַר אַ שמירעלע, נאָר ברענגט! די סכוירע מיקלוימערשט

שיקט ער קיין אַמעריקע, עס האָט זיך אַ נײַער פּלאַץ געעפנט אַף ייִדיש־
קייט...

און דער אוילעם האָט געגלייבט און אָנגעהויבן טראָגן פון די שטי־
בער אַרויס; פּריִער האָבן זיך גאַלעקעמעט געמיינט לײַט, לאַסט־ און וואַ־
סער־טרעגער, דערנאָך באַלמעלאָכעס, דערנאָך באַלעבאַטים, עס איז געקו־
מען די צײַט אַף שאַמאָסים, כאַזאָנים, דאַיאָנים און שאָכטים... קיין
איינציקער האָט נישט אויסגעהאַלטן... דער ראָוו אַפילע נישט, ער האָט
אויך אויסגעליידיקט די שטוב; פאַר געלט וועט מען אַנדערע סכוירע
באַקומען...

און אַז מע האָט אַלץ אויספאַרקויפט, האָט דער מעכאַשעף שליטע
באַקומען און אָנגעהויבן פּלאָגן דאָס שטעטל מיט שלאַפקייטן און אַלערליי
קרענק...

און עס איז זיך נישטאָ מיט וואָס צו ראַטעווען, קיין מעזוזע באַ
דער טיר, קיין שמירעלע אין פענצטער; קיין ייִדיש וואָרט אין שטוב...

עס איז נישט געווען פון וואָס אַן אײַנהאָרע אָפּצושפּרעכן, פון וואָס
אַ פּיירעק מישנײַעס צו לערנען, אַ „יהי רצון" צו זאָגן... און אַז מע
האָט געוואָלט נאָך אַנדערע ספאָרים שיקן און מע האָט געעפנט די קאַסטנס
מיט גאָלד, זײַנען אַפן אָרט פון רענדלעך, נישט פאַר אונדז געדאַכט,
שאַרבנס געלעגן...

און אַזוי איז מיט אונדז אויך אַמאָל געשען!

געשען איז עס פאַר אַ פאָר יאָר, נאָך איידער איך בין אַהער געקומען.
פּלוצלינג איז אַ גליקלעכע, אַ בריליאַנטענע צײַט אַף וועבער געקומען, עס
האָט סכוירע פאַרפעלט!

מע האָט אַרבעט געבראַוכט, אַרבעט, וואָס מער אַרבעט; וואָס מער
וועבער, וואָס מער הענט! דער פאַבריקאַנט דער קישעפמאַכער האָט גאָלד
געצאָלט, די אַרבעט איז אין גאָלד געגאַנגען... און עס האָט אַ גייענדיק
יאָר געדויערט! נאָר אַז דאָס יאָר איז אַריבער, איז געבליבן קרענק מיט
שאַרבנס!

אונדזערע לײַט האָבן קיין סייכל נישט געהאַט מיט דער גוטער צײַט
זיך צו באַנוצן און הייבן דעם פּרײַז; אַלע צוזאַמען וואָלטן עס עפּשער
געטאָן, נאָר צעוואָפּענערהייט האָט יעדערער באַזונדער געוואָלט נאָר אויס־
רײַסן וואָס מער אַרבעט פאַר זיך, וואָס מער אײַנצושלינגען פאַרדינסט!
און דער וועבער האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער אַרבעט ווי צו אַ הייסן פלאָדן;

און עס איז געוואָרן אַ כאַפּעריַי, אַ געשלעגעריַי איבער דער אַרבעט; מע האָט אַרבעט גענומען מיט גוואַלד, מיט געוויין, מיט געשריי און מיט קלאָלעס! דער פאַבריקאַנט האָט זיך פּאַר פרייד די הענט געריבן, מיט די פעטע אויגן געבליפּעט, קוקנדיק, ווי דער אוילעם האָט געאַרבעט, צום טויט געאַרבעט, נישט פופצן־זעכצן, נאָר צוואַנציק און צוויי און צוואַנציק שאָ אַ טאָג האָט מען געוועבט! קאַרגקע זיַינען פון די בעטן אַרויס, די שוואַכסטע האָבן גווורעס באַוויזן! מע האָט געאַרבעט און געלט גענומען, מע האָט אַלע קרעפטן, מע האָט די לעצטע קויכעס פאַרקויפט! פאַר געלט וועט מען נייַע קויכעס באַקומען! און אומגעגעסן, אומגעשלאָפן האָט מען געשווינד געמאַכט סכוירעס און אויסגעאַרבעט!

און אַז מע האָט שוין אויסגעאַרבעט דעם זאַפּאַס, האָט מען זיך שוין אויסגעאַרבעט די קויכעס, דאָס געזונט מיטן לעבן...

און אַז מע איז קראַנק געוואָרן, איז אויך דאָס געלט פאַרשוווּנדן געוואָרן, און קיין נייַע אַרבעט איז שוין נישט געוועזן... און מע האָט שוין נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו ראַטעווען פון דער נויט...

אַזוי איז געשען, און זאָל מאָרגן נאָכאַמאָל קומען די צייַט, וועט דאָס זעלבע געשען! קאָלזמאַן די וועבער קאָנקורירן איינער מיט דעם צווייטן, קאָן אַנדערש נישט זיַין; מוז יעדערער כאַפּן וואָס מער אַרבעט, מוז יעדערער וואָס מער שטונדן זיצן באַ דעם שטול, און וואָס מער מיר כאַפּן, און וואָס לענגער מיר אַרבעטן, ווייניקער ווערט אַרבעט, ווייניקער ברויכט מען וועבער, גרעסער ווערט די קאָנקורענץ, פאַלט אַלץ נידעריקער דער פּריַיז! וויַיטער אַ פּוסטע זאַך — אַ רינג אַרום האַלדז!

דערצו קומען נאָך די „לוינקעטניקעס"! נאָר וועגן דעם אין מיַינע וויַיטערדיקע בריוו.

ד יַי ן...

**פינפטער בריוו**

דו ווייסט נישט, וואָס דער „לוינקעטניק" איז? איך וועל עס דיר קורץ און שאַרף פאַרטיַיטשן; איך האָב פאַרגעסן, אַז איך רייד מיט אַ שוסטער, נישט מיט אַ וועבער.

דער „לוינקעטניק", ברודער, איז נישט קיין פאַבריקאַנט, נישט קיין וועבער, נישט ער אַרבעט אַליין, נישט ער האָט קיין אייגענע צו פאַרגעבן; ער איז נאָר אַ מיטלמענטש — ער נעמט נאָר אָן אַרבעט באַם פאַבריקאַנט

און גיט עס אוועק ארבעטער; דאָס הייסט: ער שטייט אין דער מיט צווישן פאַבריקאַנט און וועבער, און ווי עס פליט אַ קאַרגער ביסן פון פאַבריקאַנטס האַנט צום וועבערס מויל — כאַפּט ער עס אין דער לופט, בייסט אָפּ אַ האַלבן ביילעק... טיילמאָל שלינגט ער אים איין אינגאַנצן. און ווערט נישט דערשטיקט...

און דער לוינקעטניק נעמט אָן ארבעט נישט פאַר פאַרטיקע וועבער, נאָר פאַר לערן־יונגען, וואָס ארבעטן אונטער זיין אויפזען... זיי לערנען זיך בא אים און ארבעטן אומזיסט; טיילמאָל צאָלן זיי נאָך צו; ערשט נאָך אַ געוויסער, געגוג לאַנגער צייט, הייבט ער אָן צאָלן, נאָר ביסלעכווייז און ביליק. דער לוינקעטניק האָט דעריבער צוויי גוטע מיילעס: ערשטנס, שיקט ער יאָר־יערלעך אַרויס אַ נייע פאַרטיקע וועבער — קאַבצאָנים, וואָס וואַרפן דעם פּרייז, אַבי אַרבעט צו באַקומען; און צווייטנס, וואַרפט ער אַליין דעם פּרייז, ווייל ער אַרבעט מיט פרעמדע, אומזיסטע, אָדער ווייניקסטנס מיט ביליקע הענט און קאָן באַשטיין גאַנץ ביליק צו אַרבעטן. נאַטירלעך, מוז דער וועבער נאָכגיין, און דער פּרייז פאַלט וואָס אַ מאָל נידעריקער.

עפּשער שלעכטע מיילעס? קומט זיי נישט דערפאַר די וועלט און יענע וועלט?

וועגן יענער וועלט ווייס איך, נאַטירלעך, ווייניק וואָס צו זאָגן; איך האָב שוין לאַנג פון דאָרט דורך גוטע און פרומע לייט קיין יעדיע נישט געהאַט; נאָר די וועלט האָבן זיי, נאַטירלעך. לעבט דער פאַבריקאַנט שענער און בעסער, נאָר דעם לוינקעטניקס ווייב טראָגט אויך פּערל אָפּן האַלדז און בענטשט שאַבעס־ליכט אין אַ פּאָר גרויסע זילבערנע לייכטער.

נאָר מיריאַם־לעב וועט ווייטער זאָגן, אַז איך בין אַלעמאָל געווען אַ גוטער און היינט בין איך אַ שלעכטער געוואָרן; אַז אַמאָל פלעג איך נישט קוקן יענעם אין טאָפּ אַריין, און היינט שטעכט מיך דער האָבער און האָב אָף אַלץ גרויסע אויגן...

מיריאַם־לעב, עס איז אַזוי, און עס איז נישט אַזוי!

עמעס, אַז איך בין אַמאָל בעסער געוועזן... עס איז געווען דעמאָלט, ווען מיין פאָטער, אַלעוו־האַשאָלעם, האָט געלעבט און איך בין אין דער היים געוועזן... עמעס, איך האָב קיין מוטער נישט געהאַט און דער פאָטער האָט אַ גאַנצן טאָג מיט שיצן געוואָרפן... נאָר צו עסן און טרינקען האָב איך געהאַט און אויך ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן... אויב

איך האָב קינדווייַז צופיל צייַט געהאַט און צו ווייניק כאַוויירים און האָב גענוג צייַט געהאַט, זיצנדיק אַליין, זיך אַרומצוקוקן און אַלץ באַטראַכטן, האָט עס מיר דאָך ווייניק געשאַדט... דער געדאַנק האָט זיך פריִער אויפֿ־געוועקט, נאָר גאָר אינגאַנצן אויספּלאָנטערן פֿון קרענצל איז נישט פֿאַר מייַנע קויכעס! איך האָב אַ סאַך געקלערט און ווייניק־וואָס פֿאַרשטאַנען... שפּעטער האָב איך מיך, שפּילנדיק, באַם טאַטן ווערבערייַ געלערנט, און די מעלאָכע איז מיר געפֿעלן... זי האָט מיר אויסגעוויזן ווי אַ קונץ, אַ פייַן מייַסטערשטיק; אַנדערש איז מיר נישט אײַנגעפֿאַלן.

אַ טאַטן האָב איך געהאַט, ווי איר ווייסט, אַ בלאַסן, אַ דאַרן, מיט טריבע אַרומגעליאַמעוועטע אויגן און שאַרפֿבייניקע באַקן. נו, וואָס איז? גאָט באָרוך־הו האָט די וועלט באַשאַפֿן און אַף איר פֿאַרשיידענע מענטשן געמאַכט, טייל פֿעטע, טייל מאָגערע, טייל לאַנגע, טייל קורצע, און יעדן אַן אַנדער פּאָנעם און אַנדערע אויגן געגעבן... אַבי איך האָב ליב דעם טאַטן, און דער טאַטע האָט מיך ליב! און איך האָב צו גאָט קיין טייַנע נישט געהאַט. וואָרעם צייַט איך האָב דעם טאַטן געדענקט, האָט ער אַזוי אויסגעזען, און עס איז מיר גאָרנישט אײַנגעפֿאַלן, אַז ער איז אַמאָל אַ גע־זונטער, פֿרישער יונגערמאַן געוועזן, מיט ליכטיקע, ברענענדיקע אויגן, וואָס זייַנען מייַן מאַמען מיידלווייַז אַזוי געפֿעלן געוועזן. געוווּסט האָב איך, אַז איך האָב אַ מוטער געהאַט, און עס האָט מיר ווי געכאָלעמט, אַז אין שטוב פֿלעגט זיך אַמאָל אומדרייען אַן אַלבאַסטער־ווייַס ווייַבל, מיט שוואַרצע ברעמען און בלויע טיפֿע, נאָר ברענענדיקע אויגן. נאָר געזאָגט האָט מען מיר, אַז גאָט באָרוך־הו האָט זי צו זיך גענומען, זי איז אים מינאַסטאַם געפֿעלן געוואָרן... ווער האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז אַוועק־געגאַנגען פֿון דער וועלט, ווייַל זי האָט געברויכט ווייַן און פֿלייש צום געזונט און די בײדע זאַכן זייַנען נישט פֿאַר אָרעמעלייַט? מע האָט עס מיר פֿאַרשוויגן, פּונקט ווי מע האָט פֿאַר מיר געהאַלטן בעסאָד, אַז די ווערבערייַ זויגט אויס דעם מאַרך פֿון די ביינער און האָט מיר דעם פֿאָטער בלאַס, דאַר און בלינד געמאַכט...

מייַן פֿאָטער האָט נאָך אַף אַסטמאַ געליטן... צי האָב איך געוווּסט, אַז דאָס קומט פֿון שטויב פֿון גאַרן? דער אייגענער גאָט, וואָס האָט מיר אַ דאַרן פֿאָטער געגעבן, האָט אים טריבע אויגן געמאַכט און נאָך אַסטמאַ געשיקט, — פֿאַרוואָס? אַ פֿראַגע עס איז! איך האָב אַ מעלאַמעד געהאַט, טוירע געלערנט און געוווּסט, אַז אַפֿילע מאַלאָכים זינדיקן, ביפֿראַט אַ

באַסאַר־וועדאַם, ביפּראַט אַ וועבער... און גאַט שטראָפט, מע זאָל אָפּקור־
מען אַף דער וועלט!

אַז איך פלעג מיך אויפכאַפּן און זען, ווי דער פאָטער דרעמלט קימאַט
זיצנדיק אַפן קישן און האָט אַ שרעקלעך שווערן אָטעם, פלעג איך מיך
באַגיסן מיט פרומע קינדיש־הייסע טרערן און בעטן גאָט, אַז אויב מײַן
פאָטער האָט קעגן אים געזינדיקט, זאָל ער בעסער מיך שטראָפן! און אַז
איך האָב ניט געפּויעלט, האָט עס מיך ווייניק געוווּנדערט, וואָרעם וואָס
פאַר אַ זכות האָט אַזאַ וועבער־קינד געקאָנט האָבן באַ אַזאַ גרויסן שרעק־
לעכן גאָט, ער זאָל הערן מײַן געבעט?!

נאָר אָפט פלעג איך מיך אויפכאַפּן, און דער פאָטער איז נאָך געזעסן
באַ דעם שטול... טיילמאָל האָט שוין דער מאָרגן געגרויט און מיט דינע
שטראַלן זיך אַרײַנגעגאַנוועט דורכן לאָך פון לאָדן. „טאַטע", פלעג איך
זיך בעטן, „לייג שוין אַוועק די אַרבעט, קום שוין שלאָפן", — קוים וואָס
ער דערהערט און ענטפערט מיר: „באַלד, באַלד, קינד מײַנס!" און רירט
זיך ניט פון אָרט, „איך וועל נאָך ענדיקן — זאָגט ער — דעם „שטערן".
און איך בין אײַנגעשלאָפן מיט דעם געדאַנק, אַז דער טאַטע איז אַמאָל
אַן אײַנגעשפּאַרטער און וויל דאַווקע אַרבעטן, כאָטש עס טוען אים די
אויגן ווײ! ווינטער־צייט פלעגט מיר טיילמאָל קאַלט זײַן אַליין אין בעט
און עס פלעגט מיר ביטער ווערן אַפן האַרצן, טראַכטנדיק, אַז דער פאָטער
האָט ליבער זײַן „שטערן" ווי מיך, כאָטש דער „שטערן" וואָלט איבער
נאַכט ניט געפרוירן געוואָרן, און איך ציטער פון קעלט!

אַלץ האָט מיר מײַן מעלאַמעד געזאָגט און פאַרטײַטשט, נאָר ניט דאָס,
אַז מײַן טאַטע האָט זײַן „שטערן" פײַנט סינאַס־מאָוועס, אַז ניט ער וויל
דעם „שטערן" ענדיקן, נאָר איך זאָל מאָרגן צו פרישטיק אַ בייגל האָבן;
אַז ניט ער וויל דאַווקע אַרבעטן באַנאַכט, כאָטש ער האָט שוואַכע אויגן,
נאָר ווײַל ער מוז אַרבעטן באַנאַכט! פּונקט אַזוי ווי עס האָט מיר קיינמאָל
קיינער ניט געזאָגט, אַז פון גאַרן־שטויב קריגט מען אַסטמאַ...

הײַנט ווייס איך עס, און דעריבער קאָן איך אַזוי גוט ניט זײַן!
הײַנט ווייס איך, אַז די שלעכטע אומבאַרעמהערציקע וועלט האָט צו מײַן
פאָטער געזאָגט: דו אַרבעט אַ סאַך, אַ סאַך, צאָלן וועט מען דיר ווייניק,
און פאַרנאַסע בעט באַ גאָט! דו אַרבעט אַ סאַך, מאַך אַ מאַסע „שטערן"
אי באַנאַכט, אי באַטאָג, און באַ גאָט בעט אַ רעפוע אַף די אויגן! אַכצן
שאָ אין טאָג זיץ אין שטוב איבער דעם שטול געבויגן, שלינג אײַן פאַרביקן,

פאַרסאַמטן שטויב, און וועסטו אַסטאַ באַקומען, האָסטו אַ ריינע פּרעטענזיע צו גאָט! וואָס שאַט עס דיר, אַז מיר וועלן דערוויַיל דיַין אַרבעט טראָגן און פון אַ טייל פון איר ריַיך ווערן? און אַצינד רעדט זי אַזוי צו מיר!

דער פאָטער מיַינער האָט געגלייבט און שטיל און פרום געליטן; און עפשער האָט ער שטילערהייט געוווּסט און נאָך טויזנט מאָל געליטן מער פאַר מיר? ווער וויים? מיט קינדער רעדט מען ניט פון אַזעלכע זאַכן!

צי האָט מיַין מעלאַמעד געוווּסט, ווען ער האָט געדינט? צי איז אים נאָר איַינגעפאַלן, אַז ער בינדט מיַין נעשאָמע מיט פרומען, נאָר פעסטן שפּינוועבס און וואַרפט זי אַרויס פאַר די הינט? פונוואַנען האָט ער געזאָלט וויסן? ער אַליין איז אויך אַ וועבער געווען, ער אַליין האָט אויך באַלעבאַטים געדינט; מיַין פאָטער איז געשטאָרבן אַף אַסטמאַ, און ער — אַף אַ לונגען־פעלער!

נו, איז אַ ווונדער, אַז, גענאַרט פון אַלע זיַיטן, האָב איך געלעבט אַ גוטן טאָג און בין אַ גוטער געווען?

ווער שמועסט שפּעטער, אַז איך האָב אַ געווים פריילעך מיידל דער־קענט און פלעג מיט איר יעדן אָוונט זיך טרעפן אין הויז אונטערן טויער? עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניַי ווונדערלעך לעבן, זיסע לעוואָנע־נעכט און נאָך זיסערע כאַלוימעס... גאָט מיַין איינציקער! ווי גליקלעך בין איך געווען! און ווי גליקלעך האָב איך מיך געפילט באַם ראָשכוידעש בענטשן, ווען דער כאַזן האָט געזונגען „עם כל ישראל אחיהם" — אַלע יידן זיַינען ברידער! אַ קאַטאָוועס, אַ מענטש האָט אַ זיבן—אַכט מיליאָן ברידער און שוועסטער, און מיריאָמל איז איינע פון זיי! איך האָב מיך געפילט אַזוי גרויס, אַזוי שטאַרק, אַזוי שטאָלץ! ערשט שפּעטער בין איך געוואָר גע־וואָרן, אַז דאָס מאַזל קאָן מיך אויסריַיסן פון דער היים און מיך פאַרוואַרפן ווי אַ פוילן עפּל ערגעץ אַריַין אין דער פרעמד, ווו דאָס האַרץ וועט פאַרגיין פאַר בענקשאַפט, און זי וועט בלייבן דאָרט און שטריקן און וויינען באַ־זונדער; ערשט שפּעטער ביז איך געוואָר געוואָרן, אַז מאָריץ פיינבאַד, מיַין ברויטגעבער, איז מיר גאָר קיין ברודער ניט, אַז ער האָט מער ראַכמאָנעס אַף זיַין פערד, ווי אַף מיר! נאָר דעמלט האָב איך נאָך דאָס אויך ניט געוווּסט, און בין אַזוי פריַי, מיט אַ שמייכל אַפן יונגן פּאָנעם, מיט פאַרכאָלעמטע אויגן און אויסגעשפּרייטע הענט, אַנטקעגן געגאַנגען דער וועלט...

היַינט וויים איך עס, היַינט וויים איך צופיל... נאָר צי בין איך

עמיצן מעקאַנע? צי וויל איך דען דעם לוינקעטניקס זילבערנע לײַכטער? אָדער מײַן ברויטגעבעקס בײַטל מיט געלט? ניין! כ'וויל עס ניט, מיר באַלעמט זיך אַ ריינע אויפגעראַמטע שטוב; בעטן הילצערנע, זאָל זײַן צו איינציקע קישן, נאָר ווײַסע, שניי־ווײַסע ציכן! אַ ברויט אין ווײַסן הילצערנעם אַלמער; אַ האַלב פונט פלייש צו מיטיק אַף אַ פּערזאָן, און ווען גאָט אַ קינד געבן, זאָל דערפאַר אין דער מוטערס בריסט זײַן מילך, ניט גאַל, ניט סאַם! אָנטאָן וויל איך מיך אָרעם, נאָר ריין, זאָל זײַ געלאַטעט, נאָר ניט צעריסן! און וואָס נאָך וויל איך? אַז מײַן ווײַב און מײַן קינדס מוטער זאָל זײַן די, וואָס איך ווייס, צו וועלכער ס'ציט מיך מיטן גאַנצן לעבן, מיט דער גאַנצער נעשאָמע! אָט אַזוי ווייניק וויל איך, נאָר דאָס ווייניקע קאָן אויך ניט געשען, ווײַל איך מוז אַנדערע שפּײַזן און אַליין הונגעריק זײַן! איך בין קיינעם ניט מעקאַנע, דאָך פאַרדריסט מיך, פאַרוואָס בין איך נאָר אַ רינע, וואָס לאָזט דורך דאָס וואַסער און אַליין טרינקט זי ניט.

ד ײַ ז . . .

## זעקסטער בריוו

דו שרײַבסט, אַז איך זינדיק, אַז איך פאַרלאַנג צופיל, כאָטש עס האָט מיר קיינער דערויף קיין קאָנטראַקט ניט געגעבן. מיריאָם־לעב זאָגט, אַז מע קאָן לעבן מיט גאָרניט, אָדער קימאַט מיט גאָרניט. אַז אויב מע האָט זיך ליב, עסט מען „וואָס־עס־איז" אָדער „באַדײַ־וואָס"... איך אַליין האָב אויך אַמאָל אַזוי געמיינט; איך האָב מיך אָבער צוגעקוקט צום לעבן פון מײַנע כאַווײרים; איך האָב עפּעס אַנדערש געזען! איך האָב שרעקלעכע זאַכן געזען!

אַז איך האָב די ערשטע צוויי רובל אַ וואָך באַקומען, האָב איך אַ געשריי געטאָן און דעמלט אונטערגעשפּרונגען פאַר פרייד! מײַן ערשטער געדאַנק איז געווען אײַך אַ דעפּעשע צו געבן, גרייט זאָלט איר זײַן! טעלעגראַפירט דאָך האָב איך ניט, עס איז מיר פּלוצלינג אַ שאָד געווען דאָס געלט! ניט מײַנס, נאָר מיריאָם־לעבס געלט איז מיר אַ שאָד געווען! עס איז שוין איר געלט געווען! איך וועל בעסער שרײַבן, און איך האָב באַנאַכט געשריבן, נאָר צומאָרגנס דעם בריוו ניט אַוועקגעשיקט.

אין אָוונט בין איך צו מײַנעם אַ באַקאַנטן וועבער געגאַנגען; איך האָב געוווּסט, אַז ער איז ערשט דרײַ יאָר נאָך דער כאַסענע, און איך האָב

געוווּסט, אַז עס איז אַ ליבע געוועזן, און מיר האָט זיך געגלוסט, עס האָט מיך געצויגן צו זען כאָטש איין אָוונט, כאָטש איין סצענע פֿון אַ גליקלעך, היימיש לעבן, אַף וועלכן איך האָב אַזוי געהאָפּט! דערווײַל דורך אַ שפּאַרע אַרײַנקוקן און זען, ווי עס פֿירט זיך אין גאַניידן. און איך האָב געזען!...

איך האָב געזען צוויי קראַנקע קינדער; איינס האָט דיפֿטעריט באַקומען, און דאָס צווייטע האָט זיך זאַראַזשעט... זי איז געזעסן באַם טיש געבויגן איבער אַ נײי־מאַשין, און ער, דער פֿאַרליבטער מאַן, איז אַרומגעגאַנגען אויף און אָפּ, בייז און וואַרפֿנדיק מיט די הענט! אַז ער אַז ער איז נעענטער צו מיר צוגעגאַנגען, האָב איך באַ אים געזען טרערן אין די אויגן; נאָר די טרערן זײַנען מיר עפּעס ניט געפֿעלן, און פֿון מויל האָב איך אַ רייעך פֿון בראָנפֿן דערפֿילט... איך האָב מיך געשווינד צוריקגעצויגן, נאָר געשלאָפֿן יענע נאַכט בין איך שוין ניט...

איך בין געלעגן מיט אַ פֿערענע אויבן און האָב באַשײַמפּערלעך און אָן אויפֿהער געזען דאָס בילד, ווי זי זיצט איבערגעבויגן אַף דער מאַשין; איך האָב איר פּאָנעם ניט געזען, נאָר זיכער געפֿילט, אַז עס איז דערשראָקן, פֿאַרציטערט און בלאַס, און פֿון די אויגן פֿאַלן גרויסע טרערן ווי די אַרבעס... און די פּלייצע פֿלאַטערט און ציטערט... און עס האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז אָט גייט ער צו און דערלאַנגט איר מיט דער פֿויסט אין פּלייצע אַרײַן... אויב ניט הײַנט, וועט ער עס מאָרגן טאָן... ער וועט שוין קיין אייציק מאָל ניט אַהיימקומען ניכטער...

איך האָב געזען דערנאָך נאָך אַנדערע זאַכן. מע טײַט מיט פֿינגער אַף עלטערן, וואָס האַנדלען מיט פֿלייש — פֿון אייגענע טעכטער... איך האָב געזען קינדער, וואָס וואַרפֿן אַרויס די עלטערן, ווען זיי הערן אויף שוין פֿאַרדינען...

אָ, איר קאָנט עס גאָרניט פֿאַרשטיין! ניט נאָר לײַוונט און וואָלן־צײַג וועבן מיר, מיר וועבן אויס גאָר פּונקט נײַע מינהאָגים, נײַע מידעס פֿון דער נאָדל! אויך וועבן מיר אויס טאַכריכים פֿאַר דער אַלטער, גוטער און פֿרומער וועלט, און מע וועט זי אין זיי באַגראָבן... און עס וועט אויפֿשטיין אַ נײַע, פֿוילע, דורך און דורך פֿאַרפֿוילטע וועלט, און ווער עס וועט נאָך האָבן אַ ריינערע נעשאָמע, וועט פֿון איר אַנטלויפֿן, ווו עס וואַקסט אַפֿילע קיין פֿעפֿער ניט!...

ד ײַ ן...

## אכטער בריוו *)

מאזלטאוו! ענדלעך האסטו דיך גערירט פון ארט! הונגער און נויט האבן אף דיר ניט געווירקט, נאר די וועלט, האסטו מוירע, זאל ניט אונטערגיין, די ריינקייט און פרומקייט זאל ניט פארלוירן ווערן!

און אף א האמצאע ביסטו געפאלן: קוידעמקאל, שרייבסטו, דארף מען די לוינקעטניקעס אונטערברענגען!

דו האסט אפילע קיין אמעריקע ניט אנטדעקט, אפילע קיין פולווער ניט געפונען, ווייל דאס האט מען שוין פאר דיר געטאן. דיין לידל זינגען שוין די פייגל אף די דעכער! נאר א נאגראדע ביסטו ווערט, און איך וועל דיר דערפאר דערציילן די מייסע פון די פאר אויגן, וואס האבן אזוי פייערדיק אף א פרעמד ברויט געקוקט!...

אמאל, און דאווקע ערשט ניט לאנג, איז געוועזן א וועבער, גראד א גוטער וועבער, נאר, ווי מע פלעגט זאגן, ניט מער קיין קלוגער, אדער דער קאפ זיינער איז ניט אף זיין ארט געשטאנען, אדער עס האט דארט אינעווייניק עפעס געפעלט. נאר דערפאר האט ער געהאט א ברייט אויסגעוואקסן הארץ, ווו אויסער זיין אייגענעם פארטרעט איז נאך געהאנגען דאס בילד פון אלע וועבערישע צארעס, און ווייל עס איז זייער גרויס געוועזן, האט ער קימאט זיין אייגענעם פארטרעט פארשטעלט, און דעריבער האט ער אפט זיך אליין ניט געזען! ער אליין האט גענוג פארדינט, — די צייטן זיינען נאך עטוואס בעסער געוועזן, ער האט זאגאר א געליבט מיידל געהאט און נארוואס געוואלט כאסענע האבן, נאר א געדאנק האט זיך אים אריינגעשלאגן אין מויעך און דער געדאנק האט אים צורעכט געמאכט. ער האט זיך איינגערעדט, אז אויב יעדער איינציקער וועבער איז, באזונדער גענומען, א שוואך, ווייך ריטל, וואס דער ערגסטער לוינקעטניק דרייט זיך ארום, אויב ער וויל, ארום פינגער, וואלטן אלע צוזאמען געקאנט זיין א שרעקלעך שטארקער בעזעם אויסצוקערן און ארויסצווארפן מיטן מיסט נאך עפעס בעסערס, ווי א לוינקעטניק איז. נאר מיט וואס בינדט מען דעם בעזעם?

און א שלעכטע נאטור האט ער געהאט: שטענדיק אפן צו האלטן דאס מויל, און וואס פאר א גרינגער פויגל עס איז אים געבוירן געווארן אין דער קליינער נעסט פון קאפ, פלעגט ער באלד ארויספליען פראנק־און־

*) דער זיבעטער בריוו איז ערגעץ פארלוירן געגאנגען.

פריי אויף דער פרישער וועלט... עלטערע מענטשן האָבן אים געוואָרנט, ער זאָל ניט זיין קאָהאָלס פאַרזאָרגער, ווייל קאָהאָל צאָלט מיט שטיינער פאַר ברויט; דאָס געליבטע מיידל האָט אים געהאָלדזט, געקושט און געוויינט, ער זאָל זיך ניט מיִעס מאַכן דאָס מויל מיט אַ בעזעם, נאָר ער האָט זיך געהאַלטן בא זיינעם, אַז מע דאַרף בינדן אַ בעזעם!

און גערעדט דערפון האָט ער וואָרעם, מיט האַרץ, מיט בלוט, די וועבער האָבן ווייניק פאַרשטאַנען, נאָר גוט געפילט, און פלעגן מאַכן אַרום אים רעדלעך, און אַז ער האָט גערעדט, האָבן טייל געזיפצט און טייל געשאָלטן. נאָר פון דעם איז ער ניט צופרידן געווען. ער פלעגט זאָגן, אַז פאַר טויזנט זיפצן וועט דער בעקער קיין איינציק ברויט ניט געבן און פון אַ מיליאָן קלאָלעס וועט זיך באַם לוינקעטניק אין מויל קיין איינציקער צאָן ניט קריצן... נאָר וואָס דען ווילסטו, לעבן מיינס? אַ בעזעם וויל ער מאַכן, נאָר אַ בעזעם...

און עס האָט זיך אָנגעהויבן צו בינדן אַ בעזעם; דער אוילעם האָט זיך צוזאַמענגענומען און געשוווירן מער בא קיין לוינקעטניק קיין אַרבעט ניט אָנצונעמען! די, וואָס אַרבעטן שוין זאָלן אַוועקגיין!... און באַלד איז געפאַלן געלט, מע זאָל אויפהאַלטן די, וואָס גייען אַוועק, ביז זיי וועלן דירעקט פון פאַבריק קיין אַרבעט ניט באַקומען! איז עס געוואָרן אַ ראַש אין די גרויסע וועלטן; דערשראָקן און פאַרציטערט זיינען אַרומגעלאָפן לוינקעטניקעס, שטיל און ווי ווייט מעגלעך איידל האָבן אַפילו פאַבריקאַנטן גערעדט! און די וועבער האָבן זיך געפרייט. האַ! עס שטעקט דאָך אַ קראַפט אין אָרעמעלייט, מע דאַרף זיי נאָר וועקן, וועלן זיי וועלטן איי־בערקערן! אַ געדולע, אַ פרייד!...

עס איז אַ פיינער, פאַרביקער זייפנבלאָז געווען, נאָר ער האָט צו געשווינד געפּלאַצט! ערשטנס, זיינען געווען עטלעכע שלעכטע וועבער, וואָס האָבן קיינמאָל קיין אַרבעט ניט געהאַט, האָבן זיי זיך באַלד אַריינגעשלייכט צו די לוינקעטניקעס און אָנגעהויבן צו אַרבעטן!... אַנדערע האָבן זיך דערשראָקן און געשווינד צוריק זייערע ערטער פאַרכאַפּט; די רעשט האָט עס דערזען און אַליין געמוזט זיך מאַטיר־ניידער זיין און נאָך איבערבעטן דעם לוינקעטניק: „זיי אונדז מויכל, עס איז גאָר ניט אונדזער הויט. כאָטש זי ליגט אויף אונדזער לייב. שינד, וויפל דו ווילסט!" און דאָס לעבעדיקע וואַסער איז צוריק אין דער קאָרעטע אַריין, צוריק דאָס אַלטע לעבן!

נאָר אַ נײַס איז געשען: דעם מענטש מיטן האָרץ האָט מען פֿון פֿאַבריק אַרויסגעוואָרפֿן, און ער האָט שוין אין ערגעץ קיין אַרבעט ניט באַקומען. די געליבטע קאַלע האָט נאַטירלעך צעריסן די טנאָים... די וועבער האָבן געשוויגן; מע וועט דאָך פֿאַר איין מענטש וועגן ניט אָוועקוואַרפֿן די פּאַרנאָסע!

געשען איז עס, נאָך איידער איך בין געקומען, נאָר איך האָב די זכיה געהאַט צו זען, ווי דער מענטש מיטן ברייטן האַרץ האָט געקוקט אויף אַ לעבל ברויט בײַ דער זיצערן אָפֿן טיש.

די ײַ ן...

## נײַנטער בריוו

איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אַז מײַן מיריאַם־לעב האָט אַזאַ דייגע בײַ גאָט! — קוים האָט זי אין לעצטן בריוו געווונטשן מיך כאָטש נאָכאַמאָל צו זען, פֿאַר איך שוין אַהיים!

עס פֿעלט נאָך אַפֿילע אויף הויצאָעס, נאָר איך האָב נאָך עטלעכע איבעריקע זאַכן צו פֿאַרקויפֿן... דאָס בעט מיטן קישן און קאָלדרע, מיטן שעניק אַפֿילע האָב איך שוין פֿאַרהאַנדלט; איך האָב אָבער נאָך אַן איבעריקן ראָק און צוויי—דרײַ איבעריקע העמדער...

אויף הויצאָעס וועט גענוג זײַן, אַניט, וועל איך צושפּרײַזן צופֿוס.

און פֿאָרן אַהיים פֿאָר איך דורך גאָר אַ פֿאַשעטער זאַך: איך האָב אַ נאַרישן פֿעלער געמאַכט און מוז אַהיימפֿאָרן.

די מײַסע איז אַזוי געוועזן: ציַיט איך האָב די וועלפּישע אויגן געזען, האָב איך מיר געטראַכט: בעסער אַ לויט סייכל, איידער אַ פֿונט האָרץ! בעסער באַנאַכט אָפֿן צו לאָזן די טיר, איידער באַטאָג דאָס מויל. ציין נוצן צום עסן, נאָר נאָך מער די צונג אײַנצובײַסן, אויב זי וויל זיך אַן איבעריק מאָל איבערדרייען. דער מענטש איז טאָקע געקרוינט און געהויבן איבער אַלע בײַעס מיט די רייד, נאָר „גוט־מאָרגן — גוט־אָר” איז גענוג גערעדט און וואָס איבעריק — שאַט! און נאָך אַזוינע גוטע און קלוגע זאַכן האָב איך מיר געטראַכט און אײַנגעקאַרבט, אַבי איך זאָל קיינמאָל אַזוי ווי יענער מיטן ברייטן האַרץ און אָפֿענעם מויל, אויף אַ זיצערנס ברויט ניט ברויכן צו קוקן...

פֿון אַזאַ קוקן — האָב איך געטראַכט — קומט קיין גוטס ניט אַרויס, אָפֿן בעסטן פֿאַל קומט מען דערצו, אַז מע כאַפּט אַ ברויטל.

און וואָס וואָלט מײַן פרומער מעלאַמעד געזאָגט? ער וואָלט זיך באַלד געשטעלט פאַרן בעסדן־שעל־מײַלע און איידעם געזאָגט, אַז ער אַליין האָט מיך געלערנט: „לא תגנב! ריר ניט קיין פרעמדסט!"

וואָרעם, ווי דו ווייסט, איז מײַן פרומער מעלאַמעד אַ קורצזיכטיקער געוועזן און קוים וואָס ווײַטער פאַר זײַן אייגענער נאָז ניט געזען... אַז דאָס ווײַב פלעגט אים אַנידערלייגן אַ ברויטל אָפן טיש, האָט ער געזען ברויט, מער ניט ווי ברויט. וועך ברויט, וואָס ברויט? ווי קומט עס צו אים? פונוואַנען נעמט זיך ברויט? ווער האָט געזייט, ווער געשניטן, ווער געמאָלן, ווער געבאַקן? וועמענס שווייס שטעקט דערינען, וועמענס בלוט? דאָס האָט ער קיינמאָל ניט געזען... פון הימל אַראָפּ, צי פון אונטער דער ערד אַרויס, וואָלט ער געשריִען: גאַנעוו! און אַף מיר וואָלט דאָס היטל געברענט!

נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז דער מענטש דענקט און די צאָרעס (איי־גענע צי פרעמדע) לענקען! אַז ווי ענג עס איז נישט באַ איינעם אין האַרצן, פאַלט דאָך אַמאָל אַרײַן אַ נאַרישקייט; איידער דו קוקסט זיך אום, האָסטו עס אָפּגעטאָן און פאַרפאַלן, — כאָטש קנײַפּ דיר אויס די באַקן. מײַן געוועזענער ברויטגעבער זאָגט, אַז ער האָט זיך אַף מיר נישט גע־ריכט; איך אַליין וואָלט עס אויך נישט געגלייבט! און דאָך מוז עס עמעס זײַן, וועהאָרײַע: איך פאָר אַהיים!

נאָר צו דער זאַך! עס איז דאָ אַמאָל געוועזן אַ גרויסע וועבערשע כעוורע מיטן נאָמען „פּועלי־צדק". אָט אַ ייִדישע כעוורע, אַף וועלכע אַלע האָבן דורך די פינגער געקוקט, ווײַל מע האָט דאָרט נישט מער ווי גע־דאַוונט און שאַבעס אַלשיך געלערנט... צי האָבן שוין די אַלטע ווע־בער געפילט, אַז זיי מוזן דאַווענען באַזונדער, בעטן אַף עפּעס אַנדערש איידער זייערע ברויטגעבער? ווער ווייס? נאָר מיט דער צײַט איז דער דאַווענען קימאַט פון דער מאָדע אַרויס, און אָפן אָרט פון אַלשיך הערן שפּאַצירט דער אוילעם הינטער דער שטאָט און באַמיט זיך אויסצואָטע־מען דעם שטויב פון גאָרן, וואָס מע האָט אָנגענומען אַ גאַנצע וואָך... מיט דער צײַט האָבן אויסער עטלעכע, גאַנץ אַלטע וועבער, מיט די אַלטע טאַלייסים און זילבערנע אַטאָרעס — אַ זייכער פון די אַמאָליקע צײַטן, — אַלע אָן דער כעוורע פאַרגעסן... נאָר לעצטנס, אַז מע האָט מיט־אַמאָל געוואָרפן דעם פּרײַז, האָט עס דעם אוילעם אונטערגעטראָגן; עס איז געוואָרן אַ ראַש, אַ מעהומע. וואָס טוט מען? וואָס נעמט מען פאָר?

און פּלוצים האָט מען זיך דערמאָנט, אַז עס איז אַ כעוורע פאַראַנען, אַז עס איז דאָ אַן אָרט, ווו זיך צוזאַמענצוגיין און אַ וואָרט צו ריידן! און דער אוליעם האָט זיך געלאָזט אין „פּועלי־צדק" אַרײַן. און האָט מיך געשלעפּט... די מאַסע איז ווי אַ פּעד, זיך נישט אָפּצוריַיסן!

צי האָסטו אַמאָל געזען, ווי פונקען פליִען איבער אַ שמידערײַ? מי־ליאָנען פונקען, און זיי ווען נישט אָנצינדן קיין איינציקע שטרוי אַפן דאַך! נעם זיי אָבער צוזאַמען, וועלן זיי אַ וועלט פאַרברענען! דאָס אייגענע איז אַ כעוורע! קוים איז זיך דער אוילעם צוזאַמענגעקומען, האָט געברענט! עס האָבן טויבע געהערט, שטומע גערעדט, לאָמע זיַינען אויף און אָפּ געלאָפן, פּאַראַליזירטע האָבן נאָר פּאַטשן געוואָלט, נאָר פּאַטשן... אַנדערע האָבן געשריִען, אַז קאָלזמאַן מע ווען נישט געפּי־נען צוויי־דרײַ ברויטגעבערישע בײַכער צעשניטן אינמיטן מאַרק, וועלן די צאָרעס קיין ענדע נישט נעמען!

איך האָב פײַנט פּאַטשן, פון צעשניטענע בײַכער קאָן איך בעטעווע נישט הערן, און איך וויל זיך אַרויסגאַנווענען פון אוילעם מיט די שאַר־פּע צונגען, נאָר שטומפּיקע קעפּ; ליידער, האָט מען מיך באַמערקט, און עס איז פּלוצלינג אַ געשריי געוואָרן: ער אַנטלויפט! מאַסערן גייט ער! מאַסערן! און די ווערטער זײַנען געגנוג געווען, איך וויל צוריק גיין, אַרויפ־שפּרינגען אַפן ערשטן טיש און אָנהייבן ריידן, גלײַך מיר וואָלט אויך עפּעס געפעלט אין קאָפּ און דאָס האַרץ וואָלט זיך מיר אויך צעוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט...

זאָל איך אײַך איבערגעבן מײַנע נאַרישע רייד? נאָך וואָס? איך האָב נאָר געוואָלט, די וועבער זאָלן זייער אייגן געשעפט פאַרשטיין, זיי זאָלן אײַנזען, אַז ערשטנס, מוז מען זיך פעסט צוזאַמען האַלטן, אַז די „פּועלי־צדק" דאַרפן אויפגעפרישט און געשטאַרקט ווערן, אַז מע מוז זאַמלען געלט, געלט פאַר קראַנקע, געלט פאַר אַלטע אָן קויעד, געלט פאַר וועבער אָן אַרבעט, געלט פאַר אַלע אַף דער שלעכטער צײַט, ווען עס לוינט זיך נישט צו אַרבעטן... און דער איקער איז, אַז קיינמאָל דאַרפן וועבער צווישן זיך נישט קאָנקורירן, נישט מיטן פּרײַז, נישט מיט פאַר־לענגערן די צײַט פון דער אַרבעט... איך האָב זיי דערציילט, אַז ערגעץ אַנדערש אַרבעט מען נאָר צוועלף, אין אויסלאַנד נאָר צען שאָ, אַף אַ טייל ערטער נאָר אַכט. איך האָב זיי געזאָגט, אַז אַ מענטש איז קיין פערד נישט און אַז פערד אַרבעטן דאָך ווייניקער פאַרן פּוילסטן וועבער... און

נאָך אַזוינע זאַכן, וואָס אַ מענטש מיט סייכל האַלט באַ זיך און רעדט נישט אַרויס. דו ווערסט עפּשער אַנדערש זאָגן, מיריאָם־לעב? דו האָסט דאָך שטענדיק ליב געהאַט מיך אָפּצושפּאָרן, צו זאָגן פאַרקערט, נאָר דערפון ווערן מיר שוין רײדן אין דער היים! דערווײַל האָט מיר געשאַדט.

די גאַנצע צײַט, וואָס דו האָסט פון מיר קיין בריוו ניט דערהאַלטן, בין איך געזעסן און גאָט ווייסט פאַר וואָס. ערשט ווען מע איז אַף זיכער געוואָר געוואָרן דערנאָך, אַז איך האָב אָפּגעהאַלטן פון פאַטשן און בײַכער שנײַדן, האָט מען מיך אָפּגעלאָזט, נאָר געהייסן אַרויספאָרן אַף אַ פאָר יאָר פון שטאָט... אַ וועבער, זאָגן זיי, דאַרף זיצן און אַרבעטן, ניט שפּרינגען אַף טישן און ריידן...

שלעכט, נאָר צוויי זאַכן טרייסטן מיך! ערשטנס, איך האָב אַ זאָמען געוואָרפן און איך בין זיכער, אַז ער וועט וואַקסן; פונדערווײַטנס זע איך שוין, ווי ער וואַקסט! און ער וואַקסט ווי עס באַדאַרף צו זײַן: אין דער טונקל, שטיל און באַשיידן, עס דאַרף קיין האָן נישט קרייען! און צווייטנס, וואָס מיריאָם־לעבס ווונטש וועט דערפילט ווערן און מיר וועלן זיך זען... גיך און באַלד זען... גרייט נאָר אַ ביסל זאַלץ, אײַנצוריײַבן מיר די פּלייצעס, מע האָט זיי מיר אַ ביסל צעהאַקט...

דײַן...

## איין־איינציקער בריוו פון שוסטער צום וועבער

איך שרײַב געשווינד און אין איין ציטערניש, האָב גאָט אין האַרץ פאָר, ווו דו ווילסט, נאָר קום נישט אַהער, איך האָב קוים, קוים גע־פּויעלט באַ דער שוועסטער, זי זאָל לאָזן איינעם אַרײַנגיין, אַ פּײַנעם באַלמעלאָכע, אַן אַלמען... די אָרעמע מיריאָם האָט זיך געגוג די הענט געבראָכן און די אויגן אויסגעוויינט, איידער זי איז באַשטאַנען, אַצינד ווערסטו קומען, און די גאַנצע זאַך וועט צערודערט ווערן! און זאָג אַליין, כאָסענע האָבן ווילסטו ניט און, ווי דער עמעס איז, אַצינד קאָנסטו נישט, נאָך וואָס זאָלסטו איר שטערן אין וועג? דו אַליין פאַרדינסט ווייניק, איך — אָסער אויב איך בין בעקויעד זי אויסצוהאַלטן, איך האָב מײַנע אייגענע געגוג. אויב דו ביסט אַן ערלעכער מאַן, פאָר ערגעץ אַנדערש אוועק... געדענק אַן גאָט! —

1897 י.

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

„אַלשיך" — די ווערק פונעם ראַבאַנישן געלערנטן און קאָמענטאַטאָר פון דער ביבל מוישע אַלשיך (16־טער י"ה).

פּראָקורענט — פּאַרטרויטע פּערזאָן, פּאָרשטייער פון אַ פירמע.

שמירעלע — אַן אַמולעט.

„יעהי ראָצן" — אַ טפילע.

מאַטיר־נײדער זײַן — באַפרײַען פון אַ נײדער.

„לוי סיגנוריוו" — זאָלסט ניט גאַנווענען; איינס פון די צען געבאָטן.

„פּויאַליי־צעדעק" — אַ פאַרשפּרייטער נאָמען פון אַ באַל־מעלאָכישער בעוורע באַ די ערשטע פּרוּוון פון צעבישער פאַראייניקונג צווישן די יידישע באַלמעלאָכעם.

אַטאָרע — אַ באַפּוצונג אַף אַ טאַלעס.

# האַישע מאָראַס כאַנע

(אַ פּעקל בריוו)

## א

צוויי בריוו, וואָס כאַנע האָט באַקומען פון איר ברודער מענאַכעם־מענדל, און איין בריוו פון איר שוועגערן כאַוועגיטל, בעסאַכאַקל דריי בריוו.

### ערשטער בריוו

החיים והשלום לאחותי הצנועה מרת חנה תחיה.

דיַין בריוו האָב איך ערהאַלטן. וואָס קלערסטו, איך האָב גענוג טרערן פאַרגאָסן און אַ גאַנצע נאַכט געזיפצט און געקרעכצט. וואָס קומט מיר אָבער אַרויס, גאָט אין הימל איז מיַין איידעס, אַז איך בין דיר נישט אימשטאַנד צו העלפן. און וואָס דו שריַיבסט וועגן דער יערושע, מוז איך דיר, ליבע שוועסטער, זאָגן, אַז דאָס איז גאָר קיין ווערטער נישט! נאָכן ייִדישן דאָס האָסטו קיין שום טיַינע־אומיַינע אַף דער יערושע; פרעג דיַין מאַן, ער איז דאָך אַ ייִד אַ לאַמדן, וועט ער דיר אויך זאָגן דאָס אייגענע. און דו דאַרפסט גאָרנישט פרעגן דעם מאַן, ער זאָל דיר ערשט זאָגן; אַזאַ אישע־קשיירע, ווי דו, עפנט אויף דאָס טיַיטש־כומעש און זעט, אַז צלאָפ־כאָדס טעכטער האָבן באַקומען יערושע, נאָר וויַיל עס זיַינען קיין באָנים־זכאָרים נישט געווען. אָבער, קוים זיַינען דאָ באָנים זכאָרים, באַקומען די טעכטער קיין יערושע נישט. און קיין שטאָר־כאָצי־זאָכער האָסטו נישט. איַי, וואָס דו זאָגסט, אַז דער טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, האָט דיר דעם גאַנצן נאָדן נישט געסילעקט, איז אַוואַדע קיין טיַינע נישט, וואָרעם, צוריק געשמועסט, ווער קריגט דעם גאַנצן נאָדן? מיר האָט מען, וויסטו, אויך

אָפּגעריסן, און איך האָב, כּאָלילע, קיין טײַנע נישט צו קיינעם, — און ביכלאַל, איז דער סייכל מעכײַעוו, אַז אויב דער טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, האָט נישט געהאַלטן זײַן היסכײַווס, האָט דאָס צווייטע צאַד אויך אַזוי געטאָן, און מע איז דערויף באַשטאַנען; די צדאָדים האָבן איינער דעם צווייטן מויכל געווען, ווי בײַ אונדז יִדן דער מינהעג איז. און איך האָב נישט געוואָלט שטעלן אַף מײַן דייע און איבערגעשמועסט די זאַך מיט אונדזער ראָוו און מיט די דאַיאָנים, און אַלע זאָגן פּע־עכאָד, אַז עס איז אַזוי.

און, בענעגייע צו דער טײַנע, וואָס דו שרײַבסט, אַז דו האָסט נאָר אַ האַלב יאָר געגעסן קעסט, נישט אַ גאַנץ יאָר, — פון דעם ווייס איך שוין גאָרנישט! לוי פּקאָדאַני אַבאָ — דערפון האָט מיר דער טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, נישט געזאָגט. און ווייסן ווייסטו, אַז איך בין דעמאָלט געווען אַ פּאָרעש, בין געזעסן בײַ דער גאַנצער צײַט בײַם רעבן, זאָל לעבן, און געלערנט... און כּאַווע־גיטל מײַנע דערציילט, אַז עס איז אַזוי געווען: עס איז געוואָרן אַ שטיקל מאַכלויקעס צווישן אײַך וועגן די מאַמע, אָלע־האַשאָלעמס, שטאָט אין דער ווײַבערישער שול, און איר האָט אײַך אָרומגעריסן בײַ די קעפּ, און דער טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, האָט דערפון גרויס צאַר געהאַט און גרויס אַגמאַס־נעפעש; און איינמאָל, שאַבעס־צונאַכטס, האָסטו געכאַפּט דאָס פּעקל מיטן מאַן און ביסט מיט'ן אַוועק אין זײַן שטעטל אַרײַן, — אויב אַזוי, ווער איז אײַך שולדיק? אַף וועמען שרײַסטו? ווער האָט אײַך געהייסן אַנטלויפן? אַז מע דאַרף עסן קעסט, עסט מען...

נאָר — איך מיין נישט, כּאַס־וועשאָלעם, דיר אָנצוטאָן אַגמאַס־נעפעש. איך וויל דיר נאָר אויסווײַזן, ווי ווײַט אומגערעכט דו ביסט; אָבער יאָ גערעכט, נישט גערעכט, מע דאַרף זיך פירן ליפנים־מישוראַס־האַדין, ביפראַט קעגן אַן אייגענע שוועסטער. נאָר וואָס העלפט עס? וויל יאָ, וויל נישט, אַז מע קאָן נישט! דאַרפסט וויסן, שוועסטער־לעבן, אַז דער פאָטער אונדזערער, זיכרוינע־ליוורָאָכע, האָט פאַר דער פּטירע געמאַכט אַ צאַוואָע, ער האָט אַוועקגעגעבן דאָס גרויסע שאַס דעם גרויסן בעסמעדרעש, דאָס קליינע שאַס — דעם קליינעם בעסמעדרעש, די מישנײַעס מיט די עסרים־וועאַרבעס האָט ער געהייסן שיקן אין שטיבל אַרײַן, ווו ער, אָלעוו־האַשאָלעם, האָט געדאַוונט... קווורע־געלט, נישט אויסגערעדט זאָל עס זײַן, האָט געקאָסט צוויי הונדערט גילדן, מײַאָד־לעיאַד האָב איך אויך צעטיילט אַ פופציק גילדן, וואָס רייד איך, מער, אַ סאַך מער ווי פופציק

גילדן! דעם טאַטן, אָלעוו־האַשאָלעמס, מאַלבושים האָב איך אויך צעטיילט אָרעמעלײַט, כוץ דער זײַדענע קאַפּאָטע, וואָס איך האָב, לויט צאַוואָע, איבערגעלאָזט פאַר מײַן מוישעלען, שעיִכיע, ער זאָל אין איר גײן, אין אַ מאַזלדיקע שאָ, צו דער כופּע, בימהיירע בעיאָמיינו, אָמיין. וואָס דען בלײַבט בעסאַכאַקל?

עס בלײַבט נישט מער, נאָר דאָס הײַזל. נו, קיין שרפ"ט איז עס נישט ווערט. דער דאַך איז, לוי־אַלייכעם, אַ כוילע־נויפל; אַף אַ האָר הענגט ער. דער וואָנט הייסט אַראָפּנעמען די אַלטע פײַערמויער, און אינגאַנצן איז עס בעכעזקאַס־סאַקאָנע.

נישט מער, שוועסטער־לעבן, דו מיינסט, איך האָב פּאַרנאָסע! אַז דער טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, איז ניפטער געוואָרן און איך בין אַראָפּ פון קעסט, האָב איך פאַרדונגען די דרײַ שטובן לינקס גרוינעם דעם סויכער, מע רופט אים גרוינעם צאָפּ (דו מוזט אים אַוואַדע געדענקען און דאָס ווײַב זײַנס — זלאַטע). מיט דעם געלט קוועל איך מיך און באַצאָל קוים פּאָדימנע און אַנדערע פּאָדאַטקעס, וואָס וואַקסן פון טאָג צו טאָג. שולדיק בין איך בעסאַכאַקל פאַר אַ יאָר אָנדערהאַלבן מיט אַ שמיץ! דערווײַל טו איך מיר אייצעס, גיב אַ טרונק בראַנפן, — קום שפּעטער, קום מאָרגן, קענאָהוג, נאָר דער שטריק אַפן האַלדז וואַקסט, און וואָס דער סאָף דערפון וועט זײַן, ווייס איין ריבוינעשעלאָוילעם.

איך באַוווין די דרײַ שטובן רעכטס אינאיינעם מיטן אײַנפאָר־הויז און מיט דער שענק; די צײַט דערווײַל איז זייער שלעכט, די דערפער אָרום האָבן זיך פאַרשווירן נישט צו טרינקען קיין בראַנפן. איז נאָך ווייניק, האָט דער פּאָרעץ געעפנט אין די אַרומיקע דערפער שפּײַז־געוועלבלעך מיט טיי־הײַזער, — וואָס זאָל איך דיר זאָגן? מע דאַרף ראַכמים! מע קוקט זיך די אויגן אויס, איידער מע דערזעט אַ פויער!

און וואָס דו שרײַבסט, אַז ווער עס קומט, זאָגט דיר, אַז איך האָב שיין פּאַרנאָסע, — זײַ ווייסן, אַז מענטשן האָבן נאָר גרויסע אויגן. איידער מע פאַרדינט אַ דרײַער, איז קריאַס־יאַם־סוף. דערווײַל מוז מען ביילעסאָשען כאַסענע מאַכן, און איך ווער גרוי און אַלט דעריבער. די הויצאָעס זײַנען איין־לעשאַער, אַף כויוו וויל מען נישט געבן, צו די מאַלבושים פעלט נאָך אַ זײַדן אויבער־מאַלבעש, וועאַכריי־קיכלויס־האַקויל, מוז כאַוועגיטל מײַנע באַלד נאָך דער כאַסענע פאָרן צו אַ דאָקטאָר. אַז שמועל רויפע הייסט שוין פאָרן, פאַרשטייסטו שוין, ווי עס האַלט, ראַכמאָנע־

ליצלאָן... איך האָב געפּרעגט דעם רעבן, זאָל לעבן, הייסט ער, זאָל לעבן, אויך פאָרן קיין וואַרשע. און דער הוסט ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג, — גלייך מע וואָלט האַלץ געהאַקט!

און דאָס, וואָס דו ווילסט מיך איבערשרעקן, אַז אויב איך וועל דיר נישט באַלד ענטפערן ווי עס געהער צו זיין, וועסטו שרייבן צו אונ־דזער קרוויווע אין לובלין און זי וועט גיין צו איר אַדוואָקאַט, מע זאָל מיך איבערגעבן אין גוייִשע הענט אַריין, — זיי וויסן, שוועסטער־לעב, אַז דערפאַר האָב איך גאָר קיין פּאַכעד נישט! ערשטנס, פאַרשטיי איך, אַז עס איז גלאַט גערעדט, אַז אַזאַ קאָשערע צנוע, ווי מיין שוועסטער איז, ווייס, וואָס אַ בעסדן איז, און וואָס אַ סאָנד, לעהאַוודל, איז... אַזאַ שטום וועסטו נישט טאָן. אַ ייִדישע טאָכטער טוט נישט אַזוי! און דו זאָלסט אַפילע וועלן, האָסטו דאָך אַ מאַן צו הונדערט און צוואַנציק יאָר, און ער וועט אַזאַ אַוולע נישט דערלאָזן! ער וואָלט זיך שוין נישט געטאָרט ווייזן באַם רעבן זיינעם, אַפילע נישט אין שטיבל אַריין קומען!

אויסער דעם, ראַט איך דיר, זאָלסט, כאַס־וועשאָלעם, נישט אַרויס־וואַרפן קיין געלט אַף אַדוואָקאַטן; אַז אַם לוי האָיאָ זיינען זיי, די אַד־וואָקאַטן, נאָר גיב און גיב, און הערסטו אויף צו געבן, ווייס ער שוין נישט, ווער דו ביסט.

און דערמאָנען מוז איך דיר נאָך די טאָמאַשאָווער מייסע, וואָס דער טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, פלעגט דערציילן. עפּשער האָסטו זי פאַרגעסן, וועל איך דיר זי נאָכאַמאָל דערציילן. אַמאָל איז דאָרט ניפטער געוואָרן אַ באַלעבאָס! איז די טאָכטער זיינע, אַ גרושע, געלאָפן צום אַסעסאָר, ער זאָל איר אויסטיילן אַ כיילעק יערושע, ווי עס איז בעדינייהעם. דער־ווייל, אַזוי ווי זי איז געשטאַנען און גערעדט מיטן אַסעסאָר, איז באַ איר אין שטוב אַראָפּגעפאַלן אַ קויל פון קוימען... אין דער רעגע האָט זיך אונטערגעצונדן די שטוב, און עס איז איר, נישט פאַר אונדז געדאַכט, נישט פאַר קיין שום ייִד געדאַכט, אַ קינד פאַרברענט געוואָרן!

און איך ראַט דיר, שוועסטער כאַנע, זאָלסט זען כאַראָטע האָבן און טשוווע טאָן אַף דעם, וואָס דו האָסט געשריבן. איין אָדאָם ניספּאָס אַל צאַארוי, דאָס הייסט, ווי מענטשן זאָגן — צאָרעס נעמען דעם סייכל צו; נאָר אַ קיטרעג קאָן, כאַס־וועשאָלעם, זיין דערפון, און דו דאַרפסט עפּעס אַף זיך נעמען, כאָטש אַ טאָנעס איבער אַ טאָג!

איך פון מיין צאַד בין דיר מויכל מיטן גאַנצן האַרץ. און, אַז דו

וועסט קומען, אים־יירצע־האשעם, אף מיין טאכטערם כאסענע, וועט אלץ ווערן אויסגעהיילט, וועסטו זיך מיט אונדז מעסאמייעד זיין אין א מאזל־דיקע שא. נאר זע, לעמאן־האשעם, נישט צו דערמאנען פון פראצעסן, כ׳אס־וועשאלעם ! —

און דעריקער פארדריסט מיך אף בעלך, נר״ו, המופלג, וואס שרייבט גארנישט פון זיין געזונט. אויב ער איז אף מיר אין קאס, זינדיקט ער, און ער דארף דאס וויסן, אז כל הכועס וכו. כוץ דעם, האט זיך ארויס־געלאזט א קאל אין אונדזער שטעטל, אז יאמים־נויראים איז ער נישט געוועזן באם רעבן און האט געדאוונט גאר אין בעסמעדרעש *). נאך זאגט מען, אז ער וויל אוועקלייגן דאס לערנען און זיך צו עפעס צושלאגן. א נע־הענע־מייענע־קאפוי, זאגט ער, וויל ער זיין. וואס פאר א צאר איך האב דערפון, קאנסטו מעשאער זיין. ווארעם „תורה מה תהיה עליה״? ווער וועט זיצן און לערנען, אז נישט אזוינע טייערע קעפ ווי ער ? !

ער דארף וויסן, אז דער טאטע, אלעוו־האשאלעם, האט זיך מיט׳ן מעשאדער געוועזן נישט אף דעם טניי ! און ביפראט היינטיקע צייטן, ווען די אומעס־האוילעם נעמען זיך צום מיסכער און די אסאקים פאלן פון טאג צו טאג, איז אוואדע א יוישער, נאשים זאלן האנדלען, און די מענער זאלן טאקע יוישייוו וועויסייק באטוירא זיין, און דער ריבוינע־שעל־אוילעם וועט זיך עפשער טאקע מעראכעם זיין . . . זאל ער זיך בע־סער ארויסנעמען א קסאוו־ראבאנעס, זאל ער ווערן שויכעט, מעלאמעד, — וואס ער וויל, נאר נישט קיין סויכער, כאס־וועשאלעם . . . איך זאל נאר וויסן, אז ער וועט מיר נישט אפריידן מיין קינד פון מיין רעבן, וואלט איך אים מיין מוישעלען געשיקט אף לערנען מיט קעסט !

זע, אז דיין מאן זאל אוועקלייגן די נארישקייטן, דו מאד דיר א גע־וועלבל, א שטעל . . . און זכוס־אוועס, העז פון דיין צאד, העז פון באאלאד נר״ו׳ס צאד, וועט אייד בעוואדע ביישטיין.

און פאריאג, ראט איך דיר, די מארע־שכוירע, מיט וועלכער דיין בריוו איז אויסגעווייקט, אז עס שניידט באם הארץ, א באסאר־וואדאם אז ביטאכן איז ערגער ווי א בעהיימע, ראכמאנע־ליצלאן. ער דרייט זיך ארום אף דער וועלט, ווי א יאסעם אן א טאטן ; א גאט, בארוד־הו, אין הימל האבן מיר ; פארלאזן פארלאזט ער נישט.

*) געמיינט : אין א מיסנאגדישן בעסמעדרעש מיט די קעגנער פון די כסידים.

אַז דער מענטש פאַלט אַרײַן אין מאַרע־שכוירע, איז אַ סימען, אַז ער האָט, כאַס־וועשאָלעם, קיין עמונע, קיין ביטאָכן נישט. און דאָס איז נישט ווײַט פון ערגערע זאַכן, ראַכמאָנע־ליצלאָן! וואָס איך וויל אָפּילע איבער מײַן מויל נישט ברענגען!

גאָם שרײַב מיר, אַכויסי כאַנע, ווי עס שטייט בײַ אײַך מיט אַר־בעס? אונדזערע צוויי גרויסע סאָכרים, דו געדענקסט דאָך זיי, דער לאַ־מער יויכענען און יוינע סאַגי־נאָהער, האָבן אויפגעהויבן דעם מעקער, און דער פּאָרעץ אונדזערער האָט נישט אַף זרוע... עפּשער וועט זיך, אים־יירצע־האַשעם, מאַכן אַ שטיקל אייסעק... עס איז עפּשער מין־האַ־שאָמאַיִם, איך זאָל האָבן צושטײַער צו כאַסענע־הויצאָעס. דײַן טויווע פאַרלאַנג איך, כאַס־וועשאָלעם, נישט אומזיסט; זאָל זיך נאָר עפּעס מאַכן, שיק איך אײַך אַף הויצאָעס, זאָלסט קומען אים באַאַלאָד האַמופּלעג, שעיִיכיע, אַף סאָשע־ביילע, שעטיכיעס, כאַסענע, איך וועל נאָך פאַר דיר אַ מאַטאָנע געבן — דראָשע־געשאַנק מיצאַד האַקאַלע!

כאַווע־גיטל, שעטיכיע, גריסט דיך גאָר פריינטלעך. אַליין שרײַבט זי נישט, ווײַל עס איז היינט בײַ אונדז יאַריד; זיינען געקומען צוויי סאָכ־רים פון די זאַמאָשטשער אַכלער און ווילן דאַווקע געפילטע פיש. די קאַלע, שעטיכיע, איז געגאַנגען צום שנײַדער אָנמעסטן אַ מאַלבוש, און מיך האָט מען דאָ אַליין איבערגעלאָזט פאַר אַ שוימער באַם קוימען.

און זע, לעמאַן־האַשעם, אַכויסי כאַנע, נישט צוצולאָזן זיך צום האַרץ, אָוועקטרײַבן די מאָרע־שכוירע און לעבן מיט ביטאָכן. ווער עס שפּײַזט אַ ווערעמל אַף דער ערד און אַ פייגעלע אין נעסט, וועט דיך אויך נישט פאַרלאָזן.

גרים באַאַלאָד, וכו',

פון מיר אָכיך
מ ע נ אַ כ ע ם ־ מ ע נ ד ל

## צווייטער בריוו

החיים והשלום לאחותי מרת חנה תחיה.

איך האָב דײַן צווייטן בריוו דערהאַלטן. ער איז געווען דורכגעווייקט פון טרערן און פול זילזולים קעגן מיר, זוגאָסי כאַווע־גיטל, שטעכיקע, און אָפּילע ביטי האַקאַלע, ביילע־סאָשע, שעטיכיע, און איך האָב דערפון

פיל שפּיכאַס־דאָמים געהאַט, וואָרעם פּאַרוואָס אַכויסי כאַנע, דו זאָגסט, אַז איך בין, כאַס־ווּעשאָלעם, אַ גאַזלען, אַז איך האָב דיך געטראָפן, כאַס־ווּעשאָלעם, אין וואַלד, און איך האָב דיך געהאַרגעט, כאַס־ווּעשאָלעם; אַז דורך מיר און זוגאָסי כאַווע־גיטל, שעטיכיע, ביסטו פאַרוואָגלט געוואָרן פון דער היים, אַז מײַן טאָכטער בײלע־סאָשע איז, באַ דיר אין די אויגן, אַ כצופּע, ווײַל זי מאַכט זיך זײַדענע מאַלבושים . . . „מה אומר ומה אדבר", אַז איך מוז הערן און שווײַגן, ווײַל איך ווייס, אַז דיר איז אַזוי שלעכט . . . אַז ניט דו רעדסט, נאָר דײַן שווער געמיט רעדט . . .

די זאַך איז אָבער ניט אַזוי. איך בין, כאַס־ווּעשאָלעם, קיין רעצייעך ניט! און זאָל קומען אײנער פון גאַס און זאָגן, אַז די קאָפּאָטע, וואָס איך טראָג אױפן לײַב, איז זײַנע, און ער וויל האָבן אַ דין־טוירע, רעד איך מיט אים ניט דאָס אַנדערע וואָרט און גיי מיט׳ן צום ראָוו. און, אים־יִרצע־האַשעם, אַז דו וועסט קומען אַף בײלע־סאָשעס כאַסענע, האָב איך מיט דיר אַ דין־טוירע, בעפירעש אַ דין־טוירע, פון קיין פּיישער האַלט איך ניט!

און זע אַליין! בענעגייע צו די קעסט, וואָס דו האָסט ניט דערעסן, ביסטו דאָך אַליין מודע אין דײַן בריוו, אַז די סיבע איז געוועזן אַ מאַכלויקעס צווישן דיר און זוגאָסי, טיכיע. ווער עס האָט אָנגעהויבן, איז ניט מײַן זאַך. איך זע נאָר, אַז בעלך איז, קיין אײַנהאָרע, אַ גרויסער גוילעם, „שעהאָלאַך אַכריי אישטוי" . . . איר זענט, זאָגט מען, אין אַ מאָצע־שאָבעס אַנטלאָפן, לײַטן־געלעכטער אָנגעמאַכט. דער טאַטע, אָלעוו־האַ־שאָלעם, האָט געהאַט דערפון גרוים שיווראַס־האַלעוו און קיצער־יאָמים (אַזוי האָט ער בעפייערש געזאָגט; שכיינים האָבן געהערט!), און דו לייגסט אַלץ אַרויף אַף כאַווע־גיטל, טיכיע! מאַכסט איר גלאַט אַ בילבל!

נאָר! מה דהוה הוה — דער טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, איז שוין אַפן אוילעם־עמעס! אוים קעסט, אוים טײַנעס! — שרײַ ביי־וועקײַעם קעגן גאָט, באָרוך־הו.

און זײַ וויסן, אַז ביטי האַקאָלע בײלע־סאָשע איז גאָר, כאָלילע, קיין כצופּע ניט! זי איז נעבעך גאָרניט שולדיק! צו די זײַדענע מאַלבושים נייט מיך דער מעכוטן, דער טאַקיף. אײנמאָל האָט זי אַפילע געוויינט, אַז זי שטעלט אונדז בעדאַלעס. וואָס זאָל מען אָבער טאָן, אַז אין די טנאָים שטייט בעפייערש „ביגדיי־מעשי־וועסאָמעט", און ער טרעט ניט

אַפּ פון די טנאָים. אַז ניט, זאָגט ער, איז אויס, צערייַסט ער די טנאָים! און מער פעלט מיר ניט, נאָר ביטי, טיכיע, זאָל, כאַס־וועשאָלעם, פאַרזיצן!

און זיַי וויסן, אַז דער נאַדן איז אויך נאָך ניט געסילעקט אינגאַנצן בימזומאָנים. צוגעזאָגט האָב איך זעקס, געגעבן דריַי; אַף נאָך שטיי מייעם האָב איך געמוזט געבן אַן אַקט אַפן הויז. וּווייסטו דאָך, אַז דאָס הויז איז אַפן טאַטנס, אָלעוו־האַשאָלעמס, נאָמען, — קאָסט וויַטער געלט, איידער מע קאָן פאַרשריַיבן, וד״ל... אַף דער רעשט האָב איך געגעבן אַ זאָלאָ־וועקסל אַף סטעמפּעל, „וליתר תיקף ועוז״ — נאָך אַ ביירעם־קוויטל. און אַצינד בין איך ערשט אין דער קלעם, אַז דער ריבוינע־שעל־אוילעם זאָל זיך מעראַכעם זיַין.

נאָר רייד מיט אַ יִדענע! ניט אומזיסט האָבן אונדזערע כאַכאָמים געזאָגט: „נשים דעתן קלות״, און מענטשן זאָגן: לאַנגע האָר — מיידלוויַיז, מיין איך, — און קורצער סייכל. איך שריַיב דעריבער באַזונ־דער לעבאַאַלאָך, שעיִכיע; ער איז אַ מאַנצבל, אַ בען־טוירע, אַ מופלעג־בעטוירע, און ער וועט וויסן, אַז אַ באָסאָר־וואָדאָם טאָר זיך ניט אַרויפ־לייגן אַף אַן אַנדערן באָסאָר־וואָדאָם, וואָרעם „וכשל ונפל עזור״, — אַ באָסאָר־וואָדאָם קאָן קוים זיך אַליין דערטראָגן... אַ מענטש מוז האָבן ביטאָכן.

און איך בין באָטועך, אַז גאָט וועט דיך, כאַס־וועשאָלעם, ניט פאַר־לאָזן; ער פאַרלאָזט ניט קיין שוואַכע פליג! נאָר פון ריבוינעשעלאוילעם קאָנסטו געהאָלפן ווערן, צו אים זאָלסטו מיספּאַלעל זיַין, און איך פון מיַין צאַד, אַז איך וועל, אים־יִרצע־האַשעם, זיין באַ אים, זאָל לעבן, וועל איך אָנגעבן פונדיַינעטוועגן אַ קוויטל מיט אַ באַזונדערן פּידיען. צוויי צי דריַי מאָל ח״י, און עס מוז פּויעלן:

און בענעגייע צום אַרבעס, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. איידער וואָס, איידער ווען, האָט זיך גאַווריִעל דער פאַכטער אַראָפּגעבערענגט פון איַיער געגנט עטלעכע פורן אַרבעס. פאַרדינט האָט ער אַ מאַטמען! ער מאַכט שוין כאַסענע אַ זון און גיט שוין נאַדן... וואָס קלערסטו, אַז גאָט וויל, פעלט דיר אַף אַ מאַרקע, פאַרשפּעטיקט זיך דיַין טשוּווע אַף מיַין בריוו, און גאַווריִעל ווערט דער כאָכעם!

און וואָס דו שריַיבסט, אַז דאָס קינד דיַינס איז ניט בעקאַוו־הבאַריִע, זאָל טאַקע דער רויפע כוילים העלפן; אין סאַקאָנעס־נעפאָשעס גלייב ניט; נאָר אָן מאָרע־שכוירע! איך האָב געטאָן מיַינס. איך בין אויפ־

געשטאַנען גאַנצפרי, געגאַנגען אין גרויסן בעסמעדרעש אַריַין, אַריינגע־וואָרפן אין מייער באַל־האַנעס, אויפגעשריבן אַף דער מיזרעד־וואַנט „לרפואה שלמה" מיט גרויסע אויסיעס. און, אויב עס וועט זיַין, אים־יִרצע־האַשעם, אַ לייזונג, וועל איך נאָך שיקן ליכט אין שול אַריַין. דעם רעבן, זאָל לעבן, וויל איך אויך מוידיִע זיַין. און ניט דערמאָנען, אַז באַאַלאָך איז ניט זיַין כאָסיד, און דו ווייסט, אַז באַ אים, זאָל לעבן, בין איך אַ בען־באַיִס...

פון מיר אַכיך
מענאַכעם־מענדל

איקער שאַכאַכטי. מירל־פייגע, דעם דיַיענס טאָכטער איז לוי־אַלייכעם, געווען מאַקשע־ליילעד, האָט מען אָראָפּגעברענגט אַ דאָקטער פון טאָמאַ־שאָוו, און דער מאַן איז טייקעף אַוועקגעלאָפן צום רעבן, זאָל לעבן. צי דער דאָקטער האָט קאַליע געמאַכט, צי וואָס, נאָר אַז דער מאַן איז גע־קומען, האָט ער זי שוין געטראָפן אַף דער מיטע. ער האָט איר געמאַכט גאָר אַ שיינעם העספּעד. אַצינד רעדט מען אים שידוכים, איך וועל מיך אויך אַריינלייגן אין דער זאַך. עס איז אַ מיצווע אַזאַ שיינעם יונגנמאַן אַ טויווע צו טאָן. אַגעוו, טאָמער באַשערט האַשעם־יִסבאָרעך אַ רייַכן שידעך, וועל איך ניט צולייגן.

אחיך הנ"ל

זוגאַסי כאַווע־גיטל, שעטיכיע, לאָזט דיך גריסן גאָר פריַינטלעך. וועכיין ביטי האַקאַלע שעטיכיע. מיט גאָטס הילף וועסטו, אים־יִרצע־האַשעם, די טעג באַקומען אַ כאַסענע־בריוול. עס זאָל אונדז זיַין צו מאַזל און צו בראָכע.

מענאַכעם־מענדל הנ"ל

---

גיסתי האהובה המיוחסת והצנועה. האשה הכשרה, הלא היא מרת חנה תחיה.

ריישים, בין איך דיר מוידיִע, ליבע שוועסטער און שוועגערן, אַז מעהאַיוים־וועהאַלאַ, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, וועל איך אָפּנעמען דיַינע בריוו, ניט מיַין באַל־בעכי, און אַשפּע וועל איך פון זיי מאַכן! צווייטנס, ליבע שוועגערן, איז דאָס פון דיַין זיַיט, צווישן אונדז געבעדט,

אַ גרויסע כוצפּע, וואָס דו האָסט זיך אָן אונדז אָנגעכאַפּט, און דאַווקע פֿאַר דער כאַסענע, און מאַכסט אונדז די טעג פֿינצטער ווי די נעכט, און ווילסט נאָך אָנמאַכן אַ שוואַרץ־פֿינצטער לעבן צווישן מאַן און ווײַב: דו מוזט, אַפּאָנעם, מיינען, ליבע שוועגערן, אַז דו ביסט נאָך באַם שווער, זיכרוינוי־ליוורכע, אַף קעסט, אַז דו ביסט אַ פֿאַרצויגענע באַס־יעכידע, אָן שום דערעד־ערעץ, און אַז מע גיט דיר ניט דעם טעלערל פֿון הימל, ווילסטו אַלעמען אויסשטעכן די אויגן, די וועלט אומברענגען, און די קוילעס דײַנע גייען אַדלעוו־האַשאָמאַ׳ים. איך געדענק נאָך דײַן טופּען מיט די פֿיסלעך, דײַן זעצן מיט די פֿויסטן אין טיש אַרײַן, בעשאַס ווען דער טאַטע דײַנער שטעלט זיך אין אַ ווינקל אַרײַן, שאָקלט מיטן שאָפּענעם קעפּל, אַז די פּייעס וואַרפֿן זיך אים, ווי די לולאָווים; דער שווער, זאָל ער מיר עס דאָרט מויכל זײַן, זאָגט דאָך אַוואַדע, אַז די באַס־יעכידע איז גערעכט.

טײַערע שוועגערן כאַנע! עס איז שוין צײַט זיך אויפֿצוכאַפּן פֿון שלאָף, צו פֿאַרגעסן די פּוסטע כאַלוימעס און צו זען, אַף וואָס פֿאַר אַ וועלט מע איז. דער שווער, זיכרוינוי־ליוורכע, איז שוין לאַנג אַפּן אוילעם־עמעס; ניטאָ קיין קעסט, אויסגערונען! אַ באַס־יעכידע קאָנסטו נאָר זײַן באַ דײַן אייגענעם מאַן, ניט באַ קיין אַנדערן. און איך ווײַז דיר צוויי מאָל פֿינף פֿינגער!

און דעם בריוו־טרעגער האָב איך זאָהיר־וועהיזאָהייר אָנגעזאָגט, ער זאָל דײַנע בריוו אָפּגעבן מיר צו דער האַנט, ניט מײַן קאָשער בעהיי־מעלע. זײַ ווײסן, ליבע שוועגערן, אַז די גאַנצע וועלט בלאָזט אַף די נעגל פֿון דײַן שיגאָען! ווער עס הערט, זאָגט ניט אַנדערש, נאָר אַ דיבעק, ראַכמאָנע־ליצלאָן! סערל די נעגידע האָט מיר בעפּיירעש געזאָגט, אַז דו ביסט ווערט, מע זאָל דיך קויריִע־קעדאַג זײַן! אַז איך קאָן גאָרניט פֿאַרשטיין, וואָס דו ווילסט האָבן פֿון מיר! ניט איך, כאַווע־גיטל, האָב, כאַס־וועשאָלעם, געשריבן די טוירע; ניט איך, כאַווע־גיטל, בין, כאַס־וועשאָלעם, אַראָפּ מיט דונער און בליצן אַפּן באַרג סינײַ אַוועקצוגאַזלען פֿון דיר דעם דין פֿון יערושע; און אַז דער שווער דײַנער, זאָל מיר עס דאָרט מויכל זײַן, איז געווען אַזאַ באַטלען, ווי דײַן מאַן דער טאַטע, און מע האָט דיר ניט געגעבן קיין שטאַר־כאַצי־זאָכאָר, בין איך שולדיק? און דער ריבוינעשעלאוילעם איז ניט, כאַס־וועשאָלעם, אין מײַן רעשוס; די שליסל פֿון שאַריי־ראַכמים ליגן ניט באַ מיר, — עס איז דאָ צו ווע‏מען

צו שרײַען! האָסט ניט קיין סידער, קיין מאַכזוירים, קיין טכינעס? דאַוון, בעט ראַכמים! און אויב דאָס קינד דיינס איז טאַקע כוילע־מעסוקן, איז דאָרט אויך דאָ אַן אָרן־קוידעש אײַנצורײַסן, קוואָרים צו מעסטן, און מײער באַל־נעס אַף צדאָקע פעלט אויך ניט! דו ווייסט אָבער ניט מער, נאָר — כאַווע־גיטל, כאַווע־גיטל און ווידער כאַווע־גיטל! פעלט דיר פּאַרנאָסע, ווער איז שולדיק? כאַווע־גיטל! גיסטו צו איר אויס דײַן ביטער האַרץ; איז דיר קראַנק דאָס קינד, ווער איז שולדיק? מיסטאָמע כאַווע־גיטל, און פּאַרשרײַסט מיר דעם קאָפּ! און איך, איין גאָט אין הימל וויים דעם עמעס, בין כוילע־מעסוקן, איך פּאָכע מיט דער נעשאָמע און באַ אַ ליאַדע אַגמאַס־נעפעש ווער איך מאַמעש אויס מענטש. און אַז מיך כאַפּט אָן דער הוסט, איז טאַקע סאַקאָנעס־נעפאָשעם, מײן איך, אַז עס עקט זיך מײַן וועלט. איך בין, ווי מע זאָגט: אַ פוס אין שטוב, אַ פוס אין גרוב. און אַז די דאָקטוירים וועלן מיר נאָך הייסן פּאָרן קיין אויסלאַנד וואַסער טרינקען, בלײַב איך אָן אַ העמד, כאַס־ווּעשאָלעם; און אַף וועמענס הענט לאָז איך איבער די שטוב, די פּאַרנאָסע, די זעקס קינדערלעך, וואָס?

דו ווייסט, דאַכט זיך, אַז אַף מיר שטייט דאָס גאַנצע הויז, אַז אַלץ ליגט אַף מײַן קאָפּ, אַז ווי אָכיך מענאַכעם־מענדל גיט זיך נאָר אַ ריר, איז באַלד אַ שאָדן; ליימענע הענט האָט ער, דאָס שלימאַזל! אַ מענטש זאָל ניט טויגן ניט צו גאָט, ניט צו לײַט; זאָל ניט אַרײַנטאָן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער אַרײַן, גאָרניט! פעלט מיר נאָך עס זאָל קומען דער דאָקטער און זאָגן, אַז עס וואַקסט באַ מיר די מילץ אין דער ברייט, אַז די סאַקאָנע איז, כאַס־ווּעשאָלעם, זייער גרויס, אַז איך ברויך גרויס ראַכ־מים! — קומסטו און מאַכסט מיך פאַר אַ גליקלעכע נעגידע, איך זאָל דיר העלפן.

ליבע שוועגערן, איך זאָג דיר בעפייערש, אַז דו האָסט אַ האַרץ פון אַ טאַטער, ניט פון אַ יידישע טאָכטער; ביסט פּאָשעט אַ מענטש אָן ראַכמאָנעס! שוין צײַט, זאָלסט גאָר אינגאַנצן אויפהערן מיט דײַנע ליבהאַרציקע בריוועלעך! און זע, לעמאַן־האַשעם, צו קומען אַף דער כאַסענע, וואָס וועט זײַן, אים־יִרצע־האַשעם, גאָר קירצלעך. ווען, וויים איך נאָך אַליין ניט, ווײַל איך וויל עס ניט נעמען אַף מײַן אַכרײַעס. זאָל מענאַכעם־מענדל פּאָרן צום צאַדיק און אָפּשטעלן אַף זײַן באַראָט, ווען די כאַסענע זאָל זײַן אין אַ מאַזלדיקע שאָ, און איך וועל דיר שוין מוידיע

זײַן. מאַטאַנעס ברענגען דאַרפסטו ניט. און אַז דו װעסט, אים־ירצה־השם, קומען אים באַלאַד האַמופּלע, שעינכיע, װעט איר בײַ מיר זײַן פון די געהויבענע געסט, איך װעל אײַך זעצן אויבנאָן; און די קאַלע בעט אײַך אויך זײער און זײער, איר זאָלט קומען אױף דער כאַסענע, נאָר איר זאָלט אײַך לײַטיש פירן, ניט, כאַס־װעשאָלעם, פאַרגעסן, װוּ איר זײַט אױף דער װעלט, און ניט אָנטאָן קײן כאַרפּעס־אובושעס.

גריס באַלאַד, שעינכיע, מיטן קינד לירפוע־שלײמע.

פון מיר דײַן שװעגערן
כ אַ װ ע ־ ג י ט ל

## ב

פיר בריװ, װאָס כאַנע האָט באַקומען פון מאַן שמועל־מױשע

### ערשטער בריװ

זוגתי האהובה מרת חנה תחיה.

װען מײַן בריװ װעט קומען צו דיר איז דער האַנט אַרײַן, װעל איך, באַלאַד שמועל־מױשע, שוין זײַן אין מערכאַקים. און איך בעט בײַ דיר סליכע־אומעכילע אױף דעם. איך בין אַװעק פון דיר ניט מיט מײַן גוטן װילן. איך האָב שוין לענגער ניט געקאָנט אויסהאַלטן; איך האָב געזען בעכוש, אַז עס איז קאָלו־קאָל־האַקיצן, אַז עס איז שוין די צאָרעס ניט צו דערטראָגן; דעם נאָדן האָבן מיר אויפגעגעסן, די יערושע האָט דײַן ברודער דער גאַזלען אײַנגעשלונגען, ער האָט באַנוצט די צײַט, װען די בריװ זײנען צװישן אײַך געגאַנגען, און האָט פאַרשריבן דאָס הויז אױפן מעכוטנס נאָמען, — צושלאָגן זיך צו'ן אַ שטיקל אײסעק האָב איך ניט געקאָנט, ניט געהאַט מיט װאָס; איז מיר קײן אַנדערע אײצע ניט געבליבן נאָר, אָדער זיך, כאַס־װעשאָלעם, צו הענגען, װי מױשע דער שנײַדער האָט געטאָן, אָדער אַנטלױפן קײן אַמעריקע — האָב איך אויסגעקליבן אַמעריקע; זאָל איך כאָטש יענע װעלט ניט פאַרלירן, און אין אַמעריקע װעל איך שוין ניט זײַן קײן באַטלען, קײן „קלי־יאַקאָר”; איך װעל מיט גאָטס הילף מיטן שװײס פון שטערן, מיט מײַנע צען פינגער פאַרדינען אױף אַ שטיקל ברויט, ביז האַשעם־יתּבאָרעך װעט זיך מעראַכעם זײַן און

וועט אַריינשיקן די בראָכע אין מײַנע צען פינגער, און עפּשער וועט ער גאָר בענטשן דײַן מיסכער דאָרט מיט די ציבעלעס און וועט אונדז צוריק צוזאַמענפירן אָדער מיך צו דיר אָדער דיך צו מיר! אמן, כן יהי רצון.

און איך בעט דיך זייער, ליבע, גוטע כאַנע, זאָלסט דיך ניט אַזוי מעצאַער זײַן, ניט אַזויפיל וויינען. דו ווייסט, אַז מײַן גאַנצער מיין מיטן אוועקפאָרן איז נאָר — פּאַרנאָסע, נאָר דאָס שטיק ברויט! דו ביסט זוגאָסי כאַנע, און איך בין דײַן מאַן שמועל־מוישע, און ביידע זײַנען מיר צוגעבונדן צום קינד, זאָל לעבן און געזונט זײַן. ווען איך וואָלט געהאַט כאָטש אַ שטיקל טרוקן ברויט, וואָלט איך עס, כאַס־וועשאָלעם, ניט געטאָן... עפּשער וועט זיך דערווײַל האַשעם־ייִסבאָרעך מעראַכעם זײַן, און, אַז דײַן ברודער דער גאַזלען וועט דערהערן, אַז איך האָב דיך, כאַס־וועשאָלעם, געלאָזט אַן אַגונע, וועט ער פּאָרט עפּשער ראַכמאָנעס קריגן, דאָס שטיינערנע האַרץ וועט ווייכער ווערן, און ער וועט דיר גיכער עפּשער שיקן עטלעכע רובל אַף פּאַרנאָסע...

וואָס זאָל איך ריידן, און וואָס זאָל איך זאָגן, מײַן גאָלדענע כאַנע?!

איך מוז דיר זאָגן, אַז די מאַכשאָווע אַוועקצופאָרן און דיך איבערצולאָזן מיטן קינד איז מיר שוין אַ סאַך מאָל אַרויפגעקומען אַפן זינען. איך האָב שוין לאַנג געזען, אַז איך האָב ניט קיין אַנדערע ברייִרע. טאָג אַזוי נאַכט האָב איך דערינען געקלערט, אי באַם דאַווענען, אי באַם לערנען. איך האָב נאָר געוואָרט, דעם קינד, עס זאָל אים זײַן לירפוע־שליימע, זאָל בעסער ווערן. אַז דעם קינד, זאָל לעבן, איז בעסער געוואָרן, האָב איך דאָך ניט געהאַט דאָס האַרץ דיר צו זאָגן, אַז איך וויל אַוועק, ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן... איך האָב מוירע געהאַט, אַז דו וועסט זאָגן, אַז דו ווילסט ניט, און איך וועל ניט קאָנען טאָן קעגן דײַן ראָצן. האָב איך אַלץ אין מיר געהאַלטן, אָפּגעגעסן זיך אין דער שטיק דאָס האַרץ. נאָר אייערנעכטן, אַז דו האָסט אַהיים געבראַנגט אַ פונט ברויט און צעטיילט פאַר מיר און פאַרן קינד, זאָל געזונט זײַן, און געזאָגט, אַז דו האָסט שוין געגעסן באַם שאָכן, און איך האָב דערקענט אַן דײַן פּאָנעם, וואָס האָט באַקומען אַלערליי קאָלירן, — ווײַל דו קאָנסט בעטעווע ניט זאָגן קיין ליגן — אַז דו נאַרסט מיך, אַז דו האָסט אין דײַן מויל ניט געהאַט — האָב איך בעשאַס־מײַסע דערפילט, ווי ווײַט איך זינדיק קעגן דיר! עסנדיק פון ברויט, האָב איך געפילט, אַז איך עס פון דיר דאָס פלייש, כאַס־וועשאָלעם; און דערנאָך, באַם גלעזל טיי, — אַז איך טרינק, אַז איך זויג אויס, כאַס־

וועשאַלעם, דײַן בלוט. עס האָבן זיך מיר מיט אַמאָל די אויגן געעפֿנט; איך האָב ערשט דערזען וואָס פֿאַר אַ פּוישע־ייִשׂראל איך בין! און אויסזאָגן האָב איך פֿאַרט מוירע געהאַט; בין איך אַנטלאָפֿן אַז דײַן יעדיִע, —

באַ יעכיִעל דעם מאַלווע האָב איך פֿאַרזעצט די אייבערשטע קאַפּאָטע מיטן טאַלעס, נאָר, לעמאַן־האַשעם, דאָס זאָל קיינער ניט וויסן — און האָב גענומען אַף הויצאָעס. אַז עס וועט מיר פֿעלן, זײַנען אומעטום דאָ ייִדן בניי־ראַכמאָנים און מע וועט מיך, כאָלילע, ניט לאָזן פֿאַלן אין גאַס. וועל איך אָנקומען צו מאַטנאַס־באָסאַר־וואָדאָם! און אַ ניידער האָב איך געטאָן, אַז איך וועל, אים־ייִרצע־האַשעם, שפּעטער, אַז זײַן ליבער נאָמען וועט זיך מעראַכעם זײַן, און איך וועל וואָס־עס־איז פֿאַרדינען, וועל איך אַליץ אָפּגעבן אַף צדאָקע, מיט רעוואָכים — אים־ייִרצע־האַשעם!

דאַרפֿסט פֿאַרשטיין, מײַן גאָלדענע כאַנעלע, ווי מיר איז שווער און ביטער דאָס אַוועקפֿאָרן... אַז אונדזער איינציק טײַער קינד איז געבוירן געוואָרן, איז מיר אַוואַדע אין זינען ניט אַרײַנגעקומען, אַז איך וועל אים מוזן איבערלאָזן, כאָטש אַף אַ צײַט, אַן אַ טאַטן...

די נאַכט, וואָס איך בין אַוועק, בין איך אָפּגעשטאַנען, אַוואַדע אַ שאָ אָפּן זייגער, איבער דײַן בעט; דו ביסט געשלאָפֿן. באַ דער שײַן פֿון דער לעוואָנע האָב איך ערשט געזען, ווי דו זעסט, נעבעך, אויס! ווי דאָס קינד, נעבעך, איז געל ווי אַ וואַקס... פֿאַר פֿאַבעד און גרויס ראַכמאָנעס האָט מיר דאָס האַרץ געשטיקט; איך האָב שיר ניט אַרויסגעלאָזט אַ געוויין; אוים מענטש בין איך אַרויס פֿון שטוב. איך האָב אָנגעקלאַפּט באַם בעקער, געקויפֿט אַ ברויט, שטילערהייט אַרײַנגעגאַנגוועט זיך אין שטוב און דיר איבערגעלאָזט. איך בין ווײַטער געשטאַנען אַ ווײַלע און האָב קוים קויעך געהאַט אָפּצורײַסן די פֿיס פֿון דער ערד... וואָס זאָל איך דיר זאָגן, כאַנע, אַ מענטש שפּירט אַמאָל אין איין רעגע יעסורים פֿון הונדערט יאָר!

כאַנעשי קרוין, איך וויים גאַנץ גוט, אַז איך בין אַ גאַזלען, אַ רעציייעך, וואָס איך האָב דיר ניט געלאָזט קיין געט, אַל־קאָל־פּאָנעם אַף אַ טנײַ; אָבער גאָט אין הימל איז מײַן איידעס, אַז איך האָב דערצו קיין קויעך ניט געהאַט, קיין האַרץ ניט געהאַט, מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך וואָלט דיר איבערגעלאָזט אַ געט, וואָלט איך, כאַס־וועשאָלעם, געשטאָרבן אונ־טערוועגס פֿאַר יעסורים; מיר זיינען דאָך אַ געטרײַער, קאָשערער זיווג;

האַשעמיִיסבאָרעד אַליין האָט אַפּן זיווּעג מאַסקים געווען. און איך בין צו דיר אָנגעבונדן מיטן גאַנצן האַרץ: איין נעשאָמע אין צוויי גופים. און איך וויים ניט, ווי איך וועל לעבן אָן דיר און אָן דעם קינד, זאָל געזונט זײַן, אַפּילע איין מינוט. און טאָמער זאָגט דיר עמיצער, אַז איך האָב דיך געלאָזט, כאַס־ווּעשאַלעם, אַז אַגונע, גלייב ניט! דען איך, שמועל־מוישע, בין דײַן מאַן, און וואָס איך האָב געטאָן, האָב איך געמוזט טאָן. וואָרעם וואָס טוט ניט אַ מענטש פאַר נויט...

כאַנעשי קרוין, ווען איך וואָלט פאַר דיר געקאָנט אויפרײַסן מײַן האַרץ, דו זאָלסט זען, וואָס דאָרט טוט זיך, וואָלט מיר עפּשער אַ ביסל גרינגער געוואָרן. — אַצינד, מײַן קאָשערע נעשאָמע, לײַד איך גרויסע צאָרעס! די טרערן גיסן זיך מיר פון די אויגן, אַז איך זעט ניט, וואָס איך שרײַב, און דאָס האַרץ קלעמט, און אין מויעד דרייט זיך ווי אַ מיל... און עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן, און דער באַלעגאָלע, דער אַמהאָרעץ, שטייט איבער מיר און האַקט אין טיש אַרײַן און שרײַט: פאָרן, פאָרן!

ריבוינעשעלאוילעם, האָב שוין אַמאָל ראַכמאָנעס אָף מיר, אָף מײַן ווײַב כאַנע, זאָל געזונט זײַן, און אַפּן קינד, איך זאָל נאָך פון אים אַמאָל נאַכעס דערלעבן.

פון מיר, דײַן טרײַער מאַן, וואָס שרײַבט אַפּן וועג אין קרעטשמע.

ש ל ו י מ ע - מ ו י ש ע

## צווייטער בריוו

אישתי חיקרה והאהובה.

וואָס זאָל איך ריידן, וואָס זאָל איך זאָגן; איך זע בעכוש, אַז מײַן־ האַשאָמאַיִם האָט מען מיר געהייסן פאָרן. אַז דאָס איז געווען אַ גאָט־זאַך. דאָס האָט ער מיר אײַנגעגעבן סייכל, איך זאָל אַוועק קיין אַמעריקע; אַלץ, וואָס האַשעם־ייִסבאָרעד טוט, לאָזט זיך אויס צום גוטן.

מײַן ליבע כאַנע! בעשאַס איך מאַך צו די אויגן, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אין דער היים, און עס כאַלעמט זיך מיר פון עק וועלט! וואָרעם בעעמעס, ווער וואָלט געגלייבט, אַז אַזאַ באַטלען, אַזאַ מענטש אָן אַ צונג אין מויל ווי איך, — אַ מענטש, וואָס קאָן קוים אַ צוראַס־מאַטבייע, זאָל פאָרן מיט דער באַן, לאָזן זיך אָף אַ שיף איבערן יאַם און קומען בעשאָלעם קיין אַמעריקע! אַצבע אלהים! — גאָטס האַשגאָכע איז עס... זײַן

ווילן נאָר האָט גויוועד געווען, אַז איך האָב געקאָנט איבערלאָזן דיך מיטן קינד, זאָל לעבן. האַשעם־ייִסבאָרעך זאָל געבן, מיר זאָלן נאָך זוּכע זיַין אים מעגאַדל צו זיַין, לעטוירע, לעכופּע אולעמײַסים־טויווים!

כאַנעלע קרוין! איך האָב מיך פריִער אָנגעזען גרויס וווּנדער אַף דער יאַבאַשע. דאָס איז אָבער גאָרניט קעגן דעם, וואָס איך האָב געזען אַפן יאַם. אַפן יאַם האָב איך פאַרגעסן אַלץ, וואָס איך האָב פריִער געזען אַף דער יאַבאַשע, און אַצינד, בּאַ די וווּנדער אין אַמעריקע, פאַרגעס איך ווײַטער דעם יאַם!

און אַף דער שיף האָב איך, אין דער האַסכאָלע, גרויס צאַר און אַגמאַס־נעפעש געהאַט; טאַקע איין־לעשאַער. נאָר דאָס אַלץ איז אויך געווען לעטויווע, און איך גלייב, אַז איך האָב דאָס אַלץ איבערגעלעבט אין דײַן זכוס און אין זכוס פון אונדזער איינציק קינד!

כאַנעלע, דו מוזט אַוואַדע געדענקען לייב כאַזן, וואָס איז אַמאָל, מיט עטלעכע יאָר צוריק, געקומען צו אונדז אין שטעטל אַרײַן און האָט בּאַ אונדז געדאַוונט יאָמים־נויראָים. מאָצע־יאָם־קיפּער, געדענק איך, האָסטו מיר געזאָגט, אַז צײַט דו לעבסט, האָסטו נאָך אַזאַ דאַוונען ניט געהערט. איך געדענק נאָך אַפילע דאָס לאָשן, ווי דו האָסט מיר געזאָגט: לייב כאַזן צעשרײַט זיך ווי אַ לייב און צעוויינט זיך ווי אַ קינד...

אַף מאָרגן איז געוואָרן עפּעס אַ מאַכלויקעס אין שטעטל. מע האָט לייב כאַזן ניט אין זינען געהאַט, ניט רעכט בּאַצאָלט; און ער איז, נעבעך, אַרומגעגאַנגען אין די הײַזער... געדענקסט, מיט אַ קליין מיידעלע, גנענדל האָט זי געהייסן. זי האָט נאָכגעזונגען דעם פאָטערס ניגונים מיט איר קינדיש קעלכל... אַז זיי זיינען אַרײַנגעקומען צו אונדז, האָסטו אַף איר גרויס ראַכמאָנעס באַקומען, האָסט זי גענומען צו זיך אַף דער שויס, גע־קושט אין קאָפּ, האָסט איר עפּעס געשענקט, איך געדענק שוין ניט וואָס, און האָסט זיך נאָך צעוויינט פאַר ראַכמאָנעס אַף דער אָרעמער יעסוימע אָן אַ מאַמען... דיך וווּנדערט עפשער, וואָס איך געדענק אַזוי אַלץ?

זײַ וויסן, כאַנעלע קרוין, אַז איך געדענק אַלע דײַנע זיסע רייד, אַלע דײַנע טנועס, וואָס האָבן טויזנט כיין געהאַט; שטענדיק שטייסטו מיר פאַר די אויגן! פאָרנדיק אַפן יאַם, האָט זיך מיר אויך וואָס אַמאָל גע־דאַכט, אַז דו שטייסט נעבן מיר, דאָס קינד האַלט זיך אָן דײַן פאַרטעך, און איך הער דײַן קאָל און דעם קינדס קאָל, און עס קלינגט מיר אין די אויערן מיט אַזאַ זיסקייט, וואָס איז גאָר ניט צו באַשרײַבן. —

און אַצינד האָב איך מיך מיט דעם אייגענעם ליב כאַזן אַפּן וועג געטראָפן. ניט צו זינדיקן מיט די רייד, איז דער ליב כאַזן גאָר אינגאַנצן אַראָפּ פון וועג! גאָר, גאָר...

אַף דער שיף האָט ער ניט שטאַרק געקוקט, יאָ קאָשער, ניט קאָשער; טרינקען טרינקט ער ווי ניט קיין ייִד... איבער דער גאַנצער צײַט האָב איך אים ניט געזען אין טאַלעס־און־טפילן... אָדער ער זאָל בענטשן נאָכן עסן... גיין גייט ער אַרום גאַנצע טעג אָן אַ היטל... און לוי־דייַ, וואָס ער אַליין איז אַזוי, פירט ער נאָך די טאָכטער אין זײַנע דראָכים... די דעמאָלטיקע גנענדל וועט הײַנט זײַן אַ יאָר זיבעצן, וואָלסטו זען — אַ פּאָרטרעט! און ער הייסט איר, זי זאָל זינגען און טאַנצן פאַר די פּאַסאַזשירן פון שיף, און זי זינגט אַף קאָמע־וועקאָמע לעשווינעס, ראַכ־מאָנע־ליצלאָן. לײַט הערן און פּאַטשן מיט די הענט פאַר נאָכעס און שרײַען, דאָס גוטע־יאָר וויים זיי וואָס! און עס גייט צו אויסגעלאַסן און פאַרשײַט, אַז — כאָלאָשעס!

צום אַלעם ערשטן, וואָס זאָל איך לייקענען, האָב איך מיך מיט זיי זייער דערפרייט. פאָרט, טראַכט איך, היימישע מענטשן, איך וועל שוין ניט אַרומגיין אַזוי עלנט, אַזוי איינער אַליין. האָב איך דערנאָך אָבער געהאַט גרויס שיוואַס־האַלעוו; איך האָב ניט געקאָנט צוזען זײַן הים־נאַהאַגוס מיט דער טאָכטער. און טיילמאָל האָט מיך געשניטן אין האַרצן, ווי אַ ייִד אַ באַל־טפילע, וואָס פלעגט שטיין פאַרן אָמעד, זײַן אַ שעליִעך פון קנעסעס־ייִסראָעל פאַרן ריבוינעשעלאָוילעם, רעדט גאָר פּאַשעט ניוול־פּע, אַז די גאַס קערט זיך איבער. און אַ קאָל האָט ער, איז עס דורכגעברענט פון בראָנפן...

איז דאָך גוט, נעמען זיי זיך נאָך צו מיר און ווילן מיך מאַכן פאַר אַ לײַט! כוויזעק מאַכן זיי פון מיר אַף דער שיף: מע הערט ניט מער נאָר: באַטלען, שוויטע... ער צופּט מיר די פּייעס, זי רײַסט די ציצעס פון טאַלעס־קאָטן, און די גאַנצע שיף האָט מיט מיר צו טאָן!

און וואָס פאַרדריסט זיי? וואָס איך בין אַזוי אָפּגעהיטן פון טאַרפעס, וואָס איך וויל בעסער פאַסטן, איידער עסן פּת עכו״ם.

דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיך פײַנט צו קריגן, רוק איך זיך אָפּ אָן אַ זײַט, באַהאַלט מיך אין אַ ווינקעלע און וויין מיר אויס דאָס האַרץ אין דער שטיל...

דער אוילעם געפינט מיך אָבער און מאַכט פון מיר לייטנ־געלעכטער.
איך האָב געמיינט, עס איז מיין עק!

ערשט אַצינד, אין אַמעריקע, זע איך, אַז דאָס אַלץ איז געווען
אַ גאָט־זאַך!

אַז דאָס האָט מיר גאָט, מיט זיין גרויס בעסעד, אָנגעגרייט ליב כאַזן
מיט דער טאָכטער אין אַמעריקע, ווי ער האָט אָנגעגרייט יויסעפן פאַר
זיינע ברידער אין מיצראַים.

וואָרעם, וואָס וואָלט איך אָן זיי געטאָן? אַ מענטש אָן לאָשן, אָן
אַ מעלאָכע, ניט ווייסנדיק, וווּ אַ טיר עפנט זיך!

און ליב כאַזן איז דאָ אַ גאַנצער בעל־באָס. ענגליש רעדט ער ווי
אַ וואַסער. טייקעף, אַזוי ווי איך בין נאָר געקומען, האָט ער מיך אַריינ־
געפירט אין אַ ציגאַרן־פאַבריק, און — איך אַרבעט און פאַרדין שוין!

דערוויילע וווינען מיר אַפילע אין איין דירע, וואָרעם, פרעג מיך בע־
ריירעם, וויאַזוי מע גייט דאָ דינגען אַ דירע!

אויך זיינען זיי, — טאַקע גאָטס בעסעד, בענעגייע צו מיר גאָר
אַנדערש געוואָרן.

גנענדל מאַכט שוין ניט כויזעק אויס מיינע באָרד און פּייעס און
האַלט זיך פון מיר פונוויינטנס, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ייִדישע טאָכטער.
זי קאָכט פאַר אונדז, און דאָס איז זייער וויכטיק, האַגאַם פליישׁ עס איך
ניט, נאָר אייער, און טיי טרינק איך אָן מילך. וואַשן וואַשט זי אויך.

פון דעם איז בעעמעס אַ מוסער אַרויסצולערנען, אַז טאַקע וואָס דער
ריבוינעשעלאָוילעם טוט, טוט ער צום גוטן? גאָר פּאָשעט: אין ד י י ן
זכות!

נאָך אָף דער שיף, אַז איך האָב געזען, אַז איך וועל עס פון זיי ניט
אויסהאַלטן, האָב איך מיר געמאַכט אַ האַרץ, און בין צוגעגאַנגען צו
גנענדלען, און געזאָגט צו איר, אַז איך בין דיין מאַן. איך האָב זי דער־
מאָנט דעם נאָך־יאָמקיפּער, ווען זיי זיינען באַ אונדז אין שטוב געווען,
וויאַזוי דו האָסט זי מעקאָרעוו געווען, גענומען אָף דער שויס, און אַזוי
וויַיטער...

טייקעף־אומיָאַד איז זי אַנדערש געוואָרן. זי האָט אָף מיר ראַכמאָנעס
געקריגן, די אויגן זיינען איר מיט טרערן פאַרלאָפן. זי איז באַלד צוגעלאָפן
צום פאָטער, און האָט מיט אים איבערגעשמועסט די זאַך, און באַלד איז
געוואָרן אַ שאַלעם.

טייקעף האָבן זיי געבעטן דים שיפס־קאַפּיטאַן, ער זאָל מיך הייסן בעסער באַהאַנדלען. און אַזוי איז געווען!

איך האָב אָנגעהויבן צו באַקומען ברויט, וויפל מײַן האַרץ האָט געגלוסט, און טיי, וויפל איך האָב געוואָלט. די שיפס־לײַט האָבן מיך אויפגעהערט צו פּײַניקן. איך האָב אָנגעהויבן אָפּצואָטעמען.

דאַרפסטו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ כשוווע די גנענדל איז געווען באַ די לײַט! און עס איז קיין וווּנדער ניט; ערשטנס, איז באַ זיי דעריקער אַ יעפּאַס־טויאַר; פאַר אַ יעפּאַס־טויאַר וואָלטן זיי אין יאַם אַרײַן געשפּרונגען; צווייטנס, איז גנענדל זייער אַ גוטע בעטעווע, און האָט קיין באַ לײַט, דעם זיבעטן כיין!

אַצינד, מײַן גאָלדן ווײַבעלע, וועל איך דיר אָנזאָגן אַ בסורע־טויווע;

לייב כאַזן זאָגט מיר צו, אַז איך וועל פאַרדינען, לעכאָל־האַפּאָכעס, ביז צען דאָלאַר אַ וואָך.

איך רעכן זיך אַזוי צו פירן: אַ העלפט — פינף דאָלאַר, וועל איך דיר שיקן, און פינף וועל איך מיר באַהאַלטן. דערפון וועל איך לעבן און וועל מיר נאָך אָנזאַמלען צו קויפן ש״ס; מישנײַעסלעך האָב איך מיטגענומען. עס איז באַ מיר געבליבן, איך זאָל יעדע וואָך לערנען, לעכאָל־האַפּאָכעס, צען בלאַט געמאָרע. קיין טאַלעס וועל איך דערווײַל ניט קויפן, ווײַל איך דאַוון לעסאַטע אין לײַב כאַזנס טאַלעס... וואָרעם לייב כאַזן האָט מיטגענומען אַ טאַלעס!

צו וואָס, אַפּילע, ווייס איך ניט. וואָרעם דאַוונען דאַוונט ער ניט אַ וואָרט!

איך רייד מיר אײַן, אַז דאָס איז אויך מין־האַשגאָכע; מע האָט׳ן געהייסן פירן פאַר־מײַנעטוועגן אַ טאַלעס.

און עפּשער רעכנט ער צו דאַוונען דאָ יאָמים־נויראָים פאַרן אָמעד? עס גייט צו יאָמים־נויראָים! איך ווייס? אין אַמעריקע איז אַלץ מעגלעך! דאָ איז אַ פאַרקערטע וועלט!

און דער איקער — איין דאָלאַר וועל איך באַהאַלטן און זאַמלען, מיט האַשעם־ייִסבאָרעכס הילף, פאַר דיר מיטן קינד אויף הויצאָעס, איר זאָלט דאָ ביידע קומען אַהער. וואָרעם איך זע בעכוש, אַז עס איז האַשעם־ייִסבאָרעכס ראָצן, איך זאָל שוין בלײַבן דאָ אין אַמעריקע. און דער ריבוינעשעלאָוילעם ווייסט בעסער, וואָס עס איז גוט פאַר אַ מענטש.

ווייסט, וואָס איך וועל דיר נאָך זאָגן? אַז אַצינד בין איך שוין ניט

מער אין קאָס אַף דײַן ברודער דעם גאַזלען; װײַטער דאָס אײגענע: איך זאָג, אַז דאָס איז אױך מין־האַשאָמאַים! אַנדערש קאָן גאָרניט מעגלעך זײַן, אַ מענטש זאָל האָבן אַזאַ גאַזלאָניש האַרץ קעגן אַן אײגענער שװעס־טער.

נאָר דאָס אַלץ האָט מען געפּירט, איך זאָל אַנטלױפֿן קײן אַמעריקע און דיך אַהער נעמען. און אַז גאָט װעט מיר העלפֿן, איך װעל קומען צו עפּעס געלט, װעל איך אים נאָך, דעם ברודער דײַנעם, אױך באַהילפֿיק זײַן. ער איז אַ קאַבצן, זאָג איך דיר! איך זע דאָך: װאָס באַ אונדז הײסט אַ גװיר, הײסט דאָ, אין אַמעריקע — אַ שלעפּער;

איך ענדיק דעם בריװ, איך מאַך דאָס מאָל בעקיצער, האַגאַם, איך האָב נאָך אַ סאַך, אַ סאַך צו שרײַבן. װײַל איך האָב מורע, לײב כאַזן מיט גנענדלען זאָלן ניט אַרײַנקומען צו מיר אין שטוב; איך װיל ניט, זײ זאָלן זען, װאָס איך שרײַב דיר. און איך בעט דיך זײער, דו זאָלסט מײַנע בריװ ניט װײַזן קײן שום בען־אָדאָם! װאָס דאַרף אַ פֿרעמדער װיסן, װאָס באַ אונדז קומט פֿאָר? ·

און איך האַלדז און קוש דאָס קינד, זאָל לעבן! גיב אים אױך אַף מײַן כעשבן צען טױזנט הײסע קושן, — הערסט?

פֿון מיר דײַן מאַן

ש מ ו ע ל ־ מ ו י ש ע

## דריטער בריװ

אישתי האהובה.

איך געדענק דאָס ערשטע מאָל, אַז יױכענען שוסטער איז אַװעק פֿון אונדז קײן אַמעריקע, האָט מען אַנגעהױבן שטאַרק װעגן אַמעריקע צו שמועסן; װיאַזױ מע פֿירט זיך דאָרט, װי עס גײט צו.

מע האָט געפֿרעגט, אױב מע גײט דאָרט ניט אַפֿן קאָפּ. און, עמעס איז, אַז דאָ איז אַ פֿאַרקערטע װעלט! קײן שום סײדער; בלױז קױלעם מיט גװאַלדן, װי באַ אונדז אין קאַצאָװישן מיניען!

שטעל דיר פֿאָר, אַז באַ אונדז, לעמאָשל, זאָל קומען פֿאַלטײַעל דער װאַטנמאַכער און יאָסל דער גאַרבער און זאָגן, אַז דער ראָװ אונדזערער איז ניט קײן לאָמדן; װײס איך, אַז ער איז ניט באָקי אין גיטן־אוקדושן; אָדער גאָר, אַז זײ געפֿעלט ניט דער ראָש־האַקאָהאָל! האַקלאָל — זײ

ווילן אַן אַנדערן ראָוו צי אַן אַנדערן ראָש־האַקאָהאָל! נו, נו, וואָלט מען זיך ניט געהאַלטן באַ די זײַטן?

און דאָ, אין אַמעריקע, האָבן אַרבעטער, ציגאַר־שנײַדער, אַזוינע ווי איך, אין אַלעם אַ דייע! — זיי מאַכן מיט באַ דער קאַלפּי, מישן זיך באַ די בווירערים, און טרעף, וואָס זיי קלײַבן אויס? — אַ פּרעזידענט!

און וואָס, מיינסטו, איז אַ פּרעזידענט?

אַ פּרעזידענט איז, ניט מער, ניט ווייניקער, ווי אַ ראָש־וועריש[ן] איבער דער גאַנצער מעדינע! און, ווי איך האָב דאָ געהערט, איז אַמעריקע צען מאָל אַזוי גרויס ווי גאַנץ אייראָפּע! פאַרשטייסט אַן אייסעק? הײַנט שטעל דיר פאָר מײַן שרעק, אַז איך זיץ מיר אַזוי נעכטן באַנאַכט אין שטוב, האָב אין זינען די היים, און מיטאָמאָל עפנט זיך די טיר און עס קומען אַרײַן צוויי אַרבעטער, פּאַשעטע אַרבעטער, וואָס שטייען מיט מיר באַ איין מאַשין, — אַכיינו־בני־ייִסראָעל! און זיי לייגן מיר פאָר צוויי נעמען, איך געדענק אַפילע ניט וואָס פאַראַ נעמען, און זאָגן מיר, אַז איך בין אויך אַן אַרבעטער און מוז זען, מע זאָל אויסקלײַבן אַ פּרעזידענט, וואָס זאָל זײַן גוט פאַר אונדזער קלאַס.

און זיי דערציילן מיר, אַז איין פּרעזידענט האַלט פאַר די רײַכע לײַט, און טרעט מיט די פיס די אַלע, וואָס לעבן פון זייערע צען פינגער; און דער צווייטער, טאַקע דער, וואָס זיי ווילן אויסקלײַבן, איז גאָר אַ דימענט; ער האַלט שטאָל־און־אײַזן פאַר אַרבעטער, און די גראָבע בײַכער רוידעפט ער מיט אַ שרעקלעכער סינע! און נאָך אַזעלכע נאַרישקייטן, וואָס איך האָב שוין גאָרניט פאַרשטאַנען.

אין האַרצן האָב איך זייער געלאַכט, נאָר פון שאַלעם וועגן, — עס פּאַסט דאָך ניט מעוויײַעש צו זײַן קיין מענטשן, — האָב איך זיי געטאָן די טויווע און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אָף יאָ!

אַגעוו, האָב איך טאַקע געוואָלט, זיי זאָלן וואָס גיכער אַרויס פון שטוב, איך זאָל מיך שוין קאָנען זעצן שרײַבן צו דיר דעם בריוו. נו, זאָג אַליין, איז דאָס ניט אַ מעשוגאַס?

נאָך זייערע רייד קומט נאָך אויס, אַז עס וועט ווערן פּרעזידענט דער, וואָס זיי ווילן, וועל איך פאַרדינען צען דאָלאַר, און, כאַס־וועשאַלעם, ווערט אַן אַנדערער פּרעזידענט, וועל איך פאַרדינען נאָר נײַן, און עפּשער אַכט!

און לייב כאַזן זאָגט, אַז ער פאַרשטייט די פּאָליטיק! אַז אין דעם

שטעקט אַ סייכל! און אַז איך וועל דאָ זײַן, זאָגט ער, אַ לענגערע צײַט, וועל איך קריגן אַ יעדן אַ אין פּאָליטיק. מיילע, זאָל זײַן אַזוי, שאָקל איך אים צו מיטן קאָפּ. טראַכט איך מיר: נכנס יין יצא שטות — האָט גע־נומען אַן איבעריקן טראָפּן, רעדט ער פון וועג! האָט ער מיר אָבער געשוואוירן, אַז בעשאַם קאַלפּי, לעבט ער דערפון און עס בלײַבט אים נאָך וועלכער גראָשן אָף שפּעטער; פאַרשטיי איך טאַקע ניט, ווי אַזוי!

נאָר אַלע נאַרישקייטן אַוועקגעלייגט: ניט אונדזער זאַך! זאָל זײַן דער, זאָל זײַן יענער פּרעזידענט, פון דעם וועט אונדזער מאַזל ניט אויפ־שײַנען.

די מײַסע איז, אַז גאַנץ אָפּט פאַל איך אַרײַן אין אַ מאַרעשכוירע, און די טרערן קאַפּען מיר פון די אויגן אָף די ציגאַרן־בלעטער, וואָס איך שנײַד; און באַנאַכט שלאָפט זיך ניט, ווי עס דאַרף צו זײַן!

טיילמאָל הייבט מיר אָן קלינגען אין די אויערן! גאַנצע טעג האָב איך קאַפּווייטיק... און צו דעם אַלעם איז קיין בעסערע רעפּוע ניטאָ, נאָר צו נעמען פּאַפּיר, טינט און פּעדער, און צו שרײַבן אַ בריוועלע צו מײַן גאָלדענער כאַנע.

מײַן טײַערע ווײַבעלע! איך קאָן פון דיר קיין זאַך ניט האַלטן בסו־ד. איך מוז דיר אַלץ דערציילן: איך לערן נאָך דערוויל מישנײַעס; קיין ש"ס האָב איך נאָך ניט געקויפט! און ווייסטו פאַרוואָס? ווײַל איך האָב געמוזט מאַכן גאָר אַן אַנדער הויצאָע.

זײַ וויסן, מײַן גאָלדענע כאַנע, אַז אומעטום איז איין וועלט. האָגאָם מע שרײַט דאָ אַלץ אינײַנעם: פרײַהײַט, פרײַהײַט, איז דאָס אַלץ ווערט אַ ציבעלע! מע האָט דאָ אויך פײַנט אַ ייִד! דאָ איז מען עפּשער נאָך מער מעוואַזע דעם צעלעם־עלויהים פון אַ ייִד! הינט, וואָס זאָלן אַרומ־לויפן אין די גאַסן, זאָלן בילן און רײַסן ייִדישע פּאָלעס, איז ניטאָ, אָבער קיין לאָבוסעס פעלן דאָ אויך ניט. קוים דערזען זיי אַ קאַפּאָטע, ווערט אַ געשריי: „דזשו, דזשו!" אָף זייער לאָשן איז עס פּונקט דאָס אייגענע וואָס בא אונדז „זשיד". און זיי וואַרפן נאָך שטיינער און בלאָטע; בלאָ־טע פעלט דאָ אויך ניט, באָרעך־האַשעם! וואָס האָב איך געזאָלט מאַכן?

האָב איך געטאָן דאָס זעלבע, וואָס אַלע ייִדן טוען דאָ, איך האָב אַרונ־טערגעמאַכט די פּייעס הינטער די אויערן, האָב מיר געקויפט אָף אויסצאָלן ראַטעסוויַיז (אַזאַ מינהעג איז דאָ), דײַטשישע בגאָדים, — האָסטו אַן עק פון געלט, און אויך דו, כאַנעלע, אַז דו וועסט, אים־ייִרצע־האַשעם, קומען,

ווען דו שרייבסט, אַז גנענדל געפעלט דיר ניט, פאַרשטיי איך ניט פאַרוואָס ? וואָס דו האָסט דאָ צו איר ? אויך בין איך ניט מעכּוּיעוו די וועלט מאַכזיר־לעמויטעוו צו זייַן, כוץ דעם, בין איך זיכער, אַז זי טוט דאָס אַלץ דער ביטערער פּאַרנאָסע צוליב ! בעטעווע איז זי אַזאַ קאָשערע נעשאָמע, ווי אַלע יִדישע טעכטער. אַ גאַנצן טאָג, אַז איך מיט לייב כאַזן זיינען מיר אין פאַבריק, קאָכט זי און וואַשט און קערט די שטוב. אוונט־צייַט גייט זי ערשט, צוזאַמען מיטן פאָטער, אין זייערע ערטער, וווּ זי זינגט און שפּילט, און טאַנצט פאַרן אוילעם. איך זיץ מיר אין דער היים, לערן טוירע און שרייַב צו דיר. קעגן האַלבער נאַכט קומען זיי, טרינקען מיר צוזאַמען טיי און מע גייט שלאָפן.

און דאָס, וואָס דו שרייבסט, אַז דיר דאַכט זיך, אַז גנענדל האָט דאָס געמוזט צוגאַנוועגען דעם לעפל, וואָס האָט אונדז דעמאָלט געפעלט, דאָס איז שוין גאָר קיין ווערטער ניט !

גנענדל איז עפשער ניט אַזוי פרום אין עמונע־זאַכן. אָבער אַזוי, אַ פרעמדנס, כאָס־וועשאָלעם, וועט זי ניט רירן ! און, כאָלילע־וועכאָלילע, זי זאָל זיך דערפון ניט דערוויסן ! זי באַהאַנדלט מיך מאַמעש ווי אַן אייגן קינד ; פרעגט מיך אַלעמאָל, צי איך ברויך ניט אַ ווייַם העמד, צי וויל איך ניט נאָך אַ גלאָז טיי !

און בעעמעס איז זי אַ ווויל קינד. אַלץ, וואָס זי פאַרדינט, גיט זי אַוועק דעם פאָטער. הייַנט וואָלסט זען, ווי זי האַלט אים בעקאָוועד, האַגאַם ער איז עם ניט ווערט ! כאָטש ער קומט אַמאָל אַהיים פריילעך, גאָר פריילעך און רעדט פאַר פייַער, פאַר וואַסער !

אויך האָט מיר לייב כאַזן בעפיירעש געזאָגט, אַז ער זאַמלט איר נאַדן, און קומט ער צום ערשטן טויזנטער, זוכט ער איר אוים אַ כאָסן און פירט זי אונטער דער כופּע קעדאָס־מוישע־וועיִסראָעל ! און זי וועט זיך שוין ניט רייַסן דעם האַלדז פאַר אַ פרעמדן אוילעם ! איך ווייס ניט, צי ער מיינט עס ערנסט, נאָר — האַלעוויי ! זאָל אים גאָט העלפן, ער זאָל עס דערגרייכן ; זאָל זי אַוועקוואַרפן די מיִעסע פּאַרנאָסע.

גנענדל איז אַפּילע דערבייַ געוועזן, און זי האָט זיך גערויטלט פאַר בושע, ווי עס פּאַסט פאַר אַן עמעס יִדישע טאָכטער ; אָפּאָנעם, זי איז אויך מאַסקים.

בעט איך דיך דעריבער זייער, מײַן ליבע כּאַנעלע, דו זאָלסט זיך דערוויַיטערן פון לאַשן־האָרע און רעכילעס. דאָס איז גאָר קיין מינהעג נית, קיין יווישער נית; דאָס פּאַסט פּאַר קליינשטעטלדיקע ווײַבער, און דו, גאָלדענע כּאַנעשי, דאַרפסט קומען אין אַמעריקע. דאָ זיינען די ווײַבער גאָר אַנדערש; געזעצטער, ערנסטער און — פּאַרנומענע מענטשן, ווי די מאַנצבלען.

און, צוריק געשמועסט, איז דײַן שמועל־מוישע קיין שנײַדער נית, קיין שוסטער נית, ער זאָל אַוועקוואַרפן אַ ווײַב פּאַר אַן אַנדערע וועגן. דו טאָרסט עס גאָרנית טראַכטן! דאָס איז פּאַר מיר גלאַט אַ כּילעל־האַקאָווער! און זײַ וויסן, אַז דײַנע רייד שטעכן מיר ווי מיט מעסער; און ליב כּאַזן מיט דער טאָכטער זאָלן זיך דאָס דערוויסן, וואָלטן זיי מיך פּאַרלאָזט. איך וואָלט געבליבן איינער אַליין, ווי אין אַ מידבער, עס וואָלט אַ פּאַל געוועזן אומצוקומען, וואָרעם דאָס לאַשן קאָן איך נאָך נית, קוים איינציקע ווערטער, און ווייס נאָך נית, וווּ אוים און וווּ אײַן.

און אַצינדערט בעט איך דיך, און בעט דיך זייער, מײַן ליבע כּאַנע, זאָלסט נעמען דאָס קינד באָם הענטל און זאָלסט מיטן הענטל איבערגיין אַפן פּאַפּיר, ער זאָל מיר עפּעס צושרײַבן; לאָמיך פון אים זען כּאָטש אַ צוראַס־אָם! ריבוינעשעלאוילעם,, וויפל מאָל שטעל איך מיך אַוועק אַן אַ זײַט, איינער אַליין אין אַ ווינקעלע, און וויין מיך גאַנץ גוט אוים! און אַף וואָס וויין איך? אַף דעם, וואָס איך בין נית זוּכע צו לערנען מיט מײַן קינד טוירע! האָב איך וויינִיק האַרצווייטיק דערפון, קומען נאָך די בריוו דײַנע און שיטן מיר זאַלץ אַף די ווונדן. אָט, הײַנט האָט מיך ליב כּאַזן געבעטן, און גנענדל, דאָ הייסט זי סאָפיע, האָט אויך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, איך זאָל גיין מיט זיי הערן, ווי זי זינגט, און זען, ווי זי טאַנצט, און איך האָב נית געוואָלט; האָט ליב כּאַזן ווײַטער געזאָגט: נאַרישער כּאָסיד, זי האָט פּאַרצויגן מיטן נעזל; נאָר מײַן דײַנע! איך וועל מיר גיין אין מײַן דערעד און וועל נית אַראָפּ אַף אַ האָר!

בלײַב געזונט, דו און אונדזער קינד, ווי עס ווינטשט דיר דײַן מאַן

שמועל־מוישע

זע, לעמאַן־האַשעם, די זאַך וועגן די קליידער זאָל בלײַבן בעסאָד. עס זאָל דערפון, באַ אונדז אין שטעטל, קיין יעלוד־איש נית וויסן, איך וואָלט מיך געשעמט די אויגן אויפצוהייבן.

באַאַלאָך שמועל־מוישע הנ״ל

# פערטער בריוו

אל אישתי הצנועה מרת חנה תחיה.

אין צען בריוו האָב איך גנענדלס נאָמען ניט געברענגט איבערן מויל. איך האָב אַפילע דעם פאָטער אירן, לייב כאַזן, ניט דערמאָנט. מיט גרויס מי האָב איך מיר גערונגען אַן אַנדערע דירע, באַ אַ היגן שויכעט, און האָב זיי שוין קאַמע וואָכן ניט געזען. און דו הערסט נאָך אַלץ ניט אויף צו שרײַבן גנענדל און גנענדל, און סאָפיע און סאָפיע! און וואָס ווילסטו פון איר? וואָס? איך ״זאָל אַזוי געזונט זײַן, מיר ביידע זאָלן אַזוי געזונט זײַן, אויך זאָלן מיר אַזוי זויכע זײַן צו זען זיך, צוזאַמען מיטן קינד אין פריידן, ווי איך האָב אַליין געזען, ווי סאָפיע איז אַרײַנגעקומען צום פאָטער אין פאַבריק, און עס איז צו איר צוגעגאַנגען דער דירעקטאָר אַליין און האָט אָנגעהויבן מיט איר צו ריידן, כיינדלעד צו מאַכן; און, האַגאַם איך האָב ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט צו איר, ווייס איך דאָך, אַז ער האָט געמיינט ניט קיין מיצוועס און מײַסים־טויווים, און האָט זי נאָך געוואָלט אָנעמען באַ אַ באַק. נו, וואָס קלערסטו? איך בין ניוול־וועכישטוימעס געוואָרן, אַזאַ פאַטש האָט זי אים דערלאַנגט איבער דער האַנט! און, האָסט נאָך געוואָלט זען, מיט וואָס פאַר אַ גײַווע זי האָט זיך פון אים איבערגעדרייט און אַוועקגעגאַנגען. איך האָב מיך פאָשעט מעכײַע געוועזן...

זעסטו דאָך בעכוש, אַז נאָך אַלע זאַכן איז גנענדל אַ קאָשער קינד, און דו ביסט אַף איר מוציאַ לעז בחינם. דו שרײַבסט, אַז זי וויל מיך אַרײַנכאַפּן ווי אַ פיש אין אַ נעץ אַרײַן, און נאָך אַזעלכע נאַרישקייטן, — שווערן קאָן איך דיר, יאָמקיפּער באַ אַ סייפער־טוירע, אַז עס איז שעקער. און דאָס דיר צוליב דערווײַטער איך מיך פון איר, מײַד זי אויס ווי ווײַט מעגלעך איז. טרעפט מען זיך, ענטפער איך איר אַף הונדערטער ווערטער מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. און ווײַטער דאָס זעלבע: באמונה שלי, אַז דו ביסט זי כוישעד נאָר אומזיסט; דו זינדיקסט, כאַס־וועשאָלעם, פאַר גאָט! נאָר דאָס איז נאָך גאָרניט, איך וואָלט עס, ווי אַלע מאָל, פאַרשוויגן, איז אָבער דערפון אַרויסגעקומען אַ מײַסע, וואָס — גאָט זאָל שוימער־אומאַצל זײַן! איך וואָלט בעסער געוואָלט, די ערד זאָל מיך אײַנשלינגען, איידער אַזאַ בושע!

באַ דער אַרבעט איז מיר איינמאָל, יענע וואָך, ניט גוט געוואָרן;

עפּעס האָט מיר אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן. איך האָב אָנגע־הויבן כאַלעשן. אַז איך בין צו מיר געקומען, בין איך שוין געלעגן באַ מיר אין שטוב אָפן בעט. באַם בעט איז געשטאַנען אַ דאָקטאָר. געזאָגט האָט ער, אַז עס איז אַ פיבער, — אַזוי רופט מען דאָ קאַדאַכעס. אָפּגעלעגן בין איך אַ טאָג צען. און איבער דער גאַנצער צײַט איז ליב כאַזן ניט אָפּגעטראָטן פון מײַן בעט און האָט מיך געראַטעוועט ווי אַן אייגן קינד. שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז, ווען איך בין געלעגן אין היץ, פלעגט סאָפּיע אויך קומען מיך מעוואַקער־כוילע זײַן... און פּונקט דעמאָלט איז איינמאָל אָנגעקומען דײַנס אַ קאַרטל, און וועלכן דו האָסט אויסגע־גאָסן דײַן ביטער האַרץ אויף דער אומשולדיקער סאָפּיע... זיי האָבן אָוואָדע און אָוואָדע די קאַרטע געלייענט, וואָרעם איך בין דאָך געלעגן אין דער היץ...

און ווען דו האָסט געשריבן דײַנע מיִעסע רייד, דײַנע זילזולים, די בילבולים דײַנע, האָבן זיי דאָ פאַר מיר קימאַט דאָס לעבן געשטערעקט... גערופן דאָקטוירים, געבעט און איבערגעבעט, רעפועס דערלאַנגט און עטלעכע אייגענע כפּייצים פאַרזעצט, עס זאָל זײַן מיט וואָס צו ראַטעווען, אַ פלאַש ווײַן אַפילע האָבן זיי מיר געבראַכט. איך האָב זי אַפילע ניט אָנגערירט מיטן מויל: עמעס נעסעד! נאָר זײַן מיין איז דאָך גוט גע־ווען... אַכוץ דעם, פלעגן זיי מיר דרײַ מאָל אין טאָג מעסטן מיט אַ גלעזערן רערל די היץ, אַזוי הייסן דאָ די דאָקטוירים... און ווער האָט מיר דאָס אַלץ דערציילט? טאַקע דער שויבעט מיטן ווײַב; זיי האָבן מיר דאָס אַלץ דערציילט. ווען ניט ליב כאַזן און סאָפּיע, וואָלסטו שוין היינט, כאָס־וועשאָלעם, אַן אַלמאָנע געוועזן! שרײַבסטו אין דער אייגענער צײַט אַזוינע נאַרישע האַוואָלים. פע, אַ כאַרפּע און אַ שאַנד! איך ווייס גאַרניט, ווי דו וועסט קאָנען קומען קיין אַמעריקע, ווי דו וועסט גאָר קאָנען זײַן אין אַמעריקע!

איך האָף, מײַן ליבע כאַנעלע, אַז דו וועסט אָוועקוואַרפן די נאַריש־קייטן און פון היינט מאָל אָן וועסטו מיר שוין דאָס לעבן מיט אַזוינע בריוו ניט פאַרביטערן.

אָפט שלאָף איך ניט באַנאַכט. דאַכט זיך מיר דעמאָלט, אַז איך זע בעכוש, ווי דו זיצסט דאָרט באַם טיש און שרײַבסט צו מיר אַ בריוו. דו שרײַבסט און מעקסט, שרײַבסט און מעקסט, און איך זע דעם בריוו, אָבער פונוויטן דערקען איך ניט די אויסיעס, און איך האָב גרויס צאַר

דערפון, וואָס איך קאָן דעם בריוו פונדערוויַיטן ניט לייענען, און דו געמסט די פעדער, לייגסט זי דעם קינד אין הענטל אַריַין, — אַף דער שוים אַרויף האָסטו אָס גענומען, — און פירסט מיט זיַין הענטל!

און דו זעסט, מיַין ליב וויַיב, אַז איך שיק דיר וואָך באַ וואָך פינף דאָלאַר; אַז איך קום אוים מיט אַזוי וויניק. און אינגאַנצן האָב איך ניט מער, ווי דריַי העמדער; וואָרעם בעטן סאַפּיען, זי זאָל מיר קויפן, קאָן איך ניט. און די שויבעטקע איז יווילעדעם און גייט נאָך פון בעט ניט אַראָפּ, און מאָרגן וועט זיַין, אים־יִרצע־האַשעם, דער ברים מיט מאַזל...

יאָ... ניט דאָס אָבער מיין איך, דער איקער איז — זיַי אַ מענטש פאַר זיך און פאַר דיר, דיַין מאַן,

שמועל־מוישע

א צושריפט אין דער זיַיט איבער דער גאַנצער לענג פון בריוו:

די מינוט באַקום איך פון דיר ווידער אַ בריוו. אַצינד, מיַין כאַנעלע, זאָג איך דיר שוין בעפיירעש און ביפּרוּיטרוּיט, אַז דאָס איז אַ פּאַשעטער שיגאָען, ראַכמאָנע־ליצלאָן! טאַקע, ווי מע זאָגט, מויל און אויערן אויפ־צושטעלן, אַף ווונדער צו לויפן! דו שריַיבסט, אַז דו קאָנסט דיר אויך לאָזן וואַקסן צעפּ און ריידן מיט פּריצים, אַז דו קאָנסט אויך זינגען און טאַנצן — און, אַז דו וועסט צופוס אַוועקגיין צום רעבן און אָפּגעבן אַ קוויטל, ער זאָל שיקן אַ מיסע־מעשונע אַף מיר און אַף זיי — — — —

וואָס שריַיבסטו? וואָס איז עס פאַר דיבורים?

ריבוינעשעלאָוילעם, וואָס איז מיט דיר געוואָרן?

איך קלער און קלער, און ווייס שוין ניט וואָס צו קלערן! איך זאָג דיר מיַין אייצע: זאָלסט אַוועקוואַרפן דיַין לאָשן־האָרע, מיטן רעכילעס, מיט די קלאָלעס! עס פּאַסט ניט פאַר דיר! און איך זאָג דיר, בעלי־ניידער אובעלי־מאַסקאָנאָ, אַז בעזים דו וועסט מיר ניט גיך און באַלד שריַיבן אַ בריוו, ווי אַ קאָשער יִדיש וויַיבל דאַרף שריַיבן, וועל איך דיר פּאַשעט ניט ענטפערן; איך וועל שיקן אַ שעלְיִער־מעיוכעד נאָכן קינד און דיר... הערסט? אַז ניט... וועל איך מיך וואַרפן אין יאַם אַריַין... עס איז אַ פאַל, כאַס־וועשאָלעם, מעשוגע צו ווערן!

דיַין מאַן הנ״ל

## ג

צוויי בריוו, וואָס כאַנע האָט באַקומען פון איר קרויווע פון לובלין און פון איר ברודער.

### ערשטער בריוו.

ידידתי, שארת בשרי, האישה הצנועה והחשובה, מרת חנה תחיה.

ליבע כאַנע! דו ביסט געווען אַ גאַנצער נאַר און אַ האַלבער נאַווי, אַז דו האָסט מיר געשיקט אַ צווייטן בריוו! ווארעם דער ערשטער בריוו איז אַרײַנגעפאַלן מײַן זוילעל־וועסויווע אין דער האַנט אַרײַן; ער האָט אים אַרײַנגעלייגט צו זיך אין קעשענע, און, באַרעד־האַשעם, פאַרגעסן אַפּצוגעבן! אַזוי איז זײַן שטייגער, אַכוץ פרעסן און זויפן ליגט אים גאָרניט אין זינען. נאָר אַז איך האָב באַקומען דעם צווייטן בריוו, איז מיר באַלד אײַנגעפאַלן צו זוכן בײַ אים אין קעשענע. און אַז מען זוכט, געפינט מען.

כאַנעלע קרוין! לעזנדיק דײַנע צוויי ביטערע בריוו, האָב איך גע־מיינט, אַז מע שלאָגט מיך מיט אַ האַק אין קאָפּ אַרײַן. פאַר גרויס צאַר האָב איך ניט געוווּסט, ווו איך בין אין דער וועלט. טייקעף־אומיאַד האָב איך מיך אָבער באַרויִקט. איך האָב מיר אַזוי געטראַכט: לעמאַשל, ווען מײַן מעשוגענער מאַן וואָלט געוואָלט אויקער זײַן קיין אַמעריקע — נו? וואָלט איך דאָך מיר געמאַכט סודאָס־פּורים, געלאָזט זיך קלעזמער שפּילן!

וואָרעם באַרעכן: די גאַנצע פאַרנאָסע מײַנע איז, ווי דו ווייסט, פון פעסל סמאָלע. דאַרף איך, באַרעד־האַשעם, ניט זײַן לאַסקע, קאָן איך גאָר ניט פאַרטראָגן זײַנע טנועס און האַוויִעס, אַז ער קומט צו מיר אין געוועלב אַרײַן.

אַ ייִדענע, ענטפערט ער ניט, דער כאָסיד! נעמט ניט אויס דער האַנט! און, זאָגט ער אַמאָל אַ קוינע אַ מאַנצבל אַ מעקעך, איז עס טאַקע אונטערן קערן! נעמט ער געלט, נאַרט מען אים אַרײַן פאַלשע און אָפּ־געריבענע מאַטבייעס! טוט ער מיר שוין די טויווע און נעמט אַ שטיקל קרײַד אין האַנט אַרײַן און מאַכט אַ כעזשבן, איזעס אַ כעזשבן! זאָל מען מיר אַזוי רעכענען מײַנע זינד אויף יענער וועלט, ווי ער באַרעכנט מײַן סכוירע!

און דאָס, וואָס דײַן מאַן האָט דיר ניט איבערגעלאָזט קיין געט, איז מיר גאָר קיין גרויס וווּנדערט ניט; וואָרעם מײַן מאַן, דער מעשוגענער, לעקט באַ מיר ניט קיין האָניק, ווײַל מיר אויך קיין געט ניט געבן! און צו וואָס זאָל ער מיר געבן אַ געט? עס פעלט אים עפּעס באַ מיר? ער האָט זיך זײַן פײַנע דירע; קומט ער אַהיים, איז גרייט אַ וואַרעמס, דאָס בעט איז געבעט צו דער צײַט, מישאַבעס־לעשאַבעס — אַ ווײַס קלאָר העמד. פיל מאָל איך בעט אים מיט גוטן, ער זאָל גיין צו אַלדי רוכעס, און ער — גאָרניט! ער זאָל זיך עס אַ ריר טאָן! און אַז איך שילט אים אָדער וואַרף אים עפּעס אין קאָפּ אָרײַן, רוקט ער זיך אָפּ אין אַ ווינקל, מאַכט אַ ראַכמאָנעס־פּאָנעם, נעמט נאָך אַמאָל מאַיִם אַף די אײנאַיִם; און איך נאָר קריג אַפּ'ן ראַכמאָנעס! גיב אים נאָך עסן און טרינקען, און ער גייט זיך אַוועק!

און וואָס דו שרײַבסט מיר וועגן דײַן מישפּעט, זײַ וויסן, שוועסטער כאַנע, אַז איך האָב דאָ אַן אַדוואָקאַט גאָר אַ מעפורסעם, וואָרעם, צו מײַן בייז מאַזל, האָב איך אַלץ אינאײנעם ספּראַווע מיט די קעכנס די כצופּעס; הערסטו, כאַנעלע, אַזעלכע דינסטן, ווי מיר האָבן דאָ אין לובלין, איז אַף דער וועלט ניטאָ! וואָס זאָל איך דיר זאָגן — פּרעסערקעס און זויפּערקעס, גאַנווענען מיט די אויגן, אַנטלויפן נאָך פאַרן קוואַרטל; און גיבן מיך נאָך אין סאָנד אַרײַן, איך זאָל זיי באַצאָלן פאַר אַ קוואַרטל! און אין סאָנד איז הײַנטיקע צײַטן, ראַכמאָנע־ליצלאַן, קיין כילעק ניט צווישן אַ דינסט און אַ באַלעבאָסטע, און איך מוז שטיין מיט איר אין איין שורע! איך טאָר אַפילע אַ מויל ניט עפענען, אַ וואָרט ניט ריידן, וואָרעם באַלד גיט דער סודיאַ אַ קלונג מיטן גלעקל און פאַרשרײַבט שטראָף ביז דרײַ רובל. דעריבער גיי איך טאַקע ניט אַליין אין סאָנד אַרײַן, און האָב מיר אויסגעזוכט אַ גוטן אַדוואָקאַט, אַ מויל — שוועבל און פעך, און ער פירט מיר שוין אויס די זאַך, ווי עס געהער צו זײַן. ער האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז דער סודיאַ האָט מיך שוין וויפל מאָל געוואָלט אײנגעשעוון פאַר אַ בילבל, פאַרוואָס איך רײַס אַ דינסט באַ די האָר, אָדער אַזוי פאַר אַ מאַטנאַס־יאַר! קאָן ער אָבער ניט, וואָרעם דער אַדוואָקאַט מײַנער האָט באַ זיך אַלע סאָנדאָווע ביכער, ווייסט אַלע, אָבער טאַקע אַלע זאַקאָנעס, און קלײַבט אויס פאַר־מײַנעטוועגן די בעסטע זאַקאָנעס, און שטעכט אים דערמיט די אויגן אויס, און ער בלײַבט זיצן ווי אַ גוילעם — ווײַל יאָ, ווײַל ניט, שרײַבן מוז ער: פּאַטער, פּאָטער!

און טייקעף־אומיִיאַד, — אַז איך האָב דייַן בריוו באַקומען און האָב דעם פּריִערדיקן געפונען באַם באַטלען מייַנעם אין קעשענע — בין איך געלאָפן צום אַדוואָקאַט, און ער האָט מיך אויפגענומען מיט גרויס קאָוועד, טאַקע באַ זיך אין פייַנעם קאַבינעט, און האָט מיך געבעטן זיצן אַף דער פּלושענער סאָפע.

איך האָב אים דערציילט דייַן גאַנץ אייסעק, פון אַלעף ביז טאָוו, טאַקע ביז אַף דער האָר; און ער האָט אַלצדינג געלאַסן אויסגעהערט, האַגאַם דאָס פּאַרצימער איז געווען פול און פול מיט מענטשן. ער האָט אויסגעהערט און איז זיך אַרומגעגאַנגען אין זאַל אויף און אַפּ.

דערנאָך האָט ער אָפּגעזיפצט און געזאָגט, אַז לויט די זאַקאָנעס, האָט אַ טאָכטער דעם איינענעם דין, וואָס אַ זון, און קריגט אַ גלייַך כיילעק יערושע ווי ער. איז דאָך, דאַכט זיך, גוט? איז אָבער פּאַראַן אַ שלעכטער פּונקט, אַז אַ ווייַב קאָן ניט מאָנען אין סאָנד אָן דעם מאַנס יעדיִע. זי איז אין זייַן רעשוס און מוז האָבן זייַן פּלעניפּאָטענציע...

און אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז דו ביסט, לוי־אַלייכעם, אַן אַגונע, אַז דער מאַן דייַנער האָט דיך אַוועקגעוואָרפן, און דו מעגסט, לויט מייַן סייכל, טאָן אַלץ, וואָס דו ווילסט, האָט ער זיך מיר געשטעלט קעגנאיבער און געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט, לוי מיט אַן אַלעף — הייסט עס!

און טייקעף איז ער צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, האָט זי געעפנט, און אַרויסגענומען אַ בוך, נאָך אַ בוך; אַרייַנגעקוקט און אַוועקגעלייגט, אַריינגעקוקט און אַוועקגעלייגט, און דורכגעוואָרפן אַזוי קאָמע־וועקאָמע ביכער, קליינע און גרויסע און נאָך גרעסערע; איינער איז געווען אַ גראָבער, איך זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד, ווי אַ דאָוועראַכער, און דאָרט, אַפּאָנעם, האָט ער געפונען, וואָס ער האָט געזוכט, וואָרעם ער האָט געקוקט און געקומט.

און דערנאָך זאָגט ער מיר, אַז אויב עס וועט פאַרבייַגיין פינף יאָר, זייַט דייַן מאַן איז אַנטלאָפן, און דו וועסט ברענגען אַ פּאַפּיר פון וואַיט פון דייַן שטאָט, אַז אין די גאַנצע פינף יאָר האָט זיך דייַן מאַן ניט געוויזן, וועט ער, דער אַדוואָקאַט, איינגעבן פאַר דיר אַ פּראָזשבע אין סאָנד אַרייַן, און דער סאָנד וועט דיר געבן רעשוס צו פּראָצעסירן אַן דעם מאַן.

אַזוי האָט ער אויסדריקלעך געזאָגט, און איך גיב דיר איבער זייַנע דיבורים וואָרט באַ וואָרט.

איך האָב אים געגעבן אַ רובל, האָט ער זיך אַפּילע געקרימט, אַפּאָנעם,

וויניק, נאָר גענומען האָט ער; זאָלסט מיר, כאַנעשי קרוין, דעם רובל, לעמאַן־האַשעם, באַלד אָפּשיקן, ווארעם די פּאַרנאָסע איז זייער געשלאָגן און סמאָלע איז היינט גאָר קיין גאַנגבאַר אַרטיקל ניט...

אַצינד צוריק צו דער זאַך...

עס קומט אוים אַף מיינע רייד! איך זאָג דאָס אַלעמאָל, אַז די טוירע־האַקדוישע (זייערע זאָקאָנעס, לעהאַוודל, אַוואַדע!) האָט אונדז אי־בערגעגעבן אין גאַזלאָנישע הענט אַריין. אַ מאַנצבל, אַ גוילעם, אַ לוי־יוצלעד, מעג געמען דאָס ווייב, ווען ער וויל; אַליין, צו דורך אַ שעלי־עד, און אַזאַ איישעס־כאַיל, לעמאַשל, ווי איך בין, קאָן ניט פּאַטער ווערן פון אַ מאַן אַ באַטלען, בעשום אויפן וועצאַד!

גייען מיר ביידע אַף אַ ברים, שטאָפּט מען אים מיט פיש און פלייש פון אַלעם גוטן, און איך — באַקום מילכיקע־ציקאָריע!

זיצט ער אין סוקע, מוז איך אים אַריינשיקן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, און פאַר זיך לאָזן די ביינער!

דריי וואָכן, ניין טעג און אַלע טאַניים האָב איך גלייך מיט אים; סימכאַס־טוירע איז זיין!

ער גייט צום ראָוו, אים גיט מען מעד מיט עפּל! און וואָס וועט זיין דאָרטן, מישטיינס־געזאָגט — דער גאַניידן מיינער? איך וועל זיין דעם מעשוגענעמס פוסבענקל! ער וועט זיך דאָרט זיצן אַף אַ פאָטערשטול, און איך וועל זיין זיין פוסבענקל!

דאָ אַף דער וועלט איז ער לעכאָל־האַפּאָכעס אַ שוואַכער באַסאַר־ווערדאָם, האָט ער פאַר מיר מוירע; אָבער וואָס אין גאַניידן וועט זיין, פרעג מיך בעכיירעם! און, זאָגן זאָג איך דיר אויסדריקלעך, זאָל ער מיר דאָרט אַ שטוים טאָן מיטן פוס, ווייסט דער אייבערשטער, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען!

און צוריק געשמועסט: וואָס טויג דיר אַ געט? גלייב מיר, אַלע הינט האָבן איין פּאַנעם! אַלע — ניט ווערט אַ דרייער! ווייסט דאָך — מיין שוועסטער מיריאָם האָט צען גייענדיקע יאָר געליטן פון איר מאַן, איידער זי האָט פון אים אַרויסגעקריגן אַ געט; דערפאַר האָט זי אים אַוועקגעגעבן דאָס געלט, די מאַלבושים, מיט איין וואָרט — האָקל־קאַאַשער־לאָקל. נו, דאַכט זיך, מאַזל און בראָכע!

האָט זי וויי́טער כאַסענע, טוישט זי שויפערם אַף קאַנע־ביידלעך,

אַ נייַער באַטלען צום קאָרמען! זי שרייַט ווייַטער אַ געט; ער הערט זי ווי דעם ראָוו, און זי האָט שוין ניט מיט וואָס צו באַצאָלן!

בעקיצער, שוועסטער כאַנע, אונדזער מוטער כאַווע האָט געזינדיקט, און מיר לייַדן פאַר אירע זינד! און אייביק וועלן מיר אַזוי לייַדן! דען — פאַר אַ מאַן קאָן מען אפילע אין קיינער ניט אַנטרינען. לאַאוואָדים וועלישפּאָכוים האָט מען אונדז פאַרקויפט, אפילע אַף יענער וועלט אויך! — אַזוי איז געוועזן פאַרצייַטנס, אַזוי איז הייַנט; און לעאָסיד־לאָווואָ וועט אויך אַזוי זייַן, מע מוז לייַדן! וואָרעם וואָס זאָל מען טאָן, אַז עס איז דעם ריבוינעשעלאוילעמס ראָצן אַזוי.

דעריבער, שוועסטער כאַנע, האָב ביטאָכן אַף גאָט, באָרוכהו, פאַר־בלייַב געזונט און פאַרגעס דייַן מאַן! אין אַמעריקע איז ער אַוודע אַרוים לעטאַרבום־ראָאָ, אַזוי טוען זיי שוין שטענדיק, יִמאַד־שמאָם, אַז זיי קומען קיין אַמעריקע!

אין דער האַסכאָלע שרייַבן זיי צוקער־זיסע בריוולעך, שיקן געלט; דערנאָך ווערט עס וואָס אַמאָל וויניקער; שרייַבט מען און מען שיקט שוין געלט אַמאָל אין אַ יאָר, דערנאָך — איין מאָל אין אַ יוווּל... זיי ברויכן דאָרט ניט זייערע ווייַבער! זיי האָבן דאָרט, ראַכמאָנע־ליצלאָן, אַנדערע, בעסערע, פלינקערע ווייַבער.

איך זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד, באַ אונדז אין לובלין איז אין דער יִדישער גאַס ניטאָ קיין הויז אָן אַן אַגונע! שרייַב דרייַ פּייען, זאָג איך דיר, פאַרגעס! זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז דו ביסט אַן אַלמאָנע, כאַס־וועשאָלעם, אָדער אַ גרושע!

זע בעסער צו טאָן אין דייַנע ציבעלעס. זאָל דיר האַשעם־יִתּבאָרעך שיקן האַצלאָכע אין דייַן אייסעק, זאָלסט מאַצלִיעך זייַן, ווו דו וועסט זיך נאָר קערן און ווענדן. ווי עס ווינטשט דיר דייַן קרויווע,

(די אונטערשריפט איז ניט צום איבערלעזן).

איך בעט דיך, לעמאַן־האַשעם, דו זאָלסט מיר וואָס צום געשווינדסטן אָפּשיקן דעם רובל, וואָרעם מייַן מאַן, דער זוילעל־וועסויווע, האָט שוין פאַריבל אַף מיר, צו וואָס איך האָב אויסגעלייגט דעם רובל.

(די זעלבע ניט־לעזבאַרע אונטערשריפט).

## צווייטער בריוו

לאחותי הצנועה, הנגידה, החשובה מרת חנה תחיה.

ערשטנס, מעלד איך דיר, טײַערע שוועסטער, אַז מיר זײַנען באָרעד־האַשעם, אַלע בעקאַוו־האַברזע, כוץ אישתי כאַוועלע, טיכיע, וואָס דער הוסט, לוי־אַלייכעם, לאָזט זי ניט אָפּ אַ רעגע, און טייקעף, אים־יירצע־האַשעם, נאָך דער כאַסענע, וועט זי מוזן פאָרן קיין וואַרשע צו'ן אַ דאָקטער.

ראַצוף באָזע, שיק איך אײַך אַ כאַסענע־בריוול. זאָלסט זען, לעמאַן־האַשעם, צו קומען אויף דער כאַסענע און מעקאַבל־טײַנעג זײַן. נאָר, לעמאַן־האַשעם, בעט איך דיך, אַז דו זאָלסט מיר ניט שטערן דעם נאַכעס פון ביטי, טיכיע, און באַהאַלטן אַלע טײַנעס־אוטוויעס אויף נאָך דער כאַסענע.

קיין קאַלע־מאַטאָנע ביסטו ניט מעכוייעוו צו ברענגען. אויב עס גייט דיר וועגן דער בושע, וועט זיך נאָך, אים־יירצע־האַשעם, געפינען עפּעס אין שטוב פאַר דיר פאַר אַ מאַטאָנע; איך וועל דיר ניט קאַרגן. בלויז איז קיין וואַסער ניט, און אַ שוועסטער בלײַבט שוועסטער.

און וואָס דו שרײַבסט, אַז דו האָסט קיין מאַלבושים ניט, איז אויך נאַריש. קאָנסט דיר באָרגן אַ מאַלבעש, אָדער דאָרט, אָדער דאָ, אַז דו וועסט קומען.

און וואָס דו שרײַבסט, דו קאָנסט דיך ניט טרייסטן נאָכן יעלעד, וואָס איז ניפטער געוואָרן, — זײַ וויסן, שוועסטער לעבן, אַז ה' נתן וה' לקח. קינדער זײַנען אַ פּיקאָדן פון גאָט, באָרוך־הו, און אַז ער וויל אָפּנעמען דאָס פּיקאָדן, טאָר מען אַפילע ניט מעהאַרער זײַן, ניט איבערקלערן, כאַס־וועשאַלעם!

און וואָס דו שרײַבסט, אַז דו האָסט מוירע, דײַן שמועל־מוישע זאָל ניט געוואָר ווערן, אַז דאָס קינד לעבט ניט און דורך דעם זאָל ער זיך, כאַס־וועשאַלעם, פון דיר אינגאַנצן ניט אָפּרײַסן, — איז אויך אָן אומזיס־טער כשאַד... גלייב מיר, שוועסטער כאַנע, אַז עס איז גאָר נאַריש. וואָרעם — מימאַ־נעפשעך: איז עמעס וואָס לײַטן זאָגן, אַז שמועל־מוישע איז געוואָרן אויס שמועל־מוישע, כאַס־וועשאַלעם, אַז ער איז אוועק גאָר אין אַנדערע דראָכים, — איז אַלצאיינס, צי דאָס קינד לעבט צי ניין; ניט ער דאַרף דיך, ניט דו קאָנסט דיך האַלטן אָן אים!

אויב ווײַטער, ווי איך האָף צו זײַן ליבן נאָמען, דאָס אַלץ איז ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, נאָר אַ בילבל פון בייזע מײַלער, און, ווי איך גלייב בעעמונע־שליימע, שמועל־מוישע איז טאַקע שמועל־מוישע, דער

מופלג, דער פרומער ייִד, האָסטו נישט וואָס מוירע צו האָבן! פאַרקערט,
באַ האַלב הויצאָע וועט אים אַצינד לײַכטער זײַן דיך אַראָפּצונעמען אַהין,
און איר וועט לעבן בעשאָלעם וועשאַלווע קענאָהוג בעייִסראָעל...

און וואָס דו האָסט פון אים אַזוי לאַנג קיין יעדיִע נישט, — מאַ ראַש?
עס איז דאָך, דאַכט זיך, מעייווער־לעיאָם! וויפל שיפן גייען אונטער,
ראַכמאָנע ליצלאַן; וויפל בריוווטרעגער קאָנען אומקומען אַף אַזאַ מעהאַ־
לעך. און עפשער מוזן נאָך די שיפן דורכגיין אַף דעם אָרט, ווו דער
„ספר הברית״ שרײַבט, אַז דאָס וואַסער שטייט ווי אַ באַרג און עס איז
טאַקע סאַקאָנעס־נעפאָשעס. דאַנק זײַן ליבן נאָמען, וואָס דײַן שמועל־
מוישע איז בעשאָלעם אַריבער! דאָס פאָרן לימדינאָס־האַיאָם האַלט איך
טאַקע פאַר אַן אַוולע. עס איז אַ סימען פון ווייניק ביטאָכן, וואָרעם ווער
עס האָט ביטאָכן, ווייס, אַז ווו גאָט וויל, דאָ העלפט ער, און עס איז
נישט קעדײַ אײַנצושטעלן דעם גוף מיט דער נעשאָמע! וואָרעם, לויט
מענטשן דערציילן, איז אַמעריקע פאַר דער נעשאָמע אַ סאַך מעסוקענער,
ווי דער יאַם צום גוף. דאָס ייִדישקייט, זאָגט מען, גיט מען באַלד אָפּ אַף
דער שיף, ווי דער יאַם גיט זיך נאָר אַ שאָקל! באַלד עסט מען פּאַס־אַקום,
מע קליידט זיך דײַטש, ווײַבער טראָגן שייטלען! און יעש־אוימרים —
אַפילע אייגענע האָר. און, אַ וועהאָרײַע, — מע זאָגט, אַז אין גאַנץ אַמעריקע
איז קיין איינציקער גוטער־ייִד נישטאָ. און איך ווייס טאַקע נישט, וויִאַזוי מע
לעבט דאָך, וויִאַזוי מע גיט זיך אַן אייצע באַ פּאַרנאָסע־זאַכן, אָדער אַז
מע ווערט, כאַס־וועשאָלעם, קראַנק, צי וואָס אַ מענטש קאָן זיך טרעפן!
איך זאָג דיר, אַז ווער עס פאָרט אין אַ טומע אַרײַן, איז טאַקע מיסכּיַעוור־
בענאַפשוי, גייט ער טאַקע ווי אַ נאַריש פייגעלע אַליין אין דער נעץ אַרײַן!
און ביפראַט אַ ייִד אַ לאַמדן. וואָרעם, וואָס גרעסער דער מענטש איז, איז
גרעסער די סאַקאָנע, מער לאָקערט אַף אים, ראַכמאָנע־ליצלאַן, די קליפּע
און וויל אים גויווער זײַן, צי מיט אַשירעס, צי מיט נשים יפות; די קליפּע
האָט שוין אירע קיילים צו דער אַרבעט...

דעריבער איז מײַן אייצע פאַר דיר, אַז קאָלזמאַן דו ווייסט נישט, וואָס
דאָרטן טוט זיך, פאַרגעס אָן דער זאַך! האָסטו פּאַרנאָסע פון די ציבעלעס,
איז מאַ־טויוו; כאַס־וועשאָלעם — נישט, האָב איך פאַר דיר אַן אַנדערע
אייצע. אים־ייִרצע־האַשעם, אַז דו וועסט קומען אַף דער כאַסענע, וועל
איך שוין זען שאָלעם צו מאַכן צווישן דיר און אישתי כאַוועלע, טיכיע.
פאָרט איין פלייש און בלוט. און בעטעווע, זײַ ווייסן, איז זוגאָסי כאַווע־גיטל

זייער אַ גוטע; זי וועט דיר בעוואַדע מויכל זייַן, און, אַז עס וועט זייַן שאָלעם־וועשאַלווע, און זי וועט פאָרן באַלד אים־יִרצע־האַשעם, נאָך דער כאַסענע קיין וואַרשע, — וועסטו בלייַבן באַלעבאָסטע. און אַז זי וועט, אים־יִרצע־האַשעם, בעשאָלעם און געזונט צוריקקומען, וועט זיך אויך נאָך געפינען פאַר דיר אַן אָרט באַם טיש, ווי אויך אין שטוב — אַ בעט צו שטעלן. עס זיינען שלעכטע צייַטן, נאָר אַ שוועסטער איז אַ שוועסטער, שנייַדט מען דינערע שטיקלעך הערינג.

נאָר אָן דעם אַלעם האָבן מיר דאָך אַ גרויסן גאָט, באָרוך־הו, ער זאָל ניט קאָנען שפּייַזן איין באָסאָר־וואָדאָם — אַ יִדענע! נאַרישקייטן!

און אַף דער כאַסענע זאָלסטו, לעמאַן־האַשעם, קומען פרי, זאָלסט קאָנען כאַווע־גיטלען אַ ביסל צוהעלפן. אַף דעם איז מען אויך אַ שווּעגערן! דו דאַרפסט זען, מע זאָל ניט מוזן, אין הייַנטיקע שלעכטע צייַטן, צונעמען נאָך אַ סאַרווער צי אַ קעכן... נאָר לעמאַן־האַשעם, פון דעם, וואָס איך שרייַב דיר דאָ, דעריקער וועגן איבערבלייַבן באַ אונדז אַף שפּעטער, זאָל בלייַבן באַ דיר בעסאָד, כאַווע־גיטל זאָל ניט וויסן, אַז איך האָב אַזוינס געשריבן. דאָס דאַרף זיך אַליין מאַכן, פון זיך אַליין... דו ווייסט, אַז כאַווע־גיטל האָט פייַנט, מע זאָל איר אין שטובזאַכן אייצעס געבן... און באָטועד בין איך, אַז עס וועט זיך מאַכן. אַ יִדענע בלייַבט אַ יִדענע, כאָטש זי מיינט, אַז זי גייט אין ספּאָדעק! דעריבער טאַקע שרייַב איך דעם בריוו, ווען זוגאָסי כאַווע־גיטל איז ניטאָ אין דער היים; זי איז אַרויסגעגאַנגען אָפּשטעלן מיטן באַדכן, מיט קלעזמער. איך וויל איר אַפילע ניט זאָגן, אַז איך האָב דיר געשיקט אַ כאַסענע־בריוול; זאָל זי מיינען, אַז דו ביסט אַזוי גוט און פרום געווען, אַז דו ביסט אַליין געקומען!

און האַשעם־יִסבאָרעך זאָל טרייסטן דיך מיט אַלע אַווילײ־יִסראָעל, און זאָל אויסשפּרייטן די פליגל פון ראַכמאָנעס אַף אַלע אַגונעס, אָמיין! כן יהי רצון!

אַכויסי כאַנע! דו וועסט זיך מעיאַשעוו זייַן, בלייַבן דאָרט אָדער קומען צו אונדז אַף שטענדיק, — לעמאַן־האַשעם, אַף דער כאַסענע זאָלסטו קומען! דורכויס קומען! און דו וועסט קיין כאַראָטע, כאַס־וועשאָלעם, ניט האָבן! עס וועט זייַן, אים־יִרצע־האַשעם, אַ שיינע כאַסענע. עס קאָן נאָך מעגלעך זייַן, אַז ער אַליין, זאָל מייַריד־יאָמים־וועשאָנים זייַן, וועט

קומען אַף דער כּאַסענע. עס וועט מיר קאָסטן אַ מאַטאַנע, נאָר עס איז קעדײַ! פאַרשטייסטו, אַז אַף אַזאַ כּאַסענע איז קעדײַ צו קומען!

פון מיר, אַביך,

## מענאַכעם־מענדל

זוגאַסי כּאַווע־גיטל איז בעזע האָרעגע געקומען פון מאַרק, און זע אַ סימען, אַז עס איז שוין אַזוי מין־האַשאָמאַים באַשערט, — זי אַליין האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף מיך פאַר איר מיטן בריוו ניט צו באַהאַלטן, אַז זי האָט אַף דיר קיין פאַריבל ניט. איר אייצע איז, זאָלסט פאַרקויפן די ציבעלעס, מאַכן זיך אַ מאַלבעש און קומען לײַטן גלײַך, ווי אַ טײַערע מעכוטענעסטע, אַף דער כּאַסענע.

קיין מאַטאָנע, זאָגט זי אויך, דאַרף מען ניט, און האַנדלען מיט ציבעלעס קאָן מען, זאָגט זי, בײַ אונדז אויך.

איך זאָג דיר, אַז זוגאַסי כּאַווע־גיטל איז אַ גוטע און אַ כאַכאָמע. און אַז דו וועסט נאָר ניט זײַן אײַנגעשפּאַרט, וועט זיך אַלץ ענדיקן בעכי־טויוו; וועסט, מיט גאָטס הילף, זען!

### אַביך הנ"ל

א ניט־געענדיקטער בריוו פון כּאַנען צום מאַן.

מאַזלטאָוו דיר, מײַן טײַערער, קאָשערער מאַן, מאַזלטאָוו דיר!

נאַ דיר, הער פון אונדז יעשועס־ווענעכאָמעס! גאָט זאָל געבן, איך זאָל פון דיר אויך הערן אַזוינע גוטע בסורעס, אַזוינע יעשועס־ווענעכאָמעס; אָמיין, כּן יהי רצון! מיר זײַנען דאָך, ווי דו האָסט געשריבן, אַ זיוועג אַף דער וועלט און אַף יענער וועלט!

ערשטנס, קום איך דיר, מײַן טײַערער מאַן, צו מעלדן, אַז דער ברודער מײַנער מענאַכעם־מענדל שעיִכיע וועאישטוי כּאַווע־גיטל, שעטיכיע, זאָלן ביידע דערלעבן מאָשיִעכס צײַטן, האָבן מיר אַלצדינג מויכל געווען און האָבן מיך אַראָפּגעבערענגט, אין אַ מאַזלדיקער שאָ, צו זייער טאָכטער אַף דער כּאַסענע — אַף סאָשע־ביילעס כּאַסענע.

אַ כּאַסענע איז געווען גאָר אַ שיינע, שענער קאָן שוין ניט זײַן געלויבט איז האַשעם־יִיסבאָרעך, וואָס איך האָב זוכע געווען און דערלעבט צו זען אַזאַ כּאַסענע! עס איז געווען מיקאָל־האַמינים פליישן, אַף און רינד־פלייש; הײַנט — פישן, אַזוינע פיש און געפילטע פיש, און נאָך אַלערליי מײַכאָלים; אַבוץ וויין, בראָנפן, האָקל־קאָשער־לאָקל...

און אַלץ איז געווען אַזוי געראָטן, אַזוי פײַן! און איך אַליין האָב

דאָס פלייש געקאָכט, די פיש געפילט, דעם צימעס געמאַכט, צום טיש געגרייט, און פריִער נאָך אַלץ אַליין איינגעקויפט!

איך בין, באָרעד־האַשעם, די גאַנצע באַלעבאָסטע געווען! די סאַר־ווערקע אויך; וואָרעם געקומען בין איך ניט צוליב דעם נאָכעם אַליין.

איך האָב מײַן ביסל ציבעלעס פאַרקויפט, געמאַכט מיר אַ שטיקל מאַלבעש און געקומען, אַף מײַנע קרויווימס פאַרלאַנג, גאַנצע אַכט טאָג פאַר דער כאַסענע; וואָרעם עס האָט ניט געהאַט ווער צו טאָן, מאַכמעס די קאַלע אַליין איז פאַרטאָן געווען אין די מאַלבושים, זי האָט פאַרבראַנגט ביז צום כופע־טאָג באַם שנײַדער, באַם שוסטער, אַפילע באַם גאָלדשמיד!...

און כאַווע־גיטל, נעבעך, די שווענערן מײַנע, — הוסט! און די מילץ, זאָגט מען, איז באַ איר ניט ווי עס דאַרף צו זײַן!

ביז איך טאַקע געווען די גאַנצע מעכוטענעסטע, פ אַ ר דער כאַסענע, און נ אָ ך דער כאַסענע, נאָר ניט אַ ף דער כאַסענע. בעשאַס־האַכאַסענע בין איך געווען זייער מיד און פאַרמאַטערט. איך בין מיר געזעסן אין אַ ווינקעלע און געוויינט פאַר גרויס נאַכעס, וואָס איך האָב זוּכע געווען כאַסענע צו מאַכן מײַן ברודערס טאָכטער; אויך — וואָס זי האָט געהאַט אַזאַ לײַטישע כאַסענע.

און אַפילע נאָך דער כאַסענע האָבן זיי מיך אויך, כאַס־ווּעשאָלעם, ניט באַלד אַרויסגעטריבן.

טייקעף נאָך דער כאַסענע איז די שווענערן, זאָל געזונט און שטאַרק זײַן, געפאָרן קיין לובלין צו אַ דאָקטער זיך אָן אייצע האַלטן, צו וועלכן דאָקטער זי זאָל פאָרן קיין וואַרשע.

דערנאָך איז זי געפאָרן קיין וואַרשע, און איז אויסגעווען באַ אַלע גרויסע דאָקטוירים; פון דאָרט איז זי געפאָרן ערגעץ אַנדערש, וואַסער טרינקען, — מינעראַל־וואַסער הייסט עס, — און איבער דער גאַנצער צײַט, לעערעד זעקס כאַדאָשים, בין איך געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב. האַשעם־ייִסבאָרעך זאָל עס זיי געדענקען און זאָל זיי דערפאַר באַלוינען!

קיין קעכן איז ניט געווען, האָב איך געקאָכט... און דערפון האָב איך פיל נאַכעס געשעפּט, ווי פון אַ ברונעם!

ערשטנס, האָב איך קיין צײַט ניט געהאַט צו קלערן און צו טראַכטן, און בין, כאַס־ווּעשאָלעם, ניט מעשוגע געוואָרן, אַפילע ניט אַרײַנגעפאַלן

אין אַ מאַרע־שכוירע! און קיין צײַט האָט ניט געקאָנט זײַן, וואָרעם די שעפּע איז בײַ מײַן ברודער, באָרעד־האַשעם, גרויס.

די שענק איז, באָרעד־האַשעם, פול: מע לייזט שטיקער גאָלד, העז פון ייִדן און העז פון גויים, לעהאַוודל!

און מײַן שווענערנס, כאַווע־גיטל, טיכיעס, געפּילטע פיש האָבן, באָרעד־האַשעם, אַ נאָמען אויף דער וועלט, און אַז אוילעם זיצט, באָרעד־האַשעם, עסט און טרינקט.

האָט זיך אַמאָל פּאַסירט, אַז איך האָב פּאָרט אָנגעהויבן עפּעס אײַבערצוקלערן, און האָב מיך געוואָלט פאַרטראַכטן, איז אויף דעם געוועזן אונדזער ביילע־סאָשע, זאָל לעבן, זי האָט מיך באַלד דערמאָנט! און אַז אויג האָט זי, קיין אײַנהאָרע, אַ גוטס, באַלד דערזעט זי!

און אַזוי איז אַלץ געגאַנגען בעדערעד־האַיאָשער...

פאַר גרויס נאָכעס, וואָס איך בין דאָ די גאַנצע באַלעבאָסטע, האָב איך איינמאָל אַרויסגעוואָרפן אַ טראָפּן בלוט פון האַלדז, איין טראָפּן, ניט מער.

דאָס האָט ווײַטער דערזען מענאַכעם־מענדל, זאָל געזונט זײַן, האָט ער מיר אָנגעזאָגט זאָיִר־וועהיזאָהייר, איך זאָל מיך ניט מאַכן ווײסנדיק! וואָרעם, וועֶרט מען, כאַס־וועשאָלעם, געוואָר, וועט מען, כאָלילע, ווײַכן זײַן שטוב. יאָסל גאַסטהײַזער פון קעגנאיבער וועט באַלד זאָגן שווינדזוכט און פּאָטער! אונדזער זײַט גאָס וועט מיט גראָז פאַרוואַקסן ווערן!

ביילע־סאָשע אָבער איז קליגער פאַר אים. זי האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס איז ניט קיין שווינדזוכט, נאָר אַז איך האָב געמוזט כאַפּן אַ שטיקל פיש און אײַנשלינגען און צעראַצט זיך דעם האַלדז מיט אַ ביינדל. און קעדיי איך זאָל כאַס־וועשאָלעם, ניט דערשטיקט ווערן, האָט זי מיר דערלאַנגט אין די פּלייצעס: דאָס ביינדל זאָל אַרײַן אָדער אַרויס און ניט בלײַבן, כאַס־וועשאָלעם, שטעקן אין האַלדז. פאַר גרויס ליבשאַפט, האָט זי מיר אַ צו שטאַרקן קלאַפּ געטאָן; דאָס ביינדל פון פיש איז אַוואָדע אַראָפּ, נאָר דערבײַ האָבן מ ײַ נ ע ביינער אַ ביסל געליטן...

דאָס אַלץ איז איבערגעגאַנגען בעשאָלעם, און כאַווע־גיטל, זאָל געזונט זײַן, איז צוריק געקומען פון וואַסער טרינקען.

געקומען איז זי, געלויבט האַשעם־יִסבאָרעך, פריש און געזונט, אַ מעכײַע געווען צו קוקן! געלויכטן ווי די זון! הײַנט האָט זי אָנגעברענגט מאַטאָנעס, — גאָר פײַנע זאַכן; פאַר זיך, פאַרן מאַן, פאַר דער טאָכטער

מיטן איידעם... טײַערע מאַטאַנעס. נאָר מיר האָט זי קיין מאַטאַנע ניט געבערענגט; איך בין, זאָגט זי, כאַס־וועשאַלעם, קיין דינסט ניט, מע זאָל מיר שענקען מאַטאַנעס, מע צאָלט מיר דען סכירעס? איך בין דאָך געווען באַלעבאָסטע!

כאַווע־גיטל אַליין האָט קאַמע־פּעאָמים געזאָגט, אַז איך בין געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע, און האָב געטאָן, וואָס מײַן האַרץ האָט געגלוסט!

און קוים איז כאַווע־גיטל געקומען, איז זי געוואָר געוואָרן, אַז מע־נאַכעם־מענדל איז איבער דער גאַנצער צײַט ניט געווען באַם רעבן, האָט זי פאַרבראָכן די הענט, אַז די ביינער פון די פינגער האָבן געקנאַקט, און האָט מיך באַלד אַרויסגעשיקט אין מאַרק אַרײַן דינגען אַ פור.

נאָך דעם זעלבן טאָג איז מענאַכעם־מענדל, זאָל געזונט זײַן, אַוועק־געפאָרן אין אַ מאַזלדיקער שאָ צום צאַדיק.

און אַף מאָרגן האָט מיר כאַווע־גיטל אַן אייצע געגעבן, איך זאָל צוזאַמעננעמען מײַנע זאַכן און גיין צו אַלדי גוטע יאָר... וואָרעם, וויבאַלד זי אַליין איז דאָ, און ביילע־סאָשע העלפט איר צו, בין איך דאָס פינפטע ראָד באַם וואָגן און וועל נאָך, כאַלילע, מעשוגע ווערן פון לײדיק גיין. זי האָט מיר געראָטן, ענטוועדער איך זאָל פאָרן צוריק, פונוואַנען איך בין געקומען, אָדער דאָ בלײַבן און טאָן, וואָס מײַן האַרץ וועט גלוסטן. זי זאָגט מיר, כאַלילע, קיין דייע ניט.

נאָך די זעלבע נאַכט האָב איך שוין אין איר שטוב ניט גענעכטיקט.

אַ שיינע נאַכט איז געווען, האָב איך זיך דורכשפּאַצירט אין אַלע גאַסן מיטן פּעקל אונטערן אָרעם.

זעסטו דאָך, מײַן טײַערער, קאָשערער מאַן, אַז מיר איז, באָרעך־האַשעם, גאַנץ גוט, אַז דו דאַרפסט מיר מער קיין געלט ניט שיקן, ווי דו פלעגסט אַמאָל שיקן. גיב בעסער דאָס געלט לייב כאַזן, ער זאָל דיר קויפן ש"ס, אָדער גנענדל־סאָפיען, זי זאָל דיר לאָזן מאַכן העמדער, און זע, לעמאַן־האַשעם, זי זאָל דיר אַליין די העמדער אָנמעסטן, און זען, ווי זיי ליגן, די העמדער, — עס איז דאָך אַמעריקע!

זעסטו, מײַן ליבער, טײַערער מאַן, אַז איך בין שוין מער קיינעם ניט כווישעד אומזיסט. איך זאָג שוין ניט, אַז גנענדל, לייב כאַזנס טאָכטער, האָט באַ מיר צוגעגאַנוועט אַ לעפל, אָדער דעם מאַן, כאַס־וועשאַלעם! און אויב איך האָב ניט — ניט דעם לעפל, ניט קיין מאַן, ווייס איך, אַז זי איז בעוואָדע גאָרניט שולדיק. איך גלייב בעעמונע־שליימע, אַז האַשעם־

יִסבאָרעד האָט דיך און מיך געוואָלט מעזאַקע זײַן, האָט ער דיר צוגעשיקט אַף דער שיף ליב כאַזן מיט דער טאָכטער, זיי זאָלן דיך פֿאַרזאָרגן; קאַהאַוואָיאָ — אַלץ ווי דו האָסט מיר געשריבן. נאָר איין זאַך וועט ניט זײַן, ווי דו האָסט געזאָגט! זאָלסט אַפּילע אוים דער הויט שפּרינגען, וועסטו ניט שיקן קיין שעליִעד־מעיוכעד נאָכן קינד, זאָלסט עס צונעמען פֿון מיר צו דיר קיין אַמעריקע. וואָרעם דאָס קינד אונדזערס איז, אין דײַן זכוס און זכוס פֿון דײַנע אָוועס — לאַנג שוין ניטאָ; מע האָט עס באַהאַלטן ערגעץ אַפּן בעסוילעם, אין אַ קליין שטיבעלע אָן אַ טירל, אָן אַ פֿענצטערל, — שרײַ כײַ־וועקײַעם, וועסטו ניט וויסן, ווו זײַנע ביינדעלעך ליגן! קיין שום מאַציווע, קיין שום סימען, גאָרניט! זוך דעם ווינט אַפּן פעלד!

די אַסקאָרע האָט עס צוגענומען אונטער אירע פליגל...

און ווײַל דו ביסט דער גרויסער באַל־זיקאָרן און געדענקסט אַלץ, וואָס איך האָב גערעדט, און אַלץ, וואָס איך האָב געטאָן, וועל איך דיר דערציילן אַ מײַסע, עפּשער וועסטו זי אויך געדענקען! עס איז אַ מײַסע מיט אַ שאַל, וואָס איך האָב ניט געוווּסט, וואָס מיט אים צו טאָן: צי זאָל איך אים כאַפּן אַף מיר און אַרויסלויפֿן זוכן אַ דאָקטער צום קינד, אָדער איך זאָל פֿאַרשטאָפּן מיט דעם שאַל די צעבראָכענע שויב, דער שניי זאָל ניט אַרײַן צום קראַנקן קינד אין שטוב אַרײַן, אָדער איך זאָל צודעקן מיט דעם שאַל דאָס הייזעריקע קינד, וואָס עס שטיקט זיך, נעבעך, — און די קעלט איז גאָר גרויס, גאָר גרויס! אַ סאַך מאָל בין איך אַהין און צוריק געלאָפֿן: פֿון קינד צום פֿענצטער, צו דער טיר, און צוריק פֿון טיר צום פֿענצטער, צו דער וויג... אַבי געלאָפֿן! דו וועסט שוין, מײַן געטרײַער מאַן, מיין איך, די מינוט ניט פֿאַרגעסן. וואָרעם, ווי דו, מײַן טײַערער מאַן, זאָגסט, בין איך צוגעבונדן צו דיר, דו צו מיר, און ביידע — צום קינד, און אַצינד, אַז דאָס קינד איז ניטאָ, קאָנען מיר ביידע שוין אויך נעלעם ווערן, — נאָר, וואָס וועט גנענדל זאָגן? דעם עמעס זאָגנדיק, איז בײַ מיר געבליבן, איך זאָל זיך לאָזן וואַקסן לאַנגע האָר און אָנטאָן זיך, ווי מע טראָגט זיך אין אַמעריקע. אויך ווייסטו דאָך, אַז איך האָב אַ זים קאָל, אַז איך פֿלעג נאָכזינגען אַלע טפּילעס, און אַצינד, אַז איך בין געווען בײַם ברודער מענאַכעם־מענדל, זאָל געזונט זײַן, אין גאַסט־הויז, האָב איך נאָך געהערט פֿון שיקערע פּויערים אַלערליי שיינע לידער, — האָב איך מיך דאָס אויך אויסגעלערנט, און איך זינג אַוואַדע

אַזוי גוט, ווי גנענדל, און עפּשער בעסער פאַר איר, און קאָן מער לידלעך פאַר איר. און נעכטן באַנאַכט, אַז איך האָב גענעכטיקט אונטערן בלויזן הימל, איז נאָך צו מיר געקומען די מאַלקע שוואָ און האָט מיך אויסגעלערנט טאַנצן — און אַ גאַנצע נאַכט האָב איך אַרומגעטאַנצט מיט דער מאַלקע שוואָ קעגן דער לעוואָנע.

און דו, מײַן ליבער שמועל־מוישע, האָסט גאָר אַ מעקעד־טאָעם געהאַט! וואָרעם איך בין בעסער פאַר גנענדלען. וואָרעם איך געדענק גאַנץ גוט, אַז זי האָט געהאַט צוויי פּעפּערלעך, איינעם אַפן לינקן אויער און אַ צווייטן אַף דער רעכטער באַק, און — אַ נעזל אַ ביסל אַ פאַרדרייטס. און איך, ווייסטו דאָך, האָב אַ ריין לײַב, אָן אַ שום פּעפּערל, כאָס־וועשאָלעם. — דו האָסט געמיינט, אַז נאָר גנענדל קאָן זינגען, און יעדן פּרייטיק־צונאַכטס טאַנצן, אַז זי אַליין קאָן זיך לאָזן וואַקסן צעפּ, אַנדערע קאָנען גאָרניט די טוירע! נאָר איך בין, כאָס־וועשאָלעם, אַף דיר ניט אין קאַס; האַלט דיך אָן איר! מיר איז גענוג, אַז איך האָב דעם קינדס קיוועורל, איך גיין אַהין, איך וועל מיר דאָרט אויסבויען אַ קליין שטיבעלע און זיצן דאָרט ביז האַלבער נאַכט, ביז דער האָן וועט קרייען. דעם קינד וועל איך דערציילן זיס און שטיל פון זײַן טאַטן שמועל־מוישען, וועט ער שטאַרק האַנאָע האָבן! און, אַז דו וועסט אַליין קומען, אָדער שיקן אַ שעלי׳עד־מעיוכעד נאָכן קינד, וועל איך אײַך מיט די נעגל די אויגן אויסקראַצן, וואָרעם דאָס קינד איז מײַנס, ניט גנענדלס — יימאַד־שמאָ־וועזיכראָ זאָל זי ווערן מיט דיר אינאיינעם — — —

(דער בריוו איז קענטיק ניט קיין געענדיקטער; מע האָט אים געפונען צוזאַמען מיט די אַנדערע בריוו אין קעשענע בײַ דער מעשוגענער כאַנע).

---

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

ה אַ כ אַ ׳ ם  ו ו ע ה אַ ש אָ ל ע ם  ל אַ אַ כ ו י ס י  ה אַ צ נ ו אָ מ אָ ר אַ ס  כ אַ נ ע  ט י כ י ע — לעבן און פרידן צו מײַן שוועסטער דער צנוע דער האַרנטע כאַנע זאָל לעבן; אַ טראַדיציאָנעלע פאָרם פון אַ ווענדונג אין אַ בריוו.

ד אַ ס (דת) — רעליגיע, געזעץ.

א י ש ע ־ ק ש י י ר ע — קאָשערע, פרומע פרוי.

צלאָפכאָדס טעכטער — די ביבל דערציילט וועגן איינעם אַ צלאָפ־

כאָד, וואָס נאָך זײַן טויט זײַנען געבליבן בלויז טעכטער. לויט זייער פאָדערונג, איז צלאָפכאָדס פאַרמעגן און זײַנע אייגנטום־רעכט איבערגעגאַנגען צו זיי. לויטן ייִדישן רעליגיעזן געזעץ, האָבן טעכטער ניט קיין רעכט אַף ירושה, ווען עס בלײַבן זין.

ב אָ נ י ם ־ ז כ אָ ר י ם — זין, מאַנצבלען.

ש ט אַ ר ־ כ אַ צ י ־ ז אָ כ ע ר — אַ דאָקומענט, וואָס דער פאָטער גיט אַרויס אַ טאָכטער, זי זאָל נאָך זײַן טויט האָבן רעכט צו באַקומען ירושה אַ העלפט פון דעם, וואָס עס באַקומט אַ זון.

ס י ל ע ק ן — דעקן, אָפּצאָלן.

פּ ע ־ ע כ אָ ד — איינשטימיק.

ל ו י פּ ק אָ ד אַ נ י אַ ב אָ — דער טאַטע האָט מיר ניט אָנגעזאָגט.

ל י פ נ י ם ־ מ י ש ו ר אַ ס ־ ה אַ ד י ן — בעסער, מילדער, ווי דער געזעץ ווײַזט אָן.

ז י כ ר ו י נ ע ־ ל י וו ר אָ כ ע — זאָל זײַן געבענטשט זײַן אָנדענק.

פּ ט י ר ע — טויט.

ש אַ ס (ש"ס) — אַ גאַנג געמאָרעס; גאַנץ טאַלמוד.

ע ס ר י ם ־ וו ע אַ ר ב אַ ס — די 24 ביכער פון דער ביבל.

מ י אַ ד ־ ל ע י אַ ד — פון האַנט אין האַנט.

ב י מ ה יי ר אָ ב ע י אָ מ יי נ ו — אינגיכן; פאַר אונדזער לעבן.

ש אַ ר פּ אַ ט — געמיינט: זייער אַ גרויסע צאָל.

ל ו י ־ אָ ל יי כ ע ם — ניט פאַר אײַך געדאַכט.

ב ע כ ע ז ק אַ ס ־ ס אַ ק אָ נ ע — אין אַ צושטאַנד פון געפאַר.

ק וו ע ל — מאַטער, פּײַניק.

פּ אָ ד י מ נ ע — אַ שטייער, וואָס איז געצאָלט געוואָרן פון יעדן הויז.

ק ע נ אָ ה ו ג — ווי עס פירט זיך.

ק ר ! אַ ס ־ י אַ ם ־ ס ו ף — שפּאַלטן דעם יאַם. דער אויסדרוק באַטײַט: שרעקלעך שווער.

א יי ן ־ ל ע ש אַ ע ר — גאָרניט פאָרצושטעלן זיך; גוואַלדיק גרויס.

וו ע אַ כ ר יי ־ ק י כ ל ו י ם ־ ה אַ ק ו י ל — און גאָר נאָך אַלעמען.

ר אַ כ מ אָ נ ע ־ ל י צ ל אַ ן — גאָט באַהיט.

אַ ם ל ו י ה אָ י אָ — אַ פאָלק, וואָס אַזוינס איז נאָך ניט געווען. געמיינט: אַ שלעכטס.

נ י פ ט ע ר ג ע וו אָ ר ן — געשטאָרבן.

אַ ס ע ס אָ ר — דאָ: געהילף־ריכטער; מיטגליד פון געריכט.

ב ע ד י נ יי ה אָ אַ ם — לויט זייערע (מעלוכישע) געזעצן.

ק י ט ר ע ג — אַ באַשולדיקונג (געמיינט: אין הימלשן געריכט).

ב אַ אַ ל אָ ד, נ יי ר ו י י אָ ! ר וו ע ! ז ר אַ ד, ה אַ מ ו פ ל אָ ג — דײַן מאַן, זײַן ליכט זאָל לײַכטן, דער געלערנטער.

ק אָ ל ה אַ ק ו י ע י ם וו ע כ ו ל ו י — ווער עס איז אין קאַס... און אַזוי ווײַטער. געמיינט: קאַס איז אַ שלעכטע מידע.

אַ נ ע ה ע נ ע ־ מ ! י ע ג ! ע ־ ק אַ פּ ו י — דער, וואָס לעבט פון אייגענער מי.

ט ו י ר אָ מ אַ ט י ה י ע אָ ל ע ה אָ — די טוירע, וואָס וועט זײַן מיט איר?

א ו מ ע ס ־ ה אָ ו י ל ע ם — די אַנדערע פעלקער (ניט־ייִדן).

י ו י ש יי וו וו ע ו י ס ע ק ב אַ ט ו י ר אָ — זיצן און פאַרנעמען זיך מיט לערנען טוירע.

ק ס אַ וו ־ ר אַ ב אָ נ ע ם — צײַגעניש אַף רעכט צו זײַן אַ ראָוו.

גאַם — אויך.

אַכויסי — מײַן שוועסטער.

סאַגי־נאָהער — אַ בלינדער.

מין־האַשאָמאַיִם — פֿון הימל, פֿון גאָט.

אָכיד — דײַן ברודער.

באַאָלאָד — דײַן מאַן.

זילזולים — זידלערײַען.

זוגאָסי — מײַן פֿרוי.

ביטי — מײַן טאָכטער.

שפּיכאָס־דאָמים — האַרצווייטיק.

מאַ אוימער אומאַ אַדאַבייר — וואָס זאָל איך זאָגן, און וואָס זאָל איך ריידן.

פּיישער — פּשאָרע, אויסגלײַך...

שעהאָלאַד אַכריי אישטוי — וואָס האָט געפּאָלגט זײַן ווײַב.

שיוורעס האַלעוו — האַרצווייטיק.

מײַ דעהאַווע — וואָס געוועזן, איז געוועזן.

„ביגדיי־מעשי־ווערסאַמעט" — זײַדענע און סאַמעטענע קלײדער.

שטיי — צוויי.

וועדײַ־לענאַוון אָדער וועדײַ־ליכקימע — און עס איז געוועזן פֿאַר דעם, וואָס פֿאַרשטייט, אָדער פֿאַר אַ קלוגן.

זאָלאָ־וועקסל אַף סטעמפּל — אַ סאָלאָ־וועקסל, אַ פֿער־זענלעכער וועקסל מיט אַ באַשטימטן טערמין, ווען ער קען צוגעשטעלט ווערן צום אויפֿמאָנען דורך אַ נאָטאַריאַלער קאָנטאָר אָדער דורכן געריכט.

אולעיעסער טויקעף וואָויז — און קעדיי עס זאָל זײַן נאָך שטאַרקער און פֿעסטער.

כיירעם־קוויטל — אַ ספּעציעלע פֿאַרפֿליכטונג.

נאָשים דײַטאָן קאַלוים — פֿרויען זײַנען לײַכטזיניק.

מופֿלעג־בעטוירע — אַ גרויסער קענער פֿון דער טוירע.

וועכאָשאַל אויזייר וועגאָפאַל אָזור — ס'ווערט געשטרויכלט דער העלפֿער, און עס פֿאַלט דער געהאָלפֿענער.

זײַן באַאים — געמיינט: באַם כסידישן רעבן.

אַקוויטל — אַ צעטל, וואָס מע דערלאַנגט דעם רעבן, ווו ס'איז אָנגעשריבן די ביטע צו אים.

פּידיען — דאָס געלט, וואָס מע גיט דעם רעבן.

כײַ — דער צאָל־באַטײַט פֿון די אויסיעס איז 18; דאָס וואָרט אינגאַנצן — לעבן.

בעקאַוו־האַבריע — געזונט.

ריפֿע כוילים — דער, וואָס היילט קראַנקע; געמיינט גאָט.

„ליר פֿואַ שליימאַ" — צו פֿולקומער אויסהיילונג.

איקער שאָכאַכטי — דעם איקער, האָב איך פֿאַרגעסן. אַ טראַ־דיציאָנעלע פֿאָרמולע פֿון אַ נאָכשריפֿט (פּאָסט־סקריפּטום) אין אַ בריוו.

לוי־אַלייכעם — ניט פֿאַר אײַך געדאַכט.

מאַקשע־לײַלעד — אַ שווער האָבן.

האַנאַל — דער אויבן דערמאָנטער.

וועכיין — און אַזוי.

גיסאָסי האַאַהוואַ האַמעיוכעסעס וועהאַצנואַ, האַנשאַ האַקשיראַ, האַאַלוי מאַראַס כאַנע טיכיע

— מײַן געליבטע שוועגערן, די יאַכסנטע און צנוע, די קאָשערע פרוי, וואָס אַזאַ איז די האַרנטע כּאַנע, זאָל לעבן.

מעהאַיוים־וועהאַלאָ — פון הײַנט און ווײַטער.

באַל־בעכי — אַ קלאָגער.

אַד־לעוו־האַשאָמאַיִם — ביז אין הימל אַרײַן.

זאָהיר־וועהיזאָהייר — שטרענג, אָפּגעהיט.

קוירייע־קעדאַג — צעריסן ווי אַ פיש.

שאַאַריי־ראַכמים — די טויערן פון דערבאַרעמונג.

מערכאַקים — ווײַטע לענדער.

סליכע־אומעכילע — פאַרגעבן און מויכל זײַן.

קאָלו־קאָל־האַקיצן — געמיינט: עס קאָן שוין ערגער ניט זײַן.

„קיילי־יאָקאָר" — אַ טײַערע קיילע, געמיינט: אַ טוירע־לערנער.

אָמיין, קיין יעהי ראָצוין — אָמיין, אַזוי זאָל זײַן דער ווילן פון גאָט.

אַ פּוישע־יִסראָעל — אַ זינדיקער ייִד.

מאַלווע — פּראָצענטניק.

מאַטנאַס־באָסאָר־וואָדאָם — אַ געשאַנק פון אַ מענטשן; אַ נעדאָווע.

אַ טנײַ — אַ טנײַ־געט ווערט איבערגעלאָזן באַם ראָוו און ווערט אָפּגעגעבן דער פרוי צו אַ באַשטימטן טערמין, אויב דער מאַן קערט זיך ניט אום אָדער גיט ניט צו וויסן וועגן זיך, דאָס ווערט געמאַכט, קעדיי די פרוי זאָל ניט בלײַבן קיין אַגונע.

אישטי האַיעקאָראָ וועהאָאַהוּוואָ — מײַן טײַער געליבט ווײַב.

עצבאַ עלויהים — גאָטס אַ פינגער, אַ צייכן פון גאָט.

מעגאַדל — אויפציִען, האָדעווען.

האַסכאָלע — אָנהייב.

איין־לעשאַער — ניט פאָרצושטעלן זיך.

קאַמע־וועקאַמע לעשוינעס — זייער אַ סאַך שפּראַכן.

היסנאַהאַגום — אויפפירונג.

אָמעד — דער שטענדער אין בעסמעדרעש, באַ וועלכן דער כאַזן שטייט.

קנעסעס־יִסראָעל — די ייִדישע געמיינדע.

פּאַס־אָקום — ניט ייִדיש עסן.

יעפאַס־טויהאַר — אַ שיינהייט.

בסורע־טויווע — אַ גוטע בסורע.

נישט באָקי אין גיטן־אוקדושן — ניט געניט אין די טאַלמודישע געזעצן פון פאַמיליען־רעכט.

קאַלפּי — באַ די וואַלן.

בוירערים — דאָ: וויילער.

ראָש־וועריִשן — דער הויפּט.

אַכיינו־בניי־יִסראָעל — אונדזערע ברידער ייִדן.

מעווײַעש — פאַרשעמען.

ניכנאַס יאַיִן יאָצאָ שטוס — גענומען אַ ביסל ווײַן, רעדט מען נאַרישקייט.

מעוואַזע — מע פאַרשעמט.

צעלעם־עלויהים — די געטלעכע געשטאַלט; דאָ געמיינט: די מענטשלעכע ווירדע.

נויהעג — מע פירט זיך אויף.
מאַכזיר־לעמויטעוו — אויסבעסערן.
קעדאַס־מוישע־וועיסראָעל — לויטן יידישן רעלי־גיעזן געזעץ.
כילעל־האַקאָוועד — פאַרשוועכונג פונעם קאָוועד.
צוראַס־אָם — דאָס אויסזען פון אַן אָם, דאָ: אַן אָם.
יעלוד־איש — אַ מענטשן־קינד.
ניוול־ווענישטוימעם — שטאַרק פאַרוואונדערט.
מויצי לאַאַז בעכינאַם — ריידן רעכילעס אומזיסט.
בעמונאַ שעלי — מעגסט מיר גלייבן.
זילזולים — זידלערייען.
נעסעד (נסך) — ווייַן, אויסגעאַרבעט ניט פון קיין יידן; לויטן יידישן רעליגיעזן געזעץ, איז אַזאַ ווייַן פאַרבאָטן צו טרינקען.
האַוואָלים — פוסטע רייד, פוסטע זאַכן.
יוילעדעס — אַ געווינערן, אַ קימפעטאָרן.
ביפרויטרויט — אויספירלעך.
בעלי־נײַדער אובעלי־מאַסקאָנאָ — געמיינט: אַן אַ שוווּע.
בעים — אויב, טאָמער.
שעליעד־מעיוכעד — אַ ספעציעלער שליעד.
יעדידאַסי, שעייראַס בסאַרי — מיין פריינדן, מיין קרויווע.
זוילעל־וועסויווע — פרעסער און זויפער.
אויקער זײַן — אויסוואַנדערן, אַנטלויפן.
מישאַבעס־לעשאַבעס — געמיינט: אַלע שאַבעס.
מאַים — וואַסער; איינאַים — אויגן.
אײַנײַשעוון — אײַנזעצן.
מאַטנאַס־יאַד — דאָ געמיינט: אַ פּאַטש, אַ קלאַפּ.
סאַנדאָווע ביכער — געמיינט: געזעץ־ביכער, קאָדעקסן.
פלעניפּאַטענציע — פולמאַכט.
לוי מיט אַן אַלעף — געמיינט: ניין, ניט (העברעיש—לא).
טוירע־האַקדוישע — די הייליקע טוירע.
איישעס־כאַיל — אַ בעריע אַ פרוי.
האַקל־קאַאַשער־לאַקל — געמיינט: אַלץ מיטאַנאַנדער.
לאַוואַדים ועלישפּאַכויס — פאַר קנעכט און דינסטן.
לעאַסיד־לאַוווי — אין דער צוקונפט; געמיינט: אַז מאַשיעך וועט קומען.

לעטאַרבוס־ראָאַ — פאַרדאָרבן געוואָרן, אַוועק אויף אַ שלעכטן וועג.

ימאַד־שמאָם — אויסגעמעקט זאָל זייער נאָמען ווערן (אַ קללה).

בעקאָוו־האַבריע — געזונט.
ראָצויף באַזע — בייַגעלייגט דערצו.
מעקאַבל־טײַנעג — פאַרגעניגן האָבן.
טײַנעס־אוטוועיעס — און פרעטענזיעס.
יעלעד — קינד.
אַדוינאַי נאַטאַן וועאַדוינאַי לאַקאַד — גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט צוגענומען.

פּיקאַדן — אַן אײַנלאַג; דאָס וואָס מען גיט איבער עמיצן צום באַהאַלטן.
מעהאַרער זײַן — נאָכטראַכטן.
בעמונע־שליימע — מיט פולן גלויבן.
בעשאָלעם וועשאַלווע קענאָהוג בעיִסראָעל — אין פרידן און רו, ווי עס פירט זיך בײַ ייִדן.
מעייווער לעיאָם — אַף יענער זײַט יאַם.
„סייפער־האַברים" — אַן אַלטער זאַמלבוך וועגן נאַטור־וויסנשאַפט, דערשינען אָנהייב 19־טן יאָרהונדערט.
לימדינאַס־האַיאָם — אין די לענדער, וואָס ליגן אַף יענער זײַט יאָם.
יעש־אוימרים — אַנדערע זאָגן.
מיסכײַעוו־בענאַפשוי — ער נעמט אַף זיך אַ שולד, פאַר וועלכער מע דאַרף צאָלן מיטן לעבן.
קליפּע — דער שעד, די בייזע גײַסטער.
נאָשים יאָפוים — שיינע פרויען.
מאַ־טויוו — אַוואָדע גוט.
באָטועד — זיכער.
אַוויילי־יִסראָעל — די טרויערנדיקע בײַ ייִדן.
קיין יעהי ראָצוין — אַזוי זאָל זײַן דער ווילן (גאָטס).
ער אַליין — געמיינט: דער כסידישער רעבע.
זאָל מײַריד־יאָמים־וועשאָנים זײַן — זאָל לאַנג לעבן.
אַ מאַטמען — אַן אויצער.
בעזע־האָרעגע — אין דער רעגע.
בעכי־טויוו — צום גוטן.
יעשועס־ווענעכאָמעס — הילף און טרייסט.
בעדערעד־האַיאָשער — מיטן גלײַכן וועג.
קאָמע־פּעאָמים — וויפל מאָל.
מעזאַקע זײַן — געמיינט: באַגליקן, באַשענקען.
קאָהאַוואָיאָ — ווי דאָס איז געווען.
אַסקאָרע — דיפטעריט (אמכרה).
מאַלקע שוואָ — די קיניגן פון לאַנד שוואָ, וועגן וועלכער עס ווערט דערציילט אין דער ביבל. שפּעטערדיקע לעגענדעס שטעלן זי פאָר ווי אַ וווּנדער־שיינע פרוי, וועלכע איז פאַרבונדן מיטן טײַוול און פּילט אויס זײַנע שליכעסן צו פאַרפירן פרומע מענטשן, אַרויסרופנדיק בײַ זיי טײַווע.
מעקעד־טאָעם — אַ טאָעם אַניעם האַנדל.

# קלאָץ־געשיכטן

## 1.

## דער קלאָץ אַליין

אינמיטן מארק ליגט אַן אַלטער, פוילער קלאָץ...

דאַכט זיך, טויט ווי אַלע טויטע — און דאָך, אין אַ שטילער זומער־נאַכט, ווען אַלץ ארום איז פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, ווען לעוואָנע און שטערן דרעמלען אונטער אַ לייַכטן זילבער־נעפּל, וועקט זיך אין מיר אויף דער אַלטער קישעפמאַכער... „האָקוס פּאָקוס" — דער קלאָץ לעבט!

ערגעץ אין מיצראַיִם ליגט אַ פאַרקישעפטער אַלטער קלאָץ, וואָס וועקט זיך יעדן פרימאָרגן (ווען די פרישע, ריינע זון שטייט אויף) און יעדן אָוונט (ווען זי גייט אונטער פאַרשעמט און פאַרבלוטיקט), און גיט פון זיך אַרויס אַ וווּנדערלעכן קלאַנג: — מייַן קלאָץ פאַרציילט גאַנצע געשיכטן.

אַלץ, וואָס איך שרייַב פונעם שטעטל, האָב איך אים צו פאַרדאַנקען, דאָס אַלץ זייַנען „קלאָץ־געשיכטן"... דאָס אַלץ פאַרציילט ער מיר.

נאָר אָנהייבן הייבט ער אָן פון זיך. רעכט האָט ער! יעדערער איז באַ זיך דער הייליקער מיטלפונקט, אַרום וועלכן ער שטעלט זיך אויס די רעשט וועלט.

עס גייט קעסיידער: איך, און דערנאָך ערשט אַלץ, וואָס מייַן איז: מייַן מישפּאָכע, מייַנע כאַווײרים, מייַנע גוטע־פרייַנט, מייַנע באַקאַנטע, מייַן שטאָט, מייַן געגנט, מייַן לאַנד... אַלץ וואָס מייַן איז!

שפּעטער נעמען מיר שוין שותפים צו: אונדזער ערד, אונ־דזער וועלט.

פאַר דאָס קומען מיר צוריק צו: מיין גאָט! נאָר דאָס זאָל זיין אַ סגולע צו פּאַרנאָסע...

---

טייל מיינען אַפּילע, אַז זיי זיינען ניט נאָר דער מיטל־פּונקט, נאָר זאָגאָר דער ברען־פּונקט פון דער וועלט. דאָס גאַנצע ליכט לויפט זיך דאָ צוזאַמען אַרויסצושטראַלן ערשט פון זיי אויף דער רעשט וועלט... אַז אַ מיליאָן ליכטל אַפּילע אין האַנט, לויפן די באַרעמהאַר־ציקע לייט אַרום אין די גאַסן און שרייען: ליכט! ליכט! ווי אַמאָל דער קאַוועיאַבל און דערנאָך, לעהאַוודל, געמע פאַרן טויט...

אַנדערע קלערן גאָר: צי איז אויסער זיי נאָך עפּעס פאַראַנען!...

„איך בין איך" — אַלקיין — בין איך דאָ! נאָר די רעשט וועלט, צי איז זי ניט מיינס אַ כאָלעם פון אַ זומער־ צי אַ ווינטער־נאַכט, ווי עס מאַכט זיך?

און בעטעמעס, ווער נייטיקט מיך צו גלייבן, אַז אויסער מיך עקזיסטירט נאָך עפּעס? פילן פיל איך נאָר מיין הונגער, מיין דאָרשט, מיין אַנמעסן עפּעס... איי וואָס — מע זאָגט?

דאָס איז ווייניק!

מע פלעגט אַמאָל זאָגן, אַז עס איז פאַראַן: ערלעכקייט, ראַכמאָנעס, יושער, עמעס אוקעדוימע, און עס האָט זיך אויסגעוויזן — אַ כאָלעם, אַ וויסטער כאָלעם...

און אַ וועלט האַרצע! אַז איך, איך נאָר, נעם אַ קאָפּ בראָנפן, טאַנצט די גאַנצע וועלט אַרום ווי שיקער!

לאָמיר בעסער צוריקגיין צום קלאָץ! צו זיין אויטאָביאָגראַפיע!

---

געוועזן איז ער אַמאָל אַ בוים.

אַ פרישער, גרינער בוים אין וואַלד!

געוואָרצלט האָט ער אין דער ערד, געצווייגן זיך אין הימל אַריין... אַן אַדלער, נאַטירלעך, פליט העכער; זיינס האָט ער דאָך געטאָן בישלעמעס; ער האָט זיך געהויבן און געהויבן, איבער זיינס גלייכן געוואַקסן! ער האָט שוין אַפּילע אַ גרויס שטיק הימל געזען!

טייַלמאַל האָט זיך אים געדאַכט, אַז אָט־אָט, פֿאַלט אַראָפּ דאָס טעלער פֿון הימל און לייגט זיך אים — אַ קרוין אויפֿן קאָפּ! און ער איז ווערט די קרוין, ער ציט זיך אַלץ איינגאַנצן אַרויף! ...

געלעבט האָט זיך ניט שלעכט!

טויזנט בלעטער צום עטעמען, אַרייַנצוציִען גרינציַיג ... אַ פּאָר שאָק וואָרצלען אונטער דער ערד, צו ציִען כאַיונע — זאַפט און זאַלץ! דאָס איז פֿאַרן גוף; די נעשאָמע האָט: פֿייגל־קאָנצערט און וואָלקנס־מאַסקאַראַדע!

צווישן די צווייַגן זשומט, ברומט, טרילערט און קלינגט ... אויפֿן הימל פֿליט און ציט, און יאָגט זיך. פֿון אַ זייַט שווימט אַ סטאַדע וואָליקע שעפּעלעך; אָט טרייַבט זיי אַקעגן אַ גראָמאַדע צוויטיקע, שוואַרצע וועלף ... אַלע פֿאַרשווינדן, און איבער דער ברייט פֿון הימל ציט זיך אויס אַ לאַנגער דייַטש מיט גרויסע שטיוול, מיט אַ מעשענע פּיקל־הויב אויפֿן קאָפּ ... ער ווערט אויך צערונען, שאַ! דער הימל הענגט אַרויס וועש צו טריקענען ... דאָס „גרעט" שאָקלט זיך, הוידעט און וואַרפֿט זיך, גלייַך עס וויל אַראָפּפֿאַלן און אַ האַלבע וועלט „מאַלביש־ערומים" זייַן.

---

דאָס אַלץ איז זומער.

ווינטערצייַט הילט זיך איַין דער בוים אין ווייַסן מאַנטל און דרעמלט. ער שלאָפֿט איַין, און כ אָ ל ע מ ט א י ב ע ר א וו ע ל ט.

אין אַזאַ שלאָף הערט ער איינמאָל: טראַד! טראַד!

אַ האַק, צי אַ דונער! ער, צי אַן אַנדערער?

איידער ער קומט צו זיך — באַץ! ער ליגט שוין אויסגעצויגן אויפֿן שניי ...

און ער שלאָפֿט ווייַטער איַין ... און ער כאָלעמט ווייַטער:

— פֿאַרפֿאַלן! עס וועט זיך אָנהייבן אַ נייַ לעבן, גאָר אַן אַנדער לעבן! ניט אין ה י י מ י ש ן וואַלד, ניט צווישן זייַנס גלייַכן — ביימער, נאָר אין דער אייביקער פֿרעמד!

ניט „הימל און ערד" וועט עס הייסן, נאָר „הימל און וואַסער", בעסער געזאָגט: הימל און הימל, אַן עמעסער פֿון אויבן, אַן אָפּגעשפּיגלטער פֿון אונטן ...

אַ מאַטשט וועט ער זייַן, אויף דער גרעסטער שיף שווימען: אויף דער גרעסטער שיף, אויפֿן גרעסטן יאָם! און אַ וועלט וועט ער זען!

דעם וואַלד וועט ער ד אָ ך ניט פאַרגעסן!

וועט ער נעענטער קומען צו אַ שטיק ערד, וועט ער זיך שאַקלען און גריסן דעם וואַלד... פון צײַט צו צײַט וועט אים דער ווינט צוטראָגן אַ ביסל רייעך פון נאָדלען און בלעטער... אַף דער שיף וועט געוויס זײַן אַ שטײַגל... דרינען אַ קליין זים פייגעלע...

ער כאַלעמט און פילט, ווי די האַק שפּאַרט אים אין די זײַטן, שיילט און רײַסט... שאַדט ניט!

„טערפּי קאַזאַק, אַטאַמאַנאַם בודיעש".

אַנדערע האָט מען אַף פּיצפּיצלעך צעהאַקט, אַף אַש פאַרברענט, אַף אַלע וועלט־עקן פאַרשפּרייט דאָס אַש און צעזייט, און ער וועט זײַן אַ מאַטשט!

---

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך ניט אַלס מאַטשט... מע האָט פון אים קוים אַ ב אַ ל ק ן געמאַכט, אין אַ הויז אײַנגעמויערט.

ענג, דושנע, פינצטער — עס דריקט פון אַלע זײַטן...

ער פאַלט אַוועק אין אַ נײַעם שלאָף, אין אַ וויסטן שלאָף; אַז כאַלוימעס, אַז האָפענונג, אַז טרייסט...

און אַזוי איז ער פופציק און עפּשער הונדערט יאָר געשלאָפן...

און עס וועקט אים ווײַטער: טראַך! טראַך!

ער כאַפּט זיך אויף שוין בעעמעס אין אַ יאַם. אין אַ רויטן, פײַערדיקן יאַם... פאַליעס פײַער שלאָגן...

— דאָס איז מײַן עק! — טראַכט ער, אין גענעם בין איך! — מיינט ער.

נאָר אַ קלאָץ דענקט, און די פאָזשאַרנע קאָמאַנדע לעשט און טוט אירם... ציגנד ליגט ער אינמיטן גאַס...

---

ער ליגט און פוילט און נוצט נאָך דער קליינער וועלט...

האַלץ־ווערעם ציִען פון אים די גאַנצע פּאַרנאָסע... אַ צעשויבערטע דינסטמויד לויפט צו און רײַסט אוים אַ קינדל... דער שרײַבער פון מאַגיסטראַט נעמט זיך יעדן טאָג נאָכן מיטיק אַ צײַן־שטעכער... פריַיטיק רײַסט פון אים ווער אין גאָט גלייבט אײדעס צום נעגל פאַרברענען...

קומט אינמיטן דער נאַכט אין שטעטל אַ קליין סויכערל, אַ ניסרעפּל, צי אַזוי אַ בעטלער, נעכטיקט ער איבער אַפן קלאָץ...

טיילמאָל צי זיך אַף אים אוים דער נאַכט־וועכטער און שנאָרכט...

## 2.

# באַטאָג

אַ זומער־מאָרגן...

מיט געשריי און געוויין, געלעכטער און געזאַנג רײַסט זיך דאָס יונג־וואַרג אַרויס פון די קליינע הײַזלעך... נאַקעט, האַלב נאַקעט, מיט און אָן שטיקלעך ברויט אין די הענט — לויפט עס צום קלאָץ.

מע שפּילט זיך...

און שפּילן זיך הייסט קאָפּירן די עלטערע וועלט...

אַלס באָסן־קאַלע פאָרט מען אױף שטעקן שפּאַצירן, קושט מען זיך אין די ווינקעלעך, שענקט מען זיך מאַטאָנעס.

אין ווייניק, דערלייגט מען נאָך אַ שערבעלע, נאָך אַ שטיקל גלאָז פון אַ גרין אָדער בלוי־געוועזענער פלאַש, נאָך אַ שטיקל לעדער... אַניט, גייט דער שידעך אָפּ, האָט מען אַ דין־טוירע, צאָלט מען קנאַס...

אַלס מאַן און ווײַב, קריגט מען זיך, שעלט מען זיך און מע שרײַט... ווערט מען מיד, לאָזט מען דעם רעשט גרימצאָרן אויס צו די קינדער, צו די אָרעמע קינדער פון האָלץ און שמאַטעס...

זיי זײַנען „מאַמזיירים”... ווילן נישט לערנען, נישט פרום זײַן, נישט טאָן די הענט אין קאַלטן וואַסער אַרײַן... נאָר פרעסן וויל עס און זויפן, און עס האָט אַ קישקע אָן אַ דנאָ!

פאַר גרויס צאָרעס מאַכט מען זיך „שטעלן”; פאַרשעלט מען די קווינימס ביינער. צו דער סכוירע — ווי אַ גאָט אין הימל — לייגט מען צו, און צאָלן מוז מען פאַטענט, שטעל־געלט, מעלאַמעד־געלט, דירע־געלט, הײַנט קינדער כאַסענע מאַכן!... און זיי דינגען זיך נאָך, די נעשאָמע צוזען זיי אַרויס!

דערנאָך גייט אַ לעווײַע... אַ קאַץ איז געפּייגערט, צי מע האָט אַ טויט מײַזל געפונען...

אינמיטן קומט דער בעלפער...

---

אינמיטן טאָג פאַרנעמען דעם קלאָץ עטלעכע ווײַבלעך, קעסטקינדער... באַם שיינעם וועטער זעצן זיי זיך אויס אין די ווײַסע יאַקעלעך, קאָלירטע טיכלעך און, פאַר בושע, מיט אַ האַנט־אַרבעט אױף דער שויס, און מע פאַרברענגט אַ גוטע שאָ...

פריִער גייט עס צו שטיל.

איינע רויטלט זיך און פֿאַרציילט, ווי גוט זי ווערט באַהאַנדלט. די צווייטע „האָט נאָך זײַט זי לעבט אַזאַ מאַן נישט געזען!". די דריטע שווײַגט און פֿלאַמט; די מוז זײַן די גליקלעכסטע... טיילמאָל שלינגט דאָך איינע אַראָפּ אַ טרער נאָך אַ טרער — מע האָט איר געוויס אַן אַלטן מעלאַמעד געגעבן...

דערנאָך ווערט רעדאַגירט די שטאָט־צײַטונג, די מויל־אַרבעט, וואָס קומט דערנאָך צוריק צום קלאָץ פֿאַרגרעסערט און פֿאַרשענערט, נישט צו צעפֿליט זיך פֿײַל פֿון בויגן אין אַלע שטובן, אין אַלע הײַזער אַרײַן, און דערקענען...

עלטערע מענטשן זאָגן, אַז פֿון קלאָץ וועט קיין גוטס ניט אַרויס...

---

פֿאַרנאַכט גייען שוין די יונגע ווײַבלעך, אויסגעפּוצט אין די נאָך פּריש כאַסענע־קליידער, הינטער דער שטאָט, אַפֿן שאָסיי, באַם ראַנד פֿון קליינעם וועלדל, פֿון וועלכן אונדזער קלאָץ קומט אַרויס. אין וועלדל זיך „אַרײַנלאָזן" איז קיין שטייגער נישט; עס וואָלט שוין צופֿיל „דײַטשע־ריש" אָדער „פּריציש" געווען... די „שיינע ברײַנדל" פֿלעגט שפּאַצירן אין וואַלד, האָט זי זיך אַמאָל אויסשפּאַצירט, אַף אַלע סאָנים געזאָגט! — „אַ ראַכמאָנעס אַפֿן אַלטן פֿאָטער, אַפֿן געוועזענעם לאַנד־שאַדכן, ער שעמט זיך פֿאַר דער ליכטיקער שײַן!"

דעם קלאָץ פֿאַרנעמען דערווײַל עטלעכע אַלטע ווײַבער, וואָס כאַפּן זיך אַרויס אַף אַ רעגע, אַ ביסל לופֿט צו שעפּן, אַ ביסל נאָכעס צו האָבן און אָפּצורײדן זיך פֿון האַרץ...

און אַז מע האָט שוין איבערגעשיט דאָס גאַנצע שטעטל, רעדט מען פֿון „וואָס אַמאָל איז געווען הײַנט איז ניטאָ"...

אַמאָל זײַנען געווען געטרײַע מענער, און הײַנט — פֿאַר די הינט אַרויסצוּוואַרפֿן! איינס באַ איינס טרייפֿע ווי כאַזער; עס גייט זיי קיין וואָר וואָרט אַרויס פֿון מויל... נאָך דער כאַסענע איז „קעטשעלע־מע־טשעלע", באַ איין טיש עסט מען, פֿון איין שיסל; — וואָס עלטער, ווערט מען קעלטער, און — גאָרניט!

פֿאַרצײַטנס פֿלעגט אַ ייִדענע האַלטן אַן אוראייניקל באַם פֿאַרטעך און איר אייגנס באַ דער ברוסט; הײַנט נאָכן דריטן, העכסטנס נאָכן

פערטן מאָל — קראַנק, דאַרף מען שוין דאָקטוירים און... דאָ רוימט מען זיך איין עטלעכע סוידעס און מע שפּייט אַף אַלע זייטן...

דעריבער שטראָפט טאָקע דער בוירע־אוילעם. ער וועט זיין גוסס ניט וואַרפן אין דער בלאָטע אַריין. פּאַרנאָסע נישטאָ, קליינע קינדער גייען אוים ווי די ליכט, פאַר זעלנער נעמט מען... און קאַהאַל און ראָווז שווייגן! —

אַפילע די זון איז שוין אויך ניט דאָס, וואָס אַמאָל! פאַרצייטן פלעגט מען פון פייסער ביז סוקעס גיין אין איין העמד... עס רעדט זיך נאָר אַזוי, באַשפּינט און באַנייט איז מען געווען, און די ספּאָדניצעס מיט די זילבערנע און גאָלדענע פּליטן זיינען אַ סאַך שענער געווען ווי די היינטיקע מאָדעס... נאָר וואָרעם איז געווען, אַ מעכייע! ווער האָט געוווּסט פון הוסטן, פון שווערן אָטעם, פון אַ ציטערניש אין די ביינער?

---

די זון גייט אונטער; די ווייבער צעלויפן זיך; מע דאַרף וועטשערע קאָכן פאַר די „געטרייע" מענער, דאָס פּאָנעם פאַרפלאָמען...

עס פלאַמט אויף איין פענצטער נאָכן צווייטן, אַ שויבן־טיר נאָך אַ שויבן־טיר. מיט רויטע אויגן קוקן די הייזלעך אין גאַס אַריין, און באַם קלאָיז זיצן שוין מענער נאָך מינכע־אומייִרעוו.

מע רעדט פון פּאָליטיק, פון פּאַרנאָסע, פון יידישן מאַזל...

איינער ציט זיך אוים אַף דער וואַרעמער ערד, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָפּן ווייכן, פוילן האָלץ און קוקט אין הימל אַריין מיט צאַר, מיט נאַכעס, מיט געבעט — ווי איינער, ווי אַמאָל — און דרעמלט אַזוי איין.

פּלוצלינג ווערט אַ געשרייערײַ פון טיר און פענצטער, ווייבערשע קוילעס רופן: כאַים, יאָסל, רוּוון!

אַנדערע, מיט אַ צולאָג —אַ קלאָלע: דיין נאָמען זאָל אַהיים קומען! די קאַרטאָפל ווערן קאַליע!

---

און ערשט גאָר שפּעט, אַז דאָס שמעטל שלאָפט איין, רוקט זיך אַרוים פון נידעריקסטן הייזל רעב שמערל, דער געוועזענער לאַנד־שאַדכן...

פערציק יאָר איז ער אַרומגעלאָפן זוכן כאַסאַנים און קאַלעס, ביז ער האָט די פים פאַרלאָרן; קוים ער שלעפּט זיי נאָך...

אַ האַלבע געגנט האָט ער כּאַסענע געמאַכט, נאָר זײַן אייגענע טאָכ־טער פאַרגעסן... אין גרויען צאָפּ אַרײַן פאַרגעסן... נײַנצן יאָר דער־לעבט!

ער זעצט זיך און באַהאַלט דעם אַלטן גרויען קאָפּ אין די ציטערדיקע הענט... נאָרן האָט ער איר געקליבן; נישט געגעסן, נישט געטרונקען, צופּוס מײַלן גאַנצע געגאַנגען... אַלץ געקליבן און געקליבן!

אַזאַ כּאַרפּע, אַזאַ שאַנד!

ער הייבט די אויגן אויף צום הימל.

כּאָטש גוט, וואָס זײַן ראָכל האָט עס נישט דערלעבט!

— גאָט! — וויינט אין אים דאָס האַרץ. — זאָל זי נאָר טשוווע טאָן... אַוועק איך מיט איר... איך וועל איר אַ נײַעם נאָדן צוזאַמענמאַכן... מיט די קראַנקע פיס וועל איך פון טיר צו טיר אַף האַכנאָסעס־קאַלע גיין... כּאַסענע מאַכן, לײַטיש כּאַסענע מאַכן!

— גאָט, שיק אַ שטראַל פון דײַן ליכט אין איר האַרץ אַרײַן! אַ האַרץ האָט זי דאָך אַ גוטס געהאַט, אַ גוט האַרץ... אַ שטילע איז זי, אַ גוטע געווען... אַ האַרציקע!...

— מײַסע־סאָטן, מײַסע־סאָטן! — קלאָגט דער אַלטער אין דער שטי־לער נאַכט אַרײַן...

---

און — אַז ער גייט אויך אַוועק, דערמאָלט פאַרציילט מיר דער קלאָץ זײַנע מײַסעלעך.

## 3.

# נאָך האַלבער נאַכט

טאָפּלט דיק ווערט דער קלאָץ; ער גיסט זיך מיט זײַן אייגענעם שאָטן צוזאַמען. אַ גרויע, טיפע שטילקייט וויגט זיך איבערן טויטן מאַרק.

דאָס שטעטל שלאָפט; טיר און טויער געשלאָסן.

זעלטן רוישט דורך דער לופט אַ פלעדערמויז; אַן אומגליקלעכע פלע־דערמויז אין אַ שטעטל, ווו די ווײַבער האָבן קיין האָר ניט! פון ערגעץ אַן אונטערגאַס בלעקט פון צײַט צו צײַט אַ קעלבל, גלײַך עס וואָלט זיך געקלאָגט אַפן לעבן, וואָס עס איז צו קורץ און ווערט נאָך פאַר דער

צייט איבערגעריסן מיט געוואלט. פון צייט צו צייט לאזט זיך הערן א הונט פון דער קריסטלעכער פארשטאט, וואס קאן די לעוואנע נישט ליידן; וואס רירט זי זיך אין דער שטילער נאכט? — — —

ווייטער איז שטיל. די ארעמע קליינע וועלט האט קוים איינגעוויגט אירע קליינע — ווען אויך גענוג טיפע — שמערצן, האפענונגען און פאר־לאנגען, ווי אויך איר קליינעם יעיצערהארע...

---

שטיל און טרויעריק ליגט דער קלאץ אינמיטן מארק; שטיל און טרויעריק שווימט איבער אים אין הימל א פוילע געלע לעוואנע.

וואס ביסטו, לעוואנע, אזוי געל? וואס איז אזוי קרענקלעך דיין פאנעם? פון דיר שניידט מען דאך קיין צאן־שטעכער, קיין איידעס צו נעגל, קיין קינדלעך? צי האסטו מיטלייד־מיטן יידישן קעלבל פון אונ־טערגאס? צי שרעקט דיך דער הונט פון דער קריסטלעכער פארשטאט?

און פיליכט ביסטו גאר אונדז, ארעמע מענטשן, מעקאנע, ווייל, ווי־עס־איז, האבן מיר א נאכט צום שלאפן?

קראנקע לעוואנע, — ניט אלע שלאפן.

---

דא און דארט שפארט זיך ארויס א ביסל ליכט דורך א שפארע פון א לאדן; ארום מאנכע ציטערן דינשטראליקע, רויטלעך־בלויע מאגן־דאווידס...

דא איז זיך א שניידער, צי א שוסטער, און עפשער א טאליסים־וועברע, בא דער ארבעט פארזעסן. אן ארעמע נייטערן פינטלט מיט די רויטע אויגן און נייט און שטעפט...

דארט שטיין אויף א דערשראקענע מוטער צום קראנקן קינד...

ערגעץ אנדערש, אין א ווינקעלע, בא א גראשנדיק כיילעוון ליכטל, ציילט אוים א בעטלער זיין צוזאמענגעמאכט פארמעגן.

אינעם גרויסן ווייסן הויז ליגט א קראנקע; זארעד שענקערס ווייב. גיי בארעכן א וועלט: א יונג ווייבל, אן אלטער מאן; גייט ער ארום א געזונטער, און זי ליגט איבעראנאנד! שטארבט זי אוועק! עס ברענט א קאגאנעק, עס זיצט א כעוורעמאן... זארעד גייט אהין און צוריק פארטראכט און רייסט זיך איינציקע האר פון דער ווייסער בארד:

„ער האט זי באלד ניט געוואלט! וואס האט אים געטויגט אזא בלאסע, אזא ווייסע... מע האט זי אים איינגערעדט; איינגערעדט האט

מען זי אים... ער האָט יענע געוואָלט, און יענער לעהאַכעס האָט ער מיט דער כאַסענע געהאַט"...

עס לײַכט זיך אויף באַם דײַען אין פענצטער. ער זיצט נאָך און לערנט, און עפּשער קלערט ער שוין וועגן אַ העספּעד; ז, ערעך איז אַ גוויר און אַ ייד אַ לאַמדן: „איישעס כאַווער קעכאַווער"...

---

ווו עס איז פינצטער, שלאָפן אויך ניט אַלע...

קעגנאיבער דעם גרויסן ווײַסן הויז שטייט אַן אײַנגעפאַלענע, פאַרפינצטערטע שטוב, מיט אויסגעביסענע ווענט. די לאָדן הענגען קרום. אַראָפּ און פאַרמאַכן שוין לאַנג ניט די פענצטער. אין שטוב, בײַ דער בלאַסער שײַן פון דער לעוואָנע, ציטערן, ווי בלוטיקע פלעקן, די קישן אין ציכלעך אַף צוויי שטענדיק־זיפצנדיקע בעטן...

אַן אַלטער אײַנגעשרומפּענער ווײַבער־קאָפּ מיט אויסגעלאָשענע אויגן הייבט זיך אויף און רופט צום צווייטן בעט:

— טויבע; הערסט?

עס קומט פון צווייטן בעט קיין ענטפער, עס הערט זיך פון דאָרטן קיין אָטעם ניט. די אַלטע לאָזט זיך דאָך ניט נאַרן. זי ווייס, אַז טויבע שלאָפט ניט, אַז זי קאָן ניט שלאָפן... עס לאָזט זי ניט שלאָפן...

— טויבע! — רופט די אַלטע האַרטער.

— וואָס ווילסטו, מאַמע? — הערט זיך פון צווייטן בעט אַן אָפּגעריסן קאָל, אָנגעזאַפּט מיט טרערן. — וועסט מיר די קינדער וועקן!

די אַלטע שווײַגט אַ רעגע. אין דער שטילקייט הערט זי, ווי טויבע דרייט זיך איבער אין בעט און פאַרגראָבט דאָס פּנים אינעם קישן.

— הערסט, טויבע! — מאַכט די אַלטע נאָך אַ ווײַלע. — דײַן מאַנדל וועט הײַנט, מאָרגן אַוועק... ער האָט שוין דעם טאַלעס־זאַק פאַרפּאַקט... אַן אַגונע וויל ער דיך לאָזן, אַן אַגונע! ער האָט דען יאַהאַדעס? ער האָט דען אַ יידיש האַרץ?... ער וועט דיר קיין געט ניט לאָזן!

פון צווייטן בעט הערט זיך אַ פאַרשטיקט געוויין.

די אַלטע מרוטשעט פאַר זיך:

— טאַטע־מאַמע ניט געפאָלגט... געפּוצטע שטיוועלעך געוואָלט..., זאָרעך — אַ שמאַלץ־גרוב — ניט! געפּוצטע שטיוועלעך! דעם טאַטן אין קייווער אַרײַנגעפירט... גאָט שווײַגט ניט, גאָט צאָלט... ריבוינע־שעלאוילעם...

מויבע שפרינגט ארויס, ווי אן אונטערגעשאסענער פויגל, פון בעט, כאפט אף זיך א קלייד מיט א שאל און לויפט ארויס פון שטוב.

— און יענע שטארבט, — מרומשעט וויטער די אלטע און לייגט דעם ציטערדיקן קאפ צוריק אפן רויטלעך־שווארצן קישן, — וואלט ער איר א געט געלאזט, וואלט עפשער נאך צוריק זיוועג געווען...

---

מויבע זעצט זיך אפן קלאץ. די באָרוועסע פיס צעפליסן זיך אינעם זאמד, די גרויע שאל מיטן גרויען קלייד אין דער גרויער לעוואנע־נאכט... עס זעט זי דנאר איר בלאסער פאנעם מיט די ברענענדיקע אויגן, וואס קאנען זיך ניט אפרייסן פון גרויסן, ווייסן הויז, פון ציטעריקן ליכט, וואס רייסט זיך ארויס דורך דער שפארע פון די גרינע לאדן...

— שטארבן — טראכט מויבע — איז נאך גארניט!

נאר זי דערשרעקט זיך פאר אירע אייגענע ווערטער; זי זאל עס נאר ניט האבן ארויסגעזאגט אין א בייזער שא!

— לעב, לעב, מירעלע! — ליספלט זי מיט ציטעריקע ליפן, — זאל דיר גאט דיין לעבן באנייען... הונדערט און צוואנציק יאר זאלסטו לעבן...

דאס געבעט רייסט זיך אפ פון זיך אליין. טרויעריק־פינצטערע געדאנקען באהערשן זי. נאך באמאג האט זי געהערט, אז דער דאקטער האט אפגעטרעטן פון מירלס בעט, אז אלע מעווינים האבן אוועקגעמאכט מיט דער האנט...

„איין גאט קאן העלפן", האט מען געזאגט, און מויבעס הארץ ציטערט, צי וויל ניט גאט אויספירן זיינס... צי איז זי מיט זארעבן קיין זיוועג ניט געווען...

ער (איר מאן) מוז אוועק, עס איז שוין ניטא פונוואנען צו לעבן... אמעריקע ציט אים... און יענע — יענע שטארבט...

זיבלייבט און זארעד בלייבט...

— „נאר ניט קיין געט, נאר ניט קיין געט!" — צאפלט אין איר דאס הארץ. —

דאס אלץ האט מיר דער קלאץ פארציילט.

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

קאוועיאָכל — גאָט.
אוקעדוימע — און דאָסגליַיכן.
אַוועהאָריִע — און אַט איז אַ באַוויַיז.
בישליימעס — געמיינט: אַפן בעסטן אויפן.
צויטיקע — פּאַטלאַטע.
פּיקל-הויב — געמיינט: אַ קאַסקע.
מאַלביש-ארומים זיַין — באַקליידן.
קנאַס — שטראָף.
„מאַמזיירים" — דאָ געמיינט: אויסגעלאַסענע, ניט פרומע.
דער בעלפער — דער באַהעלפער, דער מעלאַמעד-געהילף.
„דיַיטשעריש" — געמיינט: ניט לויטן יִדישן רעליגיעזן שטייגער.
דער בוירע-אוילעם — געמיינט: גאָט.
פּליטן — אויסגענייטע באַפּוצונג.
טשוווע טאָן — כאַראָטע האָבן אַף די זינד (אַ רעליגיעזער באַגריף).
אַף האַכנאָסעס-קאַלע גיין — גיין בעטלען אַף אויס-געבן אַ מיידל.
אַ כעווער עמאַן — געמיינט: אַ מיטגליד פון דער רעליגיעזער קווורע-געזעלשאַפט, „כעווורע קאַדישע", וואָס דעזשורעט, לויטן רעליגיעזן מינהעג, בײַ גויסעסן.
—דיַיען — דאָ: אַ געהילפס-ראָוו.
העספּעד — אַ טרויער-רעדע.
איישעס כאָוועער קעכאָוועער — אַ לאַמדנס אַ וויַיב איז געגליכן צו אַ לאַמדן.
אַן אַגונע — אַ פרוי, וואָס איר מאַן האָט זי פאַרלאָזט אָן אַ געט און מע ווייסט ניט, ווו ער איז.
יאַהאַדעס — יִדישקייט.
ליספּלט — שעפּטשעט.
זיוועג — אַ פּאָרפאָלק (מאַן און וויַיב).

# כאַסענע געהאַט

(דערציילט פון אַ פרוי)

איך געדענק מיך נאָך פון דער צײַט, ווען איך האָב אין צייכן געשפּילט און זומער־צײַט אַפן הויף פון לײם כאַלעס געבאַקן; ווינטער בין איך אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין שטוב און געוויגט אַ קליין ברודערל, וואָס איז געבוירן געוואָרן קראַנק און האָט געקרענקט ביז צום זיבעטן יאָר, ווען עס איז געשטאָרבן אַף אַן אונטערגאַנג.—

זומער, קאַלזמאַן די זון האָט געשײַנט, איז דאָס אומגליקלעכע באַשעפעניש געזעסן אַפן הויף, געוואַרעמט זיך אַף דער זון און געקוקט, ווי איך שפּיל אין צייכן.

ווינטער איז עס פון וויג ניט אַרויס, און איך האָב אים מײַסעס דערציילט און לידלעך געזונגען. די רעשט ברידער זײַנען אַלע אין כיידער געווען.

די מאַמע איז שטענדיק געווען פּאַרנומען, עפּשער 10 פּאַרנאָסעס האָט זי געהאַט, די אָרעמע מאַמע: אַ פּשעקופּקע געווען, לעקעך געבאַקן, אַף בריסן און כאַסענעס געגאַנגען . . . טוקערן געווען, קוואָרים־מעסטערן, זאָגערן, און אַזוי אַן אײַנקויפערן פאַר באַלעבאַטישע הײַזער.

דער טאַטע איז פאַר 3 רובל אַ וואָך געווען אַ שרײַבער בײַ רעב זײַנוול טערקעלבוים אין וואַלד. — און דעמאָלט זײַנען נאָך די גוטע צײַטן געווען; די מעלאַמדים — באַצאָלט, דירעגעלט — קימאַט צו דער צײַט, קיין טרוקן ברויט אין מויל אַרײַן האָט ניט געפעלט.

טיילמאָל האָט די מאַמע אַף וועטשערע אַ קולישע געמאַכט. דעמאָלט איז שוין אַ גאַנצער יאָנטעוו געווען. דאָך האָט עס זעלטן פּאַסירט.

די מאַמע פלעגט מערסטענטײלס אַהיים קומען שפּעט, מיד; גאַנץ אַפּט

פאַרווײנט און פאַרביטערט. זי קלאָגט זיך, אַז עס װערן איר באַ די באַ־לעבאָסטעס כּװיוּעס פאַרפאַלן; אַז מע הײסט איר אויסלײגן, דערנאָך — קומען מאַרגן און איבערמאָרגן... דערווײַל ווערן נײַע קנסים געמאַכט, און צום סאָף, אַז עס קומט צום כעזשבן, געדענקט ניט די באַלעבאָסטע, צי זי האָט ניט באַצאָלט פאַרן אײערנעכטיקן האַלב־קוואַרטירל פּוטער... מע „שטעלט עס דערווײַל אַוועק", מע מוז פרעגן דעם מאַן, וואָס איז דערבײַ געווען: ער האָט אַן אײַזערנעם זיקאָרן, וועט אַוודאי געדענקען, ווי־אַזוי דער כעזשבן איז געווען. צומאָרגנס ווײַזט זיך אויס, אַז דער מאַן איז אַהײם געקומען צו שפּעט פון בעסמעדרעש און זי האָט'ן פאַרגעסן צו פרעגן; דעם דריטן טאָג דערציילט זי מיט אַ נאָכעס, אַז זי האָט געפרעגט דעם מאַן, נאָר ער האָט זיך אָפּ איר געבייזערט, וואָס זי פאַרדרייט אים דעם קאָפּ: „ער האָט מער ניט וואָס צו טאָן, נאָר אויסצוהערן ווײַ־בערישע כעשבוינעס!" און עס בלײַבט, אַז זי וועט זיך אַליין דערמאָנען.

דערנאָך הייבט זיך איר אָן דאַכטן, קימאַט אָפּ זיכער, אַז זי האָט דאָס האַלבע קוואַרטירל פּוטער פאַררעכנט; שפּעטער וואָלט זי מויערן דערויף געשטעלט. און אַז די אָרעמע מאַמע דערמאָנט נאָכאַמאָל וועגן קוואַרטירל פּוטער, הייסט זי שוין אַ כצופּע, מאַכט זי אַ בילבל, ווײַל זי אויסנאָרן אַ האַלבן גילדן... איז מען זי מאַסרע, אַז אויב זי וועט נאָכאַמאָל אַ פּיפּס טאָן וועגן דער פּוטער, זאָל זי זיך מער אָפּ די אויגן ניט ווײַזן!

די מאַמע, וואָס איז אַמאָל אַ „גווירישע טאָכטער" געווען, און וואָלט, ווען ניט דער פּאַרעץ, וואָס האָט איר צוגענומען דעם נאַדן, אַליין אַ באַלעבאָסטע געווען, האָט עס ניט געקאָנט לײַכט איבערטראָגן; זי פלעגט טײלמאָל אַהײם קומען מיט געשוואָלענע אויגן, געוואָרפן זיך מיט אַ געוויין אָפּן בעט און אַזוי אָפּליגן אַ גרויסע ווײַלע און וויינען, און ביטערלעך וויינען, ביז זי האָט זיך אויסגעוויינט דאָס ביטערע האַרץ, און איז אויפגעשטאַנען און אָפּגעקאָכט אונדז אַ ביסל קליסקעלעך מיט באָבערלעך.

טײלמאָל האָט זי אויסגעלאָזט דעם קאַס צו אונדז; אײגנטלעך, דעריקער צו מיר: דעם קראַנקן בערל האָט זי קײנמאָל גאָרניט געזאָגט, די ברידער פון כײדער אויך גאַנץ זעלטן — זיי פלעגן נעבעך אַהײם קומען אַזוי אויך מיט ברוינע־בלויע, אויסגעקניפּענע באַקן און אונטערגעשלאָגענע

אויגן; פֿאַר דאָס האָב איך גאַנץ אָפֿט געלייזט אַן אומזיסטן ריס באַ די האָר אָדער אַזוי אַ מאַטנאַס־יאָד.

„דו ביסט ניט קראַנק געווען דערווײַל אַנצולייגן אַ פֿײַער, צושטעלן אַ טעפּל וואַסער" — און דאָך, אַז איך האָב עס אַמאָל געטאָן, איז נאָך ערגער געווען: „זע נאָר מײַן באַלעבאַסטע! גאָר ניט, אַ פֿײַער לייגט זי אָן, דאָס האָלץ זאָל זיך דערווײַל אומזיס און אומנישט אויסברענען... עס אַרט זי עפּעס מײַן פֿראַצע? — בעדאַלעס מאַכט זי מיך!"...

טיילמאָל האָט דער טאַטע געלייזט אונטער די אויגן; די מאַמע זעצט זיך אַנידער אָפֿן בעט מיטן פּאָנעם צום פֿענצטער, און, אַרויסקוקנדיק אין דער לופֿט אַרײַן, קרעכצן: „עס אַרט אים עפּעס? ער זיצט זיך דאָרט אין וואַלד, ווי אַ כראַביע, שמעקט פֿרישע לופֿט, ליגט זיך אָפֿן גראָז, פֿרעסט זויערמילך, עפּשער נאָך סמעטענע, איך ווייס? און דאָ דאַרן מיר די קישקעס!"...

באַ דעם אַלעם איז דעמאָלט גוט געווען. מע האָט קיין הונגער ניט געליטן, און נאָך אַ וואָך מיט פֿאַרשיידענע קליינע צאָרעס איז געקומען אַ פֿרייטיקער, אַלקאַלפּאָנעם, אַ רויִקער שאַבעס. דער טאַטע פֿלעגט אָפֿט אַהיים קומען, און די מאַמע פֿלעגט זיך אַרומדרייען אין אַלע ווינקעלעך און בעסאַד־סוידעס שמייכלען.

אָפֿט פֿלעגט פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט, פֿאַר ליכט בענטשן, די מאַמע מיך קושן אין קאָפּ אַרײַן... איך האָב געוווּסט, וואָס דאָס באַטײַט! וואָרעם, אַז עס האָט געטראָפֿן, און דער טאַטע איז ניט אַהיים געקומען אױף שאַבעס, בין איך אַ „מאַכשייפֿע" געווען! האָט מיר די מאַמע מיטן קעמל האַלב האָר אויסגעריסן און דערצו נאָך עטלעכע זעץ דערלאַנגט אין די פּלייצעס. איך האָב ניט געוויינט; מײַן קינדיש האַרץ האָט געפֿילט, אַז דאָס מיינט די מאַמע ניט מיך, נאָר איר טרויעריק מאַזל!

דערנאָך האָט זיך דער וואַלד אויסגעהאַקט, דער טאַטע איז אין דער היים געבליבן, און עס האָט אָנגעהויבן פֿעלן אין מויל אַרײַן. געפֿעלט, אייגנטלעך, האָט נאָר דעם טאַטן, דער מאַמען און מיר; די רעשט קינדער האָבן ווייניק־וואָס געוווּסט דערפֿון; דאָס קראַנקע ברודערל האָט גאָרניט געדאַרפֿט, עס האָט געזופּט אַמאָל אַ ביסל גריץ, אויב מע האָט אים דערלאַנגט, און אַלץ אינאיינעם געקוקט אָפֿן בעליק... די אַנדערע, נעבעך, „גייען אין כיידער אַרײַן, זיי מוזן דאָך האָבן אַ לעפֿל געקעכץ"... נאָר איך בין גאַנץ אָפֿט הונגעריק געווען.

דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן שטענדיק דערמאָנט די אַמאָליקע צײַט מיט טרערן אין די אויגן; איך — פֿאַרקערט! איך האָב מיך אין דער שלעכטער צײַט בעסער געפֿילט. זײַט עס האָט געפֿעלט ברויט אין שטוב, האָט מיך די מאַמע טאָפּלט ליב באַקומען; באַם קעמען האָט זי מיך קיין האָר ניט געריסן, אין די דאַרע ביינער אַרײַן ניט געבוכעט; דער טאַטע פֿלעגט מיך באַם וואַרעמעס גלעטן איבערן קאָפּ און פֿאַרשפּילן מיך, איך זאָל ניט זען, ווי מע פֿאַרטיילט מיך; און איך בין נאָך.באַ מיר גרויס געווען, אַז, ווען מע דאַרף פֿאַסטן, פֿאַסט איך גלײַך מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען, אַז איך בין שוין אַ גרויסע מויד!

אין דער צײַט איז דאָס קראַנקע ברודערל געשטאָרבן.

געשען איז עס אַזוי: איינמאָל האָט זיך די מאַמע אויפֿגעכאַפּט און געזאָגט איבערן בעט צום טאַטן: ווייסט, בערלען איז אַוואַדע בעסער, ער איז אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפֿן, קיין איינציק מאָל ניט געוועקט".

איך האָב עס דערהערט — איך האָב שטענדיק אַ לײַכטן שלאָף געהאַט — און בין מיט אַ פֿרייד אַראָפּגעשפּרונגען פֿון געלעגער אָפֿן קאַסטן, און צוגעלאָפֿן זען מײַן „איינציק ברודערל" (אַזוי האָב איך עס גערופֿן, אַזוי ל י ב האָב איך עס געהאַט). איך האָב געהאַפּט צו דערזען אָפֿן פֿאַרמעטע־נעם פּענעמל אַ שמייכל, וואָס פֿלעגט זיך באַווײַזן אַ מאָל אין אַ יאָר... נאָר איך האָב אַ טויט פּאָנעם געפֿונען.

עס איז געוואָרן אַ שיווע...

דערנאָך איז דער טאַטע ניט געזונט געוואָרן, און דער רופֿע האָט אָנגעהויבן צו ג ײ ן א י ן ש ט ו ב אַרײַן...

קאָלזמאַן עס איז געווען ווי־עס־איז צו צאָלן, פֿלעגט אַרײַנגיין דער אַלטער רופֿע אַליין; דערנאָך, אַז דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט מיטן הענג־לײַכטער, מיטן טאַטנס ספֿרים־שאַנק, וואָס די מאַמע האָט אַ צײַט ניט געלאָזט רירן, זײַנען אַרײַן אין רעפֿועס, האָט דער רופֿע אָנגעהויבן שיקן דעם „יונג".

דער יונג איז דער מאַמען שרעקלעך ניט געפֿעלן: עס שפּראָצט אים עפּעס שפּיציקע „וואָנסעלעך", גייט אָנגעטאָן ווי אַ גוי, און דערצו וואַרפֿט ער אַלעמאָל אַרײַן עטלעכע ווערטער פּויליש.

א י ך האָב פֿאַר'ן מוירע געהאַט, אַדײַעם ווײַס איך ניט פֿאַרוואָס. נאָר ווען ער האָט געדאַרפֿט קומען, פֿלעג איך אַרויסלויפֿן אָפֿן הויף און איבערוואַרטן, ביז ער וועט אַוועקגיין.

איינמאָל איז אַ שאָכן קראַנק געוואָרן, אויך אַן אָרעמאַן, און אויך, אַפּאָנעם, נאָך אַלע קיילים אין שטוב, און דער יונג (אַדײַעם ווייס איך ניט, וויאַזוי ער האָט געהייסן) איז פון אונדזער שטוב אַריבערגעגאַנגען צום שאָכן. דורכגייענדיק דעם הויף, האָט ער מיך געטראָפן זיצן אַפן קלאָץ.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דערפילנדיק, אַז ער קומט צו מיר נעענטער, איז מיר קאַלט געוואָרן אין די קנעכל און דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעהויבן שטאַרקער שלאָגן.

ער איז צוגעקומען, האָט מיך אָנגענומען באַ דער גאָמבע, אויפגע־הויבן מיר דעם קאָפּ און געזאָגט, דאַווקע אַף פּראָסט יִדיש:

— אַ שיינע מויד, ווי דו ביסט, דאַרף ניט זײַן צעשויבערט, דאַרף זיך אויך פאַר קיין באָכער ניט שעמען!

ער האָט מיך אָפּגעלאָזט, און איך בין אַרײַנגעלאָפן צוריק אין שטוב. איך האָב געפילט, אַז דאָס גאַנצע בלוט שלאָגט מיר אַלץ אין איינעם אין פּאָנעם אַרײַן. איך האָב מיך פאַררוקט אין טונקלסטן ווינקל אונטערן אויוון, מ'קלוימערשט אויסציילן די ברודיקע וועש... דאָס איז געווען מיטוואָך.

פרײַטיק האָב איך דאָס ערשטע מאָל דער מאַמען אַליין דערמאָנט, אַז מע דאַרף מיר אויסוואַשן דעם קאָפּ, אַז איך בין צעשויבערט.

— אַ קלאָג איז צו מיר! — האָט די מאַמע פאַרבראָכן די הענט. — איך האָב זי דאָך דרײַ וואָכן ניט געקעמט.

פלוצלינג ווערט זי בייז:

— מאַכשייפע! — האָט זי אויסגעשריִען. — אַזאַ גרויסע, בייז־דערוואַקסענע מויד קאָן זיך אַליין ניט צוואָגן! אַן אַנדערע אַף דײַן אָרט וואָלט נאָך די אַנדערע קינדער געוואַשן!

— סאָרעלע, שרײַ ניט! — בעט זיך דער טאַטע; נאָר דער מאַמעס קאַס ווערט שטאַרקער און שטאַרקער:

— מאַכשייפע, הערסט! ש ו י ן זאָלסטו דיך צוואָגן! הערסט! — די אויסע רעגע! הערסט!

און דאָ האָב איך מוירע צוצוגיין צום קוימען, ווו דאָס הייסע וואַסער איז געשטאַנען, ווײַל, דורכגייענדיק דורך דער מאַמען, וואָלט איך געלייזט אַ בוד. געראַטעוועט האָט מיך, ווי געוויינלעך, דער טאַטע.

— סאָרעלע, — האָט ער געקרעכצט, — שרײַ ניט, מיר טוט דער קאָפּ אַזוי וויי!...

דאָס איז געגוג געווען. דער מאַמעס קאָפּ איז ווי מיט דער האַנט אוועקגענומען געוואָרן... איך בין פרײַ דורכגעגאַנגען די שטוב און צוגעקומען צום טאָפּ וואַסער.

איך צוואָג מיך אומגעלומפּערט און זע, ווי די מאַמע גייט צו צום טאַטן און ווייזט אַף מיר מיט אַ שווערן זיפץ.

— ריבוינעשעלאוילעם, עס וואַקסט נעבעך, ווי אַף הייוון, — מאַכט זי שטיל צום טאַטן, נאָר מײַן אויער כאַפּט יעדעס וואָרט, — שיין ווי אַ גאָלד... און וואָס?

דער טאַטע האָט פאַרענטפערט מיט נאָך אַ טיפערן זיפץ.

דער רויפע האָט ניט איין מאָל פאַרזיכערט, אַז דעם טאַטן איז גאָרניט. דאָס אַגמעסנעפעש נאָר האָט זיך אים געלייגט אַף דער לעבער. דעריבער איז זי אויפגעשוואָלן און דריקט צו דאָס האַרץ; מער ניט! דעריקער זאָל ער מילך טרינקען, קיין אַגמעסנעפעש זיך ניט צולאָזן, גיין אין גאָס אַרײַן... ריידן, שמועסן, זוכן זיך אַן אייסעק... דער טאַטע האָט אָבער געזאָגט, אַז די פיס ווילן אים ניט טראָגן. פאַרוואָס, בין איך ערשט שפּעטער געוואָר געוואָרן.

איינמאָל, זומער פאַרטאָג, האָט מיך אויפגעוועקט אַ שמועס צווישן טאַטע־מאַמע:

— ביסטו דיך אין וואַלד, נעבעך, אַנגעגאַנגען, — מאַכט די מאַמע.

— אַ שײַלע דאָס איז, — ענטפערט דער טאַטע, — אין וואַלד האָט מען אַף צוואַנציק ערטער געהאַקט אַף איין מאָל. פאַרשטייסט, דער וואַלד איז דעם פּאָרעצס, די פויערן האָבן אָבער סערוויטוטן: זיי קומט די צווײַגן, וואָס פאַלן אַראָפּ און וואַלגערן זיך אין וואַלד, ווי אויך דאָס האָלץ פון די ביימער, וואָס אַ דונער צעשלאָגט... נו, אַז מע האַקט אויס דעם וואַלד, האָבן זיי דאָך העזעק דעם סערוויטוט, מוזן זיי זיך קויפן האָלץ צום בויען און צום הייצן. האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, געוואָלט לייגן אַן אַרעשט. אַראָפּברענגען דעם קאָמיסאַר; זיי האָבן זיך אָבער צו שפּעט מעיאַשעוו געווען. רעב זײַנוועלע האָט נאָר דערזען, אַז זיי קראַצן זיך אין די קעפּ, האָט ער שוין געגעבן אַ באַפעל, מע זאָל אַנידערשטעלן נאָך 40 העקער! עס איז געוואָרן אַ גנעעם, עפּשער אַף 20 ערטער האָט מען געהאַקט! און זײַן מוז מען אומעטום... וואָס קלערסטו? די פיס פלעגן מיר געשוואָלן ווערן ווי די באָרקעס...

— ווי אַ מענטש זינדיקט! — קרעכצט די מאַמע. — איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט דאָרט גאָרניט וואָס צו טאָן...

— אַוואַדע! — שמייכלט טרויעריק דער טאַטע. — נאָר פון גרויען טאָג ביז שפּעטער נאַכט אַף די פּיס!

— און אַלץ פאַר דריי רובל אַ וואָך? — בייזערט זיך די מאַמע.

— ער האָט מיר צוגעזאָגט צו דערלייגן; דערווייל, ווייסטו דאָך, איז אים די טראַטווע אונטערגעגאַנגען... האָט ער געזאָגט, אַז ער איז בעדיל־האַדאַל געוואָרן...

— און דו גלייבסט?

— עס קאָן זיין...

— שטענדיק — בייזערט זיך די מאַמע — ווערט ער בעדיל־האַדאַל און דאָס פאַרמעגן וואַקסט און וואַקסט.

— אַז גאָט העלפט, — זיפצט דער טאַטע.

עס איז שטיל אַ ווייַלע.

— ווייסט ניט, וואָס מאַכט ער? — פרעגט דער טאַטע, וואָס איז שוין קימאַט אַ יאָר ניט אַרויס פון שטוב.

— וואָס זאָל ער מאַכן? ער האַנדלט מיט פלאַקס, מיט אייער; אַ שענק האָט ער...

— און זי וואָס מאַכט?

— זי, נעבעך קראַנק...

— אַ שאָד, אַ גוט מענטש —

— אַ בריליאַנט! די איינציקע באַלעבאָסטע, וואָס „מאַכט ניט אויין" אַ גראָשן; זי וואָלט אַפילע געצאָלט צו דער צייַט, נאָר זי האָט בא אים ווייניק־וואָס צו שאַפן...

— דאַכט זיך, — מאַכט דער טאַטע, — דאָס דריטע ווייַב.

— אַוואַדע! — באַשטעטיקט די מאַמע.

— זעסט, סאָרע, מאַכט דער טאַטע, — דאַכט זיך שוין — אַ ייִד אַ גוויר... האָט ער קיין מאַזל ניט צו ווייַבער... יעדערער האָט זייַן פּעקל.

— און אַזאַ יונג בלוט! — האָט צוגעגעבן די מאַמע. — איינגאַנצן עטלעכע און צוואַנציק יאָר.

— נו גיי ווייס? ער איז אַוואַדע אַ זיבעציקער און — אייַזן שטאַרק.

— ווי הייסט — נים קנאַקט ער!
— און אַן אַ בריל!...
— און זײַן גאַנג; די פּאַדלאַגע ציטערט!
— און איך, זעסטו, ליג אין בעט.
עס האָט מיך דורכגענומען בײַ די לעצטע ווערטער.
— גאָט וועט העלפן, — טרייסט די מאַמע.
— נאָר זי, זי... — קרעכצט ווײַטער דער טאַטע און וואַרפט אַ בליק צו מיר אַפּן קאַסטן. — זי וואַקסט, קיין אײַנהאָרע, ווי אַף הייוון... פּאָרנט... האָסט געזען?...
— אַ שײַלע דאָס איז!
— און אַ פּאָנעם... שײַנט ווי די זון...
עס איז ווײַטער שטיל געוואָרן אַ ווײַלע.
— ווייסט, סאָרעלע, — מאַכט ווײַטער דער טאַטע, — מע איז ניט יוויצע פאַר גאָט.
— מיט וואָס?
— מיט איר! ווי אַלט ביסטו געווען צו דער כאַסענע?
— יינגער פאַר איר!
— נו?...
— נו... וואָס?
אין דער אייגענער מינוט האָט מען צוויי קלעפּ געטאָן אין לאָדן.
די מאַמע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. אין איין רעגע האָט זי אָפּגעריסן דאָס שטריקל, אַף וועלכן דער לאָדן האָט זיך געהאַלטן, און אויפגעפּראַלט דאָס פענצטער, וואָס האָט שוין לאַנג קיין באַשלעג ניט געהאַט.
— וואָס איז? — האָט זי אַרויסגעשריגן אין גאַס אַרײַן.
— ריווקע זײַנוולס איז ניפטער געוואָרן.
די מאַמע איז צוריקגעשפּרונגען פון פענצטער.
— באָרעך דײַען עמעס!... — האָט דער טאַטע אַרויסגעזאָגט. — שטאַרבן איז גאָרניט.
— באָרעך דײַען עמעס, — מאַכט די מאַמע, — ערשט פון איר געערדט.

---

דעמאָלט האָב איך געהאַט אַ וווּנדערלעך אומרויִקע צײַט. איך ווייס אַליין ניט, וואָס מיט מיר איז געווען.

טײַלמאָל בין איך גאַנצע נעכט ניט געשלאָפֿן. די שלייפֿן האָבן מיר ווי האַמער געקלאַפּט און דאָס האַרץ האָט געניאַגט, גלײַך עס וואָלט זיך געשראָקן פֿאַר עפּעס, אָדער שרעקלעך נאָך עפּעס געבענקט; טײַלמאָל איז מיר ווײַטער אַזוי וואַרעם און ווייך געווען אויפֿן האַרץ, אַז איך האָב געוואָלט אַלץ אַרומנעמען און קושן און האַלדזן.

נאָר וועמען? די ברידערלעך האָבן זיך ניט געלאָזט; דער 5־יאָריקער יויכעלע האָט אויך געקאַפּעט און געשריגן, אַז ער וויל זיך ניט שפּילן מיט אַ מיידל. די מאַמע, אויסער דעם, וואָס איך האָב פֿאַר איר מוירע געהאַט, איז שטענדיק בייז און פֿאַריאָגט... דער טאַטע — נאָך קראַנקער.

בעמעשעך אַ קורצער צײַט איז ער אײַנגאַנצן גראָ געוואָרן ווי אַ טויב, דאָס פּנים איז אײַנגעשרומפּן געוואָרן ווי אַ פּאַרמעט, און די אויגן האָבן אַרויסגעקוקט אַזוי אומבאַהאָלפֿן און מיט אַזאַ שטום געבעט, אַז עס איז גענוג געווען, איך זאָל עס דערזען און אַרויסלויפֿן פֿון שטוב מיט אַ געוויין.

דעמאָלט דערמאָן איך מיך אָן מײַן בערלען... אים וואָלט איך געקאָנט אַלץ דערציילן, קושן און האַלדזן... ליגט ער דאָרט אין דער קאַלטער ערד, און עס כאַפּט מיך אָן נאָך אַ ביטערלעכער געוויין...

די טרערן, אייגנטלעך, פֿלעגן זיך מיר באַווײַזן גאַנץ אָפֿט אָן אַ טאָם.

טײַלמאָל קוק איך פֿון פֿענצטער אַרויס אויפֿן הויף און זע, ווי די לעוואָנע שווימט און שווימט צו אַלע מאָל נעענטער צו דער אויסגעווײַסטער צוים, וואָס איז קעגן אונדזער פֿענצטער, און קאָן די צוים ניט איבער־שווימען.

און איך באַקום פֿלוצלינג ראַכמאָנעס אויף דער לעוואָנע, עס הייבט מיך אָן קלעמען באַם האַרץ און די אויגן גיסן און גיסן!...

טײַלמאָל, ווײַטער, פֿלעג איך אַרומגיין מאַט. איך פֿלעג מיך אַזוי־אַרום וואַקלען אָן קויכעס מיט אַ בלאַס פּאָנעם און אונטערגעשלאָגענע אויגן; אין די אויערן רוישט, דער קאָפּ איז שווער, און עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז מיר אַזוי ניט גוט אויף דער וועלט, אַזוי ניט גוט, אַז עס וואָלט אַמבעסטן געווען צו שטאַרבן...

דעמאָלט, ווײַטער, האָב איך בערלען שטאַרק מעקאַנע געווען... ער ליגט זיך דאָרט אַזוי רויִק...

גאַנץ אָפּט אויך האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז איך שטאַרב, אַז איך ליג אין קיווער, אָדער אַז איך פֿלי אַרום אין הימל אין איין העמד מיט צעלאָזטע האָר און קוק אַראָפּ, און זע, וואָס אַף דער וועלט טוט זיך...

פּונקט דעמאָלט האָב איך פֿאַרלוירן די אַלע כאַווערטעס, מיט וועלכע איך האָב אַמאָל אין צייכן געשפּילט, און האָב שוין קיין אַנדערע ניט באַקומען. איינע איז שוין אַרויסגעגאַנגען שאַבעס מיט אַן אַטלעסענע יופּע און אַ קייט און אַ זייגער! עס האָט שוין געזאָלט זײַן איר כאַסענע. אַנדערע זײַנען „קאַלע־מיידלעך" געוואָרן. שאַדכאָנים און מעכוטאָנים „האַקן אָפּ די טירן", און מע האָט זיי געקעמט, געוואַשן, געקליידט, בעשאַס ווען איך בין נאָך אַרומגעגאַנגען באָרוועס, אין אַן אַלטע בעזינע, קורצע ספּאָדניצע, אין אַן אויסגעבליאַקעוועטן ציצענעם סטאַניק, וואָס האָט אַף מיר אָפּן סאַמעראָדנע פּראָנט אין עטלעכע ערטער געפּלאַצט, און איך האָב אים צוגעלאַטעט מיט אַן אַנדער קאָליר ציץ... די קאַלע־מיידלעך האָבן מ י ך געמײַדט, און מיט ייִנגערע קינדער האָב א י ך מיך געשעמט צו כאַווערן; אויך האָבן מיך שוין די צייכן ניט געווײַלט. באַטאָג פֿלעג איך מיך דעריבער ניט אַרויסווײַזן אין גאַס אַרײַן. די מאַמע, ווײַטער, האָט מיך אין ערגעץ ניט געשיקט, און אַפֿילע, אַז איך האָב אַמאָל געוואָלט גיין אַ גאַנג, ניט געלאָזט. פֿאַר דאָס פֿלעג איך מיך אָפּט אַרויסכאַפּן פֿאַרנאַכט און אַרומגיין אונטערן הויז באַ די שפּײַכלער, אָדער זעצן זיך ניט ווײַט פֿון טײַך.

זומער פֿלעג איך אַזוי זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן.

אין אָנהייב פֿלעגט אַמאָל די מאַמע צו מיר אַרויסגיין; צוגעגאַנגען איז זי קיינמאָל ניט, נאָר אין טויער זיך געשטעלט, אומגעקוקט זיך און אַוועקגעגאַנגען, — איך פֿלעג קימאַט הערן, ווי זי זיפֿצט, קוקנדיק אַף מיר פֿונווײַטן.

מיט דער צײַט האָט דאָס אויך אויפֿגעהערט.

איך פֿלעג מיר אָפּזיצן איינע אַליין שאָענלאַנג און אײַנהערן זיך, ווי עס רוישט דאָס קליינע טײַכל, ווי עס שפּרינגען די פֿרעש פֿון.גראָז אין טײַך אַרײַן, אָדער נאָכיאָגן ערגעץ אַ לײַכטן וואָלקן אין הימל...

איך פֿלעג אַמאָל האַלב אײַנשלאָפֿן מיט אָפֿענע אויגן.

איינמאָל האָב איך דערהערט פֿונווײַטנס אַ טרויעריק לידל. דאָס קאָל איז געווען יונג און פֿריש, און עס האָט זיך מיר מיט אַ טרויער אויסגעגאָסן אינעם גאַנצן לײַב; עס איז געווען אַ ייִדיש לידל.

דאָס זינגט דער „רויפּע־יונג", — טראַכט איך, — אַנדערע וואָלטן זמירעס, ניט קיין לידלעך געזונגען.

איך טראַכט אויך, אַז מע מוז אַרײַן אין שטוב און אַזוינע לידלעך ניט הערן און מיטן רויפּע־יונג זיך ניט טרעפן. נאָר אויפגעהויבן האָב איך מיך ניט; איך בין עפּעס ווי פאַרכאַלעמט געוועזן, מאַט, און בין געבליבן זיצן אַפן אָרט, כאָטש דאָס האַרץ איז אומרויִק געוועזן.

דאָס לידל קומט צו אַלץ נעענטער און נעענטער, עס גייט פון יענער זײַט טײַך איבער דער בריק.

איך הער שוין טריט אַפן זאַמד, איך וויל ווײַטער אַנטלויפן, נאָר די פיס פאָלגן ניט און איך זיץ ווײַטער.

ענדלעך איז ער צוגעקומען צום אָרט, וווּ איך בין געזעסן.

— דו ביסט עס, לייע?

איך ענטפער ניט.

אין די אויערן רוישט מיר נאָך שטאַרקער, די שלייפן שלאָגן נאָך האַסטיקער, און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב קיינמאָל אַזאַ גוט און זיס קאָל ניט געהערט.

ער מאַכט זיך ווייניק דערפון, וואָס איך ענטפער אים ניט. ער זעצט זיך לעבן מיר אַפן קלאָץ און קוקט מיר גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן.

זײַן בליק האָב איך ניט געזען, ווײַל איך האָב די אויגן ניט אויפגעהויבן, דאָך געפילט האָב איך, ווי עס האָט מיר געברענט דאָס פּאָנעם.

— ביסט אַ שיינע מויד, לייע, — מאַכט ער צו מיר, — אַ שאָד!

עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ שרעקלעך געוויין, און איך בין אַנטלאָפן.

דעם צווייטן אָוונט בין איך שוין ניט אַרויסגעגאַנגען, דעם דריטן אויך ניט. נאָר דעם פערטן, פרײַטיקצונאַכטס, איז מיר שוין אַזוי שווער געוועזן אַפן האַרצן, אַז איך האָב געמוזט אַרויסגיין; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועל דערשטיקט ווערן אין שטוב. ער האָט אַף מיר, אַפּאָנעם, אין שאָטן, אונטער אַ הויז־ווינקל, געוואַרט, ווײַל, קוים האָב איך מיך געזעצט אַף מײַן אָרט, איז ער מיר ווי אויסגעוואַקסן פון אונטער דער ערד.

— אַנטלויף ניט פאַר מיר, לייע! — האָט ער זיך מיט אַ ווייך, האַרציק קאָל געבעטן. — גלייב מיר, איך וועל דיר קיין שלעכטס ניט טאָן.

זײַן ערנסט, ווייך קאָל האָט מיך באַרויִקט.

ער האָט אָנגעהויבן ציִען אַ שטיל טרויעריק לידל, און מיר זײַנען ווײַטער געקומען די טרערן אין די אויגן אַרײַן. איך האָב מיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און האָב אָנגעהויבן שטיל צו וויינען.

— וואָס וויינסטו, לייע? — האָקט ער אָפּ און פרעגט, אָננעמענדיק מיך בײַ דער האַנט.

— דו זינגסט אַזוי טרויעריק, — האָב איך אים געענטפערט און אַרויסגעצויגן די האַנט פון זײַנע.

— איך בין אַ יאָסעם, — מאַכט ער, — עלנט... אין דער פרעמד.

עס האָט עמעץ זיך באַוויזן פון גאַס, און מיר זײַנען זיך צעלאָפן.

דאָס לידל האָב איך מיך אויסגעלערנט און פלעג עס זינגען שטילער־הייט יעדע נאַכט אָפּן געלעגער; דערמיט בין איך אײַנגעשלאָפן, דערמיט בין איך אויפגעשטאַנען. דאָך גאַנץ אָפט האָב איך בּאַראַטע געהאַט און געוויינט, וואָס איך האָב מיך באַקאַנט מיט אַ „רויפע־יונג", וואָס קליידט זיך דײַטש און גאָלט זיך דאָס בערדל. וואָלט ער זיך אַזוי געטראָגן ווי דער אַלטער רויפע, וואָלט ער כאָטש אַ פרומער ייִד געווען... איך האָב געוווּסט, אַז ווען דער טאַטע ווערט עס געוואָר, שטאַרבט ער, כאַסוועשאָלעם, פאַר אַגמעסנעפעש; די מאַמע וואָלט זיך אַ מיִסע געטאָן! דער סאָד איז מיר געלעגן ווי אַ שטיין אָפן האַרץ.

איך גיי צו צום טאַטנס בעט, דערלאַנגען אים עפּעס, אָדער די מאַמע קומט אַרײַן פון גאַס, און איך דערמאָן מיך אָן מײַן זינד, הייבן אונטער מיר אָן הענט און פיס ציטערן, און דאָס פּאָנעם פאַרלירט דעם לעצטן טראָפּן בלוט. און דאָך האָב איך אים יעדן טאָג צוגעזאָגט, אַז איך וועל מאָרגן אויך אַרויסקומען; און איך האָב ניט געהאַט פּאַר וואָס פּאַר אים צו אַנטלויפן. ער האָט מיר שוין אַפילע בײַ דער האַנט ניט אָנגענומען, מער ניט געזאָגט, אַז איך בין אַ שיינע מויד. ער האָט מיט מיר נאָר גערעדט, געלערנט מיך לידעלעך... איינמאָל נאָר האָט ער מיר אַ שטיקל באָקסער געברענגט.

— עס, לייע!

איך וויל ניט נעמען.

— פאַרוואָס? — פרעגט ער טרויעריק. — פאַרוואָס ווילסטו בײַ מיר ניט נעמען?

איך האָב מיך אַרויסגעכאַפּט, אַז איך וואָלט בעסער געגעסן אַ שטיקל ברויט.

---

ווי לאַנג אונדזער זיצן צוזאַמען און זינגען האָט געדויערט, ווייס איך ניט. נאָר איינמאָל איז ער געקומען טרויעריקער ווי שטענדיק, איך האָב עס באַלד אין זײַן פּנים דערקענט, און האָב אים געפרעגט, וואָס איז אים.

— איך מוז אַוועקפאָרן.

— וווּהין? — פרעג איך אָן אַ קאָל.

— צו דער סוב־רעוויזיע.

איך האָב אים אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט.

— צו די זעלנער וועסטו גיין?

— ניין, — האָט ער מיר געענטפערט און דריקט מיר די האַנט, — איך בין אַ שוואַכער. איך לייַד אויפן האַרץ. קיין זעלנער וועל איך ניט זײַן, נאָר שטעלן מוז איך מיך...

— וועסט צוריק קומען?

— אַוודאי...

מיר שווײַגן אַ ווײַלע.

— עס וועט נאָר דויערן — מאַכט ער — אַ פּאָר וואָכן...

איך שווײַג, און ער קוקט אויף מיר מיט אַ געבעט.

— וועסט בענקען נאָך מיר?

— יאָ... — האָב איך אַליין קוים געהערט מײַן טשוווּע.

מיר שווײַגן ווײַטער אַ ווײַלע.

— לאָמיר זיך געזעגענען.

מײַן האַנט איז נאָך געלעגן אין זײַנע.

— פאָר געזונט! — האָב איך אים געזאָגט מיט אַ פאַרציטערט קאָל.

ער האָט זיך איבערגעבויגן, מיר אַ קוש געטאָן און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

איך בין לאַנג געשטאַנען ווי שיקער.

— לייע! — האָב איך דערהערט דער מאַמעס קאָל, נאָר דאָס אַלטע ווייבע, קימאַט זינגענדיקע קאָל, נאָך פון דער צײַט, ווען דער טאַטע איז געזונט געוועזן.

— לייעשי!

אַזוי האָט מען מיך שוין לאַנג נישט גערופן. איך האָב נאָכאַמאָל אַ ציטער געטאָן און בין מיט די נאָך ברענענדיקע ליפּן אַרײַנגעלאָפן אין שטוב. נאָר איך האָב די שטוב נישט דערקענט. אויפן טיש זײַנען געשטאַ־

נען צוויי פֿרעמדע לײַכטער מיט ברענענדיקע ליכט, עס איז געשטאַנען בראָנפֿן און לעקעד — דער טאַטע איז געזעסן אױף אַ שטול, אָנגעלענט אױף אַ קישן, אױפֿן פּנים האָט עפּעס װי געשמייכלט פֿון יעדן רונצל אַרויס. — עס זײַנען געשטאַנען נאָך בענקלעך באַם טיש, אויך פֿרעמדע... עס זײַנען דאָ פֿרעמדע מענטשן געװעזן — נאָר די מאַמע כאַפּט מיך אַרום און קושט און האַלדזט מיך:

— מאַזלטאָװ, טאָכטער, טאָכטערשי, ליעשי, מאַזלטאָװ!

איך פֿאַרשטיי נישט, װאָס מע מײנט, נאָר דאָס האַרץ שרעקט זיך און קלאַפּט, און קלאַפּט אַזױ מוירעדיק! אַז די מאַמע האָט מיך אַרויסגעלאָזט פֿון די אָרעמס, האָט מיך דער טאַטע צוגערופֿן. איך האָב קיין קויעך נישט געהאַט צו שטיין און האָב מיך אַראָפּגעלאָזט פֿאַר אים אױף די קניִען און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אױף זײַן שויס. ער גלעט מיר דעם קאָפּ, קרײַזלט מיר די האָר:

— װעסט שוין, קינד מײַנס, נישט לײַדן קיין הונגער, קיין נויט; װעסט שוין, קינד מײַנס, נישט אַרומגיין נאַקעט און באָרװעס... װעסט זײַן אַ נעגידעס... דו װעסט זײַן רײַך... דו װעסט פֿאַר דײַנע ברידערלעך מעלאַמעד־געלט צאָלן... מע װעט זיי שוין פֿון די כאַדאָרים נישט אַרױסװאַרפֿן... דו װעסט אונדז אױך העלפֿן... איך װעל געזונט װערן...

— און װײסט, װער דער כאָסן איז? — פֿרעגט די מאַמע מיט אַ פֿרייד. — טאַקע רעב זײַנװל! טאַקע רעב זײַנװל. ער האָט אַליין אַ שאַדכן געשיקט...

---

איך װײס נישט, װאָס מיט מיר איז געשען, נאָר אױפֿגעכאַפּט האָב איך מיך אױפֿן גלײַכער אינמיטן טאָג.

— געלױבט איז גאָט! — האָט די מאַמע אױסגעשריגן.

— געלױבט איז זײַן ליבער נאָמען! — האָט דער טאַטע געזאָגט.

און מע האָט מיך װײַטער געהאַלדזט און געקושט. נאָך מער — מע האָט מיר אײַנגעמאַכטס דערלאַנגט!... עפּשער װיל איך װאַסער מיט זאַפּט? עפּשער אַ ביסל װײַן?

איך האָב צוריק די אױגן פֿאַרמאַכט און געקײַכט מיט אַ שטיקנדיק געװיין.

— װױל, װױל, — פֿרייט זיך די מאַמע, — זאָל זי זיך אָפּװײנען,

מײַן אָרעם קינד! מיר זײַנען זיך אַליין שולדיק, אַפּאַמאָל אַזאַ נאַכעס דערצייילט! אַזוי פֿלוצלינג! עס קען אָן אָדער פּלאַצן, כּאַסוועשאַלעם! נאָר צינד געלויבט איז גאָט! ווייַן דיר אָפּ דאָס האַרץ, זאָלן אַלע צאָרעס אָוועקשווימען מיט די טרערן און אַ נײַ לעבן זאָל זיך אָנהייבן, אַ נײַ לעבן...

דער מענטש האָט צוויי מאַלאָכים — אַ גוטן און אַ שלעכטן מאַלעך, און איך בין זיכער געוועזן, אַז דער גוטער מאַלעך הייסט מיר אינעם רויפע־יונג פאַרגעסן, עסן רעב זײַנוולס אײַנגעמאַכטס, טרינקען זײַן זאַפּט מיט וואַסער און קליידן זיך אָפּ זײַן כעשבן, בעשאַס ווען דער שלעכטער מאַלעך האָט מיר אײַנגערעדט, איך זאָל איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל זאָגן דעם טאַטן און דער מאַמען, אַז איך וויל נישט, בעיין אויפֿן נישט.

רעב זײַנוולען האָב איך נאָך נישט געקענט, איך האָב'ן עפּשער אַמאָל געזען, נאָר — אָדער פאַרגעסן, אָדער באַלד נישט געוווּסט, וועמען איך זע... אונטער די אויגן האָב איך אים פֿײַנט געהאַט.

באַלד די צווייטע נאַכט האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז איך שטיי אונטער דער כופּע.

דער כאָסן איז רעב זײַנוועלע און מע פֿירט מיך 7 מאָל אַרום אים, נאָר די פּיס זײַנען מיר פאַרשטאַרט און די אונטערפירערקעס טראָגן מיך אין דער הייך.

דערנאָך האָט מען מיך אַהיים געפּירט.

די מאַמע האָט אָנטקעגן געטאַנצט מיט אַ קוילעטש, און עס גייט שוין די גאָלדענע יויך.

איך האָב מוירע די אויגן אויפֿצוהייבן, איך בין זיכער, אַז איך וועל דערזען אַ בלינדן, אָן אָן אויג, און אַ לאַנגע, אַ שרעקלעך לאַנגע נאָז... עס קומט מיר אַ קאַלטער שווייס אָפּן לײַב — נאָר פּלוצלינג רוימט ער מיר אײַן אין אויער:

— לייעשי, אַ שיינע מויד ביסטו!

און דאָס קאָל איז גאָר נישט פֿון קיין אַלטן מאַן — עס איז יענעמס קאָל... איך עפן אַ ביסל די אויגן — עס איז יענעמס פּאָנעם...

— טס! — רוימט ער מיר אײַן. — זאָג נישט אויס. איך האָב רעב זײַנוולען פאַרנאַרט אין וואַלד אַרײַן, אַרײַנגעלייגט אין אַ זאַק, צוגעבונדן אַ שטיין און אַרײַנגעוואָרפֿן אין טײַך (אַזאַ מײַסע האָט מיר אַמאָל די מאַמע דערציילט) און בין איך דאָ אָפּ זײַן אָרט!

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט פּאַרציטערט.

דורך אַ שפּאַרע פון לאָדן האָט אַרײַנגעשלאָגן אַ בלאַסע שײַן פון דער לעוואָנע און האָט באַלײַכט די גאַנצע שטוב. איך באַמערק ערשט, אַז אינמיטן באַלקן הענגט צוריק דער הענגלײַכטער. טאַטע־מאַמע שלאָפן אָפּ בעטגעוואַנט, — דער טאַטע שמייכלט פון שלאָף, די מאַמע אָטעמט רויִק... און דער גוטער מאַלעך זאָגט מיר: אַז דו וועסט זײַן גוט און פרום, וועט דער טאַטע געזונט ווערן, די מאַמע גיעט אָפּ דער עלטער נישט אַרבעטן אַזוי שווער און ביטער, און פון דײַנע ברידערלעך וועלן אַרויסקומען לאָמדים, ראַבאָנים, געאָנים; גרויסע, גרויסע ייִדן, מע וועט פאַר זיי צאָלן מעלאָמעד־געלט.

— נאָר קושן — זאָגט דער שלעכטער מאַלעך — וועט דיך רעב זײַנוועלע... ער עווט זיך צו דיר צורירן מיט די פּײַכטע וואָנסן... ער וועט דיך אַרומנעמען מיט די ביינערדיקע הענט... אויך וועט ער דיך פּײַניקן, ווי יענע ווײַבער, און וועט דיך יונגערהייט יאָגן אין קייער אַרײַן; און ער וועט קומען צו פאָרן און וועט אַגמעסנעפּעש האָבן, דיך קיין לידלעך שוין נישט לערנען, וועסט שוין מיט אים אוונט אָפּ אוונט נישט זיצן... דו וועסט זיצן מיט רעב זײַנוועלען...

— ניין! הימל און ערד זאָל צוזאַמענקומען! צערײַסן די טנאָים! איך בין שוין נישט געשלאָפן ביז אינדערפרי...

די ערשטע האָט זיך אויפגעכאַפּט די מאַמע; איך וויל מיט איר ריידן, נאָר איך בין געוווינט אין אַלע געפאַרן זיך ווענדן צום טאַטנס הילף.

אָט וועקט זיך שוין דער טאַטע.

— ווייסט, סאַרעלע, — זײַנען זײַנע ערשטע ווערטער, — איך פיל מיך גאָר, גאָר גוט; וועסט זען, איך וועל הײַנט נאָך גיין אין גאַס אַרײַן.

— געלויבט איז זײַן ליבער נאָמען; אַלץ אין אונדזער טאָכטערס מאַזל, אַלץ אונדזער טאָכטערס, דער צאַדייקעס זכוס.

— און דער רויפע איז טאַקע גערעכט; די מילך שמעקט מיר זייער ווויל...

זיי שווײַגן, און דער גוטער מאַלעך זאָגט מיר נאָכאַמאָל:

— אַז דו וועסט גוט און פרום זײַן, וועט דער טאַטע ווערן געזונט; וועט אָבער פון דײַנע ליפּן אַרויס אַ זינדיק וואָרט, — פאַלט ער אַוועק און שטאַרבט.

— הערסטו, סאַרעלע, — מאַכט ווײַטער דער טאַטע, — הער שוין אויף צו זײַן אַ פּשעקופּקע...

— וואָס רעדסטו?

— וואָס דו הערסט! איך וויל הײַנט נאָך זײַן באַ רעב זײַנוולען... ער וועט מיך צוגעמען צו אַ געשעפט, אָדער באַרגן עטלעכע רובל, וועלן מיר זיך מאַכן אַ געוועלבל, איך וועל שטיין אַ ביסל, דו אַ ביסל — דערנאָך וועל איך אָנהייבן האַנדלען מיט טוווּע...

— האַלעוויַי זאָל גאָט געבן!

— אַוואָדע וועט גאָט געבן! אַז דו וועסט הײַנט נעמען אַף כאַ־סענע־קליידער, זאָלסטו דיר אויך נעמען... כאָטש אַף צוויי קליידער. און פאַרוואָס נישט? ער האָט געהייסן נעמען, וואָס מע דאַרף; דו וועסט דאָך נישט זײַן אָפן אויפּרופן אין דײַנע בגאָדים.

— גיי שוין גיי! — ענטפערט די מאַמע. — דעריקער מוז מען די קינדער עפּעס מאַכן — רוּון גייט באָרוועס, ער האָט זיך יענע וואָך אַ האָלץ אַרײַנגענומען, לאָמט ער נאָך... אויך גייט צו ווינטער, מע דאַרף לײַבלעך און העמדלעך, וואַטאָווע קאַפּאָטקעלעך.

— נעם, נעם...

— הערסט, — מאַכט דער גוטער מאַלעך, — אַז דו וועסט ריידן אַ שלעכט וואָרט, וועט די מאַמע דײַנע קיין קלייד נישט האָבן, און דו ווייסט, אַז דאָס אַלטע פאַלט איר אַראָפּ פון לײַב; דײַנע ברידערלעך וועלן ווינטערצײַט אין די גרעסטע פרעסט לויפן אין כיידער אַרײַן באָר־וועס, און זומער וועלן זיי זיך אַרײַננעמען העלצער אין די פיס...

— איך זאָג דיר דעם עמעס, — מאַכט די מאַמע, — מע וואָלט געדאַרפט אַלץ אויסריידן „בעראָכל ביטכאַ האַקטאַנע”, וואָרן זייער אַ גוטער מענטש איז ער נישט... מע דאַרף אָפּריידן, וויפל ער וועט איר פאַרשרײַבן — וואָרן יאָרשים וועט זײַן ווי האָלץ... ווען אַפילע נישט קיין אַקט, — זאָל ער כאָטש געבן אַ כיירעם־קוויטל, וואָרן טאַקע, ווי לאַנג קען אַזוינער לעבן? נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר...

— באַ ווילטיק — זיפצט דער טאַטע — לעבט מען לאַנג.

— לאַנג! פאַרגעם נישט — 70 יאָר... טיילמאָל ווערט אים עפּעס ווי טויט אונטער די אויערן...

און דער שלעכטער מאַלעך זאָגט: אַז דו וועסט שוויַיגן, וועסטו

גיין אונטער דער כופּע מיט אַ טויטן, מיט אַ מעס וועסטו לעבן, מע וועט דיך לייגן־פירן מיט אַ באַרמינען...

די מאַמע זיפצט.

— אַלץ איז באַ גאָט אין די הענט, — מאַכט דער טאַטע.

די מאַמע זיפצט ווײַטער, און דער טאַטע זאָגט:

— און וואָס קאָן מען טאָן... מע האָט געקאָנט בעסער מאַכן? אוואַדע, ווען איך בין געזונט, ווען איך פאַרדין, ווען עס איז כאָטש דאָ טרוקן ברויט אין שטוב...

ער האָט אָפּגעהאַקט; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס וויינט דעם טאַטן אין האַרץ.

— וואָלט זי כאָטש יינגער געווען מיט אַ פּאָר יאָר, וואָלט איך דאָס לעצטע געטאָן... וויים איך? עפּשער אָף דער לאָטעריי געשטעלט...

און איך האָב געשוויגן.

---

מײַן 70־יאָריקער כאָסן האָט געגעבן אָף כאַסענע־קליידער, עטלעכע הונדערט גילדן דעם טאַטן, און מיר אַ טויספעס־קסובע אָף 150 גילדן...

מענטשן האָבן געזאָגט: אַ ווױלער שידעך!

איך האָב כאַווערטעס באַקומען; די מיט דער סאַמעטענע יופּע און גאָלדענעם קייט־און־זייגער פלעגט באַ מיר זײַן צוויי־דרײַ מאָל אין טאָג. זי איז געווען גליקלעך ווי די וועלט, וואָס איך האָב זי דעריאָגט, וואָס מיר האָבן כאַסענע אין איין כוידעש! איך האָב געהאַט נאָך כאַווערטעס, נאָר זי האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר. „יענע זײַנע: דאָך „סמאַרקאַטע מיידלעך"; ווער ווייסט, ווי לאַנג עס וועט נאָך באַ זיי דויערן!"

ריווקע האָט כאַסענע פון דער פּרעמד, נאָר עסן קעסט וועט זי פּרײַער אין דער היים 2 צי 3 יאָר. איבער דער גאַנצער צײַט וועלן מיר זיך האַלטן צוזאַמען; זי וועט אַרײַנלויפן צו מיר אָף ציקאָריע, איך צו איר אָף ציקאָריע, אָדער שאַבעס נאָכן שלאָף אָף ביילעק־יויך.

— און אַז איך וועל ווערן אַ קימפּעטאָרן, — מאַכט איינמאָל ריווקע, און דאָס פּאָנעם שטראַלט איר, — וועסטו זיצן באַ מיר — יאָ?

איך שווײַג.

— ווײ! — מאַכט ריווקע. — וואָס טרויערסטו אַזוי? עס טרעפט זיך צו 70 יאָר אויך...

— גיי שוין גיי! — טרייסט זי מיך ווײַטער. — אַז גאָט וויל, שיסט

אַ בעזעם! און ווען נישט — ווי לאַנג, מיינסטו, וועט עס דויערן? אַ מענטש לעבט דאָך נישט אייביק! אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ יונגע אַלמאַנע דו וועסט זײַן! די פינגער צו לעקן!

ריווקע ווינטשט רעב זײַנוולען נישט קיין שלעכטס:

— ער איז אַפּילע אַ קעלעוו שעביקלאָווים: יענץ ווײַב האָט ער געפּײַניקט... נאָר יענץ ווײַב איז אַ קראַנקע געווען, און „דו ביסט געזונט ווי אַ נוס... דיך וועט ער גוט באַהאַנדלען, נאָך ווי הייסט גוט!"

---

ע ר איז צוריק געקומען!

דעם טאַטן איז טאַקע בעסער, — נאָר עס האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ ביסל טרוקענע באַנקעס — אַזוי האָט ער מוירע געהאַט אַרויסצוגיין. ער פילט, אַז פון ליגן, און דערנאָך זיצן אַלץ אינאיינעם, האָט זיך אים דאָס בלוט פאַרזאַמלט אויף איין אָרט, מע דאַרף עס צעשלאָגן! — אַ ביסל אויך ברעכן אים די פּלייצעס, און אויף דעם איז טרוקענע באַנקעס אַ רעפּוע בדוקע.

איך האָב אָנגעהייבן ציטערן ווי אין פיבער: מיט טרוקענע באַנקעס קומט דער „יונג", נישט דער רופע אַליין.

— וועסט אַרײַנרופן דעם רופע? — פרעגט מיך דער טאַטע.

— וואָס רעדסטו? — פאַלט אים די מאַמע אין די רייד. — אַ קאַלעמיידל!...

זי איז אַליין געגאַנגען.

— וואָס ביסטו אַזוי בלאַס געוואָרן? — פרעגט מיך דער טאַטע דערשראָקן.

— גאָרנישט.

— שוין עטלעכע טעג... — פאָרשט דער טאַטע.

— עס דאַכט זיך דיר, טאַטע.

— די מאַמע זאָגט אויך...

— ע!

— הײַנט — וויל מיך דער טאַטע דערפרייען — וועט מען דיר שוין מעסטן די כאַסענע־קליידער.

— איך שווײַג.

— דו פרייסט זיך גאָרנישט? — פרעגט דער טאַטע.

— פאַרוואָס זאָל איך מיך נישט פרייען?

— דו ווייסט דאָך אַפילע גאָר נישט, וו אָ ס מע מאַכט דיר.

— מע האָט דאָך מיר אַ מאָס גענומען!

דערוויַיל איז אָנגעקומען די מאַמע מיטן רויפע אַליין.

עס איז מיר גרינגער געוואָרן אפן האַרץ; נאָר אין איינוועגס האָט אין מיר עפּעס געקלאָגט: דו וועסט אים עפשער שוין מער נישט זען...

— אוי אַ וועלט, — קומט אַריַין דער רויפע, סאָפּענדיק און קרעכצנ־דיק, — רעב זיַינוועלע האָט כאַסענע מיט אַ יונגע מויד, און לייזערל דעם גאַבעס ווערט אַ פּאַרעש — אַנטלאָפן פון וויַיב!

— לייזערל? — שריַיט אויס די מאַמע, פאַרוואונדערט.

— ווי איר הערט! היַינט גיי איך אַרום צו 60 יאָר פון אינדערפרי ביז נאַכט אָף די פיס, און מיַין יונג לייגט זיך אין בעט אַריַין...

איך הייב אָן וויַיטער צו ציטערן.

— האַלט נישט אַזאַ גוי! — באַמערקט די מאַמע.

— אַ גוי? — מאַכט דער רויפע. — ווי הייסט אַ גוי?

— וואָס טויג מיר די מיַיסעס, — האַקט איבער אומגעדולדיק דער טאַטע, — טוט בעסער איַיערס.

מיַין טאַטע איז בעטעווע געווען אַ גוטער; עס האָט זיך מיר שטענ־דיק געדאַכט, אַז ער קען קיין פליג אָף דער וואַנט נישט רירן, און דאָך האָט אין זיַינע רייד געשטעקט אַזויפיל ביזאיען פאַרן רויפע.

אַלס קראַנקער אין בעט פלעגט ער גליקלעך זיַין, אַז עמעץ איז אַריַינגעגאַנגען און באַלאַקעט מיט אים, נאָר מיטן רויפע האָט ער קיינ־מאָל ניט געקאָנט ריידן אַ וואָרט. ער האָט אים שטענדיק איבערגעהאַקט אינמיטן און געהייסן, ער זאָל זיַינס טאָן. נאָר צינד האָב איך עס דאָס ערשטע מאָל אַזוי שטאַרק דערפילט; עס האָט מיר אָנגעהויבן דאָס האַרץ ווייַ צו טאָן... וואָרעם, וויאַזוי וואָלט ער נאָך י ע נ ע ם באַליידיקט, יענעם, וואָס ליגט נעבעך קראַנק!...

פאַרוואָס איז ער קראַנק?

געזאָגט האָט ער, אַז ער האָט אַ האַרץ־פעלער.

וו אָ ס דאָס איז, האָב איך ריכטיק ניט געוווּסט; מינהאסטאָם איז עס אַזוינס, וואָס לייגט אַמאָל אין בעט אַריַין, און דאָך — האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, — אַז איך מוז אויך האָבן אַ שטיקל שולד דערביַי.

באַנאַכט האָב איך אין שלאָף געוויינט; די מאַמע האָט מיך אויפ־געוועקט און געזעצט זיך באַ מיר אפן בעט.

— שאַ, קינד מײַנס! — האָט זי מיר געזאָגט. — לאָמיר דעם טאַטן נישט וועקן.

און אונדזער שמועס איז געווען פֿון מויל אַף אויער.

די מאַמע, האָב איך באַמערקט, איז שטאַרק צערודערט: זי קוקט אַף מיר פֿאַרשנדיק, זי וויל עפּעס בײַ מיר דערגיין, און איך האָב זיך באַשלאָסן איר גאָרנישט צו זאָגן. אַלקאַלפֿאַנעם נישט וועקן דער טאַטע שלאָפֿט.

— קינד מײַנס, וואָס האָסטו געוויינט?

— איך ווייס נישט, מאַמע.

— פֿילסט דיך געזונט?

— יאָ, מאַמעשי! נאָר טיילמאָל טוט מיר דער קאָפּ וויי.

זי איז געזעסן האַלב אָנגעשפּאַרט אַפֿן בעט, און איך האָב צוגע־רוקט דעם קאָפּ און אָנגעלענט אַף איר האַרץ.

— מאַמע, — פֿרעג איך, — וואָס קלאַפּט בײַ דיר דאָס האַרץ?

— פֿאַר מוירע, טאָכטערשי.

— דו האָסט אויך מוירע באַנאַכט?

— באַנאַכט און באַטאָג, איך האָב שטענדיק מוירע.

— וואָס האָסטו מוירע?

— איך האָב מוירע פֿאַר דיר...

— פֿאַר מיר?

די מאַמע ענטפֿערט נישט, נאָר איך פֿיל, אַז עס פֿאַלט מיר אירס אַ טרער אַפֿן פּאָנעם, אַ וואַרעמע טרער.

— דו וויינסט, מאַמעשי?

די טרערן פֿאַלן אָפּטער און אָפּטער.

„איך וועל נישט זאָגן", באַפֿעסטיק איך מיך אין דער דייע.

אין אַ ווײַלע אַרום פֿרעגט מיך פּלוצלינג די מאַמע:

— צי האָט דיר נישט ריווקע עפּעס אָנדערציילט?

— וועגן וואָס, מאַמע?

— וועגן דײַן כאָסן?...

— פֿונוואַנען קען זי מײַן כאָסן?...

— זי זאָל אים קענען, וואָלט זי נישט גערעדט; נאָר אַזוי, ווי אין שטאָט... ווייסט נישט, פֿאַר קינע... אַ ייִד אַ גוויר, האָט קויעך צו נעמען אַף דער עלטער אַ בסולע, רעדט מען אוואַדע... ווייס איך?

צי האָט מען דיר נישט געזאָגט, אַז דאָס לעצטע ווײַב זײַנס איז געשטאָרבן, ווײַל ער האָט זיך געפּײַניקט?

איך זאָג איר גאַנץ קאַלטבלוטיק, אַז איך האָב עפּעס געהערט דער־פון, נאָר פון וועמען ווייס איך נישט.

— אוואדע פון ריווקע, דאָס מויל זאָל איר הינטן שטיין, — בייזערט זיך די מאַמע.

— פון וואָס דען — פרעג איך — איז זי אַזוי פּלוצלינג געשטאָרבן?

— פון וואָס? — אַ האַרץ־פעלער האָט זי געהאַט...

— נו וואָס? אַז מע האָט אַ האַרץ־פעלער, שטאַרבט מען?

— אוואדע...

מיר האָט עפּעס ווי געקנאַקט אין מויעך...

איך בין געוואָרן אַ „זײַדן קינד" — מע האָט מיך אין אַלע הײַזער געלויבט; די טאַטע־מאַמע האָבן עס גאָר נישט געקענט פאַרשטיין; דער שנײַדער אוואדע נישט. איך האָב מיר גאָרנישט אויסגעבאָטן: וואָס די מאַמע האָט געוואָלט, האָט זי געמאַכט, וואָס פאַר אַ מאַטעריע, וואָס פאַר אַ שניט, וואָס פאַרא קליידער... אַלץ, וואָס זי האָט נאָר אַליין געוואָלט.

ריווקע פלעגט אַרײַנקומען און קנײַפּן זיך אין די באַקן: „ווער פאַר־לאָזט זיך אין מאָדע־זאַכן אַף אַ מאַמען — אַ ייִדענע פון דער אַלטער וועלט?! ווען שאַבעס נישט קענען זיך ווײַזן, נישט אין שול, נישט אין גאַס, אין ערגעץ נישט!"

— דו קווילעסט זיך! — האָט זי געענדיקט.

מיר איז אײַנגעפאַלן, אַז איך בין שוין לאַנג געקווילעט; און איך האָב רויק געוואַרט אַף שאַבעס־נאָכמו, ווען מע האָט געזאָלט פאַרבעטן דעם כאָסן אַף קידעש...

דערנאָך וועט זײַן אַן אויפרופן, דערנאָך אַ כאַסענע.

דעם טאַטן איז ווירקלעך בעסער. ער גייט טיילמאָל אַרויס אין גאַס אַרײַן, ער הייבט אָן געוואָר ווערן וועגן טוווּע. ריידן, ווי ער האָט גע־קלערט, דעם כאָסן וועגן אַ האַלוואַע האַלט ער נאָך פאַר צו פרי. ער רעכנט שאַבעס־נאָכמו צו פאַרבעטן אים נאָך אַף שאַלעסודעס און נאָכן שאַלעסודעס אַרײַנצוּוואַרפן עטלעכע ווערטער.

אַז עס איז שוין אַזוי גוט, איז צײַט אָפּצושיקן דעם רופע; מע האָט אָפילע הײַנט קרעדיט, ער מאָנט נישט, שיקט שוין נישט דעם יונג, קומט אַליין, נאָר עס איז צײַט, זאָל זײַן אַן עק. וויפל מע האָט אָפּגע־

שיקט, ווייס איך נישט, נאָר דער שעליעד איז געווען אוורעמל, וואָס האָט געזאָלט, דורכגייענדיק אין כיידער אַריין, דערלאַנגען די עטלעכע גילדן.

שפּעטער דאַך איז פּלוצלינג אַריינגעקומען דער יונג.

— וואָס? ווייניק געשיקט? — באַגעגנט אים דער טאַטע.

— ניין, רעב יעהודע, איך בין געקומען זיך געזעגענען.

— מיט מיר? — פרעגט דער טאַטע פאַרוואונדערט.

אזוי ווי ער איז אַריינגעקומען, בין איך אַנידערגעפאַלן אַפן ערשטן בענקל, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר; נאָר באַ די ווערטער האָב איך מיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט, און אין קאָפּ האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק, אַז איך דאַרף אים שיצן, נישט לאָזן באַליידיקן... עס איז דאָך נישט געקומען דערצו.

— איך פלעג דאָ אַריינקומען, — האָט ער געמאַכט מיט זיין וווייך, זיס און טרויעריק קאָל, וואָס האָט זיך געגאָסן אין האַרץ אַריין ווי אַ בוימל, — צינד פאָר איך אַוועק. אַף שטענדיק... האָב איך געמיינט...

— נו, נו, אַדעראַבע, — מאַכט שוין געלאַסענער דער טאַטע, — זעץ דיך, יונגערמאַן, עס איז אַפילע שיין פון דיין זייט, אַז דו געדענקסט אַ באַלעבאָס... אַדעראַבע...

— טאַכטערשי, — מאַכט ער צו מיר, — מע דאַרף אים עפּעס געבן.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט בלאַס, מיט ציטעריקע ליפּן און פייער־דיקע אויגן, נאָר אין דער רעגע האָט זיך אים דאָס פּאַנעם צוריק מאָרע־שכוירעדיק געענדערט.

— ניין, רעב יעהודע, איך דאַרף נישט, איך דאַנק אייך — זייט געזונט!

ער האָט די האַנט נישט אויסגעצויגן צו קיינעם, און אַף מיר קוים אַ בליק געוואָרפן.

אין דעם בליק האָט דאָך געשטעקט אַ פאָרווורף. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער באַשולדיקט מיך, אַז ער וועט מיר נישט מויכל זיין — וואָס, האָב איך רעכט אַליין נישט געוווּסט.

און איך בין ווייטער אין כאַלאַשעס געבליבן.

— שוין דאָס דריטע מאָל!... — הער איך זאָגט די מאַמע צום טאַטן.

„עס מאַכט נישט אויס, אין די יאָרן טרעפט זיך עס... נאָר, כאַס־

וועשאַלעם, ווערט רעב זײַנוועלע געוואָר, שיקט ער אַפּ די טנאָים!... ער האָט שוין גענוג געהאַט יענע כוילאָנים..."

קיין כוילאָנים בין איך דאָך נישט געוועזן..:.

אין כאַלאָשעס בין איך אינגאַנצן נאָך איינאַיינציק מאָל געפאַלן: באַ דער גאָלדענער יויך, אַז איך האָב „רעב זײַנוועלען" דאָס ערשטע מאָל רעכט דערזען...

נישט מער.

אַפילע נעכטן, ווען דער רויפע, וואָס שנײַדט מײַן „רעב זײַנוועלען" אויס אַלע כוידעש די נעגל, וואָס וואַקסן אים אין די פינגער אַרײַן, האָט מיך, אַרויסגייענדיק, געפרעגט, צי איך געדענק זײַן יונג, און דערציילט, אַז ער איז געשטאָרבן אין וואַרשעווער שפּיטאָל, — בין איך נישט געפאַלן אין כאַלאָשעס, איך האָב קוים אַ טרער געלאָזט. איך האָב אַליין נישט געוווּסט פון איר, נאָר דעם רויפע איז זי, די טרער, געפעלן.

— איר זײַט אַ גוטע, — האָט ער געזאָגט, און דעמאָלט האָב איך זי ערשט דערפילט אַף דער באַק.

מער נישט!

איך בין אַ געזונטע; איך לעב שוין פינף יאָר מיט רעב זײַנוועלען... וויאַזוי, וועל איך עפשער אַז אַנדערשמאָל דערציילן...

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

אַ מאַטנאַס־יאַד — געמיינט דאָ: אַ קלאַפּ, אַ פּאַטש.
אַ כראַביע — אַ גראַף.
בעליק — באַלקן, סטעליע.
די אויסע רעגע — אַט די מינוט.
אַ בוד — דאָ געמיינט: אַ בוכצע, אַ זעץ.
סערוויטוטן — דאָס רעכט פון די פּויערים צו באַנוצן זיך מיט געוויסע (פיקסירטע) עלעמענטן פון פּאָרעצס אייגנטום. אין געגעבענעם פאַל — מיט פאַרשיידענע מינים געהילץ פונעם פּאָרעצס וואַלד.
ניפטער געוואָרן — געשטאָרבן.
קליידט זיך דײַטש — טראָגט קורצע קליידער.
צו דער סוב־רעוויזיע — צום פּריזיוו.
„בעראַכל ביטכאַ האַקטאַנאַ" — פאַר ראָכל דײַן קלענערע טאָכטער. געמיינט: געניוי און פינקטלעך.
אַ כיירעם־קוויטל — ניט קיין פאָרמעלע שריפטלעכע פאַרפליכטונג.
טויספעס־קסובע — אַ צוגאָב־קסובע (קסובע הייסט דער יידישער רעליגיעזער כאַסענע־אַקט).
רעפוע־בדוקע — אַן אויסגעפּרוּווטע רעפוע.
אַ פאָרעש — אַ מין יידישער מאָנאַך, וואָס פאַרלאָזט זײַן ווײַב און זעצט זיך לערנען טאַלמוד א״אַ.
שאַבעס־נאַכמו — דער ערשטער שאַבעס נאָך דעם טאָנעס „טישעבאָוו" (יולי־אויגוסט).
כויליאָנים — קרענקלעכע.

# אין קעלער־שטוב

(אַ בילד)

## אַ גרויסע קעלער־שטוב, פֿול מיט בעטן!

---

פֿריידע די האָלאָדריגיכע שלאָפֿט שוין לאַנג אַף איר קאַסטן, אין איר ווינקעלע צווישן אויוון און וואַנט. זי האָט זיך הײַנט פֿרי געלייגט, ווײַל עס איז מאָרגן יאַריד אין אַ נאָענט שטעטל, דאַרף מען אויפֿשטיין פֿרי און אַרויספֿאָרן מיט דער מאַזש. זי שלאָפֿט דאָך אומרויִק — זי וועט האָבן צאָרעס צרורעס מיטן געלעגנהייט: זי האָט באַדונגען דעם באַלעגאָלע, ער זאָל זי אויפֿנעמען מיט אַ קליין פֿעסל, און נאָך פֿאַרן אײַנשלאָפֿן האָט זי אַ יִשועו געהאַט, אַז עס איז גלײַכער מיטצונעמען דאָס גרויסע פֿאָס. זי האָט זיך לאַנג אומרויִק געוואָרפֿן אַפֿן געלעגער: „אַ בייז מויל אַ ייִדענע האָט — האָט זי אַף זיך אַליין זיך געבייזערט — אַרויסגעכאַפּט זיך: „ס'קליינע פֿעסל"! נאָך וואָס? נאָך ווען? דעם באַלעגאָלעם דײַגע? ער וועט דאַרפֿן מעפּײַעס זײַן די פֿערד מיט נאָך אַ ביסל האָבער?" אַזוי וואָרטשענדיק אַף דער מיִעסער צונג, וואָס אַן אישע האָט, איז זי קוים אײַנגעשלאָפֿן. פֿון אונטערן איבערבעט שטאַרט אַרויס אַ רויט קאָפּנטיכל, וואָס פֿאַלט איר אַראָפּ אַרום פּאָנעם, ווי אַ רעמל אַרום דער שפּיציקער, בלויכעלער נאָז. זי אָטעמט שווער. זי מוז האַלטן די בייניקע הענט אַפֿן אַלטן האַרץ; גאָט ווייסט, וואָס עס כאָלעמט איר! עפּשער וואַרפֿט זי דער באַלעגאָלע אַוועק, און זי בלײַבט אַ האַלב יאָר אָן פּאַרנאָסע!

דער ווינקל קעגנאיבער געהער צו יאָסל וואַסערטרעגער. דאָס ווײַב מיט די צוויי קינדער שלאָפֿן אין איין בעט, און ער מיטן עלטערן כיידער־

יינגל — אין צווייטן. פון די בעטן רייסט זיך אויך אַלעמאָל אַרויס אַ זיפץ, דאָ איז מען אויך איינגעשלאָפן מיט אַגמעסנעפּעש. דאָס כיידער־יינגל האָט געוויינט „רעבע־געלט״! און די נאָך עלטערע טאָכטער איז געבליבן אָן אַן אָרט. זי האָט געהאַט אַ ווילע שטעלע, באַ אַ פּאַרפּאָלק אָן קינדער, דאַרף פּלוצלינג די באַלעבאָסטע שטאַרבן! זי איז אַהיים געקומען; זי וועט דאָך נישט בלייבן אַליין מיטן אַלמען! עס קומט איר אַ פּאָר רובל סכירעס; מע וואָלט געקאָנט דערפון כאָטש רעבע־געלט באַצאָלן; טייַנעט אָבער דער אַלמען „לוי פּאָקדאָני״ — דאָס ווייַב האָט אים נישט אָנגעזאָגט, און ער אַליין ווייסט נישט; ער האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אין ווייַבערישע זאַכן. איידער מע איז איינגעשלאָפן, האָט מען זיך אַפילע אַ ביסל געקריגט: די מוטער האָט געראָטן דעם אַלמען רופן צו אַ דין־טוירע; די טאָכטער וויל בעסער שרייַבן אַ פּראָשעניע, אָדער צום „מיראָוואָי״ אָדער צום „נאַטשעלניק״. יוינע וויל ביידע אייצעס נישט הערן: דער אַלמען וועט זיך נויקעם זייַן און אָפּריידן אים אַלע באַלע־באַטים. „ער דאַרף נאָר — זאָגט יוינע — געבן אַ פּיפּס, בין איך אויס קאַפּעליוש־מאַכער... עס האָט דען אַ שיר וויפל וואַסערטרעגערס עס גייען הייַנט אַרום שלינג און שלאַנג, זייַט מע האָט די וואַסערלייטונג געמאַכט?״

אַרויף־צו העכער שנאָרכט בערל טרעגער איינער אַליין, ווי אַ „כראַביע״, אין בעט. ביידע קינדער שלאָפן אין צווייטן; דאָס ווייַב איז אַ קעכן און האָט הייַנט אַ כאַסענע. דאָך — שלאָפט מען אויך נישט רויִק. בערלען בלאָנדזשעט אַרום שוין אַ צייַט עפּעס אַ ווייטיק צווישן די ביינער. אויך דער עלטערער זון זיפצט אַלעמאָל פון שלאָף; ער אַרבעט באַ קאַלך לעשן און האָט זיך אַ פּיסל אָפּגעבריט.

נאָך ווייַטער שלאָפט, ווי אַ „כראַבינע״, איינע אַליין אין אַ בעט, צירל די זיצערן; אין צווייטן שלאָפן אַלע דריי קינדער. איר מאַן איז אַ נאַכט־וועכטער. קאַאַלויס, אַז ער וועט קומען, וועט זי אַרויסגיין מיט ברויט און פרישע בייגל.

מיר האַלטן שוין באַם דריטן ווינקל; עס שטייט נאָך אַ בעט, — אַ שמאָל אייַזערן בעטל. אַן אומגעזונט־גערימלטער פּרויען־קאָפּ שלאָגט זיך אָפּ פון אַ קנויל אַלטוואַרג, וואָס דינט אים אַלס קישן. די יונג־פּאָר־ברענטע ליפּן עפּענען זיך אָפּט אַרויסצולאָזן אַ שווערן זיפץ. „אַ שווערע פּאַרנאָסע״ האָט איר מאַן, „ער האָט קיין מאַזל נישט״. מיט ביירעף־

נעפּעש האָט ער יענע וואָך אַרויסגעשלעפּט אַ קופּערנעם קעסל און באַ־גראָבן אין זאַמד אונטער דער שטאָט — האָט מען אים געפונען! ווער ווייס, מיט וואָס ער וועט היינט אַהיים קומען? עפּשער זיצט ער שוין גאָר... און דאָ האָט מען דריי וואָכן קיין טעפּל וואַרעם וואַסער נישט צוגעשטעלט... פון דער דירע טרייבט מען...

„אַ שווערע פּאַרנאָסע... אַן מאַזל!" זיפצן די פאַרברענטע ליפּן. און מע מוז זיך נאָך פאַר שכיינים היטן. מע פרעגט אַלץ: וואָס טוט דיין מאַן? וואָס קומט ער אַזוי שפּעט אַהיים?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איבער אַלע בעטן ציטערט אַ טונקעלע שיין פון מיט שטוב; פון איבער שפּאַנישע ווענטלעך, וואָס זיינען די גרענעצן פון אַ יונג פּאָר־פּאָלקס מעמשאָלע. טריינע „דאַלעד אַמעס" די יונגע באַלעבאָסטע שלאָפט נאָך נישט. ערשט צוויי כאַדאָשים נאָך דער כאַסענע — וואַרט זי אויפן מאַן, וואָס דאַרף קומען פון בעסמעדרעש. באַ איר ברענט זיך עס דער קאַגאַניעץ, וואָס וואַרפט העל־ווייסע פלעקן אויפן שוואַרצן סופיט און שיקט אַרויס, דורך די לעכער פון שפּאַנישן ווענטל, די עטלעכע אָרעמע שטראַלן, וואָס טאַנצן איבער די אָרעמע בעטן מיט די אָפּגעאַרבעטע, מידע פּענעמער.

אין טריינעס מעמשאָלע איז ליכטיקער און ריינער. — צווישן ביידע בעטן אויף אַ ווייס טישל ליגט אַ קאָרבן־מינכע־סידער, צווישן צוויי קליינע מעשענע לייכטערלעך — איר דראָשע־געשאַנק! אויף דער וואַנט הענגען כאַסענע־מאַלבושים, אַ טאַלעס־זאַק מיט אַן אויסגענייטן מאָגנדאָוויד. פאַר דאָס איז קיין בענקלעך אין דער מעמשאָלע נישטאָ. זי זיצט אויף אַ בעט, פאַרריכט אַ נעץ פאַר די ציבעלעס, וואָס ליגן לעבן איר, צעוואָרפן אויפן ליילעך. דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט ליגט אויפן צווייטן בעט — אונטערן בעט־געוואַנט איז באַהאַלטן דאָס ייכל אויף וועטשערע.

עס עפנט זיך שטיל די טיר. טריינע ווערט רויטלעכער, זי פאַרלירט די נעץ פון דער האַנט און שפּרינגט אויף פון בעט. זי בלייבט דאָך שטיין, — עס פּאַסט ניט פאַר שכיינים: טאָמער כאַפּט זיך וועלכער אויף, וועט מען כוכע־טלולע פון איר מאַכן! צאַרעס האָט זי פון די שכיינים! פון פריידעלעס דעריקער... זי קאָן נישט פאַרשטיין, וויאַזוי מע שילט נישט אַ מאַן באַלד צומאָרגנס נאָך דער כופּע! „וואַרט, — זאָגט זי, די „אַלטע מאַכשייפע"! — דו וועסט שוין זען, וואָס פאַר אַ מאַזל דו וועסט באַ אים האָבן... וויי איז אים נאָר אַ פינגער"!

פריידל לאָזט איר קיין פרייַע מינוט. אַ מאַן, — זאָגט זי — אַז מע פירט אים נישט אַרום באַ דער נאָז, איז ער ערגער ווי אַ וואָלף; ציט ער די קליי פון די ביינער אַרויס, דאָס בלוט זויגט ער אויס פון די אָדערן! שוין צען יאָר — זאָגט פריידל — זיצט זי אַז אַ מאַן, און קאָן נאָך אַלץ צו די קויכעס נישט קומען! און פריידל איז אַ קלוגע יידענע, אַ מעלור־מעדעס! „וואָס עס קומט אים — זאָגט זי — אַלפי דין, וואַרף אים ווי אַ הונט אַ ביין. און ווייַטער — וואַראַ! נ אָ ר פונדערווייַטנס און — נ אָ ר געפּלוכט"!

טרייַנע האָט צייַט דאָס אַלץ זיך צו דערמאָנען, ווייַל עס דויערט, איידער יאָסעלע גאַנוועט זיך דורך אַף די נעגל צווישן די שכיינים; יע־דער טריט זייַנער שלאָגט איר אָפּ אין האַרץ, נאָר אָקעגן גיין — פאַר קיין שום געלט. אָט פאַלט ער שיר! אָט איז ער שוין באַ די ווענטלעך. — זי אָטעמט אָפּ.

— גוטן־אָוונט. — מאַכט ער שטיל מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— גוט־יאָר. — ענטפערט זי נאָך שטילער.

— ווילסט עסן? — פרעגט זי.

— און דו?

— מאַ...

ער איז אַרויס הינטער די ווענטלעך און איז צוריקגעקומען מיט אָפּ־געגאָסענע הענט; זי דערלאַנגט אים אַ האַנטעך. אַפן עק פון טישל שטייט שוין גרייט אַ „מויצע" מיט זאַלץ און דאָס אַפירגענומענע ייַיכל.

ער זיצט אַף ז ײַ ן בעט, אַפן גאַנצן בעטגעוואַנט; זי אַף אירן מיט די ציבעלעס. זיי עסן גאַנץ לאַנגזאַם און ריידן דערבייַ מיט די אויגן — ווי ערשט נאָך אַ כאַסענע, און מיט די מייַלער — פון פּאַרנאָסע.

— נו, ווי האָלטסטו?

— אָט, — זיפצט ער אָפּ, — דרייַ טאַלמידים האָב איך שוין.

— בלייַבט טאַקע מעלאַמדעס? — פרעגט זי טרויעריק.

— מאַ! — ענטפערט ער.

— געלויבט איז גאָט דערפאַר, — טרייסט זי זיך און אים צוזאַמען.

— געלויבט איז גאָט, — זאָגט ער איר נאָך — נאָר דאָס איז ערשט 120 רובל!

ער זיפצט.

— נו, וואָס זיפצסטו?

—רעכן, — ענטפערט ער, — אַ רובל אַ וואָך דירע־געלט, איז 26 רובל אַ זמאַן; שולדיק בין איך נאָך... כאַסענע־הויצאָעס...

— ווי הייסט? — פרעגט זי פאַרוואונדערט.

ער שמייכלט:

— דו מיינסט טאַקע, נאַרעלע, אַז דער טאַטע האָט געקאָנט מער ווי צוזאָגן?

— נו, אַקלאַל? — האַקט זי אים איבער.

— דאָס הייסט, — פירט ער ווײַטער דעם כעשבן — אַ רובל 12. איז שוין 38. וואָס בלײַבט אָפּ עסן?

זי רעכנט:

— 82, דאַכט זיך?

— אָפּ 26 וואָכן!

— נו וואָס איז, — מאַכט זי — איבער 3 רובל אַ וואָך.

— און ווו איז, — פרעגט ער טרויעריק, — האָלץ... ליכט... שאַבעס וועיאָנטעוו?

— עט, גאָט פאַרלאָזט נישט, — טרייסט זי — איך קען אויך עפּעס טאָן: אָט האָב איך אײַנגעקויפט ציבעלעס! איער זײַנען וואָלוול, וועל איך אויך אײַנקויפן, בעמעשעך אַ פּאָר וואָכן וועט עפּעס כאַפּן אָפּן שאָק!

— און רעכן נאָר איבער, — פירט זי ווײַטער — וואָס קאָסט האָלץ און ליכט? אַ גאָרנישט! עפּשער אַ רובל אַ וואָך... בלײַבט אַלץ...

— און שאַבעס? און יאָנטעוו? וואָס רעדסטו, קינד?

און דאָס וואָרט „קינד" איז אַרויס אַזוי ווייך, אַזוי גוטהאַרציק, אַז זי צעשמייכלט זיך.

— נו, בענטש נאָר, בענטש — מאַכט זי, — לייג אָפּ די כעשבוינעס אָפּ מאָרגן... שוין צײַט צו שלאָפן.

זי פאַרשעמט זיך דאָך, לאָזט אַראָפּ די ברעמען און גלײַך זי פאַר־ענטפערט זיך:

— דו קומסט אַזוי שפּעט... — זאָגט זי מיט אַ האַלב געמאַכטן געגעניץ.

ער בייגט זיך צו איר צו איבערן טישל:

— נאַריש קינד, — פליסטערן זײַנע ליפּן — איך קום דאָך אומישנע

שפּעט, מיר זאָלן קענען צוזאַמען עסן... פאַרשטייסט! אַזוי פּאַסט דאָך נישט... ווייסט דאָך, אַ מעלאַמעד!

— נו, בענטש נאָר, בענטש! — ראַט זי דאָס אייקע מיט פעסטער געשלאָסענע אויגן.

ער מאַכט די זייניקע אויך צו. ער וויל ערנסט בענטשן, די אויגן רייסן זיך אים׳ דאָך אַלע ווײַלע אויף... ער דריקט פעסטער אַראָפּ די ברעמען, עס בלײַבט דאָך אַ שפּאַלט, דורך וועלכן ער זעט זי, עפּעס ווונדערפאַרביק באַלײַכט, אַז ער קען פון איר דעם בליק ניט אָפּרײַסן.

זי איז מיד — קריגט ער ראַכמאָנעס.

ער זעט, ווי זי רוקט זיך העכער אַרויף אָפן בעט, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן דער וואַנט. „זי וועט אַזוי אײַנשלאָפן", קלערט ער.

— פאַרוואָס נעמט זי נישט קיין קישן? — ערגערט אים. אויסריידן קאָן ער נישט, מאַכט ער: מ... מ...!

זי הערט דאָך נישט, ער יאָגט צו דאָס בענטשן, ענדיקט, שטעלט זיך אויף אָ׳ן בלײַבט שטיין, נישט ווייסנדיק וואָס צו טאָן.

ער רופט: „טרײַנע!" נאָר אַזוי שטיל, אַז עס קען זי נישט וועקן.

ער רוקט זיך צו צו איר בעט און בייגט זיך איבער איר. איר פּאָנעם שמייכלט אַזוי זיס... עס מוז זיך איר עפּעס גוטס כאַלעמען... און ווי שיין זי שמייכלט... אָן אַווײַרע זי וועקן! דאָך וועט איר דאָס קעפּל ווי טאָן... איי, האָט זי האָר געהאַט — ער האָט זיי אָף די טנאָיִם געזען — שוואַרצע, לאַנגע... הײַנט גאָל... דער ציפּיק איז אַ געשטיקטער, אַ דינער מיט לעכלעך. אָפּילע אַ כיינעוודיקער... ער שמייכלט אויך מיט!

מע מוז זי דאָך וועקן! ער בייגט זיך צו נאָך נעענטער, דערפילט איר אָטעם, ציט אים גיריק אין זיך אַרײַן... זי ציט אים צו ווי אַ מאַגנעט... און נישט ווילנדיק רירט ער אָן אירע ליפּן מיט די זײַניקע.

— איך שלאָף גאָר נישט, — מאַכט זי ראַפּטאָם און עפנט אַ פּאָר שעלמיש לאַכנדיקע אויגן. זי וואַרפט אים אירע הענט אַרום אַקסל און ציט אים צו צו זיך.

— נישקאָשע, — רוימט זי אים אין אויער אַרײַן אַזוי זיס, אַזוי גוט — נישקאָשע... גאָט, דער גוטער, וועט העלפן... דאָס האָט ע ר דאָך אונדז צוזאַמענגעבערענגט... ער וועט נישט פאַרלאָזן! עס וועט זײַן — אי האָלץ... אי ליכט... עס וועט זײַן פּאַרנאָסע... עס וועט גוט זײַן... גאָר גוט זײַן... ס׳וואָר, יאָסעלע? ס׳וואָר!

ער ענטפערט נישט. ער ציטערט אינגאנצן.
זי שטופט אים א ביסל אפ פון זיך.
— קוק אף מיר, יאסל, — פאלט איר איין צו פארלאנגען.
יאסל וויל פאלגן און קען נישט.
— באטלען, — מאכט זי צו אים ווייך, — נאך נישט צוגעוווינט, הא?
ער וויל באהאלטן זיין קאפ אף איר ברוסט, זי לאזט נישט.
— וואס שעמסטו זיך, באטלען! קושן מעגסטו, און קוקן נישט?
ער וויל בעסער קושן; זי לאזט נישט.
— קוק אף מיר, איך בעט דיך!
יאסל עפנט די אויגן מיט קויעך; זיי פאלן דאך באלד צוריק צו.
— איך בעט דיך, — מאכט זי נאך ווייכער, נאך זיידענער.
ער קוקט, אצינד לאזט זי אראפ די ברעמען.
— זאג נאר, — מאכט זי — זאג מיר דעם עמעס, איך בעט דיך... איך בין עפעס א שיין ווייבל?
— יא! — רוימט ער איר איין, און זי דערפילט נאך הייסער זיין אטעם.
— ווער האט דיר געזאגט?!
— איך זע דאך! א מאלקע ביסטו, א מאלקע!
— און זאג נאר, יאסל, — פרעגט זי ווייטער — דו וועסט שוין שטענדיק אזוי... שטענדיק אזוי זיין?
— וו?אזוי מיינסטו, טרייגע?
— איך מיין — ציטערט איר שטימע — קעגן מיר אזוי גוט...
— ווי דען?
— אזוי הארציק?
— ווי דען?
— שטענדיק?
— שטענדיק! — איז ער מאוועיעד.
— וועסט מיט מיר עסן שטענדיק צוזאמען?
— זיכער... בלי נעדער, — ענטפערט ער!
— און... וועסט אף מיר קיינמאל ניט שרייען?...
— קיינמאל... בלי מאסקאנע!
— קיינמאל נישט אנטאן קיין צארעס?...
— צארעס? איך? דיר?... ווי הייסט? פארוואס?

— איך ווייס ? פריידע זאָגט —

— ווא — די מאַכשייפע !

ער רוקט זיך ווייַטער צו. זי שטויסט אים אָפּ צוריק.

— יאָסעלע !

— וואָס ?

— זאָג — ווי הייס איך ?

— טרייַנע !

— פע — פאַרציט זי די קליינע ליפּעלעך.

— טרייַנעשי — פאַרבעסערט זיך יאָסל.

עס געפעלט איר אַלץ נישט.

— טרייַנעניו.

— ניין !

— נו — טרייַנע־לעבן, טרייַנע־קרוין, טרייַנע־האַרץ... שוין גוט אַזוי?

— יאָ, — ענטפערט זי גליקלעך — נאָר . . .

— וואָס נאָר, לעבן מייַנס, נאַכעס מייַנס ?

— נאָר, הער, יאָסל . . . און . . . — שטאַמלט זי.

— און וואָס ?

— און אַז עס וועט, כאַסוועשאָלעם, פעלן אַמאָל פּאַרנאָסע . . . אַז איך וועל ווייניק פאַרדינען . . . וועסטו עפּשער . . . עפּשער שרייַען . . .

טרערן קומען איר אין די אויגן אַרייַן.

— כאַסוועשאָלעם ! כאַסוועשאָלעם !

ער רייַסט אויס דעם קאָפּ פון אירע הענט און פאַלט צו צו די נאָך אָפענע ליפּן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— אַ רעכטע שיינע, ריינע קאַפּאָרע צו זייער קאָפּ, צו זייערע הענט און פיס — הערט זיך אַ קאָל פון הינטער די ווענטלעך — קוש־וואָד נאָר באַ זיי ! קיין אויג לאָזט מען נישט צומאַכן . . .

דאָס איז פריידלס הייזעריק־שפּיציק־גיפטיק קאָל.

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

מעפּיעס זײַן — איבערבעטן. דאָ געמיינט: קאָמפּענסירן.

לוי פּאָקדאַני — מע האָט מיר ניט באַפוילן; מע האָט מיר ניט אָנגעזאָגט.

אַ כראַבינע — אַ גראַפינע.

קאַלוים — געמיינט: באַגינען.

מיט כיירעף־נעפעש — מיט געפאַר פאַרן לעבן.

מעמשאָלע — הערשאַפט.

„דאַלעד אַמעס" — פיר איילן.

דראָשע־געשאַנק — די מאַטאָנעס, וואָס מע פלעגט געבן כאָסן־קאַלע אַף אַלטמאָדישע ייִדישע כאַסענעס.

כוכע־טלולע — כויזעק, געלעכטער.

אַ מעלומעדעס — אַ געלערנטע.

וואָראַ! — געמיינט: דאַווקע ניט!

אַ זמאַן — געמיינט: אַ לערן־סעזאָן אין „כיידער", אַ האַלב יאָר.

אַ זאַווירע — געמיינט דאָ: אַ שאָד.

אַ ציפּיק — אַ טשיפּיק, אַ היטל. נאָך דער כאַסענע פלעגט מען באַ רעליגיעזע ייִדן דעם יונגן ווײַבל אָפּגאָלן דעם קאָפּ און אָנטאָן אַ היטל.

ער איז מאַוטיעד — ער זאָגט צו.

# שאָלעם־באַיס

כאַים איז אַ טרעגער.

אַז ער גייט דורך די גאַס, איינגעהויקערט אונטערן קאַסטן סכוירע, זעט מען אים ניט אַרויס; עס דאַכט זיך, אַז דער קאַסטן גייט אַליין אַף צוויי פיס... דאָס שווערע אָטעמען הערט זיך דאָך פונוויַיטנס!

דאָך — אָט לייגט ער אָפּ די לאַסט, באַקומט זייַנע עטלעכע גראָשן; ער גלייַכט זיך אויס, אָטעמט שטאַרק אָפּ, בינדט אָפּ די פּאָלעס, ווישט זיך אָפּ דעם שוויים פון פּאָנעם, גייט גלייַך צום ברונעם, טוט אַ פּאָר שלונג וואַסער און לויפט אין הויף אַרייַן.

ער שטעלט זיך נעבן אַ וואַנט, הייבט אויף דעם ריזן־קאָפּ אַזוי, אַז דער שפּיץ באָרד, מיט דער נאָז, מיטן דאַשעק פונעם היטל קומען אַרויס אַף איין שעטעך.

ער רופט:

— כאַנע!

פון אונטערן דאַך עפנט זיך אַ קליין פענצטערל, און אַ קליין ווייַבערש קעפּל אין אַ ווייַסן ציפּעק ענטפערט:

— כאַים?!

דאָס פּאָרפּאָלק קוקט זיך גאַנץ צופרידן אָן; די שכיינים זאָגן: זיי קעטשקען זיך. כאַים וואַרפט אַרויף זייַן פאַרדינסט, אייַנגעוויקלט אין אַ שטיקל פּאַפּיר. כאַנע כאַפּט עס אין דער לופט: עס איז איר ניט דאָס ערשטע מאָל.

— אַ בעריע־ניפלאָע! — מאַכט כאַים און האָט גאָר קיין כיישעק ניט אָוועקצוגיין.

— גיי, גיי, כאַים! — שמייכלט זי — איך קאָן מיך ניט רירן פון

קראַנקן קינד... איך האָב צוגעשטעלט דאָס וויגל צום קוימען... מיט דער האַנט שוים איך און מיטן פוס וויג איך...

— וואָס מאַכט עס, נעבעך?

— בעסער!

— געלויבט איז גאָט! און הענע?

— באַ דער נייטאָרן!

— יאָפל?

— אין כיידער.

כאַיִם לאָזט צוריק אַראָפּ די באָרד, גייט אַוועק, און כאַנע קוקט אים נאָך, ביז ער ווערט איר פאַרשוווּנדן.

דאַנערשטיק און פרײַטיק דויערט עס לענגער.

— וויפל האָסטו דאָ אינעם פּאַפּירל? — פרעגט כאַנע.

— צוויי און צוואַנציק גראָשן.

— וואָס דאַרפסטו דען, כאַנע?

— איך האָב מוירע, עס איז ווייניק!

— פאַר אַ זעקסער שמירעכץ פאַרן קינד, פאַר עטלעכע גראָשן ליכט, כאַלע האָב איך שוין... פלייש אויך, אַנדערהאַלבן פונט... נו, — בראָנפן אַף קידעש!... היינט דאַרף מען נאָך עטלעכע דרענגלעך!

— דרענגלעך וועל איך דיר שוין שאַפן, עס מוז זײַן אַפן מאַרק!

— דאַרף איך נאָך...

און זי רעכנט אויס, וואָס זי דאַרף נאָך אַלץ אַף שאַבעס. סאַפקאַלסאַף בלײַבט: אַז מע קאָן קידעש מאַכן איבער כאַלע, און אַז אַז אַ סאַך זאַכן איז זיך לײַכט צו באַגיין.

דער איקער איז — בענטש־ליכט, אויך די זאַלב פאַרן קינד!

און פונדעסטוועגן, אַז גאָט העלפט, די קינדער זײַנען געזונט, די מעשענע לײַכטער — ניט פאַרזעצט, ביפראַט אויב עס איז דאָ נאָך אַ קוגל, — האָט דאָס פאַרפאַלק גאָר אַ פרייליכן שאַבעס!

וואָרעם כאַנע איז אַ בעריע־ניפלאָע צום קוגל!

שטענדיק פעלט איר עפּעס: דאָ מעל, דאָ אייער, דאָ פעטס, און צום סאָף קומט אַרויס אַ פעטער, אַ זיסער, אַ מעכײַעדיקער קוגל, ער צעגייט פאָשעט אין אַלע אייוורים!

— דאָס קאָכט דער מאַלעך, — זאָגט כאַנע און שמייכלט פאַר נאַכעס.

— יאָ, אַ מאַלעך, אַוואַדע אַ מאַלעך! — לאַכט כאַיִם — דו מיינסט,

אַז דו ביסט אַ קליינער מאַלעך, אַז דו האָלסט אוים פון מיר און פון די קינדער... וויפל מאָל טוען זיי דיר אָן צאָרעס, איך ווער אַמאָל בייז... נו, איך הער עפּעס אַ קלאָלע פון דיר, ווי אַנדערע באַ די ווייַבער? און בייַשער, דו האָסט אַ סאַך נאָכעס פון מיר? דו און די קינדער גייען נאַקעט און באָרוועס... צו וואָס טויג איך? ניט צו קידעש, ניט צו האַוודאָלע, איך קען אָפילע ניט רעכט קיין זמירעס זינגען...

— ביסט פאָרט אַ גוטער טאַטע און אַ גוטער מאַן! — האַלט זיך כאַנע באַם איריקן. — אַזאַ יאָר אָף מיר און אָף קאָל־ייִסראָעל... איך זאָל מיך נאָר עלטערן מיט דיר, ריבוינעשעלאָוילעם!

און דאָס פאָרפאָלק קוקט זיך אין די אויגן אַרייַן אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם און אַזוי מיטן גאַנצן האַרץ, אַז עס דאַכט זיך, זיי זייַנען ערשט פון אונטער דער כופּע אַפיר...

עס ווערט נאָך פרייַלעכער באַם טיש...

נאָר נאָכן שלאָף גייט כאַים אין קליינעם שולכל אַרייַן הערן טוירע. דאָרט לערנט אַ מעלאַמעד מיטן פּראָסטן אוילעם „אַלשיך". עס איז היים, די פענעמער זייַנען נאָך פאַרשלאָפן; איינער כאַפּט נאָך אַ דרעמל, דער צווייטער לאָזט אַרויס אַ הויכן גענעץ; נאָר ראַפּטאָם, ווען עס קומט צום רעכטן אָרט, מע שמועסט פון יענער וועלט, פון גענעם, וווּ מע שמייַסט די רעשאָים מיט אייַזערנע ריטער; פון ליכטיקן גאַניידן, וווּ די צאַדיקים זיצן אין גאָלדענע קרוינען און לערנען טוירע, — דעמאָלט ווערן אַלע אויפגעלעבט; די מייַלער — אָפן, די פענעמער — רויט... מע הערט זיך אייַן אַז אַ אָטעם, וואָס עס וועט זייַן אָף יענער וועלט!

כאַים שטייט געוויינלעך באַם אויוון. ער האָט טרערן אין די אויגן, עס ציטערן אים הענט און פיס; ער איז אינגאַנצן אָף יענער וועלט!

ער לייַדט צוזאַמען מיט די רעשאָים, באַדט זיך אין הייסער סמאָלע; ער ווערט געוואָרפן קאַפאַקאָל, קלייַבט שפענער אין וויסטע וועלדער... אַלץ לעבט ער דורך, און עס באַעדקט אים דער קאַלטער שווייס... פאָר דאָס האָט ער שפעטער נאָכעס גלייַך מיט אַלע צאַדיקים: דאָס ליכטיקע גאַניידן, די מאַלאָכים, די ליוויאָסן, דער שוירהאַבאָר און אַלע גוטע זאַכן שטעלן זיך אים פאָר אַזוי לעבעדיק און אַזוי בוילעט, אַז ווען דער מע־לאַמעד ענדיקט, גיט אַ קוש און פאַרמאַכט דאָס סייפער, כאַפּט ער זיך אויף ווי פון אַ כאָלעם, טאַקע ווי פון יענער וועלט.

— אָך, — כאַפּט ער שווער דעם אָטעם, וואָס ער האָט אייַנגעהאַלטן

די גאַנצע צײַט, — ריבוינעשעלאוילעם! כאָטש אַ שטיקל, כאָטש אַ פּיצל, כאָטש אַ בראָקעניו אוילעמהאַבע... פאַר מיר, פאַר מײַן ווײַב און פאַר מײַנע קינדערלעד...

און דעמאָלט ווערט ער טרויעריק; ער פרעגט זיך: „משטיינסגעזאָגט, פון וואָס, פאַר וואָס?"

איינמאָל איז ער נאָכן לערנען צוגעגאַנגען צום מעלאַמעד:

— רעבע, — זאָגט ער, און זײַן קאָל ציטערט, — גיט מיר אַן אייצע, איך זאָל זוכע זײַן צו האָבן אוילעמהאַבע!

— לערן, מײַן קינד, טוירע! — הערט ער אַ טשוווע.

— איך קען ניט!

— לערן מישנײַעס... איין־יאַנקעוו, כאָטש פּיירעק...

— איך קען ניט!

— זאָג טילים!

— איך האָב קיין צײַט ניט!

— דאַוון ערנסט!

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס איך דאַוון.

דער מעלאַמעד קוקט אים אָן מיט ראַכמאָנעס.

— וואָס ביסטו? — פרעגט ער.

— אַ טרעגער.

— נו, זײַ מעשאַמעס טאַלמידיי־כאַכאָמים.

— וואָס הייסט?

— טראָג, לעמאָשל, אַלע פאַרנאַכט אין בעסמעדרעש אַרײַן אַ פּאָר קאַנען וואַסער, די לאָמדים זאָלן האָבן צו טרינקען...

כאַיִם ווערט דערפרייט.

— רעבע, — האָט ער ווײַטער געפרעגט, — און מײַן ווײַב?

— אַז דער מאַן זיצט אַף אַ שטול אין גאַניידן, איז דאָס ווײַב זײַן פוסבענקעלע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז כאַיִם איז אַהיים געקומען האָוודאָלע מאַכן, איז כאַנע געזעסן און געזאָגט „גאָט פון אַווראָהאָם". אַז ער האָט זי דערזען, האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט באַם האַרץ.

— ניין, כאַנע, — פאַלט ער צו איר צו, — איך וויל ניט, דו זאָלסט זײַן מײַן פוסבענקעלע... איך וועל מיך אָראָפּבייגן צו דיר, איך וועל דיך

אויפהייבן און זעצן דיך נעבן מיר. מיר וועלן צוזאַמען זיצן אַף איין שטול, ווי אַצינד... עס איז אונדז אַזוי גוט צוזאַמען... הערסט, כאַנע, דו מוזט זיצן מיט מיר אַף איין שטול... דער ריבוינעשעלאוילעם וועט מוזן באַשטיין!

---

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

אַ בעריע־ניפלאָע — אַ גרויסע בעריע.
„אַלשיך” — אַ פּאָפּולערער רעליגיעזער בוך.
דער ליוויאָסן — אַ לעגענדאַרישער ריזן־פיש.
דער שוירהאַבאָר — אַ לעגענדאַרישער ריזן־אָקס.
זײַ מעשאַמעש טאַלמידיי־כאַכאָמים — באַדין די, וואָס לערנען טוירע.

# מוסער

עס גייען צוויי ווייבער אונטער דער שטאַט. איינע אַ הויכע, שווערע ייִדענע, מיט בייזע אויגן, שווערע, הילכעדיקע טריט; די צווייטע — אַ דאַרע, בלאַסע קליינע ייִדענע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— וווּ פירסטו מיך, כאַנע? — פרעגט די צווייטע.

— וואַרט, נאָך אַ פּאָר טריט. זעסט, דאָרט צום בערגל!

— נאָך וואָס? — פרעגט נאָכאַמאָל די צווייטע מיט אַ באַנק־אָפּגע־ריסן קאָל, גלײַך זי וואָלט זיך עפּעס געשראָקן.

— וועסט הערן, קום...

זיי זײַנען צוגעקומען צום בערגל.

— זעץ דיך, — מאַכט כאַנע.

די צווייטע פאָלגט, זעצט זיך אָפּן בערגל, כאַנע זעצט זיך נעבן איר. אין דער שטילקייט פון וואַרעמען זומער־טאָג, ווײַט פון שטאָטישן גע־רודער, מאַכט זיך אַ געשפּרעך:

— גרונע, ווייסט, ווער דײַן מאַן, אַלעוואַשאָלעם, איז געווען?

אַף גרונעס בלאַס פּאָנעם לייגט זיך אַ שאָטן.

— איך ווייס, — ענטפערט זי מיט פאַרביסענע ליפּן.

— אַ סויפער איז ער געווען, גרונע! אַ קאָשערער סויפער...

— איך ווייס! — מאַכט גרונע אומגעדולדיק.

— פאַר יעדן אָס פלעגט ער זיך טוויוולען אין מיקווע...

— אַ גראָבער ליגן... אַז ער פלעגט גיין אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך, איז עמעס...

— אַ קאָשערער ייִד געווען.

— עמעס...

— זײַן זכוס זאָל אונדז בײַשטיין...

גרונע שווייַגט.

— שווייַגסט? — וווּנדערט זיך כאַנע.

— אַלצאיינס!

— ניט אַלצאיינס! זייַן זכות זאָל אונדז טאָקע ב ייַ ש ט ייַ ן!

הערסט?

— איך הער!

— וואָס זאָגסטו דערצו?

— וואָס זאָל איך זאָגן. איך וויים נאָר, אַז ער איז נ י ט בייַגע־שטאַנען...

פּויזע. די ווייַבער שווייַגן. זיי פאַרשטייען זיך: דער קאַשערער סויפער איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַן אַלמאָנע מיט דרייַ יעסוימים — מיידלעך. גרונע האָט שוין מער ניט כאַסענע געהאַט, די קינדער קיין שטיפטאַטן ניט געגעבן, אַליין אַף זיך און די קינדער געאַרבעט, נאָר קיין מאַזל און בראָכע איז ניט געווען... זייַן זכות איז נ י ט בייַגע־שטאַנען...

— און ווייסטו פאַרוואָס, גרונע? — האַקט איבער כאַנע די שטילקייט.

— עט...

— ווייַל דו ביסט זינדיק...

— איך? — און די בלאַסע גרונע שפּרינגט אויף, ווי אַן אונטער־געשאָסענע. — איך — זינדיק?

— הער, גרונע, זינדיק איז יעדער מענטש, נאָר דו אַוואַדע...

— אַוואַדע?

— גרונע, ניט אומזיסט האָב איך דיך אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט, צום טייַך־צו, אַפן פעלד... קיין פרישע לופט, באַרעכאַשעם, דאַרפן מיר ניט... זעסט, גרונע... אַ מאַמע, און ביפראַט אַ קאַשערן סויפערס אַן אַלמאָנע, דאַרף...

— וואָס דאַרף זי?

— זי דאַרף זייַן פרימער ווי אַלע, בעסער ווי אַלע און מער אַכטונג געבן אַף דער טאָכטער.

די בלאַסע גרונע איז נאָך בלאַסער געוואָרן. די אויגן האָבן איר אויפגעפלאַמט, די נאָזלעכער צעשפּרייטן זיך און די בלויע פאַרברענטע ליפּן ציטערן.

— כאַנע! — האָט זי אויסגעשריִען.

— דו ווייסט, גרונע, איך בין דיר אַ גוטער־פריַינט, נאָר דעם עמעס מוז איך דיר זאָגן, אַניט, וואָלט איך ניט געהאַט קיין פאַרענטפערונג פאַר גאָט... איך וועל דיך ניט באַריידן, דורך מיר וועסטו ניט קומען צו לייַטן אין די מיַילער אַריַין, עס וועט בלייַבן צווישן אונדז. איין גאָט אין הימל וועט הערן...

— צי מיר ניט די נעשאָמע אַרויס!

— נו, הער זשע! קורץ און שאַרף... נעכטן פאַרנאַכט, שפּעט פאַרנאַכט, בין איך צוריקגעגאַנגען פון דער באַן, און אויף דעם בערגל איז געזעסן דייַן מירל...

— איינע אַליין?

— ניין.

— מיט וועמען?

— איך ווייס? מיט אַ קאַפּעליוש... אַ צילינדער אַפילע... ער האָט איר געקושט אין האַלדז־און־נאַקן... זי האָט געלאַכט און געכרופּעט צוקערקעס...

— איך ווייס!... — רופט זיך אָן גרונע מיט אַ קאָל ווי פון קייווער אַרויס. — עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל...

— דו האָסט געוווּסט?! וואָס? אַ כאָסן איז עס?

— ניין...

— ניט? און דו... האָסט געשוויגן?

— יאָ.

— גרונע!

נאָר איצט איז שוין גרונע רויִק.

—אַצינד שוויַיג דו און הער, וואָס איך וועל דיר דערציילן, — זאָגט זי מיט אַ שניַידנדיק קאָל און, אָנכאַפּנדיק כאַנען באַם אַרבל, נייט זי, זי זאָל זיך צוריק זעצן.

— הער, — האָט זי וויַיטער געצויגן, — אַלץ וועל איך דיר דערציילן, און איין גאָט אין הימל וועט אונדז הערן!

כאַנע האָט זיך צוריק געזעצט.

— אַז מיַין מאַן איז געשטאָרבן, — הייבט אָן גרונע.

— וויִאַזוי רעדסטו עפּעס, גרונע?

— וויִאַזוי זאָל איך ריידן?

— אַז „זיכרוינע־ליוורַאכע”? און — „ניפטער געוואָרן” זאָגט מען...

— אַלצאיינס, ניפטער געוואָרן, צי געשטאָרבן, באַגראָבן האָט מען אים...

— צו קייווער־אָוועס געקומען...

— זאָל זײַן צו קייווער־אָוועס... נאָר מיך האָט ער איבערגעלאָזט מיט דרײַ יעסוימים — טעכטער.

— נעבעך, קיין קאַדעש ניט געלאָזט.

— דרײַ טעכטער, די עלטסטע —

— גענענדל —

— אַלט געווען פערצן יאָר...

— בײַ לײַטן איז אַזוינס אַ קאַלע...

— בײַ אונדז איז קיין ברויט ניט געווען! פון טנאָים שרײַבן און לעקעך עסן איז דאָ ניט צו ריידן...

— ווי אַזוי רעדסטו עפּעס הײַנט, גרונע!

— ניט איך רייד, מײַן האַרצוויטיק רעדט... געגענדל, ווייסטו, איז געווען דאָס שענסטע מיידל אין שטאָט.

— הײַנט אויך... קיין אײַנהאָרע!

— הײַנט איז זי אַ זויערע לימענע — אַ גרויער צאָפּ! נאָר דעמאָלט האָט זי געלײַכט ווי די זון... און — איך בין דעמאָלט דעם פרומען סויפערס אַלמאָנע געווען! איך האָב זי ווי אַן אויג אין קאָפּ געהיט. איך האָב געוווּסט, אַז הײַנטיקע צײַטן... עס דרייען זיך אַרום קלעזמאָרים, שנײַדערלעך, אַזוי דײַטשלעך און אַלטע באָכערים... בעסמעדרעשניקעס אַפילע פלעגן זיך דרייען באַם פענצטער... נאָר אַף וואָס איז אַ מאַמע?

— אַ קאַלע־מיידל, האָב איך געוווּסט, דאַרף זײַן ווי אַ שפּיגל... און איך האָב מײַנס באַוויזן; עס איז אַף איר קיין הויך ניט געפאַלן! געהיט האָב איך זי, געהיט! קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט, קיין טריט פון שטוב אַן מיר ניט געמאַכט, און אַלץ מוסער געזאָגט... קוק ניט אַהער, קוק ניט אַהין, דאָ שטיל דיך ניט, דאָ מעק דיך ניט... קוק ניט, ווי פייגעלעך פליִען...

— נו, זייער וווּיל...

— וווּיל ווי די וועלט! — מאַכט גרונע ביטער. — קום נאָר צו מיר אַהיים און זע, ווי זי זעט אַצינד אויס! יאָ, זי איז אַן עמעס ערלעך מיידל,

נאָר פון זעקס און דרײַסיק יאָר! דאָר, די ביינער צו ציילן, אַ גערונצלטע הויט, ווי פּאַרמעט צו טפילין, אויגן פאַרלאָשענע, דאָס פּאָנעם זויער, אָן אַ שמייכל, — אייביק פאַרביסענע ליפּן... גאַנץ אָפט דאָך ברענען אויף די פאַרלאָשענע אויגן — דאָס ברענט דעמאָלט אין זיי אַ סינע, אַ האָס, ווי אַ גענעם... און ווייסטו צו וועמען? ווייסטו, וועמען זי האָט פײַנט? וועמען, מאַכנדיק מיט די ליפּן, זי פאַרשילט די ביינער?

— וועמען?

— מיר! מיר — איר אייגענער מאַמען!

— וואָס רעדסטו? פאַרוואָס?

— זי אַליין ווייסט עפּשער ניט פאַרוואָס, נאָר איך ווייס! איך האָב מיך געשטעלט צווישן איר און דער וועלט, צווישן איר און דער זון! איך האָב איר, ווי זאָל איך דיר עס זאָגן? קיין וואַרעמקייט און קיין ליכט צום לײַב ניט צוגעלאָזט... גאַנצע נעכט האָב איך דעריבער געקלערט, ביז איך בין דערגאַנגען, אַף קלאָר דערגאַנגען! זי מוז מיך פײַנט האָבן... יעדעס קעמערל פון איר לײַב האָט מיך פײַנט!

— וואָס רעדסטו?

— וואָס דו הערסט! די שוועסטער האָט זי אוואדע פײַנט, שענער זײַנען זיי און יונגער!

גרונע כאַפּט שווער דעם אָטעם, און כאַנע קאָן צו די געדאַנקען ניט קומען... זי הערט עפּעס שרעקלעכס; עפּעס ערגערס, ווי קראַנק זײַן, ווי שטאַרבן, אפילע ווי „אונטער דער כופּע שטאַרבן” — דאָס גרעסטע אומגליק, וואָס עס טרעפט זיך בײַ יידן, און דאָך — ריבוינעשעלאָוילעם, עס ד אַ ר ף אַזוי זײַן!

---

— די יונגערע, לייען, האָב איך שוין אין דער היים ניט געהאַלטן... איך האָב זי אָפּגעגעבן פאַר אַ דינסט... — הייבט ווײַטער אָן גרונע צו דערציילן, און די שטימע ווערט נאָך הייזעריקער, נאָך אָפּגעריסענער.

— איך האָב גענוג געשריִען דעמאָלט — דערמאָנט כאַנע, — מײַסים געטאָן... אַ סויפערס אַ טאָכטער פאַר אַ דינסט...

— איך האָב געוואָלט כאָטש ז י כאַסענע מאַכן. זאָל זי כאָטש אַ ביסל נאַדן האָבן... פון מײַנע ציבעלעס, מיט וועלכע איך האַנדל, קאָן מען קיין נאַדן ניט אָנקלײַבן...

און זי האָב איך אויך געהיט...

ניט איין באַלעבאָס האָט אַף איר אַן אויג געוואָרפֿן, ניט איין באַלע־באַטיש קינד האָט זיך געוואָלט פֿון איר אַ שפּילכל מאַכן... נאָר איך בין אַ מאַמע! איך בין אַ טרײַע מאַמע געווען! די פֿיס האָב איך מיר אָפּגעהאַקט און צען מאָל אין טאָג בין איך בײַ איר אין קיך געווען, געוויינט און געבאַלעשט, מוסער געזאָגט... האַ! גוטע ווערטער, פֿרומע ווערטער געזאָגט!... גאַנצע נעכט בין איך ניט געשלאָפֿן און געלייענט דעם קאָוו־הײאָשער און אַנדערע הייליקע ספֿאָרים אַף איוורע־טײַטש, און צומאָרגנס איר איבערדערציילט... און נאָך אייגנס צוגעגעבן! גאָט זאָל עס מיר מויכל זײַן... פֿון דרײַ שיידים האָב איך געמאַכט צען, פֿון אַ שמיץ איז געוואָרן קאַסטרוי, מיט פֿײַער האָב איך געשיט! און אַ שוואַך קינד איז עס געווען, אַ שוואַך, קאַשער קינד, עס האָט זיך געלאָזט פֿירן!... דער טאַטע אויסן אויג, — בלאַס, אַן אַ ביסל בלוט, און אַזוינע גוטע, פֿײַכטע אויגן, — נאָר שענער איז זי געווען...

— דו רעדסט, ראַכמאָנע־ליצלאָן, ווי פֿון אַ טויטער.

— און דו מיינסט, זי לעבט? איך זאָג דיר, זי לעבט ניט! זי האָט אָנגעזאַמלט נאַדן, און איך האָב איר אַ מאַן געגעבן!

זי האָט נעבעך געוויינט, אַז זי וויל אים ניט, אַז ער איז צו גראָב, צו פּראָסט פֿאַר איר.

נאָר אַ לערן־קינד נעמט ניט קיין דינסטמיידל, ביפֿראָט מיט דרײַסיק רובל נאַדן!

איך האָב געדאַנקט גאָט, ווער עס איז! אַ שנײַדער־יונג איז אַ שנײַדער־יונג!

נו! האָט ער מיט איר אַ יאָר געלעבט — צוגענומען דאָס געלט, מיטן געזונט, מיטן רעשט ביסל קויעד און איז אַוועק...

נאַקעט און בלויז האָט ער מיר זי אָפּגעשטעלט, נאָר — מיט אַ לונ־גען־פֿעלער! זי שפּײַט מיט בלוט!... אַ שאָטן איז עס שוין, ניט קיין מענטש... עס טוליעט זיך צו מיר, ווי אַ קליין קינד. עס ליגט זיך, ווי אַ לעמעלע!... און גאַנצע, גאַנצע נעכט וויינט עס...

און ווייסטו, אַף וועמען זי וויינט?

— אָפּן מאַן, יִמאַך־שמוי!

— ניין, כאַנע, אַף מיר וויינט זי! איך האָב זי אומגליקלעך גע־מאַכט! אירע טרערן פֿאַלן מיר אָפּן האַרצן, ווי קאָכעדיק בלײַ, — זיי סאַמען מיך, די טרערן...

זי בלײַבט װײַטער שטיל און כאַפּט קוים דעם אָטעם.

— אַקלאַל ? — פרעגט כאַנע.

— אַקלאַל ? — האָב איך מיר שוין געזאָגט : גענוג ! זאָל מײַן דריטע טאָכטער שוין לעבן ! לעבן זאָל זי, װי זי, װי זי װיל !

זי אַרבעט אין פאַבריק ! זעכצן שאָ אין טאָג אַרבעט זי, קוים אַף טרוקן ברויט פאַרדינט זי... זי װיל צוקערקעס אויך, זאָל זי עסן ! זי װיל לאַכן, שטיפן, קושן זיך — זאָל זי ! הערסט, כאַנע, — זאָל זי ! איך קאָן איר קיין זיסע זאַכן ניט געבן. קיין מאַן אַװאַדע און אַװאַדע ניט ! אַ ציטרין פון איר מאַכן װיל איך ניט, אַ לונגען־פּעלער געבן — ניט, ניט ! זאָל שוין די טאָכטער מיר ניט האַסן, אַף מיר ניט װיינען.

— אָבער, גרונע, — שרײַט כאַנע אויס דערשראָקן, — װאָס װעלן זאָגן לײַט ?

— זאָלן לײַט פריִער אַף אָרעמע יעסוימים ראַכמאָנעס האָבן, ניט אַרבעטן מיט זיי, װי מיט אייזלען, אומזיסט ! זאָלן מענטשן האָבן הערצער פון מענטשן און ניט האַלטן אָרעמעלײַט צום אויסדריקן װי לימאָנען...

— און גאָט ? גאָט באָרוך־הו !

און גרונע הייבט זיך אויף און שרײַט, גלײַך זי האָט געװאָלט, גאָט זאָל אין הימל הערן —

— האָט גאָט געזאָלט פריִער יענע פאַרזאָרגן...

---

עס איז אַ שװערע שטילקייט.ביידע װײַבער אָטעמען שװער. ביידע שטייען זיך אַנטקעגן מיט בליצן אין די אויגן.

— גרונע ! — שרײַט ענדלעך אויס כאַנע. — גאָט װעט שטראָפן !

— ניט מיך, ניט מײַנע טעכטער. גאָט איז ערלעך ! ער װעט עמעץ אַנדערן שטראָפן, עמעץ אַנדערן !

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

צו קײװער־אָװעס געקומען — באַגראָבן געװאָרן (אַ לאַמדאָנישער אויסדרוק).

דײַטשלעד — דאָ געמיינט : יונגעלײַט, װאָס קליידן זיך איי־ראָפּעיִש.

קאַװ־האַיאָשער — אַ מוסער־סייפער.

קאָסטרוי — שפּיץ־ריטער.

יִמאַד־שמוי — זײַן נאָמען זאָל אָפּגעמעקט װערן (אַ קלאָלע).

# מענדל ברײַנעס

מענדל ברײַנעס (קײן פֿאַמיליען־נאָמען איז נאָך דעמאָלט נישט געווען), איז געווען אַ יווישעוו אויהעל, דאָס הייסט: אַ שטיק שײנער ייִד; קײן גרויסער לאַמדן נישט, נאָר טילים פֿאַרן דאַווענען, איען־יאַנקעוו נאָכן דאַווענען, און באַנאַכט — אַ פּײרעק מישנײַעס. — ער פֿלעגט גאַנץ אָפֿט אַהיימנעמען אַן אוירעד, יעדן פֿרימאָרגן אַרײַנוואַרפֿן אין מײער באַל־האַנעס, האַלטן מאַפֿטיר יוינע, האָבן אַ גרויס כּײלעק אין דער קאָנסאָרציע פֿון פּסיכעס, און דערצו פֿלעגט ער גלאַט זײַן אַ מיסאַסעק בעמיצווועס: אַ מאַגיד איז געקומען, מען דאַרף אַרומגיין צוזאַמענעמען פֿאַר אָרעמע לײַט, אַף מאַצעס, אַף האָלץ און קאַרטאָפֿל; מען דאַרף איירעוון, עמעצן אַן אויהעל שטעלן וועכדוימע — טוט ר' מענדל ברײַנעס אָן די ברייטע טוווינע, נעמט דעם גראָבן שטעקן מיט דער מעשענער גאַלקע און גייט מיטן ראָוו, מיטן ראָזאָרצע, אָדער אַזוי מיט אַ שיינעם באַלעבאָס. ער האַלט זיך פֿאַר אַ מיצווע אַליין צו טראָגן די פּושקע, כאָטש הינטן גייט נאָך דער שאַמעס.

ווינטער האָט ער קיין מינוט צײַט ניט געהאַט: טילים זאָגן, דאַווענען, „עין־יעקב" לערנען, אָנבײַסן, אַ נעדאָווע מאַכן, מינכע־מײַרעוו, אַ פּײרעק מישנײַעס און וועטשערע — און קרישמע לײענען, שלאָפֿן, כצאָס, ווײַטער שלאָפֿן... עס איז אים פֿון טאָג קיינמאָל קיין רעשט ניט געבליבן. פֿאַר דאָס זומער־צײַט פֿלעגט אים א ו י ך פֿאַרברענגען אין בייס־מעדרעש, נאָר ריידן שוין פֿון וועלט־זאַכן, פֿון נײַע האַמצאָעס, פֿון פּאָליטיק...

מענדל ברײַנעס איז ניט קלוג געווען. אין כּײדער פֿלעגט מען אים רופֿן מענדל שויטע; אַז ער האָט כאַסענע געהאַט, איז די אָפּיניע ווייבער

געוואָרן און ער פלעגט שוין הייסן: „מענדל טאָם”. ערשט דערנאָך, אַז ער איז אַראָפּ פון קעסט, געוואָרן אַ באַלעבאָס פאַר זיך און ברײַנע, זײַן ווײַב, האָט זיך געמאַכט אַ שפּײַז־געוועלב און געליזט „שטיקער גאָלד”, — האָט מען אים געקרוינט אויף „מענדל ברײַנעס”. און ווײַל מענדל ברײַנעס קיינעם איז ווען אַרײַן ניט געגאַנגען, קיינעם אַ שלעכט וואָרט ניט געזאָגט, און ביים־מעדרעש און קאָהאָל האָט געהאַט פון אים, האָט קיינער ניט דערמאָנט וואָס אַמאָל איז געווען, האָט קיינער הויך ניט געלאַכט, אַז ער פלעגט צווישן אַלע פינף ווערטער זאָגן: אָבער וואָר, איך בין קיין נאַר ניט, אַ־יאָ איך בין קלוג?

— עמעס, איך בין קיין נאַר ניט! זאָגט אַמאָל ר' מענדעלע, און פונדעסטוועגן פאַרשטײ איך ניט, וויאַזוי מען אַרבעט אויס אַזאַ דין און געלעכערט שטרוי אין די שעניקעס אַרײַן! איך האָב אומישנע אַרויסגע־שלעפּט אַוואַדע פערציק שטרוי, איינס נאָכן אַנדערן, אַלע זײַנען הויל, — אַלע כאַלולים, כאַלולים. איך האָב געוואָלט פרעגן מײַן ברײַנען, זי איז שוין אָבער געווען אין געוועלב.

און איידער עמעץ האָט צײַט געהאַט צו לאַכן, האָט ער זיך שוין אַליין געענטפערט:

— דאָס שטרוי מוזן אַוואַדע די פויערים ברענגען פון ענגלאַנד!

פון ענגלאַנד האָט מענדל ברײַנעס אַ סאַך געהערט און געהאַלטן טאַקע אויילעם אומלויע.

עס איז נאָך דער סעוואַסטאָפּאָלער קריג; דאָס גאַנצע ביים־מעד־רעש האָט נאָך געקלונגען מיט ענגלישע האָמצאָעס. די מײַסעס האָבן דער־ציילט אויסגעדינטע זעלנער, וואָס האָבן עס אַליין געזען, מיט אייגענע אויגן.

טאַקע גוורעס־האַבוירע, דערציילט נאָך אַ ביים־מעדרעש־באַלעבאָס: לעמאָשל אַ האַרמאַט! וואָס טויג, ראַבויסים, אַ האַרמאַט? די האַרמאַט שיסט אויס אַ קויל; נו וואָס איז? דאַרף מען דאָך ערשט פויעלן, אַז דער סוינע זאָל וועלן שטיין אונטערן כאַלעל! און דער סוינע איז דאַווקע גאָר קיין נאַר ניט, ער לאָזט זיך ניט אָנריידן צו אַזוינע זאַכן. אַמאָל נאַרט ער גאָר אָפּ, ער שטייט, דו שיסט און ער גאַנוועט זיך אַוועק! עס האָט געהאַלטן באַ „כלה כל הקיצן”! די „מזרים”, די ענגלענדער, האָבן דאָך אָבער געהערט די מײַסע פון צפאַרדייאַ שעל מיצראַיִם, האָבן זיי זי נאָכגעמאַכט! זיי האָבן מאַמצי געווען אַזאַ גרויסע האַרמאַט, וואָס שיסט

אַרויס פון זיך ניט קוילן, נאָר גאַנצע האַרמאַטן; און יעדע פון די האַר־מאַטן, אַז זי פאַלט אַראָפּ, גיט זי אַ טראַסק אין דער ערד, צעפּלאַצט, און עס שפּרינגען פון איר אַרויס צען נײַע האַרמאַטן, און די האַרמאַטן ערשט שיסן מיט קוילן!!! נו גיי היט דיך פאַר דעם! אַצינד קענט איר פאַר־שטיין, וואָס פאַר אַ מין שכיטע דאָס האָט אָנגעמאַכט!

און איר מיינט קישעף? כאַלילע, אַ פּראָסטע ספּרענזשינע!

און אַז מען האָט געפרעגט: פאַרוואָס נאָך דער קריג האָט זיך מאָל־כעס־רוסיא ניט נאָכגעמאַכט אַזוינע האַרמאַטן, האָט מען געוווּסט צו ענט־פערן, אַז באַלד נאָך דער מילכאָמע זײַנען זיך די מאַלכיִעסן צוזאַמענגע־גאַנגען, און, קעדיי מען זאָל ניט כאָרעוו מאַכן די וועלט, האָט מען גע־מאַכט מיט „ז י י ע ר באַכ י י ר ע ם", אַז מען זאָל שוין מער ניט שיסן מיט פּלאַכטעם קאָכעדיקער הירזש און ניט מיט אַזוינע האַרמאַטן.

פון דעמאָלט אָן האָט מענדל בריינעס געהאַלטן אוילעם אומלויע פון ענגעלאַנד, און וואָס ער האָט עפּעס געזען, און זײַן סייכל האָט ניט געקענט מאַסיג זײַן, איז אַלץ געווען פון ענגעלאַנד. אַז דער זייגער קומט אַרויס פון ענגעלאַנד, פון דעם איז ניט געווען וואָס צו קלערן, נאָך, נאָר די ערשטע ספּרענזשינע האָט אויך געמוזט מאַכן אַן ענגלישער שמיד! און ער האָט גערעדט מיט גרויס היסלײַוועס פון ענגלאַנד, פון אירע כאַכאָמים, פון אירע קאָוואַלעס:

— זיי מוזן דאָרט זײַן שיינע כאַכאָמים!

מענדל בריינעס וואָלט געוואָלט לעבן אין ענגלאַנד, נאָר שטאַרבן, אי־בער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אין ערעציסראָעל. ערשטנס פאַר פרומ־קייט; צווייטנס גלאַט, האָט ער בעטעווע זייער ליב געהאַט מענוכע, און ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען אין „גלגול מחילות", האָט ער אַף דרײַ טעג פאַרלוירן דעם אַפּעטיט. און ווײַל ער האָט פאָרט ניט אויפגעהערט צו עסן, האָט ער געהאַט זעקס טעג בויכווייטיק! מעכײַע האָט ער זיך געווען, אַז ער איז געוואָר געוואָרן פון אַ זיכערן מענטש, אַז ערעציסראָעל איז ווײַטער ווי ענגעלאַנד.

— גוט, טראַכט ער. און קלערט שוין פון דעמאָלט אָן אָפּן רעכטן עמעס צו פאָרן קיין ערעציסראָעל, וואָרעם „דער וועג מוז דאָך גיין דורך ענגעלאַנד!"

ער וואָלט שוין לאַנג פאַרקויפט דאָס געוועלבל מיטן קליי־באַיִס און געפאָרן, ווען ניט בריינע.

ברײַנע האָט גאַנץ ערלעך געהאַלטן איר מענדלען. זי האָט זיך גע־ווּנטשן צו זײַן זײַן פּוסבענקעלע אין גאַניידן; זי האָט אים געקעכלט און געשטאָפּט, געאַרבעט ווי אַן אייזל, מעפּאַרנעס צו זײַן, צו שוכן און צו קליידן מענדלען מיט די 4 קינדער: דרײַ מיידלעך און איין ייִנגל. איר גאַנצער אוילעם־האַזע איז געווען, אַז זי האָט געזען פון געוועלב אַרויס איר מענדלען גיין מיט דער צדאָקע־פּושקע אין דער לינקער און מיטן שטעקן מיט דער מעשענער סקיפּקע אין דער רעכטער האַנט! זי האָט פאַרקויפט בעכאָצי־כינעם איר שטאָט אין עזראַס־נאָשים, ווײַל די פּענצ־טער גייען אין שול אַרײַן, און באַצאָלט „ממון קרח" פאַר אַ שטאָט לעבן ביים־מעדרעש־פּענצטער. זי זאָל זען ווי מענדעלע איז אוילע לע־טוירע און מאַכט די זיסע בראָכע. עס האָט איר געקוואָלן דאָס האַרץ, ווען מענדעלע האָט אונטערגעזאָגט דעם כאַזן, „האָישע ברײַנע באַס מוירייינו"... און מענאַדער געווען פאַר איר געזונט כײַ פּעאָמים כײַ; זי איז געווען גליקלעך, אַז זי פלעגט שאַבעס און יאָנטעוו גיין מיט אים דאַוועגען צוזאַ־מען; און אַז זיי האָבן זיך צעשיידט באַ די צווייערליי טרעפּ, פלעגט זי בלײַבן אַפן ערשטן שטאַפּל און איבערדרייען זיך און זען ווי איר מענ־דעלע הייבט די פּיסלעך אַף די מענערישע טרעפּ. נאָכן דאַווענען האָט זי אים אָפּגעוואַרט באַ דער שוועל, און אַז זי האָט אים דערזען, און זי האָט דערהערט זײַן „גוט־שאַבעס", איז זי רויט געוואָרן, גלײַך ווי זי וואָלט ערשט פון אונטער דער כופּע אַפּער. פונדעסטוועגן האָט זי געווּסט, אַז מענדעלע איז ניט קלוג אין די „וועלט־נאַרישקייטן", אַז ער איז נאָר אַ כאָכעם אין די קליינע אויס״עס, אַ מויעד אין ביים־מעדרעש, אָבער אַזוי, אין אוילעם־האַזע־זאַכן, גאָר לוי!... דאָס איז שוין איר זאַך!

— ניין, מענדעלע, — זאָגט זי אים געלאַסן, — מען פאָרט ניט אַזוי, מען פאַרקויפט ניט קיין „מחיה"! עפּשער שפּעטער, אַז מיר וועלן כאַסענע מאַכן אַלע קינדער, אָפּגעבן קעסט, דערלעבן כאָטש אַן אייניקל, און עפּשער אַן אוראייניקל, דעמאָלט, זעסטו, מעהייכע־טייסע, איבערגעבן די קינדער די „מחיה"...

און מענדל האָט געווּסט, אַז ברײַנע איז אין וועלט־זאַכן אַ „ווילדע כאַכאָמע" און האָט געוואָרט! וואָרעם נאָך יערושאָלאַ״ם און ענגעלאַנד, איז אים ברײַנע געווען פאַרבאַקן אין האַרץ.

ער האָט דערווײַל ניט אַלע קינדער כאַסענע געמאַכט, און ער קומט איין מאָל אַהיים זייער טרויעריק:

— זעסטו, ברײַנע, מאַכט ער, אַ פּאָוויעסטקע צום בעס־דין שעל מײַלע! ער װײַזט איר אַ גראָע האָר אין דער באָרד.

ברײַנע טרייסט אים:

— רייד ניט קיין נאַרישקייטן, מענדעלע, דו ביסט ניט קלאָר אין אַזעלכע זאַכן... מײַן טאַטע, אָלאָוו־האַשאָלעם, איז גראָ געוואָרן צו 50 יאָר, און דיר צו לענגערע יאָר...

— א ו נ ד ז צו לענגערע יאָר, פאַרבעסערט מענדל.

— און אונדז צו לענגערע יאָר האָט ער נאָך געלעבט אוואַדע דרײַסיק!

— הײַנט אָבער שוואַכע דוירעס, ניט די פאַרצײַטיקע קויכעס! — זאָגט מענדעלע און לאָזט אַראָפּ די אויגן.

ברײַנע האָט אים אויסגערעדט דאָס אַגמעס־נעפעש און אים אָנגע־הייבן בעסער צו קעכלען: נעמט באַם קאַצעוו נאָך אַ האַלב פונט פלייש צום וואַרמעס...

— אײַ, ברײַנטשע, זאָגט דער קאַצעוו, איר האָט אוואַדע מעכוטאָנים צום טיש, זאָל אײַך זײַן צו מאַזל!

— ניין, ענטפערט ברײַנע... הײַנטיקע שוואַכע דוירעס...

און באַם עסן לייגט זי אַלעמאָל צו מענדעלען נאָך אַ שטיקל, נאָך אַ פיצל... „עס דאָס, דאָס איז אַ מעכײַע", און האָט, קוקנדיק אַף מענ־דעלען, אין זינען געהאַט: זאָל אים זײַן צו געזונט... הײַנטיקע שוואַכע דוירעס!...

זי האָט מיקלאָמפערשט „געכאַפּט אַ זעמל אין געוועלב, געוואַשן זיך באַ דער שכיינע", אַמאָל — האָט איר קרוווע געקאָכט אַ נײַע מאָדע קילישע און איר געברענגט אַ פּאָר לעפל צו פאַרזוכן; אַמאָל איז זי גע־וועזן אַף אַ ברים, כאָטש זי האָט פאַרגעסן ווי די יוילעדעס הייסט, — אָבי זי איז ניט הונגעריק געוועזן באַם עסן און נאָר געבעטן זיך:

— עס, מענדעלע, עס, וואָס גלײַכסטו זיך צו מיר? „תורה תתיש כוח"!

— „מתיש כוח", מיינסטו, ברײַנע.

— זאָל זײַן „מתיש כוח"... אָדער ווי אין פיירעק שטייט: אים איין טוירע איין קעמאַך, אַז מען לערנט, מוז מען עסן!

מענדל שמייכלט אַפן נײַעם גרײַז.

— אָבער איך, וואָס טו איך? איך גיי אַ גאַנצן טאָג ליידיק, אָדער זיץ איבערן פײַער־טאָפּ. ק ו מ ט א ַ ר ײַ ן א ַ קוינע, מ ע ס ט א י ך

אַפֿ אַ קוואָרט באַבעלעך, צי קאַשע, צי מעל, נישט — נישט! דעריבער דאַרף איך ווייניקער עסן.

און מענדל גלייבט אין דער געבאַפּטער זעמל, אין דער קילישע, אי־נעם בריס, כאָטש ער האָט טאַכנון געזאָגט. אַ קאַשיע אַף אַ מײַסע, אַוואַדע באַ אַ מיניען... ער דאַרף טאַקע — גלייבט ער — מער עסן. אַ קאַטאַ־וועס — יעדן טאָג צוויי יומ טילים, אַ פּיירעק מישנײַעס, עטלעכע בלאַט „עין יעקב", הײַנט־זשע — דאַווענען, פּושקע טראָגן, שטעקן שלעפּן, ער ווייס?...

און ער איז שטאַרק צופרידן, וואָס זײַן קאָשערע ברײַנע האָט אַזאַ רויִק לעבן, וואָס זי זיצט לײדיק אין געוועלבל איבערן פײַער־טאָפּ, פֿאַר־לייגט די הענט און וואַרט אַפֿן קוינע, קומט ער — קומט ער, נישט — נישט! זייער גלײַך! זאָל זי כאָטש נישט אַזוי פיל אַרבעטן ווי ער, זאָל זי זיך כאָטש אויסרוען די ביינער, און מענדעלע שטאָפּט אין זיך אַרײַן וואָס אַמאָל מער, אַבי ער זאָל האָבן קויעך מאַאַריך־יאָמים צו זײַן, ער זאָל דערלעבן צו זען ענגעלאַנד און צו שטאַרבן דערנאָך אין יערושאָלאַיִם.

אַבוץ פון ברײַנען האָט מענדעלע נאָך נאָכעס פון קינדער: איין על־טערן זון האָט ער כאַסענע געמאַכט אין דער פרעמד; ער עסט שוין קעסט באַם שווער! געלויבט איז גאָט, זײַט ער האָט כאַסענע געהאַט איז נאָך פון אים קיין בריוו ניט געווען, אַ סימען, אַז עס גייט אים גוט, אַז ער איז בעקאַוו האַברײַע. ווער עס קומט צו פֿאָרן, ברענגט אַ גרוס... נאָך אים גייט אַ כאָסן־באָכער — אַ ביידער־ייִנגל. ברײַנע באַשטעלט מעלאַמדים, צאָלט סכאַר־לימעד, זעט — ער זאָל לערנען מיט זײַנם גלײַכן. ער פֿאַר דאָס פֿאַרהערט אים אַלע שאַבעס... נאָר פֿאַרן עסן האָט מענדעלע פ ײַ נ ט צו פֿאַרהערן. נאָכן עסן איז בעסער. מער ראַכוועס. דעריבער דרימלט ער טאַקע באַלד אײַן, און כאַפּט זיך ערשט אויף באַם מעלאַמעדס לעכאַיִם, גיט דעם זון אַ קניפּ אין בעקל און שוין!

ער האָט נאָך דרײַ טעכטער, יונגע קינדער, צייכן מיידלעך, נאָר ווײלע קינדער. דערעכערעצדיקע קינדער. שטילע קינדער. שטענדיק ריינע, אַפּגעוואַשענע, אַ מעכײַע!... ער זעט אַפילע ניט, ווען מען וואַשט זיי, ווען מען קעמט זיי, ווען ברײַנע לאַטעט און פֿאַרריכט! ער קען קימאַט ניט פֿאַרשטיין ווײַאַזוי דאָס ווערט קלוג און פײַן געבוירן!...

— טאַקע מ ײַ נ ע קינדער! — טראַכט ער זיך מיט גײַווע. — אין מ י ר אַרײַן געראָטן! ער דאַנקט און לויבט זײַן ליבן נאָמען דערפֿאַר,

וואָס ברײַנע האָט אַזאַ רויִק לעבן, ניט ווי אַנדערע מאַמעס; וואָס די קינ־דער דרייען איר ניט אָפּ דעם קאָפּ! און ווי די קינדער פאָלגן! ער הייסט זיך, לעמאָשל, ברענגען אַ טרונק וואַסער (ברײַנע האָט אַ טעווע אַלץ וואָס ער זאָגט, איבערצוזאָגן) און קוים כאַזערט זי איבער: ברענגט דעם טאַטן וואַסער, לויפּט דאָס קינד שוין און ברענגט; אַ מעכײַע אַזוינע קינדער! ער קומט אין שטוב אַרײַן און ברײַנע זאָגט נאָר: דער טאַטע גייט — איז שוין שטיל!

געלויבט איז גאָט, מען רעדט שוין דעם צ ו ו י י ט ן זון אַ שידעך. און אַ גוטן שידעך. ברײַנע וויל טאַקע פאָרן אָנקוקן די קאַלע. כאַגאָעס־צײַט וועט זי עס טאָן. אַזוי האָט זי אים געזאָגט. און ווײַל ער איז געוואָר געוואָרן, אַז צום מעכוטן פאָרט מען נ י ט דורך ענגלאַנד, איז ער א י ר מויכל דעם קאָוועד, זאָל זי זיך אַביסל איבערפאָרן. פאַרוואָס ניט? זי פאָרט אײַנגאַנצן פיר מאָל אין יאָר נאָך סכוירע, אויך קומט זי צוריק מיד און מאַט פון לויפן, באַקוקן, דינגען... זאָל זי א י י ן מ אָ ל כאָטש פאָרן און קומען מיט נאַכעס. זאָל די וועלט זען, וואָס פאַר אַ ווײַב ער האָט! ער אַליין וועט זיך ווײַזן אַף די טנאָיִם! אַפילע באַ דער כופּע איז אויך געגוג! דעם ע ר ש ט ן זונס קאַלע האָט זי אויך אָנגעקוקט.

עס זײַנען ווײַטער אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר יאָר. אַז גאָט בענטשט, בענטשט ער מיט אַלעם, אַפילע מיט מענוכע — דער צווייטער זון האָט אויך כאַסענע געהאַט, און גוט כאַסענע געהאַט, ער עסט שוין אויך קעסט.

מענדעלע האָט אַפילע גאַנץ ווייניק געוווּסט ווער און וואָס; עס איז אים איבערגעגאַנגען קימאַט ווי אין כאָלעם. ער האָט אַפילע קיין איינציקן טאָג קיין יוים־טיילים ניט פאַרפעלט... עס האָט אים דער קאָפּ ניט ווײ געטאָן, אויסער אינדערפרי, נאָך דער גרויסער נאַכט, פון ווייניקער שלאָפן!

און מענדעלע פרייט זיך, — נאָך אײַנגאַנצן דרײַ מיידלעך כאַסענע צו מאַכן, (באַ ברײַנען גייט עס געשווינד), און דערנאָך: שוין! איבער־געבן די „מחיה”, געדונגען אַ ברייטן וואָגן, מען זאָל זיך קענען אויסציִען, אָנפּאַקן מיט ענגליש שטרוי און וויאָ!

נאָר עפּעס פילט ער, אַז די פיס זײַנען אים ניט בעקאַוו האַבריִע, אַז פון אַ קורצע צײַט איז אים דער אָטעם שווער, נאָר ברײַנע לאָזט אים ניט צו קיין אַגמעס־נעפעש, זי טרייסט אים און קעכלט אים אַלע מאָל מער; זי איז אים מאַווטיִעד, אַז ער וועט נאָך אַלץ דערלעבן!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איינמאָל זיצט ער אין בייס־מעדרעש באַם „עין־יעקב" און דער־הערט אַ געשריי; עס דוכט זיך אים — זײַן טאָכטער; נאָר ניין, ווי קומט זי אַפן שול־הויף? און אַ קאַלע־מיידל ווײנט ניט... עפּעס לויפט מען אַף די טרעפּ, מען שרײַט: טאַטע! טאַטע! פּאַרט איר קאָל! עס איז אָבער דאָך ניט מעגלעך!

ער וויל איבערקלערן, נעמט אַרויס אַ שמעק טאַבאַק, נאָר איידער ער האָט אים אַרײַנגעזעצט אין די נאָזלעכער, האָט אים שוין די טאָכטער געריסן באַ די לאַצן:

— טאַטע! די מאַמע איז אַוועקגעפאַלן, געוואַלד!

און איידער ר' מענדעלע איז צו זיך געקומען און אַהיימגעלאָפן, איז שוין ברײַנע געלעגן טויט!

אין איין טאָג איז מענדעלע גרײַז־גראָ געוואָרן, דער אָטעם טאָקע שווער און די פּיס טאַקע געשוואָלן... ער האָט זיך ניט געריכט, אַז ברײַנע זאָל אים ניט איבערלעבן... באַ אַזאַ מאַן, באַ אַזוינע קינדער, באַ אַזאַ ווױלטאָג!...

און ברײַנע, אַזוי ווי מען האָט זי ניט אַרויסגעזען באַם לעבן, האָט מען זי קוים אָנגעזען אין דער מיטע... אַזאַ דאַרעניש!...

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

יושעוו אויהעל (יושב אוהל) געמיינט: אַ מענטש וואָס פאַרנעמט זיך ניט מיט קיין וועלט־זאַכן, זיצט און לערנט אין שטוב אָדער אין בעסמעדרעש.

איען־יאַנקעוו (עין־יעקב) — אַ רעליגיעזער סייפער, אַ זאַמלונג לעגענ־דעס, דערציילונגען און מוסער פון טאַלמוד.

פּייִרעק מישנײַעס (פּרק משניות) — קאַפּיטל פון מישנע (אַזוי הייסט דער עלטערער טייל טאַלמוד).

מייִער באַל־האַנעס (מאיר בעל־הנס) — אַ מינהעג באַ רעליגיעזע ייִדן באַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן אַרײַנוואַרפן אַ נעדאָווע אין אַ פּושקע אַפן נאָמען פון מייער באַל־האַנעס (באַל־האַנעס — דער, וואָס ווײַזט ניסים).

מיסאַסעק בעמיצוועס (מתעסק במצוות) — דאָ: אַ מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פילאַנטראָפּיע.

אייִרעוון (ערובין) — לויט די ייִדישע רעליגיעזע געזעצן איז שאַבעס פאַר־ווערט צו טראָגן, פלעגט מען מאַכן אַן אײַרעוו, אַן אַרומצוימונג פון דראָט, דאָס האָט געגאָלטן אַלס אָפּשאַפונג פונעם פאַרבאָט.

אויהעל (אוהל) — דאָ: אַ שטיבל אַ אַ קייווער.

דאָזאָרצע — אַן אויפזעער, אַ מיטגליד פון דער ייִדישער קעהילע.

כצאָס (חצות) — טפילעס, וואָס רעליגיעזע ייִדן זאָגן אין האַלבער נאַכט.

**אַפּיניע** — מיינונג.

**כאַלולים** (הלולים) — אויסגעהוילטקייטן.

**האַלטן אוילעם אומלויע** (עולם ומלאה) — האַלטן אַ וועלט; שטאַרק האַלטן.

**גווּורעס האַבוירע** (גבורות הבורא) — דאָ געמיינט: גאָטס ווונדער.

**מײַסע פון צפאַרדייע שעל מיצראַיִם** (צפרדע של מצרים) — אַ לעגענדע וועגן פרעש אין מיצראַיִם (עגיפּטן). די לעגענדע דערציילט, אַז גאָט האָט אָנגעשיקט פרעש אַף די עגיפּטער אַלס שטראָף דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט באַפרײַען די ייִדן פון קנעכטשאַפט. די פרעש האָבן זיך אומגעהויער געמערט און פאַרפלייצט דאָס גאַנצע לאַנד.

**מאַמצי** (ממציא) געווען — צוגעטראַכט דערפונדן.

**זייער בעכיירעם** (בחרם) — זייער פאַרבאָט.

**גילגול מעכילוים** (גלגול מחלות) — דאָס קײַקלען זיך אונטער דער ערד. די רעליגיעזע ייִדן גלויבן, אַז עס וועט קומען אַן אויסלייזער (מאָשיִעך), וואָס וועט ברענגען די ייִדן קיין ערעציסראָעל. די טויטע וועלן לעבעדיק ווערן, נאָר פריִער וועלן זיי דאַרפן זיך איבערקײַקלען אונטער דער ערד קיין ערעציסראָעל.

**מאָמען קוירעך** (ממון קרח) — געמיינט: אַ גרויסער פאַרמעגן; אַ סאַך געלט.

**אוילע לעטוירע** (עולה לתורה) — גייט צו דער טוירע (ווען מען רופט אים אויף אין בעסמעדרעש).

**האָישע ברײַנע באַס מוירייני** (האישה ברײַנע בת מורנו...) — די פרוי ברײַנע די טאָכטער פונעם האַר...

**כײַ פעאָמים כײַ** (ח"י פעמים ח"י) — אַכצן מאָל אַכצן.

**אין די קליינע אויסיִעס** — געמיינט: אין די רעליגיעזע ספאָרים.

**געוואַשן זיך באַ דער שכיינע** — געמיינט: עפּעס אָפּגעגעסן באַ דער שכיינע.

**יוילעדעס** (יולדת) — געווינערן.

**טויראַ מאַטיש קויעך** (תורה מתיש כח) — דאָס לערנען טוירע שוואַכט אָפּ דעם קויעך.

**אים איין טויראַ איין קעמאַך** (אם אין תורה אין קמח) — אויב מען פאַרנעמט זיך ניט מיט לערנען האָט מען ניט קיין ברויט.

**יאָם טילים** (יום תהלים) — דער טייל טילים וואָס איז אײַנגעשטעלט צו זאָגן יעדן טאָג פון דער וואָך.

# סיהערצל צאַפּלט

פריילן מאַריע איז געווען האַלב ראָמאַנטיש, האַלב פּראַקטיש און אינגאַנצן אַ גאַנץ שיין מיידל; אַ ביסל פּיאַנע, אַ ביסל פּראַנצויזיש; געשמאַקפול געקליידט אַן אויפגעריסן נעזל, און אויגן, וואָס זײַנען אַמאָל העל און אַמאָל טונקל־בלוי געווען.

איינמאָל האָט זיך איר געכאָלעמט אַ זעלטענער כאָלעם.

זי האָט געזען פון הימל אַראָפּהענגען אַ וואָגשאָל. זי האָט זיך גע־וואַקלט אַהין און אַהער, נישט געפינענדיק קיין גלײַכגעוויכט —

און וואָס איז געלעגן אין די שאָלן?

צוויי מאַלאָכים האָבן אַף זיי געשיט און געשיט...

אין איין זײַט — אַ שוואַרצער מאַלעך (אין צילינדער אין פראַק) האָט געשיט פּערל, בריליאַנטן און גאָלד.

אין דער צווייטער זײַט — אַ ווײַסער פאַרקלערטער מאַלעך — טרערן, זיפצן און לידער...

אַפן צינגל אינדערהייך איז געווען אויפגעשטאָכן איר אייגן הערצל...

זי האָט עס באַלד דערקענט...

און עס האָט געצאַפּלט און געוואָרפן זיך איר הערצל און אַלע מאָל זיך צוגעבויגן צו אַן אַנדער וואָגשאָל...

„וואָס ווילסטו הערן?

געלטער קלינגען,

לידער זינגען, —

ווילסטו פּערל אָדער טרערן?"

אַזוי זינגען די מאַלאָכים, און דאָס הערצל צאַפּלט און ווייס נישט, וואָס צו קלייבן. —

ראַפּטום איז זי געפאַלן אַף אַ סייכל (אונדזערע דאַמען האָבן אין

כאָלעם אויך סייכל!) זי איז אַרויפֿגעשפּרונגען רייַטנדיק אַף דער וואָגשאָל מיט די פּערל, ברילִיאַנטן און גאָלד, און נישט אַראָפּצופאַלן האָט זי זיך, טאָך קעדייִ דיבור, מיטן קאָפּ געוואָרפֿן אַף דער צווייטער וואָגשאָל...

דאָס געזעס איז געווען אַף גאָלד, זילבער און ברילִיאַנטן, דער קאָפּ — אַף טרערן, זיפצן און לידער; נאָר דאָס האַרץ האָט אייביק, אייביק געצאַפּלט אינדערמיט...

# די אַלמאָנע

די גראָע רירעוודיקע נעפּל קלויבן זיך צוזאַמען אַף אַ שוואַרצן וואָלקן! עס איז דושנע, עס וועט פאַלן אַ שטאַרקער רעגן; ער שיקט זיך שוין אָנזאָגן דורך עטלעכע דיקע טראָפּן... דאָס שטיבל שטייט אונטערן באַרג, דאָס שטרויענע דעכל איז פול מיט לעכער; עס האָט נישט ווער עס צו פאַרריכטן.

די וואָלקן האָבן פאַרשטעלט די זון. די רעשט ליכט פאַרשטעלט דער באַרג; אין שטיבל איז קימאַט פינצטער, עס איז פאַרנאַכט, באַלד וועט די נאַכט צופאַלן... אין עק, אַפן קוימען, שטייט אַ ליידיק לעמפּל מיט אַן אָפּגעבראָכן גלעזל אָן נאַפט... עס האָט נישט ווער צו גיין נאַפט קויפן.

אין שטיבל איז שווילער ווי אין דרויסן...

דער קוימען איז נישט ליידיק: עטלעכע ערדענע, האַלב צעבראָכענע טעפּלעך, אַ ביסל אַש... אַ שטיקל אָפּגעשליפענער ציגל, אייַזערנע פיס־לעך, — נאָר אָן אַ פונק פייַער. פאַר דער טיר ליגט נאָך אַ פוילע ליפּע האָלץ, עס האָט נישט ווער זי צו צעהאַקן.

דער באַלעבאָס פון שטיבל איז קראַנק געווען אַ גאַנץ גייענדיק יאָר און וואָס אַ טאָג איז קלענער געוואָרן דאָס אָפּגעשפּאָרטע קניפּל...

ער האָט געזאַמלט פון אַ קינדס וועגן: „צוזאַמענגעקליבן אַ רובל 100, אוועקגעגעבן אַף פּראָצענט"... האָט גאָט באַשערט אַ מיידעלע „זאָל זייַן נאָדן פאַר איר!"

איז אָבער געקומען די קרענק!

פון קניפּל האָט אַלע מאָל מער געפעלט געלט און דעם קראַנקן — קויכעס און בלוט... עס האָבן אַרויסגעוואַנדערט די קיילים פון שטוב;

די לעצטע איז אַרויסגעגאַנגען די ניי־מאַשין... מיטן לעצטן דריטער פון קניפּל איז אַרוים אויך די נעשאָמע פון גוף...

דאָס ברודיקע שטיקל לײַוונט פונעם קניפּל הענגט אַצינד איבער אַ גלאָז וואַסער באַם נעשאָמע־ליכטל.

באַ דער טיר שטייט אַ קליין אײַזערן קעסטל... דאָס איז דער געווע־זענער דינסטס. זי איז ערשט אַרויסגעגאַנגען זיך זוכן אַן אָרט.

אין לײַדיקן שטיבל איז קימאַט פינצטער...

אַף דער פּאָדלאָגע שימערט אַ ביסל צעוואָרפן שטרוי... אַף די פיר ווענט שטאַרען אַרוים פאַרשיידענע נעגל.

אַף זיי האָט געהאַנגען אַ שפּיגעלע (הײַנט דאַרף מען עס נישט... די אַלמאָנע וואָלט זיך פאַר איר פּאָנעם דערשראָקן...) אַ כאַנוקע־לעמפּל (פאַר וועמענס וועגן?), עס האָבן געהאַנגען קליידער... יעדער האָט זיך פאַר זײַן טויט אָפּגעכאַפּט זײַנס!

אין ווינקל שטייט אַ וויגל; אין וויגל ליגט אַ קינד. עס שלאָפט.

אַף דער ערד נעבן וויגל זיצט די פרישע אַלמאָנע. די דאַרע הענט געבראָכן, דער שווערער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אַפן וויגל... די אויסגעוויינטע אויגן קוקן שטאַרק אַפן סופיט.

עס דאַכט זיך, זי לעבט נישט, זי פילט נישט, זי קלערט נישט... איר האַרץ קלאַפּט נישט, זי האָט קיין דויפעק נישט...

דאָך אין מויעד וואַלגערט זיך אַרום אַ מאַכשאָווע; קיין אַנדערע טרײַבט זי נישט אַרוים, רירט זי זיך נישט —

— „הענע, האָט ער אַמאָל געזאָגט, דערלאַנג מיר דאָס שערל!“ ער האָט עס נישט געדאַרפט, ער האָט דערבײַ עפּעס קליגעריש געשמייכלט... וואָס האָט ער געוואָלט? איך זאָל צוגיין צו אים? איך האָב געשיילט קאַרטאָפלעס... צי האָב איך אים דערלאַנגט דאָס שערל? ניין; עס איז עמעץ דערווײַל אַרײַנגעקומען... ווער?“

זי קאָן זיך נישט דערמאָנען און קלערט אַלץ: ווער?

דאָס קינד דערווײַל שלאָפט און שמייכלט אין כאָלעם.

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

נ ע ש א מ ע (נשמה)־ליכטל — אַן אָבערגלויבן: ווען עס שטאַרבט עמעץ, לאָזט ברענען אַ ליכט (נעשאָמע־ליכטל) אין מעשעך פון די אַכט טעג שיווע; לעבן ליכטל שטעלט מען אַוועק אַ גלאָז וואַסער מיט אַ שטיקל לײַוונט.

# די לעזערן

פרײַטיק צו־נאַכט.

אינעם שטיבל איז שרעקלעך שטיל, אין ד׳אַמעס שלאָפֿן זיבן נע־פֿאַשעס.

דער אַלטער וואַסער־טרעגער האָט נישט געהאַט: נישט קיין פֿלייש, נישט קיין פֿיש, נישט קיין בראָנפֿן, נישט קיין כאַלע. ער האָט קידעש געמאַכט איבער ברויט. עס איז קוים אָף צוויי גראָשנדיקע בענטש־ליכט געבליבן. ער האָט אַפֿילע קיין פֿריש העמד נישט באַקומען.

איין אוינעג שאַבעס איז געבליבן: אויסשלאָפֿן זיך פֿאַר אַ גאַנצע וואָד.

דעם זעלבן אוינעג שאַבעס האָט דאָס ווײַב אויך... אַ גאַנצע וואָד לויפֿט זי אַרום אין די דערפֿלעך, קויפֿט אויף אייער, כאַזער האָר, שמאַטעס. די וואָד איז זי געלאָפֿן אָן געלט, זי האָט אומזיסט געבעטן קרעדיט, און איז אַהיימגעקומען פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט אָן סכוירע, אַ געהאַרגעטע, אַ פֿאַר־כאַלעשטע, קוים האָט זי אָפּגעבענטשט ליכט, איז זי אויך אַנידערגעפֿאַלן און איז אײַנגעשלאָפֿן...

געוויינטלעך שלאָפֿט דער וואַסער־טרעגער מיט דרײַ — און זי מיט צוויי קינדער צוזאַמען. הײַנט זײַנען זיי ביידע צו פֿרי אַנטשלאָפֿן געוואָרן, די קינדער האָבן זיי נישט געוואָלט וועקן, און זיי ליגן צעלייגט און כראָפּען אָף דער גאָלער ערד.

פֿון די בענטש־ליכט צאַנקט נאָך איינס, און פֿון די שטוב־נעפֿאַשעס איז נאָך איינע וואָד.

די עלטסטע טאָכטער.

די צעפּלאָנטע האָר זײַנען רויט. דאָס פּאָנעם — געל: געגנערט פֿון קאַרטאָפּל נישט צו דער זאַט. אין די אויגן דאָך ברענט; די אײַנגעפֿאַלענע ברוסט הייבט זיך און פֿאַלט, די דאַרע הענט ציטערן...

זי לעזט באַם צאַנקנדיקן ליכט שאַמערס אַ ראָמאַן. די ליפּן ציטערן פֿאַר אומגעדולד.

זי איז צערודערט. זי שרעקט זיך; טאָמער גייט איר אויס דאָס ליכטל, און זי וועט נישט געוווּיר ווערן דעם סאָף פֿון פּיפּערנאָטער!

# אַ קלעזמער טויט

אַ סקעלעט ליגט אין בעט, אַ סקעלעט איבערגעצויגן מיט אַ געלער, דאַרער, טרוקענער הויט; מיכל קלעזמער שטאַרבט אַוועק. נעבן אים אַף אַ קאַסטן זיצט מירל, זײַן ווײַב, מיט געשוואָלענע אויגן פֿאַר געוויין. אין ענגן שטיבל זײַנען צעשפּרייט זייערע אַכט זין, אַלע — קלעזמער. שטיל, קיינער רעדט נישט צום צווייטן; עס איז נישטאָ פֿון וואָס צו רעדן. דער דאָקטאָר האָט שוין לאַנג אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, דער רופֿע אויך, אַפֿילו רוון פֿון העקדעש, דער עמעסער מומכע, האָט אויך געהייסן שרײַבן דרײַ פּ׳ען... קיין יערושע וועט נישט זײַן, די בעוורע קאַדישע וועט געבן טאַכריכים און אַ קייווער, די בעוורע נויסים — וועט נאָך צוגעבן אַ טרונק בראָנפֿן... אַלץ איז אָפֿן און דײַטלעך, נישטאָ פֿון וואָס צו רעדן. איין מירל וויל זיך נישט אונטערגעבן!... זי האָט נאָך אַלעם ערשט אָפּסנײַ גאָר געוואָלדיק אײַנגעריסן די שיל. אַצינד קומט זי ערשט פֿון קוואָרים מעסטן. זי האַלט זיך אירס — — „ער שטאַרבט דורך די קינדערס זינד. זיי זײַנען נישט פֿרום, הולטײַען, דעריבער נעמט זיי גאָט, ב״ה, דעם טאַטן צו״.... „די קאַפּעליע פֿאַרלירט די קרוין; עס וועט שוין קיין עמעסע סימכע נישט זײַן״.

גאָטס ראַכמאָנעס איז דאָך גרויס. מען האָרף שרײַען, בעטן, וועקן! און זיי, די קינדער, די קלעזמער־יונגען, „האָב גאָר קיין ראַכמאָנעס נישט, גייען אָן לײַבצודעקלעך״... ווען נישט די גרויסע זינד, האָט זי אַ פֿעטער — אַ שויכעט, אין הימל; ער מוז דאָרטן זײַן גאָר דאָס אייבערשטע פֿון שטיסל, ער וואָלט איר נישט אָפּגעזאָגט! באָם לעבן, זיכרוינע־ליווראָכע, פֿלעגט ער זי שטענדיק גלעטן... ער איז איר אַוואַדע היינט אויך נישט שלעכט. ער וואָלט זיך געמיט, ער וואָלט אַלץ געטאָן... נאָר די זינד — שרײַט זי — די זינד! „מען פֿאָרט אַף גויעשע בעלער, מען עסט דאָרט

ברויט מיט פּוטער, גאָט וויים וואָס נאָך!... אָן ארבע־קאַנפעס... ער וועט דאָך נישט דורכבּרעכן קיין מויער... ער טוט אַוואַדע זיינס... אוי, די זינד, די זינד!"

די זין ענטפערן נישט, זיי קוקן אַראָפּ אויף דער ערד; יעדער אין זיין ווינקעלע.

— עס איז נאָך צייט! — כליפּעט זי, — קינדער! קינדער! געוואַלט, קינדער! טשוּווע טוט!

— מירל, מירל, — רופט זיך אָן דער קראַנקער, לאָז געמאַך, מירל, עס איז שוין פאַרפאַלן, איך האָב שוין מיינס אָפּגעשפּילט, מירל. הער אויף, איך וויל שטאַרבן!

מירל ווערט אונטערגעצונדן:

— אַ רעכטע, שיינע, ריינע!... שטאַרבן וויל ער, שטאַרבן! און יעד, און מעד... ניין, איך וועל דיך נישט לאָזן שטאַרבן, דו מוזט לעבן... דו מוזט... איך וועל אַזוי שרייען, אַז עס וועט נישט קאָנען קומען צו יעציאַס־נעשאָמע!" עס זעט אויס, אַז אין מירלס האַרץ האָט זיך געעפנט אַן אַלטע, נישט פאַרהיילטע וווּנד.

— לאָז געמאַך, מירל, — בעט זיך דער קראַנקער — מיר האָבן זיךביידע שוין גענוג אָנגעשאָלטן באַם לעבן... גענוג... פאַרן טויט פּאַסט נישט אַזוינס... אוי, מירל, מירל, איך האָב געזינדיקט, דו האָסט געזינדיקט... נאָר אָן עק!... שווייג בעסער! איך פיל קעסיידער, ווי דער קאַלטער טויט קריכט מיר אַרויף פון די שפּיץ פינגער פון די פיס ביז צום האַרץ, עס שטאַרבט אַ צאָל נאָך אַ צאָל... שריי נישט, מירל... עס איז גלייכער אַזוי!

— ווייל דו ווילסט מיינער פּאָטער ווערן, — פאַלט אַריין מירל אין די רייד, — אוי, דו האָסט שטענדיק געוואָלט פּאָטער ווערן, — וויינט זי ביטער — שטענדיק! די שוואַרצע פּעשע איז דיר נאָר געלעגן אין האַרץ... דו האָסט שטענדיק געזאָגט, אַז דו ווילסט שטאַרבן... ווי צו מיינע יאָר... ער טוט אַפילע אַצינד קיין טשוּווע נישט... אַפילע אַצינד... אַצינד...

— נישט נאָר די שוואַרצע פּעשע, — שמייכלט ביטערלעך דער קראַנקער, — עס זיינען אַ סאַך שוואַרצע פּעשעס געווען, און ווייסע אויך, און געלע אויך... נאָר דיך, מירל, האָב איך קיינמאָל נישט געוואָלט פּאָטער ווערן... אַ מויד איז אַ מויד, דאָס איז שוין אַ קלעזמערישע

זאַך... עס ציט ווי אַ בלאָטער, עס איז עפּעס אַ מין טשעקאַוואַשטש...
אַ ווייַב איז דאָך אַ ווייַב! דאָס זייַנען צוויי גאָר אַנדערע זאַכן... געדענקסט, אַז די שוואַרצע פּעשע האָט דיר געדעדט אַ שלעכט וואָרט, האָב איך זי אינמיטן גאַס אויסגעטשאַסקעט אַף אַלע זייַטן...

— שווייַג שטיל, מירל! אַ ווייַב איז אַ ווייַב! אויסער, — אַז מען גייט זיך... אויך — טוט ווי דאָס האַרץ... גלייב מיר, מירל, איך וועל בענקען נאָך דיר... נאָך אייַך אויך, קינדער! איר האָט מיר אויך גענוג צאָרעס אָנגעטאָן, נאָר גאָרנישט... דאָס ליגט שוין אינעם פידעלע — אינעם קלעזמער־לאָשן... איך ווייס, איר האָט מיך נישט ערלעך געהאַלטן, דאָך ליב געהאַט, אַז איך האָב אַמאָל געטאָן אַן איבעריקן טרונק בראָנפן, האָט איר געוואָרטשעט „שיקער"... מען טאָר נישט אַזוי, אַ טאַטן טאָר מען נישט... מיילע... איך האָב אויך געהאַט אַ טאַטן און האָב אים אויך נישט בעסער באַהאַנדלט... נאָר אַן עק פון דער זאַך!... איך בין אייַך מוחל...

ער איז מיד געוואָרן רעדנדיק.

— איך בין אייַך מוחל, — האָט ער נאָכאַמאָל אָנגעהויבן נאָך אַ פּאָר סעקונדן. ער האָט זיך אַ ביסל אונטערגעהויבן אַפן בעט און באַטראַכט דעם אוילעם...

— זע נאָר, — זאָגט ער פּלוצלינג, — די ביקעס! אַרייַנגעשלאָגן די אויגן אין דר'ערד אַרייַן, גלייַך עס קאָן קיין צוויי נישט ציילן!

— האַ? פּאָרט אַ שאָד אַ טאַטע! כאָטש אַ שיקער, האַ?

דער יינגסטער זון האָט אויפגעהויבן די אויגן. אין דער אייגענער רעגע האָבן אים די ברעמען אָנגעהויבן ציטערן, און ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ געוויין. די רעשט ברידער זייַנען אים נאָך. אין אַ מינוט אַרום איז דאָס גאַנצע פיר־איילנדיקע שטיבל פול געווען מיט יעלאָלע...

דער קראַנקער האָט געקוקט און געשעפּט נאָכעס.

— נו, — מאַכט ער ראַפּטום מיט אַ פרישן קויעך, — גענוג! איך האָב מוירע, עס וועט מיר צופיל אַ שאָד זייַן! גענוג, קינדער, פאָלגט אַ טאַטן;

— רויציייעך! — שרייַט מירל, — רויצייעך, לאָזן זיי וויינען, זייערע טרערן קאָנען העלפן, ריבוינע־שעל־אוילעם...

— שווייַג, מירל, — האַקט איר דער קראַנקער איבער, — איך האָב

דיר שוין געזאָגט, איך האָב מײַנס אָפּגעשפּילט... געגנוג... ע! כּאַיִם, בערל... יוינע... אַלע! הערט! געשווינט, נעמט די קיילים!

אַלע גלאָצן אויס די אויגן.

— איך הייס, — מאַכט דער קראַנקער, — איך בעט אײַך! טוט מיר צוליב, נעמט די קיילים און קומט צו צום בעט!

די קינדער האָבן געפאָלגט און אַרומגעשטעלט זיך באַם בעט; דרײַ פידל, איין קלאַרנעט, אַ באַס, אַ טראָמפּייט...

— לאָז מיך הערן, ווי די קאַפּעליע וועט שפּילן אָן מיר... — מאַכט דער קראַנקער.

— מירלשי, איך בעט דיך, רוף דערווײַל אַרײַן אונדזער שאָכן.

דער שאָכן איז געווען דער שאַמעס פון דער כעוורע־נויסים. מירל האָט נישט געוואָלט לעכאַטכילע גיין, נאָר ער האָט אַף איר געקוקט מיט אַזאַ מין געבעט, אַז זי האָט אים געמוזט פאָלגן. שפּעטער האָט זי דער־ציילט, אַז דער „מירלשי" און דער קוק פאַרן טויט זײַנען געווען גאָר לע־האַוודל די אייגענע ווי באַלד נאָך דער כופּע... „איר גערעדענקט, קינדער, מאַכט זי, זײַן זיס קאָל און זײַנע אויגן!"

דער שאַמעס פון דער כעוורע־נויסים איז אַרײַנגעקומען, ער האָט געוואָרפן אַן אויג אַפן כויִלע און געזאָגט:

— זײַט מויכל, מירל, רופט אַרײַן אַ מיניען.

— מען דאַרף נישט, — רופט זיך אָן דער קראַנקער, — וואָס טויג מיר אַ מיניען? איך האָב מײַן מיניען, מײַן קאַפּעליע! גיי נישט, מירל, איך דאַרף נישט קיין מיניען...

און אויסדרייענדיק זיך צו די קינדער, מאַכט ער:

— הערט, קינדער... שפּילט אָן מיר, ווי מיט מיר, שפּילט גוט... זײַט נישט קיין שקאָצים אַף אָרעמע כאַסענעס... האַלט ערלעך די מוטער, און אַצינד — שפּילט מיר אָפּ די ווידע... אונדזער שאָכן וועט פאַר־זאָגן...

און די פיר־איילנדיקע שטוב איז געוואָרן פול מיט מוזיק.

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

ד ר ײַ  פ י ע ן  באַטײַט: פאַרגעווים פאַרפאַלן.

ל ײַ ב צ ו ד ע ק ל ע ד — טאַלעסקאַטנס.

ע ס  ש ט אַ ר ב ט  אַ  צ אָ ל, אָ ד  אַ  צ אָ ל — עס שטאַרבט אַפּ שטיקלעכווײַז.

# אַ פֿאַרשטערטער שאַבעס

האַלב שאַבעס! אַ בערגל מיסט באַ דער טיר — צום אַרויסוואַרפֿן; די לאָקשן ליגן אָפּגעשווענקט אין שיסל, מען דאַרף זיי נאָר באַגיסן מיט אַ לעפֿל יויך, זיי זאָלן זיך נישט צוזאַמענקלעפּן. אַפֿן טיש איז גרייט בראָנפֿן אַף קידעש; אַ קוילעטש מיט אַ כאַלע — צום באַדעקן מיט אַ זייַדן כאַלע־טישטעכל!

זאָרעד, דאָס יונגע באַלעבעסל, איז שוין אָפּגעוואַשן. מיט צו צוויי פֿינגער פֿון יעדער האַנט דריקט ער אויס דאָס וואַסער פֿון די פּייעס. מיריעם, די יונגע באַלעבאָסטע, שטייט באַ אים און פּוצט אים־צו די קאַפּאָטע.

— אַ, דו... שלימויז! — שמייכלט זי צו אים — אַנדערטהאַלבן יאָר נאָך אַ כאַסענע מאַכט מען אַזוי צורעכט מאַלבושים! זע, דאָ אַפֿן לאַץ! זעסט? אַ פֿלעק פֿון כיילעוו! — זי קראַצט מיט די נעגל, גייט איבער מיט דער באַרשט.

— גענוג שוין, — בעט זיך זאָרעד, — די הענט וועלן דיר וויי טאָן! דו קאָנסט דאָך שוין קוים דעם אָטעם כאַפּן, לאָז שוין אָפּ!

— אַ־וואַ! גלייַכער זיי זאָלן אַ ביסל וויי טאָן, איידער מען זאָל זאָגן אין בייס־מעדרעש, אַז דו האָסט אַ ווייַב — אַ שמאָדער, וואָס פּוצט דיר אַפּילע די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע נישט אָפּ!

זי געפֿינט נאָך אַ פֿלעק, בייגט זיך נאָך אַמאָל איַין און פּוצט. דאָס בלאַסע פּאָנעם רויטלט זיך, די אויגן בליקן, און שווער ווערט איר דער אָטעם, — אירס האָט זי דאָך אויסגעפֿירט... זאָרעד קושט זי אַפֿן קאָפּ.

— וואָס געפֿעלט עס דיר אַזוי? — רייַסט זיך מיריעם אויס מיט אַ געלעכטער — די האָר־באַנד?

— שעם דיך באַטש פֿאַר דער מאַמען — האָט זי צוגעגעבן שטיל.

די האָר־באַנד, וואָס זי טראָגט אַפן קאָפּ, און די מוטער, וואָס שטייט אַצינד איבערגעדרייט צום ספאָרים־שענקל און זוכט, מיקלוימערשט, דאָס דיַיטש־כומעש — זיַינען איר צוויי שטיינער אַפן האַרץ.

פאַר דער כאַסענע האָט מיריעם געהאַט אַ פּאָר דיקע, לאַנגע צעפּ פון בלאָנד־זיַידענע האָר. אַלע מיידלעך האָבן זי מיט די צעפּ מעקאַנע געווען. אַז זי פלעגט דורכגיין דעם מאַרק, פלעגן מענטשן טראַכטן: אַט, דער יעיצער־האָרע גייט. זאָרעך — דעמאָלט שוין איר כאָסן — פלעגט ציטערן פאַר פרייד, אַז ער האָט אַמאָל באַקומען אירם אַ צאָפּ אין דער האַנט אַריַין; נאָר אימשטיינס געזאָגט, ווען איז עס אים געראָטן? אַ האַלב יאָר אינגאַנצן זיַינען זיי געווען כאָסן־קאַלע... געזען האָבן זיי זיך קוים עטלעכע מאָל... איינמאָל שעווועס באַנאַכט (הוישאַנע־ראַבע האָט מיריעם מוירע געהאַט פאַרן יאָם־האַדין); איינמאָל האָבן זיי זיך אַרויסגענאַרט סימכעס טוירע פון האַקאָפעס; נאָך אַמאָל האָבן זיי זיך געטראָפן כאַלעמויעד פייסעך אַפן שפּאַציר אונטער דער שטאָט... און דעמאָלט טאַקע האָט מען זיי „געכאַפּט"! עס איז געוואָרן אַ גערודער, אַ געשרייעריַי. דער ראָוו האָט געשיקט רופן די עלטערן; געזאָגט זיי, אַז ער גלייבט בעעמונע שליימע, אַז עס זיַינען ערלעכע קינדער, פונדעסטוועגן איז זיַין אייצע, מען זאָל באַלד שטעלן אַ כופּע...

מיריעמס מוטער, — די „לאַנגע סערל" — האָט אַפילע קיין ציַיט נישט געהאַט צו מאַכן אַלע איַינשיטן. זאָרעכס פאָטער, דער שטריקנמאַכער, האָט נאָך נישט געהאַט דעם גאַנצן נאָדן; אַ כופּע האָט מען דאָך גע־שטעלט! און פאַר דער כופּע האָט מען אָפּגעשוירן די בלאָנד־זיַידענע האָר!

מיריעם האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן —

זיצנדיק צווישן די באָכערים, האָט זאָרעך, — אַזוי פאַרציילט ער, — דערפילט, ווען מען האָט זיך גענומען צו די צעפּ. עס האָט אים אַ שניט געטאָן אין האַרץ! באַ דער גילדענער יויך, האָבן זיי ביידע אויסגעזען, ווי „עס וואָלט זיי אונטערגעגאַנגען אַ שיף מיט זויער־מילך".

אַך, די האָר־באַנד, די האָר־באַנד!

די האָר וואָלטן צוריק געוואַקסן, מען זאָל זיי נישט דאַרפן אַלע מאָל אונטערשערן! זאָרעך זאָגט אַפילע, אַז עס זיַינען פאַראַן אַזוינע שטעט, ווו יידישע טעכטער טראָגן שייטלען, טייל אַפילע — אייגענע האָר; ווייס מען דאָך, אַז ער איז אַ שטיק אַפּיקוירעס, דער זאָרעך. ווען גאָט זאָל אים העלפן, — זאָגט ער, — ער זאָל געווינען אַף דער לאָטעריע (פון סאָכרעריַי

ניסאַשער צו ווערן, איז שעלוי קעדערעך האָטעווע), וואָלט ער איבערגע־לאָזט דער שוויגער אַ פּאָר טויזנטער, און ער מיט מיריעם־לעבן וואָלטן אַוועק אין איינע פון די גרויסע שטעט!...

מיריעם אָבער וויל נישט הערן און געדענקען! זי בעט זיך ראַכמים באַ זאָרעכן, ער זאָל נישט רעדן דערפון; זי קושט אים און האַלדזט אים, ער זאָל בעסער שווייַגן.

ערשטנס — ווי לאָזט מען עס איבער אַליין אַ מאַמען; טאַקע מיט געלט, נאָר טאַמער ווערט זי, כאַס וועשאָלעם, קראַנק... אַ מענטשן אין די יאָרן... ווער וועט איר דערלאַנגען אַ לעפל וואַרעם וואַסער? צווייטנס — האָט מיריעם־לעב אַליין מוירע פאַר דער אַווייַרע! עס זייַנען טאַקע דאָ אַזוינע שטעט; אַז זאָרעך זאָגט, איז אַוואַדע עמעס, זי גלייבט, — נאָר אַ קאַשע אַף אַ מייַסע! סדאָם וועאַמוירע פון דייַטש־כומעש זייַנען אויך שטעט געווען, מיט נאָך ערגערע מינהאָגים; אייַזערנע בעטלעך פאַר אָרכים... יעסוימים האָט מען אויסגעשמירט מיט האָניק... נו, קעהאַ־יאָם! און ווער וייס, אויב מאָרגן וועט נישט דער אייבערשטער אַראָפּשיקן זייַנע מאַלאָכים, זיך אַן אייצע האַלטן, און אין איין רעגע איבערקערן די הייַנטיקע סדאָם וועאַמוירעם?

זי וויים, אַז גאָט, „ברוך־הוא", איז אַן „ארך אַפּים"; ער וואַרט אַוואַדע. עפּשער וועלן זיי טשוווע טאָן!

— נו האַקלאָל, — זאָגט מיריעם, — דאַרפן מיר זיך אַרייַנלייגן אין קראַנקן בעט?

— ניין, זאָרעך, — זאָגט זי, — איך וויל נישט... אַז מען זאָגט, מען טאָר נישט, טאָר מען נישט...

פון דער מוטער האָט זי נאָך מער צאָרעס.

די לאַנגע סערל האָט ליב די טאָכטער מער ווי צען מוטערס צוזאַ־מען; קיין שלעכט וואָרט וועט זי איר נישט זאָגן. — נאָר זייַט מען האָט „געכאַפּט די כאָסן־קאַלע", האָט זי אַף זיי שטענדיק אַן אויג... היט זי זיי אָפּ!

— דו ביסט, — זאָגט זי צו מיריעמען, — אַ פרומע נעשאָמע, נאָר אַ ווייַד האָרץ האָסטו; און קענן דעם יעיצער־האָרע מוז מען האָבן אַן אייַזערנע גוווּרע. אַ מענטש מוז זיך שטעלן ווי אַ לייב, ווייַל דער יעיצער־האָרע איז ערגער ווי אַ שלאַנג!

און זי האָט זיך גענומען צו דער גוטער, נאָר שוואַכער טאָכטער, צו

דער פרומער, נאָר שוואַכער נעשאָמע, זי אונטערצוגאַרטלען קעגן יעיצער־הרע! און נאָך יעדן אונטערגאַרטלען בלײַבט מיריעם אוים מענטש! עס טוט איר ווײ דאָס האַרץ; באַנאַכט שרעקן זי אַלערלײ כאַלוימעס...

קוים גײט זאָרעד אַרוים פון שטוב, הײבט זיך אָן דאָס מוסער זאָגן.

סערל איז אַ מושלעמעס, לײענט איוורע־טײַטש ווי אַ וואַסער: קען דאָס דײַטש־כומעש מיטן קאַוו האַיאָשער, מיטן ריישים־כאָכמע און נאָך עט־לעכע אַזוינע ספאָרים, קימאַט אויסנווייניק; און געהענעם איז זי קלאָר; זי איז אין יעדן ווינקעלע ווי אין דער היים! זי ווייס, וווּ מען קאָכט אין הייסער סמאָלע, וווּ מען ברענט מיט שוואַרץ פײַער, און שיידים בראָטן די נעשאָמעס, ווי הינדעלעך אַף דער שפּיז! זי איז קלאָר אינגאַנצן שולכן אָרוך פון יענער וועלט: פאַרוואָס מען הענגט אַף דער צונג... מען וואַרפט צווישן הימל און ערד, און אָדלער און קראָען רײַסן שטיקער פלייש; פאַרוואָס מען לויפט אַרום אין וועלדער, און ווילדע כײַעס בײַסן די פּיענטעס, פאַרוואָס מען שינדט אָפּ די הויט, מען וויקלט אײַן אין שטעכעדיקע דערנער... און מען הייסט נאָך שעפּן וואַסער מיט אַ קאַן אָן אַ דנאָ... איין גליק איז נאָך, וואָס גאָט איז פול באַרמהאַרציק! ער וויל נישט מער, נאָר מען זאָל טשוווע טאָן... און מיריעם הערט דאָס אַלץ אוים מיט האַרצקלאַפּן, מיט ציטערדיקע ליפּן, און אַ פּאָנעם ווי קרײַד.

זי שרעקט זיך... זי ווייס, אַז אַ מענטש איז זינדיק... ערגער איז אין די טעג, ווען אַז אישע טאָר נישט קוקן אין שפּיגל אַרײַן, פון אירע בליקן זאָל קיין פלעקן נישט ווערן! איר הויד איז דאָך דעמאָלט מיט טומע, די קליידער — באַשיט מיט דיבוקים, מיט פּיפּערנאָטערס! ווי געציטערט האָט זי דעמאָלט פאַר זאָרעכן...

און נאָך איידער עס האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן, האָט שוין די מאַמע מוירע געהאַט, וואָס אַמאָל געפרעגט: טאָכטערשי, עפּשער שוין? עפּשער האַלסטו עס בעסאָד, עפּשער ווילסטו דיר פאַרזינדיקן די יונגע יאָר... זע, קוק נאָך אַמאָל, טאָמער פאָרט! עפּשער האָסטו נישט גוט אַכטונג געגעבן...

מאַמעשי, — פרעגט אַמאָל מיריעם, — פאַרוואָס האַלט עס זאָרעד אַזוי פאַר גרינג? ער לאַכט אַפילע, אַז איך וואַרף אים די שליסעלעך?

— אַז אַוולע, אַ גרויסע זינד! — זאָגט די מאַמע, נאָר אַ מאַנס־פאַרשוין איז שוין בעטעווע אַזוי... אימשטיינס געזאָגט, זײ ווייסן, זײ וויסן־דען... און וואָס האָט אַזוינער מוירע? ער כאַפּט אַמאָל אַרײַן

אַ פּיירעק מישנאַיעס, ווערן אים זעקס בלאַט כאַטאָים אויסגעמעקט פון בוך! און ווען איז זייער יאָם־האַדין? איין מאָל אין יאָר — יאָמים־נויראָים... אָבער אַז אישע, נעבעך, אַ „שעשני כרצונו", דאָס איז ווי אינדיטשקעס! אַ ליאַדע וואָס, איז אַף זיי ראַכמאָנעס ליצלאָן, אַ פּעגירע! היינט זע, בעשאַסן טראָגן, בעשאַסן האָבן — דעמאָלט הענגט דאָך יאָ די נעשאָמע אַף אַ האָר! סאַמע יאָמים נויראָים! און וואָס, אימשטיינס געזאָגט, זאָל אונדז מאַצל זיין? דאָס דייטש־כומעש? !... אַ קאַטאָוועס, אַ מענטשן אָן ציצעס, אינגאַנצן דריי מיצוועס: כאַלע, נידע, האַדלאָקעס האַנייר... מיט כאַלע איז נאָך נישט אַזוי געפּערלעך! מען קאָן נאָך יויצע זיין! האַדלאָקעס האַנייר אויך... פּריוויטיק, צוועלפן, מאַכט מען שאַבעס, אָבער יענץ... עס איז זיך דען גאָר צו דערהיטן?

— אַז דיין אויג, — זאָגט זי, קוקט אַף דעם אייגענעם אָרט, ווו זיין אויג; אַז דיין הויך טרעפט זיך צוזאַמען מיט זיין אָטעם, — שוין! לילים כאַפּט דאָס שוין אויף, זי קריגט שוין שליטע, זי פליט אַרויף גלייך צום קיסיי האַקאָווער, מיטן הויך, מיטן בליק, מאַכט דערפון אַן אייסעק! באַלד הייבן אָן שטאַרבן יולדוים... קליינע קינדער...

און מיריעם האָט זיך געפילט זינדיק פאַר גאָט פאַר אַ סאַך אַזוינע „בליקן" מיט „הויכן"... נאָך אַזאַ הויך אָדער אַזאַ בליק, האָט זי נעבעך נישט געשלאָפן פאַר פּאַכעד, איר נעשאָמע זאָל נישט אַרויספליען, און אַליין אָנשרייבן אין בוך!...

איינמאָל איז געקומען אין שטעטל אַריין דער אָקרוזשנאַי סוד. מען איז געלאָפן אַף זיין ווונדער. מיריעם איז איינמאָל אויך געגאַנגען זען; עס איז געווען באַלד נאָך דער כאַסענע — גלוסטן זיך אַזוינע זאַכן. האָט זי געזען דריי סודיאַס, אַ פּראָקוראָר, אַ סעקרעטאַר און איינעם, וואָס מען האָט געמישפּעט... אין וואָס עס גייט האָט זי נישט פאַרשטאַנען, נאָר דערנאָך, אַז מען האָט אויסגערופן: קאַטאָרגע, האָט זיך דער פאַרמישפּעטער אַ וואָרף געטאָן אַף דער ערד, גלייך אַ דונער האָט אים דערשלאָגן... פון דעמאָלט אָן האָט זי נאָך מער פּאַכעד פאַרן בעסדן שעל מיילע! דאָ האָט זיך דער פּראָקוראָר אַ ביסל געאיקעט; דאָרט וועט רעדן דער סאָטן! מיט שוואַרץ פייער וועט ער שיטן, קאָכעדיקער פעך וועט זיך אים גיסן פון מויל... און וואָס, קאַטאָרגע? דאָרט רופט מען אויס: קאַף האַקאַלע, בראָטן הייסט מען און ברענען!

„ווי וועט עס דעמאָלט כאַלעשן די נעשאָמע"! טראַכט מיריעם. און

עס ווערט איר קאַלט אין אַלע אייוורים, אין האַרץ הייבט אָן שטעכן ווי מיט נאָדלען!

פֿון דעם אַלעם ווייס נישט זאָרעך. אַז ער איז דאָ אין שטוב, שוויַיגט די מוטער. דעמאָלט איז מיריעם לוסטיק און פֿריילעך. גאָר אַן אַנדערער מענטש...

ווען אָבער איז ער אין שטוב? פּריַיטיק פֿאַרנאַכט, שאַבעס... אַ גאַנצע וואָך האָט ער דאָך זיַין מיסכער! מוז ער דאָך זיַין אין גאַס...

באַנאַכט האָט מען אויך נישט קיין רו... די לאַנגע סערל שלאָפֿט נישט האַלבע נעכט; קריכט אַרום, גייט אויף און אָפּ, לייענט אויך די לאַנגע קרישמע מיטן גאַנצן אַל־כעט...

זאָרעך קריצט טיילמאָל מיט די ציין; דאָך מוז ער שוויַיגן. ער האָט אַמאָל דער שוויגער אַ שלעכט וואָרט געזאָגט, האָט זיך מיריעם די אויגן אויסגעוויינט! מער וועט ער דאָס נאַרישקייט נישט טאָן... די ציין קריצן, נאָר שוויַיגן מוז מען.

פֿון דער שוויגערס מוסער־זאָגן האָט ער גאָרנישט געוווּסט; ער זעט, אַז מיריעם ווערט וואָס אַמאָל שוואַכער, בלאַסער, אַז זי כאַפּט זיך וואָס אַמאָל אָפּטער אָן בײַ דער ברוסט, אָטעם פֿאַרפֿעלט איר... און ער שמייכלט! ער האָפֿט אַף נאַכעס!... טיילמאָל פֿאַלט אים איַין, אַז מען וואָלט געדאַרפֿט עפּשער רופֿן אַ דאָקטאָר. ער טוט עס דאָך נישט, און ברענגט עס נישט איבער די ליפּן, פֿאַר מוירע, ער זאָל זי נישט איבער־שרעקן... זיַיט אַ קורצע ציַיט שרעקט זי זיך אַלץ אײַנאײַנעם. נאַכט אַף נאַכט שרעקט זי זיך. אַ קאַץ לאָזט זיך הערן פֿון דאַך, אַ הונט גיט אַ ביל אין גאַס... עמעץ קלאַפּט ערגעץ אין טיר, אַ ליאַדע שאָרך, שרעקט זי, זי לאָזט אַרויס אַ געשריי און בלייַבט ליגן פֿאַרציטערט, האַלב פֿאַרכאַ־לעשט... ברענג איר אַ דאָקטאָר, פֿאַלט זי בעעמעס, כאַס וועשאַלעם, אַריַין אין אַ קרענק.

אָפּט מאַכט זיך דערפֿון אַ שמועס.

— וואָס איז דיר, מיריעם־לעב? וואָס פֿעלט דיר?

— מיר, — ענטפֿערט מיריעם מיט אַ בלאַסן שמייכל אַף די ליפּן,

— מיר? אַז דו ביסט נאָר דאָ אין שטוב, איז מיר ווויל ווי די וועלט! מען זאָל אונדז נאָר קיין איַינהאָרע נישט געבן!

זי ציטערט פֿאַר אַן איַינהאָרע; מען האָט זי דען נישט מיט וואָס מעקאַנע צו זיַין! אַז זאָרעך דרימלט איַין שאַבעס נאָכן עסן, גייט זי גאַנץ

אָפּט שטילערהייט צו און בלאָזט אָף אים; עס איז זומער, דאָס פענצטער איז אָפן, אַ קאַשע אָף אַ מײַסע? עמעץ גייט דורך און וואַרפט אַרײַן־אַן אײַנהאָרע! עס דאַכט זיך איר, אַז מען מוז זי מעקאַנע זײַן, אַז עס איז קיין שענערער, קיין באַשמעקטערער מענטש אָף דער וועלט נישטאָ! קרוין־פּוילן אויסצופּאָרן!

„ווער שמועסט, טראַכט זי, ער זאָל נאָך זײַן אָפּגעהיט אין יענע זאַכן! אַ ביסל מער אָפּגעהיטן!... נאָר, ווײַטער דאָס אייגענע, ער איז דאָך, ווי די מוטער זאָגט, אַ מאַנספּאַרשוין, ער האָט גאַנצע תרי״ג מיצוועס... איז דאָס באַ אים גאָר קיין יזכעס נישט”...

זאָרעד מיינט, אַז עס מוז איר פּאָרט עפּעס זײַן, נאָר זי לייקנט שטיין אוןביין: „וואָלט ער נאָר אינדערהיים געווען... שטענדיק אינדערהיים”...

ער הערט און שמייכלט; די עמעסע קאַוואָנע פון די רייד פאַרשטייט ער אָבער נישט; און זי וועט קיינמאָל נישט פאַרמאַסערן די מאַמען. ער וועט קיינמאָל נישט וויסן, וואָס זי לײַדט, ווען ער איז נישטאָ...

אַצינד אָבער פאָלט צו שאַבעס... אַצינד מעג זאָרעד גיין... זאָל ער גיין דאַווענען... שאַבעס האָט זי פאַר דער מוטער קיין מוירע נישט; שאַבעס זאָגט זי קיין מוסער נישט; שאַבעס איז די „מאַמע אַ ווויילע מאַמע”!

— מיריעם־לעב, — מאַכט זי צו'ן איר, אַז זאָרעד איז אַרויסגעגאַנגען, — הײַנט איז שאַבעס, פּוץ דיך אָפּ, טו דיר אָן אַ קליידל... אַז דײַן מאַן וועט נאָכן דאַווענען קומען מיט די מאַלאָכים אין שטוב אַרײַן, זאָלסטו אים אַקעגנלויפן מיט סימכע אָפן פּאָנעם, מיט נאַכעס אין די אויגן, מיט שאָלעם וועשאַלווע, מיט אַלעם גוטן, פאַר דעם וועסטו זויכע זײַן...

—...אַ גראָבן קוש פון זאָרעכן — ענדיקט מיריעם מיט אַ געלעכטער.

דער מוטער געפעלט אַפילע נישט דער אויספּיר, עס איז דאָך אָבער שאַבעס, שאַבעס־לעב, און זי וועט קיין בייז וואָרט נישט רעדן. זי נעמט זיך צום דײַטש־כומעש, טוט אָן אַ פּאָר גרויסע ברילן און לייענט.

מיריעם הערט זיך אײַן. אָפּט הערט זי מיטן גאַנצן האַרץ. טייל מײַסעס געפעלן איר זייער. זי צעלאַכט זיך, אַז עס קלינגט ווי אַ זילבערן גלעקל, ווען דאָס יינגל אַווראָם, וואָס האָט צעהאַקט דעם אַלטן טערעכס שטיינערנע

געטער, זאָגט דעם אַלטן: אַז דאָס האָט דער גרעסטער פון זיי געכאַפּט דעם האַמער און צעהאַקט אַלע קליינע; דאָס האַרץ ציטערט איר פאַר שרעק, יִצחאָק זאָל נישט דערקענען, אַז דאָס „מאַלצײַט" דערלאַנגט אים יאַנקעוו, נישט אייסעוו; טרערן קומען איר אין די אויגן אַרײַן, ווען יאַנקעוו טרעפט זיך מיט ראָכלען בײַ דער ברונען; לאַווענען איז זי אַ סוינע אויפן לעבן, פאַרוואָס ער האָט יאַנקעוון גענאַרט... ווען עמעץ, לעמאָשל, נאָך אַזוי אָפּ זאָרעכן... בררר! עס ווערט איר קאַלט אין אַלע אייוורים. פאַר דאָס, שפּעטער, אַז יאַנקעוו קריגט ביידע: אי לייען, אי ראָכלען, ווערט זי רויִקער; זי וויים דאָך, אַז עס איז געווען פאַרן כיירעם דעראַביינו גערשום...

היינט גייט די סעדרע טרומע; מען ברענגט דאָס און יענץ צום מישקן... דאָס אינטערעסירט זי ווייניקער... זי איז מיד און שלעפעריק.

דאָס קעפּל צעוויגט זיך, די ברעמען פאַלן צו, זי דרימלט אײַן...

אַ גוטער, כיייונעוודיקער שמייכל באַווײַזט זיך איר אויפן בלאַסן פּאָנעם...

עס הייבט זיך אָן רייטלען... נאָר עס וועקט זי דער מוטערס שטימע:

— מיריעם!

— מיריעם!

— וואָס, מאַמעשי, איך הער...

— נישט דאָס מיין איך...

— וואָס דען, מאַמעשי?

— לויט מײַן רעכענונג איז הײַנט... פאַרשטייסט, טאָכטערשי, איז היינט די צײַט...

— נאָך נישט, מאַמעשי!

— גיב נאָר גוט אַכטונג, טאָכטער!

מיריעם דרימלט ווײַטער אײַן; די זעלבע זילבערנע שיסל מיט די זילבערנע לעפל, און די מוטער וועקט זי ווײַטער.

לײידער איז שוין געווען „שוין"...

— אַ שאָד! מאַכט סערל, אַ פאַרשטערטער שאַבעס.

— זיכער — נאָך נישט?

— זי זיפצט אָפּ און פאַרטיפט זיך צוריק אין דײַטש-כומעש...

ווײַטער נאָסיאָים, שיסל, לעפל... מיריעם דרימלט ווײַטער אײַן, נאָר דאָס פּאָנעם רייטלט זיך נישט, קיין שמייכל צירט נישט די פײַנע ליפּן...

אין דער צײַט האָט זאָרעך אָפּגעדאַווענט, און כאַפּט זיך שטילערהייט

אַרוים פון בייסמעדרעש, עס זאָל אים קיינער נישט פאַרהאַלטן. ער לויפט איבער דער גאַס...

אַז ער קומט צו דער טיר, שטעלט ער זיך אָפּ. ער הערט זיך איין וואָס אין שטוב טוט זיך... די שוויגער לייענט... מיריעם זיצט אוואָדע און הערט, שטאַרק פאַרנומען, ווי געווייגלעך. ער וויל זי איבעררראַשן.

שטיל עפנט ער די טיר... די שוויגער הערט נישט, מיריעם שלאָפט.

מיט איין שפּרונג איז ער באַ'ן איר און ער קושט באַם „גוט־שאַבעס!”...

— „פּושע באלהי ישראל”! — גיט סערל אַ געשריי.

עס האָט לאַנג געדויערט, איידער מען האָט די פאַרציטערטע מיריעם דערמונטערט.

עס איז געווען — אַ פאַרשטערטער שאַבעס.

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

**הוישײַנע־ראַבע** (הושענא־רבא) האָט מיריעם מוירע געהאַט פאַרן יאָם־האַדין (יום־הדין) — הוישײַנע־ראַבע איז דער זיבעטער טאָג פונעם רעליגיעזן יאָנטעוו סוקעס. לויטן רעליגיעזן אַבערגלויבן ווערט הוישײַנע־ראַבע אָפּן הימל ענדגילטיק אַרויס־געטראָגן דער אורטייל איבער יעדן מענטש, וואָס עס זאָל מיט אים פאַרקומען אין מע־שעך פונעם פאַרשטייענדיקן יאָר (עס ווערט „אַרויסגעגעבן דאָס קוויטל”).

**בעמונע שלײמע** (באמונה שלמה) — מיט אַ פולן גלויבן.

**שעלוי קעדערעד האַטעווע** (שלא כדרך הטבע) — אומנאַטירלעך.

**סדאָם וועאַמוירע** (סדום ואמורה) — נעמען פון צוויי שטעט, וואָס ווערן דערמאָנט אין אַ ביבלישער לעגענדע אַלס שטעט, וואָס זײַנען געווען פול מיט פאַרדאָר־בענע, אויסגעלאַסענע מענטשן.

**קעהאַיום** (כהיום) — ווי הײַנט.

**ערעד האַפאַים** (ארך הפים) — פילגעדולדיקער.

**מושלעמעס** (מושלמין) — אַ ווילקענערן.

**„קאַוו־האַיאָשאָר”** (קב הישר) — אַ טיף אַבערגלויביש מוסער־בוך, פול מיל מײַסעס וועגן יענער וועלט, פאַרפאַסט פון צווי־הירש קוידאַנאָווער (אָנהייב 18־טן יאָרהונדערט).

**ריישיס־כאָכמע** (ראשית חכמה) „דער אָנהייב פון כאָכמע” — אַ בוך פון דעם זעלבן מין ווי דער „קאַוו־האַיאָשאָר”, נאָר פיל עלטער פון אים, פאַרפאַסט פון עליאָהו דע־ווידאַס אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט.

**טומע** (טומאה) — אומריינקייט.

**שאָעסאַני קערעצוינוי** (שעשני כרצונו) — וואָס ער האָט מיך געמאַכט לויט זײַן ווילן. אַ פראַזע פון אַ טפילע וואָס רעליגיעזע ייִדישע פרויען זאָגן.

די מענער זאָגן אַ טפילע, אין וועלכער זיי דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט זיי ניט געמאַכט פאַר קיין פרוי; פאַר די פרויען איז די אַנטשפּרעכיקע טפילע געענדערט — זיי וואָס ווערן געשאַצט אַלס נידעריקערע באַשעפענישן, דאַנקען גאָט וואָס ער האָט זיי געמאַכט „לויט זײַן ווילן".

**כאַלע, נידע, האַדלאָקאָס־האַנייר** (חלה, נדה, הדלקת הנר) — דרײַ רעליגיעזע געבאָטן, וואָס ווערן אַרויפגעלייגט אַף פרויען: כאַלע־נעמען — באַם פאַרקנעטן טייג אַראָפּנעמען אַ שטיקל און אַרײַנוואַרפן אין פײַער, אַ רעשט פון אַמאָליקן קאָרבאָנעם ברענגען; נידע — אָפּהיטן די רעליגיעזע געזעצן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיטן פעריאָד פון מענסטרואַציע; האַדלאָקאָס־האַנייר — אָנצינדן ליכט („ליכטבענטשן") ערעוו שאַבעס און יאָנטעוו.

**ליליס** (לילית) — די קעניגן פון שיידים.

**אַלכעט** (אַל חטא) — אַ טפילע אין וועלכער דער דאַוונער בעט גאָט, ער זאָל אים פאַרגעבן די זינד.

**כיירעם דראַבייִנו גערשוים** (חרם דרבנו גרשום) — דער פאַרבאָט צו האָבן מער פון איין פרוי, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פונעם מײַנצער ראָוו גערשוים בען־יעהודע (אָנהייב 11־טן יאָרהונדערט).

**מישקן** (משכן) — דאָ: דער טעמפּל, וואָס די ייִדן האָבן אויסגעבויט אין דעם מידבער.

**פוישע בעעלויהיי יִסראָעל** (פושע באלהי ישראל) — פאַרברעכער קעגן דעם ייִדישן גאָט; אַ מענטש, וואָס איז באַגאַנגען אַ שווערע זינד קעגן דער רעליגיע.

# אין געמויזעכץ

אַמאָל איז זיך געווען אַ געמויזעכץ. —

עס איז זיך געשטאַנען גאַנץ אַפּאַרט; אָפּגעטיילט פון דער רעשט לאַנקע (ווי בעהיימעס האָבן זיך געפּאַשעט און יונגע פּאַסטוכער מיט שטיינער געוואָרפן), מיט הויכן שאַווער און שאַרף־שפּיציקע דערנער, און אָפּגעזונדערט פון דער לופט — מיט אַ פּעט־בלישטשענדיק־גרין הײַטל. וואָס דער ווינט צערײַסט אַמאָל אין אַ יאָר. — געלעבט אין געמויזעכץ האָבן (ווי דער סיידער־אוילעם איז) גאַנץ קליינע ווערעם, וואָס האָבן געגעסן — נאָך קלענערע.

דאָס געמויזעכץ איז — נישט לאַנג, נישט ברייט און אַפילו נישט טיף. די ווערעמלעך האָבן עס נאָר דעם פּעטן שליים, די וואַסער־געוויקסן און די פוילע צווייגלעך צו פאַרדאַנקען, אויב זיי קאָנען דאָס געמויזעכץ נישט דערגרינדן, נישט צושווימען צו'ן אַ ברעג.

די געמויזעכץ־געאָגראַפיע שלאָפט דעריבער נאָך אין וויג.

פאַר דאָס האָט די געמויזעכץ־גײַזוע שוין לאַנג אָפענע אויגן: די פאַנטאַזיע איז אונטערן פינצטערן הייטל בײַ דער גאַנצער מעמשאָלע און ביידע צוזאַמען שפּינען און וועבן.

און מיט דער צײַט האָבן זיי אויסגעשפּונען אַ מעסוירע פון קאַד־מוינים, אַ עמעס ווערמיקע טראַדיציע:

„דאָס געמויזעכץ איז דער יאַם־האַגאָדל!“

„אין אים גיסן זיך אַרײַן אַלע פיר טײַכן פון גאַניידן... דער בעדעקעל ברענגט מיט זיך דאָס גאָלד — דאָס איז דער שליים, אין וועלכן עס שטעקט זייער פּאַרנאָסע — און די רעשט דרײַ טײַכן ברענגען בלומען — דאָס זײַנען די וואַסער־געוויקסן, צווישן וועלכע זיי שפּילן זיך

אין באַהעלטעניש אין אַ יוימאַ דעפּאַגראַ — פּערל — אַלע זשאַבע־שי־סעלעד און קרעלן — דיפּאַרפּוילטע צווייַגלעד"...

„דאָס גרינע הייַטל, די פֿאַרפּעצטע יאַרמולקע איבערן געמויזעכץ, איז דער ה י מ ל איבערן יאַם־האַגאָדל! אַז עקסטראַ באַזונדער הימל פֿאַר זייער וועלט!"

שטיקלעך אייער־שאָלן, וואָס האָבן זיך דאָרט פֿאַרבלאָנדזשעט, שפּילן די ראָלע פֿון שטערן און מיט פֿאַרפּוילטע דיניע האָט מען יויצע געווען פֿאַר דער זון...

די שטיינער, וואָס פֿלעגן אַמאָל אַרייַנפֿאַלן דורך די פֿאַסטוכער, זייַנען — גאַנץ נאַטירלעך — געווען „אבני־אלגביש"־שטיינער, וואָס דער הימל וואַרפֿט זינדיקע לייַט אין קאָפּ אַרייַן און, אַז דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן, און עטלעכע שטראַלן פֿון דער עמעסער זון האָבן אָפּגעסאַרפּעט אַ ווערעמ־דיקן מויעד, האָט מען געפּילט און געגלייבט אין געהענעם!

נאָר — ווייל האָט זיך געלעבט אין געמויזעכץ! ווו יעדער איז געווען פֿון זיך און מיט אַלע צופֿרידן! ווער עס וווינט אין יאַם־האַגאָדל איז שוין בעטעווע אַ פֿיש! איין ווערעמל פֿלעגט דאָס צווייטע רופֿן: שלייַען, העכט! אַף מאַצייוועס פֿלעגט מען קריצן: קראָקאָדיל און ליוויאָסן! „פֿלאָטקע" איז געווען די גרעסטע באַליידיקונג, פֿאַר „קעלביקס" האָט מען זיך יאָנקיפּער נישט מויכל געווען! דערבייַ האָבן געבליט: אַסטראָ־נאָמיע, פּאָעזיע און פֿילאָזאָפֿיע ווי די רויזן!

די שטיקלעך אייער־שאָלן האָט מען געציילט ביז מען איז דערגאַנגען, אַז מען קען זיי נ י ש ט איבערציילן...

ראָמאַנטיקער האָבן די „פֿמליא של מעלה" אַף טויזנטער אויפֿאַנים באַזונגען; דערבייַ פֿלעגט מען פֿאַטריאָטן פֿאַרגלייַכן צו שטערן, שטערן צו דאַמען־אויגן און די דאַמען אַליין צום הימל, אויב נישט נאָר צום גהענעם; די פֿילאָזאָפֿיע האָט באַזעצט די פֿרומע געשטאָרבענע נעשאָמעס אין דער פֿוילער דיניע אַרייַן...

קורץ — עס האָט גאָרנישט געפֿעלט! דאָס לעבן האָט געהאַט אַלע פֿאַרבן פֿון רעגנבויגן! מיט דער צייַט האָט מען צוגעמאַכט אַ קאָדעקס מיט הונדערטער פּיירושים, עס האָבן זיך אַרייַנגעפֿירט טויזנטער מינהאָגים! און אַז אַ ווערעמל האָט זיך פֿאַרגלוסט עפּעס אַ שינוי, איז גענוג געווען, עס זאָל זיך דערמאָנען, וואָס די „וועלט" וועט זאָגן דערויף — עס זאָל רויט ווערן, כאַראָטע קריגן! און טשוווע טאָן!

נאָר... איינמאָל איז אַ כורבן געשען!
עס איז דורך אַ סטאַדע כאַזיירים!

שרעקלעכע פים האָבן צעטראָטן דעם הימל, צעקנאָטן דעם שליים, צעריבן די קרעלן, צעמאָרשטן די בלומען... און פון דער גאַנצער אָפּ־געזונדערטער „וועלט” אַ טויהו וואָוויהו געמאַכט!

טייל ווערעם זיינען טיף אונטערן שליים געשלאָפן (און ווערעם שלאָפן לאַנג), זיינען זיי טאַקע ניצל געוואָרן... אַז זיי זיינען צוריק אַרויף איז שוין דער הימל צוריק צוזאַמענגעשוואוּמען, זיך צוריק צונויפ־געקלעפּט... נאָר — גאַנצע הויפן דערדריקטע, דערשטיקטע און צעטראָ־טענע ווערעם זיינען געלעגן אָן קווורע, און טויטערהייט איידעם געזאָגט אַפן כורבן!

וואָס איז דאָ געשען? פרעגן די פּעפער דערשראָקן, און זוכן אַ לעבעדיקע ברִיע, וואָס זאָל זיי קענען דערקלערן די סיבע פון דער שרעק־לעכער מאַגייפע. נאָר נישט לייכט איז צו געפינען אַ לעבעדיקע ברִיע! דען נישט לייכט איז איבערצולעבן אַ הימל! ווער עס איז נישט צעטראָטן געוואָרן, איז געשטאָרבן פאַר שרעק; ווער עס איז נישט געשטאָרבן פאַר שרעק, איז געשטאָרבן פאַר ווייטיק; די רעשט האָבן זיך אַליין דאָס לעבן גענומען... אָן הימל איז אָן לעבן!

איינער איז אָפילע יאָ געבליבן לעבן, נאָר, קוים האָט ער זיי דער־ציילט, אַז דער הימל, וואָס זיי זעען אַצינד, איז גאָר אַ נייער פון דער נאָדל! אַז יענעם הימל האָבן כייעס צעטראָטן; אַז ער האָט זיי געזאָגט, אַז ווערמיקע הימל לעבט נישט אייביק... אַז אייביק, קען זיין, לעבט נאָר דער אַלגעמיינער הימל, — האָט מען באַלד דערקענט, אַז ער איז אַראָפּ פון זינען.

מען האָט אים מיט גרויס ראַכמאָנעס געקאָוועט און אין דולהויז אַריינגעשיקט.

---

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

אַפּאַרט — אָפּגעזונדערט, באַזונדער.

מעסוירע (מסורה) — טראַדיציע.

יאַם־האַגאָדל (ים הגדול) — אַ גרויסער יאַם, אָקעאַן.

כּידעקעל (תדקל) — איינער פון די לעגענדאַרע טייַכן, וואָס זייַנען געפלאָסן פון גאַניידן.

יוימאָ־דעפּאַגראָ (יומא דפגרא) — אַ יאָנטעוו־טאָג.

אַוונײַ עלגאָוויש (אבני אלגביש) — האָגל־שטיינער.

פּאַמאַליע שעל מײַלע (פמליא של מעלה) — גאָטס סוויטע.

שינוי (שנוי) — ענדערונג.

# העכט

לעקאָוועד יאָנטעוו האָט מען לעבעדיקע פיש פּאַרקויפט. אין אַ גרויסע, גרין גלעזערנע שיסל, אָנגעפילט מיט וואַסער, ליגן צוויי גרויסע העכט און אַ ביסל ווייַטער, אין אַ שוואַרצער ערדענער שיסל ליגן אַ פּאָר קליינע קאַרפּן.

דער אוילעם קומט נישט פון יאַם אַרויס, נאָר דאָך פון אַ גערוימיקן טייַך, און עס איז זיי ענג אין שיסל.

די אָרעמע קליינע קאַרפּן אין דער שוואַרצער ערדענער שיסל האָבן שוין לאַנג פון איר געוווּסט! זיי ליגן שוין אַ גוטע שאָ אָפּן זייגער און קלערן! וואָס דאָס קען זייַן פּאַר אַ טפּיסע, און זיי האָבן צייַט צו קלערן! איידער די קעכן וועט צוריקקומען פון גאַס מיט קאָל־טוּוו אָף יאָנטעוו קען נאָך לאַנג דויערן. עס קען נאָך אַ קאַרפּ צום פּייכל קומען!

נאָר די העכט אין דער גלעזערנער שיסל באַמערקן נישט אירע ווענט, זיי צעלאָזן זיך אַלע מאָל מיט אַ קויעד און טרעפן מיט די קעפּ אין האַרטן גלאָז! העכט האָבן אייַזערנע קעפּ נאָר שטומפּיקע מויכעס! עס האָט יעדערער פון די צוויי געפאַנגענע גיבוירים צו הונדערט קלעפּ געקריגן אָף יעדן פּונקט פון שיסל, איידער עס איז זיי אייַנגעפאַלן צו קלערן, אַז זיי זייַנען פאַרמאַכט פון אַלע זייַטן!

זיי פילן שוין די וואַנט, נאָר די שוואַכע העכטיקע אויגן זעען זיי נאָך נישט!... דאָס גלאָז איז גרין, עס איז גאַנץ ענלעך צו קליין־טייַך־וואַסער... און דאָך קען מען נישט אַרויס!

— עס איז אַ קישעף! מאַכט איין העכט צום צווייטן;

— אַ קישעף! איז דער צווייטער מוידע. מאָרגן איז אַ ליציטאַציע אָף פּלאַטקעס, האָבן אונדז די קאָנקורענטן פאַרקישעפט...

דאָס האָט אַוואַדע אַ ראַק אָדער אַ פּראָש געטאָן!

---

עס איז נישט לאַנג, אַז די נעץ האָט זיי פון וואַסער אַרויסגעצויגן...
אַז זיי זײַנען אַרויף אַף דער לופט, זײַנען זיי פּלוצלינג כּלאָשעם געבליבן!
זיי זײַנען צו זיך געקומען שוין אין אַ פאַרהאַמערט פאַס.

— ווי פרי הײַנט איז נאַכט געוואָרן! האָבן דעמאָלט ביידע צוזאַמען באַמערקט, אין פאַס איז ענג געווען, קוים זיך אויסצודרייען. עס האָט קוים וואַסער אַף אָטעם געניגט. פון דעם פריִערדיקן כּלאָשעם און שפּעטערן שלעכטן אָטעמען זײַנען זיי ביידע פאַרדרימלט געוואָרן. עס האָט זיך זיי פון אַלץ, אַפילו פון יאַריד, טעאַטער און באַלעט געכאָלעמט, נאָר קיין פאַס האָט זיי דער מאַלער פון שלאָף נישט געוויזן...

זיי האָבן נישט געהערט — נישט דאָס פאַס עפענען, נישט דאָס גערויש אין מאַרק! זיי האָבן נישט געמערקט דאָס ציטערן פון דער וואָג, אַף וועלכער זיי האָבן זיך געוואַקלט בעשאַס ווען די פישערן האָט זיך מיט דער קעכן געדונגען... נישט געהערט ווי דאָס שאַרפע צינגל האָט זיי פאַרגעזעצט די ווידע!

טיפער נאָך זײַנען זיי אײַנגעשלאָפן בײַ דער קעכן אין קויבער. זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט ערשט אין שיסל, אונטער דעם שטראָם פריש קאַלט וואַסער. אַ גוטע שטונדע האָבן זיי נישט־ווילנדיק געשלאָגן קאָפּ אין וואַנט, אַצינד ערשט רעכענען זיי אַף קישעף...

— וואָס טוט מען? פרעגט איינער דעם צווייטן.

די קאַרפּן ווייסן, אַז זיי זיצן טאָפּוס... זיי ווייסן אויך אַז עס איז עפּעס געווען אַ לאַנגע נאַכט און זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט אין שיסל. מינאַסטאַם — טראַכטן זיי — האָט מען אונדז פאַלשע באַנקאָצעטל אונטערגעוואָרפן. עס וועט זיך אויסווײַזן — קלערן זיי — מען דאַרף נאָר מיט עמעצן אַ קלוג ערנסט וואָרט רעדן!

זיי געבן זיך אַ קליינעם וואָרף אין דער הייך, דערזען די העכט און — פאַלן צוריק נישט טויט, נישט לעבעדיק.

— זיי וועלן אונדז אויפפרעסן! ציטערן זיי, זיי האָבן זיך אַ ביסל באַרויִקט ערשט דעמאָלט, ווען זיי איז אײַנגעפאַלן, אַז די העכט מוזן אויך זײַן אין טפיסע...

— דאָס האָבן זיי אַוואַדע — מאַכט איינער צום צווייטן — מיט פאַלשע באַנקאָצעטל געהאַנדלט!

— יאָ, ענטפערט דער צווייטער, נאָר פון זיי קאָן פאַרט די יעשועו

קומען! זיי וועלן נישט שוויַיגן... און מען וועט אונדז צוזאַמען אַרויס־לאָזן מיט גאַטס הילף.

— און זיי וועלן אונדז באַמערקן — און... אויך (מיט גאָטס הילף) איַינשלינגען! זיי האָבן זיך מיט די זיַיטן פּעסטער צוגעדריקט צו דער דנאָ פון שיסל.

אַף דער פּאָדלאָגע איז געשטאַנען אַ קויבער מיט ציבעלעס.

— ווען מיר נעמען דעם פּאָדראַד און רייניקן אויס די פּלאָטקעס, וואָלטן מיר אַזוינע גאָלדענע אָרדער געקריגן, — מיינט אַ העכט.

— מיר וועלן נאָך, אי״ה, קריגן, — ענטפערט דער צווייטער, עס איז טאַקע אַ קישעף, נאָר...

— וואָס נאָר?

— עס איז דאָ אַן אייצע!

— זאָג...

— עס איז אַפילע אַ בושע... נאָר... איך מוז דיר זאָגן...: מען דאַרף — דאַווענען... שטאַמלט ער אַרויס — דאָס איז די בעסטע רעפּועַ קעגן קישעף!

— דאַוועגען?! עפּשער!

אוןביידע העכט דערמאָנען זיך, אַז זיי האָבן שוין יאָרן לאַנג נישט געדאַוונט... זיי געדענקען נישט אַ וואָרט.

— אשרי... הייבט איינער אָן.

— אשרי... זאָגט דער צווייטער נאָך, און שטיי! מער נישט אַ וואָרט.

— אוי, ווילט זיך מיר דאַוועגען — קרעכצט הויך דער ערשטער.

— מיר אויך, — איז מוידע דער צווייטער, דען סאָף קאָל סאָף זיַינען מיר דאָך אויך נאָר פיש!...

---

עס עפנט זיך אַ טירל אין וואַנט און צוויי קעפּ וויַיזן זיך אינעם באַלעל. איינער אַ פאַרטרונקענער מענער־קאָפּ און דער צווייטער אַ פרויען־קאָפּ אין פּאַפּילאָטן.

— אַ! פרייט זיך דער מענער־קאָפּ, עס וועט זיַין אַ פריילעכער יאָנ־טעוו! העכט... קאַרפּ... אַל־דאָס גוטס...

— ווי דען! איך האָב נאָך נאָך פלייש געשיקט!

— מיַין קלוג וויַיבל! שמייכלט דער מענער־קאָפּ.

— נאַ! נאַ! נאַר אַז דעם...
און די קעפּ פאַרשווינדן.

---

— הערסט — מאַכט איין העכט — עס זײַנען דאָ קאַרפּן אויך!
— זיי איז בעסער פאַר אונדז!
— מיט וואָס?
— ערשטנס, האָבן זיי דאָ קיין פּאַדראַדן נישט, און זײַנען פרײַע פייגל; צווייטנס — קענען זיי זיך וואַרפן...; ווען זיי געבן זיך אַ גוטן וואָרף, וואָלטן זיי אַרײַנגעשפּרונגען אַהיים אין טײַך צוריק!
— עמעס?
— און עס וואָלט עפּשער פון דאָרט אונדז אויך אַ טויווע אַרויס־געקומען, וואָרט, מיר וועלן פּרוּוון!
— קאַרפּן! רופט אויס דער העכט.ביידע קאַרפּן זײַנען פּלוצלינג אַרויפגעשוווּמען און האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ איבער די שיסל.
דער העכט האָט זיך אַרויסגערוקט אַנטקעגן —
— שלעכט ברידער! מאַכט ער.
— שלעכט! ענטפערן די קאַרפּן.
— ביטער?
— ביטער!
— ווייניק וואַסער?
— אוי, ווייניק!
— און פאַרשטונקען?
— איפּעש!
— נישט מעגלעך דאָ צו לעבן?
— נישט מעגלעך!
— מען דאַרף צוריק אַהיים, אין טײַך אַרײַן?
— מען... דאַרף!
— מען האָט גאָר אין טײַך פאַרגעסן!
— פאַרגעסן!
— אַ זינד!
— אַ רעציכע!
— לאָמיר זיך קלאַפּן אַל־כעט!

די העכט גלעטן די בײַכער אױפֿן ראַנד פֿון שיסל; די קאַרפּן שלאָגן זיך ערנסט קאָפּ אָן װאַנט, אַז עס הילכט!

— מען דאַרף אַהײמשפּרינגען — מאַכט װײַטער דער העכט.

— שפּרינגען!

— נו!

דער העכט קאָמאַנדירט און די קאַרפּן זײַנען אַרױס פֿון שיסל אױף דער פּאָדלאָגע... און זײ ליגן נישט טױט, נישט לעבעדיק.

— איך האָב גאָרנישט געװוּסט, מאַכט דער צװײטער העכט, אַז דו ביסט אַזאַ באַל־דאַברען, עס רינט דאָך דיר האָניק פֿון מױל! —

די קאַרפּן דערװײַל קרעכצן —

— רוקט אײַך! קאָמאַנדירט װײַטער דער ערשטער העכט.

די קאַרפּן גיבן נאָך אַ קלײנעם שפּרונג.

— אױ, — קרעכצן זײ, — מען זעט נאָך נישט קײן טײַך, און די בײנער ברעכן, און אָטעם פֿעלט...

— רוקט אײַך, נעמט צוזאַמען די רעשט קױכעס! עס איז שױן נישט װײַט, גיט נאָך אַ שפּרונג!

נאָר די קאַרפּן הערן שױן נישט.

---

די קאַרפּן גױסעסן אױף דער פּאָדלאָגע, און די העכט שפּאַרן זיך; בײדע זײַנען מױדע, אַז באַ אַ רעכטן שפּרונג קען מען קומען צוריק אין טײַך אַרײַן; נאָר אײנער זאָגט, אַז מען דאַרף דערצו אַנדערע פֿיש, נישט קײן פּאָדלע קאַרפּן, װאָס קאָנען נאָר שפּרינגען אין װאַסער, װאָס קאָנען נישט אױסהאַלטן אַ פּאָר שאָ אָן אָטעמען און עסן, אײ מען דאַרף דערצו — עלעקטרישע פֿיש!...

און דער צװײטער מײנט, אַז דאַװקע נאָר קאַרפּן! נאָר מען דאַרף אַ סאַך, אַ סאַך קאַרפּן! און אױב 100.000 װעלן שפּרינגען, װעט אײנער טרעפֿן, און אַז אײנער װעט טרעפֿן, האַ! האַ!

---

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

האַט זיי פאַרגעזעצט די ווידע — געמיינט: האַט זיי פאַראורטיילט צום טויט.

טאַפּום (תפוס) — געפאַנגען.

אַשרי (אשרי) — דער אָנהייב פון אַ טפילע.

באַלדאַברעז (בעל דברוז) — אַ דערנער.

# מײַסעלעך פֿון דולהױז

## אױלעם־האָבע

אָ — נײן! מיר װעט איר נישט אײַנרײדן! די װעלט איז נאָך קײן װעלט נישט!

װאָס מײנט איר? עס צינדט זיך אָן אַ ליכט, עס ברענט העלער אָדער טונקעלער — לױט דעם כײלעװ, לענגער אָדער קירצער — לױט דער לענג און די דיק — עס ברענט, צאַנקט און װערט פֿאַרלאָשן מיט אַ קלענערן אָדער אַ גרעסערן רײעך — און שױן! דאָס איז עס אין גאַנצן?

איך — װאָלט אַזאַ לעבן נישט באַשאַפֿן!

---

פֿרעגט אַ גימנאַזיסט פֿון 5־טן קלאַס, װאָס עס װערט פֿון אַן אױסגעברענט ליכט! ער װעט אײַך זאָגן, אַז עס איז נישט צו נישט געװאָרן! ער װעט אײַך אױסװײַזן מיט אױסעם אומאָפּסים, אַז די נאַטור איז אַ װירטשאַפֿט, װוּ עס װערט גאָרנישט פֿאַרלױרן, קײן שטױב, קײן האָר... „פֿון אױסגעברענטן ליכט װערן גאַזן; מען זעט זײ נישט, נאָר דאָ זײַנען זײ; זײ שװעבן אַרום אין דער לופֿט".

אַ כײלעװן ליכטל פֿאַר אַ גראָשן װערט אין דער נאַטור נישט פֿאַרלױרן, נאָר איך, איך מיט מײַן שׂיכל, מײַן װילן, מײַן יױשער, מײַן צאַר, מײַנע טרערן — איך װער פֿאַרלױרן, פֿון מיר בלײַבט גאָרנישט!

און זײ זאָגן, אַז איך בין מעשוגע!

---

היסט דאָס אַ וועלט?

יאָשע זייגערמאַכער איז קיין גרויסער מייַסטער נישט, און דאָך וועט פון זייַן שטוב נישט אַרויסגיין אַ זייגערל, וואָס זאָל יעדער רעגע וועלן צעזעצט, צעקלאַפּט און צעשפּרונגען ווערן; וואָס זאָל האָבן אין זיך אַן אייביקע, באַשטענדיקע מילכאָמע: איין רעדל זאָל רייַבן, שלייַפן און דריקן דאָס צווייטע, איין צײנדל זאָל צופּן, רייַסן און בייַסן דאָס אַנדערע, און די האָר, אָדער ווי ער זאָגט — די פעדער, זאָל אַלץ אַרומנעמען און שטיקן און וואַרגן, עס זאָל קיינער קיין אָטעם נישט קענען כאַפּן!

צי האָט איר געזען אַמאָל אַ דרעש־מאַשין, וואָס דרעשט זיך אַליין? צי פיס, וואָס רייַסן זיך אַליין אָפּ די הויט?

ניין! דאָס איז קיין וועלט נישט! אַן ערעוו־ראַוו איז עס, אַ דולהויז איז עס! געקוילעטע הענער לויפן אַרום און כאַפּן קערנדלעך, דאָס בלוט רינט און זיי ווערגן זיך! אַ דולהויז איז עס, אַ מאַבל דאַרף עס, — קאַלט, קאַלט וואַסער!

---

און ווער וואָלט פאַר אַזאַ פינצטערע וועלט אַזוי פיל ליכטיקע, גאָלדענע שטערן באַשאַפן?

גלייַך זי וויס דען, די פינצטערע ערד, וויפל שטערן זי האָט?

„מען קען נישט איבערציילן!" זאָגט זי...

וואָלט עס נאָר מאַטבייעס געווען, זילבערנע, גאָלדענע מאַטבייעס, וואָלטן שוין אַלע, אַלע געציילט, נישט ווי הייַנט, נאָר אַ מיניען געלערנטע באַטלאָנים, אַלע וואָלטן געציילט און מען וואָלט שוין איבערגעציילט!

---

ניין, דאָ איז נאָך דאָס רעכטע לעבן נישט! דאָ לעבט מען דערווייַל, אין ערעוו־ראַוו, אָן אָרדענונג, אויסגעמישט: לייבן, טכוירן, בערן, ווערעם און פייגל, און אַל־די־שוואַרצע יאָר צוזאַמען... עס טרעפט זיך אַ מענטש אויך...

נאָר — אַז מען דערזעט אים, פּאַקט מען אים אין דולהויז אַרייַן...

---

עס איז גענוג אַן אויג צו וואַרפן אַף די ליכטיקע, קלאָרע, זאַנפטע, מילדע, ריינע שטערנדלעך, מען זאָל אייַנזען, אַז דאָרט איז ערשט דאָס רעכטע לעבן... נאָר דאָס עמעסע לעבן שטראַלט אַזוי רויק, אַזוי זיכער!

און דאָרט לעבן די מינים באַזונדער, יעדער שטערן האָט זײַן מין און דעריבער שטראַלן זיי מיט שאָלעם, מיט אוילעם־האַבע!

דאָרט הערט מען נישט אַלץ־אײן־אײנעם: „מײַן טויט אָדער דײַן טויט!"

אויב אַ שטערן ציטערט אין הימל, איז עס פֿאַר ראַכמאָנעס אַף אונדזער פֿינצטערער ערד! אַז אײנער פֿון זיי טרעפֿט זי פֿלוצלינג אַפֿן וועג, דערשרעקט ער זיך און פֿאַלט... די זון קען נישט צוקוקן, ווי עס לעבן זיך באַ אונדז, פֿאַרשטעלט זי זיך טײלמאָל דאָס פּאָנעם און עס ווערט ליקע־כאַמע... די לעוואָנע איז נענטער, זי זעט בעסער! רײַסט זי פֿון זיך פּאַסן, און מען מוז יעדן כוידעש מאַכן אַ נײַע לעוואָנע!

---

„טויזנט אויגן האָט דער מאַלעך־האַמאָוועס!

עס איז קײן וווּנדער נישט, ער דאַרף די מינים סאָרטירן און יעדן שיקן אַף זײַן שטערן אַרויף; און דאָ איז אַ מאַסקאַראַד, אַ פּורים־שפּיל, סאַמע פֿאַרשטעלטע, עס איז קײנער נישט אין זײַן אײגענער הויט!

אַמערגסטן איז מיט די קאַלבויניקעס!...

---

# קאָלבוי

„אַמאָל — האָט מיר מײַן באַבע, די אַרענדאַרקע, דערציילט — האָט זיך באַוויזן אַ קאַלבויניק". דאָס איז געווען באַם פֿאָרעט אַפֿן הויף, ווו זי האָט די פּאַכט געהאַלטן, דעריבער ווייס זי די מײַסע. —

פֿון וואַנען ער האָט זיך גענומען? ווייס מען נישט.

אײנער האָט געזאָגט, אַז זײַן מוטער איז אַ בעקערן געווען און האָט אויסגעקראַצט פֿון אַלע מולטערס — אַ וויסקראָבעק, ראַכמאָנע ליצלאָן!

אַנדערע דערציילן אַנדערש: אַפֿן הויף אונטער דער שאַפֿע איז אַ קעסטל געשטאַנען, ווו אַלע פֿון הויף האָבן וואַסער געגאָסן — הינט אויך! דערפֿון איז אַרויס אַ שוואָם... נישט קײן הונט־שוואָם, נאָר אַ שוואָם „מכל המינים שהוא"...

דערנאָך האָט זיך עפּעס אַ ווינטל געמאַכט, די שוואָם האָט זיך אָפּ־געריסן, אַוועקגעקאָלערט און האָט זיך שפּעטער אויפגעהויבן, אַלס אַ לעבעדיקער קאַלבויניק...

סיי ווי סיי קומט ער אַרויס פון פּאַרעצס הויף!

און אַ וווּנדערלעך כיַיעלע איז דער קאַלבויניק געווען!

אָן ביינער, פון סאַמע ווייך פליישׁ, און דאָס קעפּל האָט זיך לויז געדרייט אַפן האַלדז, ווי אַף אַ גוט געשמירט שרויפל! ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און מיטן קעפּל געדרייט קיין מיזרעך, קיין מײַרעוו, קיין צאָפן, קיין דאָרעם — ווּ איר ווילט נאָר אַליין! און ווײַל ער האָט יעדן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט ער מיט אַלע בעשאָלעם געלעבט, און פון קיינעם — און מיט קיינעם גלײַך — נישט געליטן!

עס שלאָגן זיך צוויי הענער; איינער שרײַט: קוקעריקו, דער צווייטער וויל דאַווקע: קיקעריקי! דער קאַלבוי מישט זיך נישט אַרײַן. נאָר, אַז דער הויף איז שוין באַדעקט מיט פעדערן, און די הענער צעפּאַלן זיך אָן קויעך, גייט ער צו און זאָגט: איר האָט בײדע רעכט: דער „באור" זאָגט: „קיקעריקי"! און די „שבעים־זקנים": „קוקעריקו"! און בײדע הענער בלײַבן ז י ך סאָנים און א י ם גוטע פרײַנט!

עס איז קיין שטילער הויף נישט געווען... דער הונט האָט געביסן דעם כאָזער באַם אויער, די קאַץ האָט געשפּיגן אַפן הונט, און אַן אָדלער מיט אַן אונטערגעשאָסענעם פליגל איז אַרומגעגאַנגען און אַלע געוואָרפן אין זיבעטן שוויים אַרײַן; נאָר דער קאַלבויניק האָט זיך מיט אַלע גע־כאַווערט: ער האָט זיך געהאַלטן, אַמאָל באַם רעכטן, אַמאָל באַם לינקן אויער און דער כאָזער האָט געמיינט, אַז ער איז אויך אַ געביסענער! דעם הונט האָט ער אײַנגערוימט: „בררר... סאַמע גאַנאָווים, אַז ערלעכער מאָן ביזט ד ו!" דערנאָך איז ער אַרויפגעשפּרונגען אַפן צוים און גע־וואַשן זיך מיט דער קאַץ צוזאַמען פאַרן רעגן...

פלוצלינג גאָר האָט ער דעם אָדלער דערזען! ער ציט אָפּ זיך אַ בענקשאַפט, אין אויג ווײַזט זיך אַ טרער: נישט גוט, ברודער, דעם אונ־טערגעשאָסענעם! ער זיפצט און דער אָדלער מיינט, אַז ער בענקט אויך נאָך די הויכע וואָלקנס, און גייט אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נאָר מיט אַ ווייך האַרץ... „אויך אַן אומגליקלעכער!"...

און אַז קיינער זעט נישט, שפּרינגט ער גאָר אַרײַן אין שטאָל צום

קלײנעם אײזעלע און רוימט אים אײַן: װײסט, קאַנט הײבט מיר אויך נישט אָן צו געפֿעלן!

---

און אַף דער װעלט פֿו!... פֿו...! — אַפֿן פֿאָרעצעם הויף, מײַן איך — איז אים גאָרנישט שלעכט געװען... ער האָט מיט אַלע גוט געלעבט, מיט אַלע זיך געכאַװערט, בײַ יעדן עפּעס געכאַפּט...

יעדער האָט אים געדענקט אַ זכות פֿון אַ שאָקל אַף זײַן זײַט! און כאָטש קײנער האָט אים נישט ליב געהאַט, האָבן אים אַלע פֿאַרבעטן: װער אַף פֿרישטיק, װער אַף מיטיק — און ער האָט אַלע מאַכאָלים געגעסן... און יעדערער האָט זיך אים געגריסט און דערבײַ זיך אין האַרץ געװוּנדערט: פֿאַרװאָס האָב איך אים נישט גערן?

---

נאָר אײביק לעבט נישט קײנער, אַפֿילע נישט קײן קאָלבוי! עס איז געקומען זײַן צײַט, און דער רועד האָט אים פֿאַרטראָגן אין אַ מידבער אַרײַן, אַפֿן זאַמל־פּלאַץ, װוּ די נעשאָמעס פֿון אַלע כײַעס, בעהײמעס װע־אויפֿעס נעמען זיך צוזאַמען, און דער מאַלעך האַמאָװעס סאָרטירט זײ, באַנדראָלירט און פֿאַרשיקט אַף יענער װעלט.

װען דער קאָלבוי איז אָנגעקומען, איז שוין די סטעפּ באַדעקט געװען מיט אָפּגעטײלטע מאַכנעס, װאָס האָבן אײנס אַף די אַנדערע געקוקט צום לעצטן מאָל, און שאַרף באַטראַכט! זײ װילן געדענקען אַף יענער װעלט, װאָס פֿאַר אַ מינים דאָס זײַנען געװען. די אויפֿעס זײַנען אומגעדולדיק געשטאַנען אַף אײנציקע פֿיס; פֿון די אינדיקעס שנײַדט זיך אָפּ אַ בלוט־רויטע שאַרפֿע אַף אַ מײַל; װי דינע זילבערנע נעבל הוידען און װיגן זיך די טויבן אין דער לופֿט! שטאָלץ און ערנסט האַלטן זיך די אָדלער אין אַ זײַט; אַ גאַנצע באַנדע אײזלען האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָגן מיט די קעפּ און קלערן, װאָס פֿאַר דערנער עס קאָנען װאַקסן אַף יענער װעלט.

און דער מאַלעך־האַמאָװעס האָט שוין גענומען דאָס פֿײַפֿערל צום מויל, אַ צײכן צו געבן צום אַװעקפֿלִיען... ער האָט שוין אויפֿגעהויבן די הענט, יעדן צו װײַזן זײַן װעג! נאָר ער האָט די האַנט אַראָפּגעלאָזט, דאָס פֿײַפֿערל פֿאַרגעסן — ער האָט דעם קאָלבוי באַמערקט.

— װער ביסטו? פֿרעגט דער מאַלעך־האַמאָװעס, װאָס האָט נאָך אַזאַ כרִיע נישט געזען.

קאָלבוי שווייגט; ער ווייס אַליין נישט, ווער ער איז!

טויזנט אויגן האָט דער מאַלעך־האַמאָוועס, און מיט יעדן אויג זעט ער אינעם קאָלבוי אַן אַנדער באַשעפעניש.

— צי וועט זיך קיינער נישט דערקענען צום נייעם גאַסט? ווענדט ער זיך צו די אַלע מינים, וואָס זיינען שוין אויסגעשטעלט גרייט צום פליען.

נאָר קיינער ענטפערט נישט, יעדער מין זעט אינעם קאָל־בוי אַ קליין פּיצל זיינס, נאָר אַזוי פיל פרעמדס!

עס דויערט אַ ווײַלע און דער מאַלעך־האַמאָוועס נעמט זיך צוריק צום פייפערל... ער וויל אַ צייכן געבן: זאָלן זיך די מינים פליען יעדער אין זיין וועג, זאָל דער קאָלבוי בלייבן אין סטעפּ!

דעמאָלט אָבער האָט דער קאָלבוי אַרויסגעלאָזט אַ שרעקלעך געוויין, אין וועלכן עס האָבן זיך געהערט אַלע יעלאָלעם פון אַלע מינים בייעם און אויפעם! ער איז צוגעלאָפן צום מאַלעך־האַמאָוועסעם קני און האָט אים די פיס געקושט!

— ווי! לאָזטו מיך איבער, דו באַרעמהאַרציקער מאַלעך!

דער מאַלעך־האַמאָוועס ווערט גערירט פון זיינע טרערן, נאָר וואָס צו טאָן ווייס ער נישט!

— אויף יעדן שטערן — זאָגט ער דעם קאָלבוי — שטייט אַ מאַלעך באַם טויער און קוקט נאָך אַמאָל דורך דער גאַנצן טראַנספּאָרט... מען וועט דיך אין ערגעץ נישט אַריינלאָזן; און קיין עקסטראַ וועלט פאַר קאָלבויניקעס האָט נאָך גאָט נישט באַשאַפן...

— באַרמהאַרציקער מאַלעך! דאָ בלייבן וויל איך נישט, קען איך נישט, איך געהער דאָך שטיקלעכווייז צו אַלע מינים, זאָל יעדער מין זיך צונעמען זיין חלק!

— ערלעך! זאָגט דער מאַלעך — דיין פּסאַק זאָל מעקויעם ווערן!

און אַז יעדער מין האָט זיך אויסגעצופּט זיין חלק איז בא יעדן מין אַ דין האָרל געבליבן, און באַם ערשטן ווינט האָבן זיך די האָר אָפּגעריסן און געבליבן דערנאָך הענגען אין דער לופט...

---

מיט דער צייט האָבן זיך אויף דער וועלט די קאָלבויניקעס געמערט, נאָר אַלע האָבן אַזאַ סאָף.

און ענדע זומער, אויב דו זעסט שפּינוועבס הענגען אין דער לופט, זאָלסטו וויסן, אַז דאָס זײַנען קאַלבוי־האָר!
אַזוי האָט מיר מײַן באָבע דערציילט...

---

# די לעוואָנע דערציילט

— מיד פון קוקן אַף ווײַסן מאַרמאָר און אויערס ווײַסע גאַז־באַ־לייכטונג, האָב איך מיך אוועקגעדרייט און געוואָרפן אַ בליק אַף אַן אונטערגאָס.

פון אַן איבערגעבויגן הײַזל גייט אַרויס אַ באָרוועס יינגל, שלעכט געקליידט (די שמאַטעס האַלטן זיך אַפּ'ן קוים) און קעגנאיבער, פון אַ צווייט הויז, קימאַט אַ „מפּולת", , קומט אויך אַרויס אַ יינגל.

קוים זײַנען זיי איינער צום צווייטן צוגעקומען, האָב איך שוין נישט געוווּסט, וועלכער איז אַרויס פון וועלכן הויז. ביידע אויסגעדאַרט, מיט ברענענדיקע אויגן, ביידע ציטערן פאַר קעלט, עפּשער פאַר הונגער אויך.

איך הער ווי זיי שמועסן:

— פאַרטיק?

— און דו?

— אויך!

— האָסט געגעסן?

— ניין... די מאַמע האָט נישט געברענגט.

— מײַנער — קראַנק; די מאַמע וויינט...

— גייען מיר?

— בעסער לויפן... ס'איז קאַלט...

— נו!

זיי לויפן פײַל פון בויגן אין שטאָט אַרײַן.

איך קוק זיי נאָך.

בײַ איינעם פון די שענסטע הײַזער שטעלן זיי זיך אָפּ.

— זעסט! מייַן פּעטערס הויז! — מאַכט איינער שטאָלץ.
דער צווייטער ווייַזט אָפּ אַ הויז קעגנאיבער!
— דאָס איז מייַן פּעטערס!
— מייַן פּעטער האָט מען אָבער געברענגט אַן אַראַביש פערדל פאַר זעכצן טויזנט!
— מייַנער האָט אַ קאַרעטע מיט פיר פערד ווי די לייבן!
— מייַנער האָט עפּשער טויזנט דערפּער!
— מייַנער — עפּשער הונדערט שטעט!
— שוויטע! באַ מייַן פּעטער זייַנען די מעבל פון גאָלד!
— בעהיימע! באַ מייַן פּעטער — סאַמע ברילִיאַנטן!
— אָבער מייַן מומע מיט אירע פּערפומען! די נאָז רייַסט עס אויף!
— אָוואָ! מייַן מומע גייט אַלע טאָג אין טעאַטער אַרייַן...
— און אַז מייַן פּעטער שפּילט יעדע נאַכט אין קאָרטן — האַ?
זיי האָבן זיך לאַנג געשפּאַרט און שיר־נישט געפּאַלן זיך אין די האָר אַרייַן...
איינער איז דאָך פריִער אָפּגעשטאַנען.
— קאַלט — מאַכט ער מיט אַ ציטער.
דער צווייטער שטייט אויך אָפּ:
— איך בין זייער הונגעריק, — זאָגט ער, — עס נאָגט מיך! קלינג אַן באַ דייַן פּעטער...
— ניין — ענטפערט יענער דערשראָקן — ער האָט אָנגעזאָגט דעם שווייצער, ער זאָל מיר העגנט און פיס צעברעכן!
— מייַן פּעטער — דאָס זעלבע! — ענטפערט דער צווייטער.
זיי לאָזן ביידע טרויעריק אַראָפּ די קעפּ.
— גייען מיר?
— בעסער לויפן...
און אָפּן וועג:
— מאָרגן באַנאַכט נאָכאַמאָל...
— יאָ... איבערלויפן... איך וועל געבן אַ סימען... איך וועל אַ קריי טאָן ווי אַ האָן...
— ...איך וועל דיר ענטפערן מיט אַ מיאָוק פון אַ קאַץ.
— גוט...
זיי זייַנען מיר פאַרשוווּנדן געוואָרן.

# אַ כאָלעם

איר ווילט וויסן! פון וואַנעז איך קום אַהער?

איך וועל אײַך דערציילן; איך האָב קיין סוידעס נישט.

אַמאָל בין איך גאָר אַ געזונטער געווען; אײגנטלעך פאַרקערט, איך האָב געליטן; נאָר אַפּן מאָגן, אַף די פיס, אַף נאָך אַנדערע קרענק אין לײַב, אַ נעשאָמע אָבער האָב איך געהאַט אַ געזונטע — זי האָט אַפילע פרי־מגאָדים פאַרדייעט; אַ מויעך — אַן אײַזערנעם; אַ קליניקייט! דעם פאַרציוווער ראָווס אייניקל!

פאַר מײַן קעפּל האָט מען מיר אַן אישע צנוּע געגעבן — איר קענט זי עפּשער? ביילע די שטריקן־מאַכערן, אַ ווּילע יִדענע! נאָדן אויך, ווי דען? איך האָב ווײַטער געלערנט, נאָר געהאַנדלט אויך! „יש מקום בראש...‟ מיט איין זײַט האָב איך געזופּט ש״ס אופּויסקים, מיט דער צווייטער „קאָנדיציעס‟ געמאַכט: מיקלוימערשט ווייץ געקויפט און אָפּגענומען געלט מיט פּראָצענט...

האַקלאַל — איך בין געווען אי אַ לאַמדן, אי אַ סויכער און האָב טאַקע מיט די קינדער גוטע שידוכים געטאָן... אַף אײַך אַזאַ יאָר!

עס גייט זיי אַפילע נישט גוט די קינדער! נאָר אײַנגעטונקט אין יִיכעס האָב איך זיי!

דעמאָלט האָב איך געדאַרפט כאַסענע מאַכן אַ טאָכטער, דער מעכוטן האָט דאַווקע געוואָלט באַאַרעס געלט און איך בין געפאָרן מאָנען באַם פּאָרעץ...

מאַכט זיך אַן אייסעק, האָט דער פּאָרעץ צו טאָן מיט סערוויטוטן, די פּויערן האָבן אים געוואָלט שלאָגן, רייצט ער אַף מ י ר אַן אַ הונט — אויך אַ יוישער!

נאָר דערווײַל מוז מען אַנטלויפן.

איך לויף, לויף, לויף... און קום אין גאָרטן אַרײַן... זאָל זײַן אין גאָרטן, אַבי איך הער שוין נישט דעם קעלעווס בילן, עס פעלט מיר אַ פיענטע פון זאַק, אַ שטיק פּאָלע, מײַן דײַגע, ביילע וועט צונייען...

נאָר הונגעריק בין איך געווען, דאָס האַרץ האָט אין מיר געכאַלעשט.

און דאָ, זע איך, אַ גאָרטן, אַ גאַנײדן! טרויבן ווי אין ערעצ־ישׂראל. עפּל — גאָלדענע, באַרנעס — געשפּרענקלטע, גרויסע. דער זאַפט, דאַכט זיך, טריפט פון זיי אַראָפּ. איך שטרעק אויס אַ האַנט — ריבוינעשעל־אוילעם! — די טרויב אַנטלויפט, דער עפּל רוקט זיך אָפּ. די באַרנע בייגט זיך אַוועק אין אַ זײַט...

און, הערט אַ מײַסע, אַלע ריידן.

— נישט דו — זאָגן זיי מיט אַ קאָם — נישט דו האָסט אונדז געפּלאַנצט...

איך ווער בייז. מיר קומט פּראָצענט, אַ הונט האָט מיך געביסן, פאַר שרעק ציטערן מיר נאָך די קני און פאַר זיי איז נאָך ווייניק! איך מוז דאָך עסן!

איך טאַנץ און טאַנץ אַרום בוים; איך וואַרף מיט די הענט, איך צאַפּל, אַ פיבער וואַרפט מיך פאַר צאָרן, דער זיבעטער שוויס באַדעקט מיך — און קיין איינציקע פרוכט לאָזט זיך נישט כאַפּן. זיי האָבן נאָך גאָר אָנגעהייבן צו זינגען ווי אַ כאַזן מיט מעשוירערים:

נישט דו האָסט אונדז געזעצט,
נישט דו האָסט אונדז געפּלאַנצט...
נאָך אַמאָל דאָס אייגענע:
נישט דו האָסט אונדז געזעצט,
נישט דו האָסט אונדז געפּלאַנצט!

הערסט אַ מײַסע? און נישט איבערצושפּאַרן! דאָס גאַנצע בלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט, און איך האָב מיך אַזוי לאַנג געוואָרפן און געוואָרפן, ביז איך בין אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד מיט שוים אין מויל.

איך ליג און דערזע, נישט ווײַט פון מיר אַ געלן קאַפּעלוש, פּונקט אַזוינעם ווי דער פאָרעץ טראָגט, נאָר אַ קלענערן, ווי פאַר אַ ניפּלע ווענן! איך כאַפּ אַ ציטער! וואָס איז דאָס? אינמיטן דערמאָן איך מיך, אַז מײַן ווײַב האָט אַמאָל אַזוינע קאַפּעלושן אַהיימגעבראַכט און דערפון אַ וועטשערע געקאָכט, מיט קליסקעלעך... אַהאַ! דערמאָן איך מיך, אַ שוואָם איז עס, ווי איך בין אַ ייִד — אַ שוואָם, זאָל זײַן רויערהייט!

עפּשער אַ הונטס־שוואָם, עפּשער סאַם?

ניין, אַז גאָט וויל נישט, סאַמט מען זיך נישט; איך שטרעק אויס די האַנט, נאָר די כצופּע רוקט זיך אויך אָפּ מיט גײַוועע, זי טאַנצט און היפּט אַוועק אויפן דינעם שטעקעלע. „איך האָב דיך אַ סאַך געקאָכט?“

פֿרעגט זי. מײלע, איך װעל דאָך נישט גײן טײַנען מיט אַ כצופֿע. „װאָקס אין דר'ערד אַרײַן!" טראַכט איך...

װאָס טוט מען? הונגער, מאַמעש הונגער!

זאָל זײַן גראָז! פֿאַלט מיר אײַן, האַלעמײַ אָדאָם האָרישױן האָט קײן פֿלײש נישט געגעסן! ער איז פֿרומער געװען פֿאַר מיר און דאָך יױצע געװען מיט „ירק עשב"! און איך ליג אַף הערלעד, אַף עמעס געשמאַק גראָז, נאָר אַביסל, טראַכט איך, מיטן מױל אָנצוכאַפּן, אַבי צו זיך צו קומען און פֿון גאָרטן אַרױס; װעט עס מיר שאַטן, װעט מיר מײַן ביילע מאַכן אַ „װײנער טרענקל"... אַ דײַגע דאָס איז — האָם! נאָר איך נעם אָן אַ פֿול מױל מיט קלײנע שאַרפֿע שטײנדלעך: איך האָב מיר דאָס גאַנצע מױל צעבלוטיקט און דאָס גראָז — „ואיננו"! איך ליג אַף אַ גאָל שטיקל ערד, „כלחוך השור"!

אָ, שלעכט! איך זע בעכוש, אַז דער פֿאַרעץ איז אַ מעכאַשעף און זײַן גאָרטן איז קישעף! אַ שװינדלער — אַ קישעפֿמאַכער! ער האָט עפּ־שער גאָר קײן גאָרטן, קײן פֿעלד, קײן װאַלד נישט; עס איז אינגאַנצן נאָר אַ קישעף, אַבי באַ אַן ערלעכן ייִד אַ האַלװאַעלע צו מאַכן... פֿראָ־צענט שרײַבט ער צו, װאָס שאַדט עס?!

און מיט אַ האַרץ װאָס קלאַפּט װי באַ אַ גאַזלען, שפּרינג איך אױף, און לױף מיט די לעצטע קױכעס פֿון גאָרטן אַרױס.

אָט, בין איך אַפֿן פֿעלד...

אײַ — זאַנגען װי גאָלד, זײ שאָקלען זיך װי ערלעכע ייִדן באַ שמױ־נע־עסרע... זײ פֿאַרבעטן מיך: קום, ייִד, מאַך אַ בראָכע; קום, פֿאַר־ציװער ראָװס אײניקל און בײג צו די קאָשערע ליפּן...

איך לױף צו מיט אַן אָפֿן מױל, נאָר דאָס פֿעלד לאָזט אַרױס אַ גע־לעכטער! און לאַכנדיק זינגט עס, דאָס פֿױערשע פֿעלד זינגט:

װוּ ביסטו געװען,
װען דער פֿױער האָט געאַקערט?
װוּ ביסטו געװען,
װען דער פֿױער האָט געזײיעט?...

אַ רעכטע שײנע, רײנע קאַפּאָרע, װי הײסט, װוּ איך בין געװען? איך בין געזעסן און האָב געלערנט, טילים געזאָגט, געדאַװנט! מײַסעס פֿון זיידן, אַלאָװו האַשאָלעם, פֿון פֿאַרציװער ראָװ, דערצײלט... אַ דײַגע, װאָס אַ ייִד טוט?

וואָס קומט אָבער אַרויס, וואָס איך ווייס דעם עמעס, אַז די זאַנגען זינגען און רוקן זיך אָפּ. איך פּרוּוו זיי שוין גאָרנישט יאָגן, איך ווייס שוין, וואָס קישעף באַדײַט?

נאָר, ניין! נישקאָשע, פאַר הונגער וועל איך דאָך נישט שטאַרבן! עטלעכע געוויקסן, זע איך, שטייען אײַנגעדרימלט און רירן זיך נישט פון אָרט; זיי ווייסן, אַז איך בין דעם פּאַרציווער ראָוס אייניקל, אַז איך זיץ און לערן, און, אַז דאָס האַרץ איז מיר אַוועק, איז אַ מיצווע איך זאָל עפּעס טויעם זײַן. איך רוק מיך צו, זיי שטייען; נעענטער — זיי רירן זיך נישט פון אָרט! האָס! געוואַלט! עס ברענט, פײַער האָב איך אין מויל, פײַער, פײַער! פּאָקשיווע איז עס געווען!

איך בין אַנידערגעפאַלן...

זכוס אָוועס האָב איך געהאַט, אַז איך בין נישט געבליבן אַפן אָרט...

און אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, בין איך געלעגן אין בעט, ביילע מײַנע האָט געוויינט און אַפן קאָפּ האָט מיך געדריקט אַ זעקל אײַז.

ווו איז סאָרע? די קאַלע, ווו איז? פאַלט מיר פּלוצלינג אײַן צו פרעגן.

מײַן ביילע צעוויינט זיך ערשט אַף אַ קאָל:

— זי איז אַוועק — זאָגט זי — עפּעס אין אַ פאַבריק אַרײַן. אַרבעטן וויל זי...

וואָס קלערט איר?! גאָרנישט!

איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן און האָב מיך אויפגעכאַפּט שוין.

---

# אַ רויפע, צי אַ כוילע?

אַ שפּיטאָל איז אַ וועלט פאַר זיך, אַן אָפּגעשלאָסענע וועלט, עס האָט נישט אַזוי פיל נעפאַשעס ווי אַן אַנדערע מעדינע, עס שפּאַלט זיך נישט אַף פעלקער מיט פאַרשיידענע רעליגיעס און פּאָליטישע סיסטעמען; עס האָט דאָך פּאַרטייען. יעדע פּאַרטיי האָט איר קרענק, איר אָפּטיילונג, אירע וועכטער, אירע פעלדשער און דאָקטוירים וואָס גיבן אַכטונג, מען זאָל זיך נישט מישן, ווײַל די קרענק זײַנען אַנשטעקנד, ווייניקסטנס, פיל פון זיי.

און עס זײַנען פאַראַן אַפּעטראָפּסים, וואָס היטן די אָרדענונג ; טאַ־קאָנעס אַף יעדן שריט און טריט, מיט אַ גאַנצן קאָדעקס, פול מיט אייצעס טויוועס און אַלערליי שטראָפן פאַר נישט הערן, נישט פאָלגן ! . . . וואָרן טאַקע — טאָמער ווערט אַ מעשוגענער שווינדזיכטיק און אַ שווינדזיכ־טיקער מעשוגע ?

מאַנכע זײַנען נאָך נישט צופרידן פון דער אָרדענונג, באַזונדערע הײַזער דאַרפן זײַן, געמויערטע צוימען אַרום די הײַזער, גריבער מיט אָנ־געלאָזט וואַסער אַרום די צוימען . . . מען וואָלט עס געמאַכט, ווען עס זאָלן געגונגן דערויף די „נדרים ונדבות” וואָס מען נ ע מ ט באַ באַלע־באַטים. און דאָ ווערן זיי וואָס אַמאָל ווייניקער די נעדאָרים ווענעדאָוועס, — שלעכטע צײַטן.

און דעריבער טרעפט טאַקע, אַז אַ קראַנקער כאַפּט זיך אַריבער אין אַ פרעמדע פאַלאַטע. דערפון קומען פאַרשיידענע מאַגייפעס, ראַכמאָנע ליצלאַן.

ערשט נישט לאַנג איז דאָס גאַנצע שפּיטאָל אַוועקגעפאַלן אַף אַ הונ־גער־באַגייפע ; פון אַלע בעטן, פון אַלע נומערן האָט זיך געהערט איין געשריי : ברויט, ברויט.

די ג ר ע ס ט ע אָרדענונג איז ד אָ ך באַ די מעשוגאָים. מאַנכע האַלט מען אַף קייטן, אַנדערע נאָך אין באַזונדערע אָפּגעשלאָסענע נומערן.

נאָר די „שטילע” האַלט מען צוזאַמען, מען האָט אַף זיי אַן אויג, אַ שאַרף אויג, נאָר, מיקלוימערשט, פרײַ זײַנען זיי.

איך רייד פון די מענער, באַ די ווײַבער בין איך נישט געווען.

און ווי קאָמיש די מענער זײַנען . . . אַז מען זאָל אונדז — זאָגן זיי — לאָזן לעבן צוזאַמען מיט די פרויען, וואָלטן מיר זיך בעמעשעד פון אַ צוויי־דרײַ דוירעס אַזוי געמערט, אַז מיר וואָלטן מער געווען פאַר די מעיושעווע און מיר וואָלטן זיי אײַנגעזעצט אין שפּיטעלער. זיי מיינען עס גאַנץ ערנסט.

אַז מען לאָזט זיי אַמאָל אַרויס שפּאַצירן אין גאָרטן (אַ קליינע אַלייע פון צוויי שורעס ביימער) גייען זיי אַפּאָר מאָל אויף און אָפּ. דערנאָך זעצן זיי זיך אויס אַ שורע באַ דער וואַנט, וואָס טיילט זיי אָפּ פון די ווײַבער, און קלאַפּן מיט די שפּיץ־פינגער אין וואַנט אַרײַן.

„לייב פילאָזאָף”, וואָס זאָגט, אַז צווישן מענער און פרויען איז דער

אונטערשייד נאָר אינעם נאָמען, רעדט דאָך אָן דעם אוילעם, מען זאָל קלאַפּן מיט די גאַנצע הענט און איינוואַרפן די מויער.

יויכאָנאָן מעלאַמעד אָבער ראָט, מען זאָל נישט נאָכגעבן דעם יעיצער־האָראָ, מען זאָל וואַרטן ביז ראָשעשאָנע.

— און ראָשעשאָנע וואָס וועט זיין?

ראָשעשאָנע וועט דער מעשוגענער אוילעם דאַווענען, יויכאָנאָן מעלאַמעד — שויפער בלאָזן און עס קען זיך נאָך אַמאָל טרעפן דער נעס פון יעריכע... „מיט איין טניי — זאָגט ער, — אויב מיין צאָרע איז דאָרט נישטאָ!?”

צוויי נאָר האַלטן זיך ווייט פון דער מויער, איינער גאַזעמאַן (זע וויטער פאַרוואָס ער הייסט אַזוי) און יוינעלע קאָדעש.

דער גאַזעמאַן האָט קיין צייט נישט, ווי ער זאָגט, צו „שאלת נשים”. און יוינעלע קאָדעש, אַז מען דערמאָנט אַן אישע, כאַפּט ער די פּאָלע און פאַרשטעלט זיך דאָס פּאָנעם.

אַן אויסנאַם פאַר אַלע און אַפילע פאַרן היילקן יוינעלע איז יענטע דע קרעמערן, זי איז אַ מאַנספאַרשוין לעכאָל־האַדייעס; עס איז אַפּאָנעם באַלד אַ טאָעם געווען! אַ גראָב קאָל, אַ באַוואַקסן פּאָנעם, קימאַט אַ באָרד, אַ שאַרפער בליק און אַלע טנועס און האַוויעס פון אַ מאַנספאַרשוין, זי האָט געמעגט זיך אומעטום וויזן! זי האָט געפירט געשעפטן אין דער גאַנצער מענער־אָפּטיילונג, אַ גרויסן האַנדל (פון וועלכן מיר וועלן נאָך ריידן), און קיינעם פאַלט נישט איין צו ריידן אַ וואָרט!

יוינעלע רעדט מיט איר פּע־על־פּע און לאָזט קיין ברעם נישט אַראָפּ. פאַר דאָס האָט זי ליב פּילאָסאָף פיינט...

ליב פּילאָסאָף, וואָס האַלט אוילעם אומלויע פון וויבער, וואָס לאָזט אַף זיי קיין שטויב נישט פאַלן, קען אַף יענטל קרעמערן גלייכגילטיק נישט קוקן; אַז ער דערזעט זי, שפּייט ער אויס און גייט אַוועק.

עס איז שוין לאַנג באַמערקט געוואָרן, אַז נישט שטענדיק שטימען די געפילן מיט די איבערצייגונגען...

און איך לעב שוין דאָ אַ צייט צווישן אוילעם... אַז איך בלייב איינער אַליין, פאַל איך אַמאָל אַריין אין אַ סאָפעק: אייגנטלעך וואָס בין איך: אַ דאָקטאָר צי אַ קראַנקער?

טיילמאָל הייב איך גאָר אָן מעסופּעק צו זיין, צי דאָס גאַנצע „העקדעש” מיטן פליגל פאַר מעשוגאָים איז נישט קיין אויסגעטראַכטע מייסע?

צי די הױכע װענט, װאָס איך זע דורכן פֿענצטער, זײַנען נישט גלאַט
אַ קישעף, אַן אױסגעטראַכטע זאַך? מען האָט עפּשער דעם אינדיק נאָר
אַרומגעקרײַדט?

און, װײסט איר, אַז דער גאַנצער סאַפֿעק הײבט מיר נישט אָן צו
שטערן... איך עס, טרינק, אַרבעט, רו, שלאָף און טו אַלץ, גלײַך איך
װאָלט אין אַלעם זיכער געװען...

טײלמאָל דאַך שרעקט עס מיך, איך טראַכט: װאָס, אַ מאַשין בין
איך? מען האָט מיך אַנגעדרײט?

און עפּשער, טראַכט איך גאָר, װאַלגערט זיך אין מיר אַרום אַ מעשו־
גענער אַלטער־זײדע און טוט מיט מײַנע הענט און פּיס, גלײַך עס װאָלטן
זײַנע געװען, גלײַך נישט איך, נאָר ער װאָלט געלעבט, גלײַך עס איז
זײַן צײַט?

אַף דעם אַלעם האָב איך אײן טערעץ: לעמײַ נאַפּקע מינע?
און בעעמעס, װאָס איז דער כּילעק?

לײב פֿילאָסאָף זאָגט, אַז עס איז נישט פֿאַראַן גאָר קײן עמעס און
קײן שעקער. אַ װעהאַ רײַע, זאָגט ער, עס איז אַזאַ בױם גאָר אין גאַנײדן
נישט געזען; נישט אָדאָם, נישט כאַװע האָבן קײנמאָל אַזאַ עפּל נישט
פֿאַרזוכט. „טוב ורע" יאָ! און אױב זאָגט ער, עס איז נישט פֿאַראַן קײן
עמעס און קײן שעקער, זײַנען קײן מעשוגאָים אױך נישט פֿאַראַן! אײַ
װאָס, זאָגט ער, גאָרנישט!

אַזױ װי, זאָגט ער, די גופים באַשטײען פֿון אַטאָמען, און די טעװע
פֿון גוף װענדט זיך אין דעם, פֿון װיפֿל אַטאָמען ער איז צוזאַמענגעשטעלט,
אַף װעלכן סײדער די אַטאָמען ליגן... אַזױ זײַנען פֿאַראַן אַטאָמען פֿון
געדאַנקען און געפֿילן... און די טעװע פֿון יעדן געדאַנק און פֿון יעדן
געפֿיל הענגט אָפּ נאָר דערפֿון, פֿון װיפֿל אַטאָמען זײ זײַנען צוזאַמענגע־
שטעלט — װי אױך אין װאָס פֿאַר אַן אָרדענונג זײ ליגן אײנער באַם
צװײטן... נישט מער!

עס איז פֿאַראַן פֿאַרשײדענע מעטאַלן, פֿאַרשײדענע געדאַנקען און
אַלערלײ געפֿילן; זײ קענען װי די מעטאַלן זײַן נוצלעך, אָדער שעדלעך,
אָבער נישט עמעס און נישט פֿאַלש... פּונקט װי די מעטאַלן! צי װעט
גאָלד זאָגן אַף זילבער, אַז עס איז אַ טאָעס? זילבער אַף קופּער צי אײַזן:
מעשוגע זײַט איר, אָדער ליגנער?

דאָס קאָן נאָר אַ מענטש און נאָר — פֿאַר קינע!...

מיר וויַטער קומט טײלמאָל פֿאָר, אַז די אַלע, וואָס מען האַלט זיי פֿאַר מעשוגאָים, מער אָדער ווייניקער געפּערלעכע מעשוגאָים, זיַינען נאָר ניַיגעריקע מענטשן, וואָס האָבן זיך ליב אַמאָל אַראָפּצוכאַפּן פֿון טראַקט, פֿון שאָסיי און זוכן אין אַ זיַיט ניַיע וועגן... בעסער צי ערגער אָבער זען מעג מען דאָך, פֿרוּוון לוינט...

מאַנכע זיַינען גאָר פֿריַיע פֿייגל, איבער די לופֿטן פֿליִען זיי...

גאַנץ אָפֿט האָב איך האַנאָע, וואָס איך לעב צווישן די דרייסטע וועג־זוכער... באַ זיי איז ווייניקסטנס נישט אַזוי לאַנגווײַליק...

---

# אַ שמועס מיט גאַזעמאַן

פֿאַר מיר היטן זיי זיך נישט. דער באַהאַלטנסטער פֿון אַלע — גאַזע־מאַן האָט אויך צו מיר צוטרויען.

עס פֿרייט מיך.

נעכטן צום ביַישפּיל, קומט ער צו און אָן אַ שום האַקדאָמע, דער־ציילט ער מיר פֿון גרויסן וויקועך, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט אין בייס־מעדרעש, מיט די גאָר גרויסע, וועלט־באַרימטע באַטלאָנים: רוּוון, שימען, לייווי און יעהודע.

— וועלט בלײַבט וועלט! — זאָגט רוּוון — זי שטייט אויף איַיזער־נע זיילן און קופּערנע פֿונדאַמענטן.

— „לאַוו הכי!" — זאָגט שימען — זי שאָקלט און וואַקלט זיך ווי אַ שיקער... אויפֿן רוקן פֿון אַ מעשוגענעם פֿיש שטייט זי, דער פֿיש וואַרפֿט זיך און זי צאַפּלט! פֿון טייל בערג שפּריצט עס אַפֿילע מיט פֿיַיער. אַוואַדע!

לייווי האַלט זיך אין פּאָסעק: „תורה ארץ על בלימה", די וועלט שטייט אויף גאָרנישט! אויף גאָרנישט, אָקצענטירט ער מיט אַ נעגינע.

און יעהודע וואָס וויל ווערן ראָוו און גרייט זיך צו צום עקזאַמען, הייסט מיליאָנען־מיליאַסן קליינע, פּיצעלעך אַטאָמען לויפֿן אַרויף און אַראָפּ און שלאָגן מיט קויעך אויף יעדן פּינטעלע פֿון דער ערד און האַלטן זי אַזוי־ערנאָך אין „סאָמע ראָדנע" מיט; זי זאָל נישט כאָלילע אַרויס פֿון ראָד אַרום דער זון!

— און איר, גאַזעמאַן, וואָס האָט געזאָגט?

— איך? פּאָשעט האָב איך זיי געזאָגט: וואָס גייען איך אָן פֿונדאַמענטן, זיילן צי אַטאָמען, אַז די גאַנצע זאַך שטעקט אין גאַזן, וואָס די ערד האָט אינעווייניק אין זיך...

איר זיצט און קלערט, זאָג איך, און זיי קענען דערווײַל אַרויספּלאַצן און כאָרעוו ווענעכרעוו מאַכן די גאַנצע וועלט מיט אַלע אירע באַטלאָנים!

— און וואָס האָבן זיי געזאָגט?

— זיי האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן: גאַזעמאַן.

ער שפּײַט אויס מיט פֿאַראַכטונג, מאַכט עטלעכע שריט אַהין און צוריק, און שטעלט זיך צוריק אָפּ.

— פֿאַרשטייט זיך, מיך אַרט עס נישט... יינגלעך האָבן עס אויפֿגעכאַפּט, רעדט, שרײַט, מײַן דײַגע; נאָר דער שווער מײַנער! פֿאַרן שווער האָב איך שטאַרק מוירע געהאַט!

— אַ גוואַר איילים?

— אַן „עיקש"... שפּאַרט זיך אײַן, איך זאָל געטן דאָס ווײַב, באַאַשער־בעכיין — מעשוגע בין איך.

— און איר האָט נישט געוואָלט?

— איך האָב דען געקענט? מימאָ־נאַפּשעך, בין איך געזונט, פֿאַר וואָס זאָל איך זי געטן, בין איך מעשוגע, ווי קען איך געבן געט?

— און זי וואָס האָט געזאָגט?

— מײַן כאַוועלע? וואָס האָט זי געזאָלט זאָגן? וואָס האָט זי געקענט זאָגן? איך בין זיכער, אַז עס איז איר אַף די געדאַנקען נישט געקומען. וואָס הייסט? מיר זײַנען דען קיין זיוועג נישט, כאַס־וועשאָלעם? אַז דער מאַלעך האָט אַף אונדז אויסגערופֿן: „בת פּלוני לפּלוני", ווי מיינט איר, איז נישט געווען קיין סימכע אין אַלע אוילאָמעס? מאַלאָכים, זאָג איך אײַך, האָבן פֿאַר סימכע געוויינט. איך האָב עס איר דערציילט... אַליץ דערציילט...

— און וועגן די גאַזן אויך?

— וועגן די גאַזן? ניין! נאָך וואָס? זי האָט עס פֿון מײַן פּאָנעם געלעזן. כאָכמאַס האַפּאַרצעף האָט זי געקענט ווי אַ וואַסער! איך וויל איר אַמאָל עפּעס זאָגן, שמייכלט זי און זאָגט עס מ י ר! פֿון מײַן פּאָנעם האָט זי געלעזן, ווי פֿון צענע־אורענע אַרויס...

— און עפּשער, — איז ער זיך מעיאַשעוו, — נישט פֿון פּאָנעם...

איך פאַרשטייט, מײַן האַרץ אין איר האַרץ... ניין, דאָס וועט איר נישט פאַרשטיין...

— און זי האָט אויך געגלויבט אין די גאָזן?

— אַ שײַלע דאָס איז! דורך די גאָזן האָט זי דעם אַפּעטיט פאַרלוירן, נעכט נישט געשלאָפן, פון פּאָנעם אַראָפּגעפאַלן... און די אויגן, אַ וואונדערלעכע זאַך, האָבן איר געוואַקסן און געוואַקסן. מיט יעדן טאָג זײַנען זיי גרעסער געוואָרן; דאָס פּאָנעם קלענער, די אויגן גרעסער!

ער פאַרטראַכט זיך.

— און פון וואַנען — פרעג איך — זײַט איר געקומען אָף די גאָזן?

— דורך אַ כאָלעם...

— אַ כאָלעם, זאָגט מען, איז אַ נאַר.

— כאַוועלע פלעגט אויך אַמאָל אַזוי זאָגן! איך האָב אָבער דעם כאָלעם געזען דרײַ מאָל און דערנאָך האָט זיך פּאַסירט אַ מײַסע...

בעעמעס — אַ וואונדערלעכע מײַסע.

איינמאָל איז ער זיך אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן צווישן מינכע אומיַרעוו. גאַסן־יונגען האָבן אים דערזען און נאָכגעלאָפן. זיי ווילן, ער זאָל זיי דערציילן די כאַלוימעס...

— איך האָב, — זאָגט ער — אַפילע כיישעק צו דערציילן... אַדעראַבע, זאָלן זיי וויסן; האָב איך דאָך אָבער מוירע פאַרן שוועער... ער וועט געוווּיר ווערן, פאַרמאַסערן מיך פאַר כאַוועלען... און וואָס וועט זײַן? זי וועט וויינען! זי וועט זיך די אויגן אויסוויינען!

אַנטלויפט ער, יאָגט מען אים נאָך, כאַפּט אים איינער אָן פאַר אַ פּאָלע.

— איך זע, עס איז שלעכט, ער וועט אָפּרײַסן די פּאָלע... דערמאָן איך מיך אין יויסעף האַצאַדיק, לאָז אים איבער די קאַפּאָטע און אַנטלויף ווײַטער.

ער לויפט און לויפט, ביז ער פאַרלירט ערגעץ הינטער דער שטאָט, שלאָגט זיך אָן אין אַ בערגל, פאַלט און בלײַבט ליגן.

— ליגנדיק אַזוי, וואָס מיינט איר, דערזע איך? קוואָרים דערזע איך... אַ הייליק אָרט געווען! צי בין איך, נישט ווײסנדיק, פאַר שרעק אַריבערגעשפּרונגען די צוים פון בײס־אַלמען, צי עס איז קיין צוים גאָרנישט געווען, ווייס איך נישט ביז הײַנט...

נאָר אַ מאָדנער אוילעם־עמעס. די מאַצייוועס שטייען נישט אײַן אַ רע־

גע, זיי שאָקלען זיך... פּלוצים הייבן אָן פֿון אונטער זיי אַרויסקריכן מייסים...

— איר האָט אײַך דערשראָקן?

— כאַס וועשאָלעם! מייסים זײַנען קיין גאַסן־יונגען נישט. איך רייד מיט זיי:

„וואָס האָט איר אײַך, — פֿרעג איך — אין אַ פּראָסטן מיטוואָך פֿאַר כצאָס דאָ פֿאַרזאַמלט?"

„אָן אומגליק, זאָגן זיי, האָט זיי פּאַסירט. אונטער די מאַציייוועס האָבן זיך אָנגעזאַמלט גאַזן"... „דערשטיקט צו ווערן", זאָגן זיי.

דערווײַל שלאָגט דער זייגער 12.

די מייסים לאָזן זיך אין שטאָט אַרײַן דאַווענען און איך צי מיך אויס אַף דער ערד, לייג צו אַן אויער, איך וויל הערן, וואָס דאָרט טוט זיך.

— און איר האָט געהערט?

— אַוואָדע! ווי אַ שטורעם אונטער דער ערד אַהין און צוריק, אַהין און צוריק, ווי אַ קעסל־פּויק... טראַ—טראַ—טראַ—טאָ—דאָ—באָק! טראַ—טראַ—טראַ—טאָ—דאָ—באָק! אינמיטן, דערהער איך, אַ שמועס צווישן צוויי קוילעס אונטער דער ערד.

— פּלאַצן? פֿרעגט איין קאָל.

— צו פֿרי! ענטפֿער דאָס צווייטע.

— ווען דען?

— ס'וועט זײַן אַ סיגנאַל...

— ווען וועט זײַן דער סיגנאַל?

— אַז די פּרוכטן וועלן רײַף זײַן אַף דיביימער...

ער שווײַגט.

— דאָס איז עס אינגאַנצן? מער האָט איר נישט געהערט.

— שפּעטער האָב איך געהערט נאָך אַ שמועס. דאָס הייסט דעם סאָף פֿון יענעם שמועס. אַזוי האָט מען גערעדט:

— ווער וועט, פֿרעגט אַ קאָל — געבן דעם סיגנאַל?

— כאַנינע, ענטפֿערט מען, וועט געבן דעם סיגנאַל.

מיילע, לויף איך געשווינד אין שטאָט אַרײַן צו כאַוועלען און פֿרעג זי אַף כאַנינען. זאָגט זי, אַז כאַנינעס זײַנען דאָ אַ סאַך: כאַנינע דער וואַכערניק, כאַנינע פּאַרעש, וואָס איז ערגעץ אַוועק און איבערגעלאָזט

אַ ווײַב מיט קינדער, ימאַך־שמוי... כאַנינע דער שאַמעש פון „סוימעך־נויפלים". כאַנינע פויעל באַטל... און גיי ווייס!

— און אַהער — פרעג איך, — וואָס האָט אײַך געבראַכט?

— בין אַליין געקומען, — ענטפערט ער קימאַט מיט אַ שטאָלץ — אַליין געקומען, פון שווער אַנטלאָפן...

— און כאַוועלען גאָר אַוועקגעוואָרפן?

— אַוואַדע! — מאַכט ער כויזעק — ווי דען! נאָר איינער, זי קומט צו מיר.

— ווען?

— יעדן אָוונט...

— יעדן אָוונט?

— ... קומט זי צו רײַטן אויף דער לעוואָנע...

— און פאַרן מוילעך? — פרעג איך.

ער גיט אויף מיר אַ קוק מיט קאַס און ביזאַיען צוזאַמען.

— אַזוי, — זײַערט ער פון צווישן די ציין, — אַזוי... אַ כויקער וועדויִרעש... אַ נאָז־קוקער, אַהאַ!

ער איז פון מיר אַוועקגעגאַנגען מיט שלעכטע געדאַנקען. איך מוז אים באַרוּיקן.

---

# דער קאָדעש

וואָס אַ וועלט איז! כאַוועלע, דעם גאַזעמאַנס ווײַב, קומט צו רײַטן אויף דער לעוואָנע, און שפּרינצע, יוינע דעם היילקנס ווײַב — אויף אַ בעזעם!

כאַוועלע קומט איר אומגליקלעכן מאַן טרייסטן, אונטערהאַלטן, יענע ברענגט בראָנפן מיט קיכלעך און קליין־געלט פאַר די וועכטער, זיי זאָלן דעם קאָדעש נאָך פעסטער האַלטן; נישט אַרויסלאָזן אויף דער ליכטיקער שײַן!

כאַוועלע איז אַן איינפאַכע קאָשערע ייִדענע, טוט ווי דער מאַן וויל; שפּרינצע — דער היילקער יוינע דערציילט, אַז, שטייענדיק מיט איר אונטער דער כופּע, האָט ער באַלד דערפילט אַ רייעך פון פעך... ער האָט

געוואָלט שרײַען, האָט אָבער דער ראָוו דערווײַל אָנגעהויבן די בראָכע און דער פּאָטער האָט אים שטילערהייט דערלאַנגט אין פּלייצע.

שפּעטער, אַז ער האָט אָנגעהייבן שרײַען, אַז זי איז אַ מאַכעשייפֿע, אַ לילים, האָט מען אים נישט געגלויבט, געהייסן ווײַנען... און, אַז ער האָט שיר־נישט באַקומען דאָס כוילע נויפל פֿאַר שרעק, האָט מען אים געבונדן און אַהערגעשיקט...

און זי איז אַ מאַכעשייפֿע! ווען נישט איר קישעף, וואָלט ער שוין לאַנג געוואָרן אַ „רואה ואינו נִיראה” און וואָלט נעלעם געוואָרן.

די דאָקטוירים, יִמאַך שמאָם, לאָזן אויך נישט, זיי נייטן אים צו עסן טרייפֿעס, צו טרינקען נעסעך... און ער קען גאָרנישט טאָן!

אָבער גאָרנישט!

אין הימל דאָרט האָט ער, דער קאָדעש, אַ גרויסע דייע, אַ סאַך צו זאָגן; דאָ אין שפּיטאָל — גאָרנישט; וואָלט ער געווען נישט קיין קאָדעש נאָר אַ צאַדיק, אַ באַל־מויפֿעס, וואָלט ער געקענט אָפּשפּרעכן, צוזאָגן; וואָלט ער געהאַט באַ זיך כאָטש איינס פֿון די מיליאָנען שליסעלעך, וואָס עפֿענען באַ מענטשן הערצער און קעשענעס, — באַ! וואָלט ער געווען פֿרײַ, געלעבט אַ וועלט! אָדער ער וואָלט אַליין פֿאַרלייגט אַ געשעפֿט, אָדער עס וואָלט זיך געפֿונען אַן עמפּרעסאַריאָ אַף די גוטע זאַכן... ער אָבער, אַן עמעסער דאָן־קיכאָט, האָט זיך אונטערגענומען בײַצושטיין גאָט מיט דער מילכאָמע מיטן שאָטן... ווער וויל זיך עס אַרײַנמישן אין אַזאַ זאַך? וואָס האָט מען דערפֿון? האָט מען אים טאַקע אַהער געשיקט, ווײַל מען זײַן פּאַרצעף נישט זען.

ער איז דאָך באַ זיך נישט אָפּגעפֿאַלן... אַז איך העלף אים, מוז ער מיר אויך העלפֿן... נישט אַצינד, איז שפּעטער... אין צווייטן, אין דריטן גילגל!

דערווײַל, — וואָס זאָל ער טאָן?

אַ שעם האָט ער, נאָר די ליפּן האָט מען אים מעטאַמע געווען, ער קען דעם שעם מיט אומרײַנע ליפּן נישט אַרויסזאָגן!

די געזונטע האַלטן, פֿאַרשטייט זיך, דעם קאָדעש פֿאַר מעשוגע, אַלע זײַנען פֿון שפּרינצעס צאַד... און די מעשוגאָים?

פֿאַרשיידן!

פֿיל גלייבן אין אים.

אַכאַשווייראָש זאָגט, אַז אים טוט זייער האַנאָע, וואָס דער קאָדעש

איז געקומען אין זײַן מעדינע אַרײַן. ער האָפֿט, אַז ער וועט האָבן אַ שטאַר־קע פּעולע אַפֿן יונגן דאָר, אַף די מידעס...

יויכאַנאַן מעלאַמעד, גייט זיך אין זײַן כיידער. ער זאָגט: מען מוז גלויבן! אַ מענטש, זאָגט ער, קען זיך אַליין נישט מאַכן פֿאַר אַ ראָשע, אָבער פֿאַר אַ צאַדיק — מעהייכע־טייסע! אַז ער וויל, איז ער!

גאַזעמאַן ציט מיטן אַקסל:

— די גאַזן, זאָגט ער, ווע‌לן אַ סאַך פֿרעגן, ווער עס איז אַ צאַדיק און ווער עס איז אַ ראָשע!

יענטל די קרעמערן, רעכנט נאָך ראַשעשאַנע צו עפֿענען זיך אַ קלייטל מיט בוימל צום אָפּשפּרעכן.

זי קלאַפּט יוינען אין דער פּלייצע און זאָגט: אַז דו וועסט מיך נאָך פֿאָלגן, וועט גיין אַ געשעפֿט; אַבאַשווייריעש וועט אויך האַנאָע האָבן...

דער קאָדעש דרייט זיך אָפּ, ווייל נישט וויסן פֿון קיין געשעפֿטן, נאָר דער רעשט אוילעם, אַז ער הערט: קאָדעש, שפּרינגט ער באַלד אונטער, זאָגט דרײַ מאָל קאָדעש...

עס קאָסט אים אַ סאַך?

איין לייב פֿילאָסאָף איז דעם קאָדעש אַ סוינע אָפּ׳ם לעבן. מיר דאַכט זיך פֿאַר קינע. ער רייצט זיך מיט׳ן שטענדיק.

ער גייט צו, נעמט אים אָן באַ דער גאָמבע, הייבט אים דעם קאָפּ אין דער הייך און פֿרעגט:

— עסט בעעמעס טרייפֿעס, קאָדעש?

— אוואַדע!

— נאָך וואָס טוסטו עס?

— איך מוז דאָך, איך וועל דאָך שטאַרבן פֿאַר הונגער!

— און אַז מען שטאַרבט פֿאַר הונגער וואָס איז? גייט מען דאָך ערשט אין גאַניידן אַרײַן!

דער קאָדעש ענטפֿערט געלאַסן:

— איך קען נישט שטאַרבן פֿאַר הונגער, — איך מוז, — זאָגט ער גאַנץ ערנסט — פֿאַרברענט ווערן... מי באַאייש.

— פֿאַרוואָס גראָד באַאייש —

— דער גוף זאָל פֿאַרברענט ווערן! אין פֿײַער גערייניקט ווערן... די גזיירע איז אַזוי!

אַן אַנדער מאָל פֿרעגט אים לייב פֿילאָסאָף:

— און װען װעסטו שוין פאַרברענט װערן, קאַדעש?
דער ענטפערט געלאַסן:
— װען עס װעט קומען די צײַט.
פון דעמאָלט אָן, פלעגט ער אים װאָס אַמאָל פרעגן:
— נאָך נישט? אַלץ נאָך נישט צײַט?
איינמאָל האָט אים דער קאַדעש געענטפערט:
— איך האָב נישט קיין צינד־העלצלעך!
דערױף רופט זיך אָן יענטל, אַז זי האָט סכוירע מיקאָל האָמינים. אַז זי איז גרייט אַליין אָװעקצוגעבן דעם הייליקן יױנע, און אַלץ בעכינעם, אַל קאָל פּאָנעם, בעכאָצי כינעם, נאָר קיין צינד־העלצעלע האָט זי נישט... מען לאָזט נישט אַרײַן!
— זעסט! טרײַומפּירט דער קאַדעש.
— ביסט פאָרט אַ ליגנער, שרײַט גיפּטיק לייב פּילאָסאָף.

---

# די סרייפע און נאָך דער סרייפע

דער קאַדעש איז דאָך קיין ליגנער נישט געװען; ער האָט זײַנס געטאָן.

געשען איז עס אין אַ מוילעד־נאַכט: איך געדענק עס װי הײַנט:
די קראַנקע זײַנען אײַנגעשלאָפן, דער קאַדעש האָט זיך שטיל אַראָפּ־געכאַפּט פון בעט, שטיל געעפנט דאָס פענצטער; ער איז אַרױסגעשפּרונ־גען און איז אַרײַן אין אָפּנעם פאָדער־הויז. דאָרט האָט ער באַ פאַרשלאָ־פענעם װעכטער אַרױסגענומען (לייב פּילאָסאָף זאָגט: אַרױסגעגאַנװעט) פון קעשענע אַ פּעקל זאַפּאַלקעס —

---

די רעשט איז לײַכט צו פאַרשטיין.
דאָס דול־הויז איז אַלט, זייער אַלט...
יױכאָנאָן מעלאַמעד זאָגט, אַז עס איז נאָך פון האָמאָנס צײַטן... לייב פּילאָסאָף — פון קוידעם מאַטן טוירע... דער קאַדעש האָט געגלייבט — מישייִשעם יעמי בערײשים... באַשאַפן געװאָרן איז עס ערעװ שאַ־בעס ביין־האַשמאָשעס, מיט די שיידים און מאַזיקים, װאָס װאַכן אַרום

„צוזאַמען״... סײַ ווי סײַ אַלט איז עס, אַלט און טרוקן; מאַמעש אויס־געדאַרט...

און דאָס האַלץ, אַז עס האָט נאָר אַ פונק דערשמעקט, האָט עס אויפ־געפלאַקערט מיט אַ סימכע, מיט אַ געדולע!

איך האָב געזען ווי באַלקן האָבן זיך אַליין אויסגעדרייט און מיט אַ ציטער פון אַן עמעסן באַל־טשווע, זיך געבייגט צום פײַער... אַ זייל, האָב איך געזען, האָט זיך אויסגעקרימט ווי אַ האַלבע רייף און אַרײַנגע־לייגט דעם קאָפּ אין דער בראַנד!

עס וויל ברענען, עס דאַרף, אַפּאָנעם, ברענען!

און דאַך, — ווי שרעקלעך איז אַ סרייפע! און נישט דאָס פײַער איז אַזוי שרעקלעך, דאָס פײַער איז שיין און גרויס, דערעכערעץ האָב איך פאַר פײַער, וואָס רייניקט אַלץ... נאָר דאָס געשריי, דאָס געפילדער איז נישט צום אויסהאַלטן!

דאָס געיאָמער פון קראַנקע, דאָס קנאַקן פון באַלקן, פון ווענט, דאָס רעדערן, סיקען און פײַפן, די געשרייען פון דער פאָזשאַרנע קאָמאַנדע, די אַפּעטראָפּסים מיט הויך אויסגעשריגענע אייצעס — פוי!

אַזאַ קאָנצערט, הערט זיך נאָר אין געהענעם...

דאָס פײַער ווערט אויך בייז! גאַנצע בונטן פלאַמען יאָגט עס אַף די לײַט. עס וואַרפט אַף זיי מיט באַלקן! מיט טירן און פענצטער; אַ מיל־כאָמע! אַ שרעקלעכע מילכאָמע!

און ער?

ער, דער קאָדעש, שטייט זיך אַפן שפּיץ דאַך, אינמיטן פײַער, אַרומ־גענומען ביזן גאַרטל מיט רויטע און בלויענע שלאַנגען...

און ער שטייט, און רופט, און זײַן קאָל שנײַדט זיך דורך דעם גאַנצן געהענעמדיקן גערודער און שלאָגט זיך צו צו יעדנס האַרץ...

— „שמאַ יִסראָעל!״ רופט ער!

---

אויסער דעם קאָדעש האָט דאָס פײַער קיינעם נישט געשאַדט.

דאָס דול־הויז איז געווען אַסעקורירט; דול־הײַזער אַסעקורירן זיך איינער באַם צווייטן, דאָקטוירים קריגן נײַע אינסטרומענטן צו אָפּעראַ־ציעס... די פאָזשאַרנע קאָמאַנדע — געלט, אַפּעטראָפּסים — קאָוועד, ווייניק אײַנגעשטעלט דאָס לעבן האָבן זיי זיך, און די מעשוגאָים האָט מען דערווײַל אַרײַנגענומען אין אַ שאַלע...

פֿאַרשטײט זיך, אַז װאָס מער מעשוגאָים עס פֿאַרזאַמלט זיך אַף אַן אָרט, שטאַרקער פֿילן זײ זיך; און װאָס מער די מעשוגאָים פֿילן זיך שטאַרקער, פֿילן זיך שװאַכער די װעכטער.

דער ליאָרעם גײט טאַקע ביזן הימל אַרײַן.

יענטל איז דאָ אױך אַן אײַנגײערן, פֿירט דאָס אײדל.

— דאָס געשעפֿט, — זאָגט זי — פֿאַרגרעסערט זיך; דער רעװועד װערט דאָך קלענער; קױם פֿאַרנאָסע. זי האָט, נעבעך, צו דערנערן אַ קראַנקן מאַן מיט אַ גאַנץ געזינדל.

און דאָס געזינדל, װי זי זאָגט, באַשטײט, פֿון צװײ טעכטער אַלמאָנעס מיט קינדערלעך, צװײ טעכטער מיט מענער און אױך מיט קינדערלעך, אַ כױץ קינדער פֿון ערשטן מאַן...

זי האַנדלט: מיט קרושקעלעך פֿון ברױט, פּיצלעך טוטין פֿון אָפּגעברענטע פּאַפּיראָסן, שטיקלעך לײַװנט און טוך, רעשטלעך פֿון ליכט, טײל מאָל איז אַ שטיקל שנײַץ אױך אַ סכױרע.

אַלס געלט גײען שטיקלעך גלאָז, קאָלירט גלאָז איז גאָר גאָלד אין דער מײַלע... קאָלירט פּאַפּיר, איז באַנקאָ־צעטל, װײַס — קװיטלעך און װעקסלען.

און זי שרײַט:

— ראָצכים! דאָס איז מײַן גאַנץ אַשירעס די סכױרע! װאָס גאַנװעט איר? װאָס רײַסט איר? װאָס ציט איר מיר די קלײ פֿון די בײנער? די קױנים שװײַגן אױך נישט.

זײ שרײַען, אַז זי באַרײַסט, גיט פֿאַלשע װאָג און מאָס.

אַכאַשװײרעש, דער מײלעך פֿון הודו — דער אױװן רעכטס — ביז קוש — די טיר אין קיך אַרײַן לינקס, — גײט אַרום מיט אַ גאָדלעס, פֿאַרשרײַבט מיט אַ נאָסן פֿינגער, אַף אַ שױב, צי אַף אַ װאַנט, דעם כעשבן פֿון „מסים וארנוניות“, װאָס אים קומט שױן פֿון מיסכער...

— איך בין דיר מאַסרע, יענטל! דו פֿאַלסט אַרײַן אין טיורמע!

— זאָרעך, — רופֿט ער צו אַ קױנע, — דיר װעל איך אױך נישט שענקען! איך זע — װילסט מאַכן פּלײטע! פֿון אַמעריקע װעל איך דיך באַ די האָר הײסן אַהער שלעפּן! איך האָב דאָרטן אױך מײַנע לײַט! נישקאָשע!

אַז אַנדערן רופֿט ער צו:

— קויף און פאַרקויף אַנדערטהאַלבן מיליאָן פּוד, קריגסטו אַ „פּאַציאָטנע”!

טײַלמאַל רוקט ער זיך צו צו גאַזעמאַן, וואָס זיצט פאַרטראַכט אין אַ ווינקעלע, אָדער צו ליב פילאָסאָף מיט יויכאָנאָן מעלאַמעד, וואָס זיצן אין אַ זײַט פאַרזונקען אין אַ וויקועד וועגן טאַכלים פון דער וועלט, פון מענטש און אַלערליי אַנדערע זאַכן...

ער שטעלט זיך אָפּ, לייגט אַ פינגער אויף דער נאָז און זאָגט:

— שווײַגט בעסער...

אַנישט, לייגט ער זיי גאָר פאַר אַ האַנדלס־פאָרטראַג...

און אַזוי רודערט זיך ביז דער האָן קרייעט.

---

פאַרוואָס גראָד ביז דער האָן קרייעט? פאַרוואָס שפּילט דער האָן מיטן קרייען אַזאַ גרויסע ראָלע אין שפּיטאָל?

— זאָרי, שפּילט ער, — זאָגט אַבאַשווײַרעש, און „זאָרי” פאַרשטייט מען איז אַזאַ גרויסע זאַך.

— סימנא בעאַלמאָ — זאָגט דער מעלאַמעד, — מען האָט געדאַרפט אַ צייכן, וואָס עס איז פאַר אַ צייכן, האָט מען זיך אָנגעכאַפּט אין האָן...

ליב פילאָסאָף זאָגט, אַז עס מוז דאָך עפּעס שטעקן דערינען. דען, פאַרוואָס דאַווקע אַ האָן, נישט אַ הון?

— אַ הון קרייעט נישט, קען נישט קרייען, — פאַלט אים יענטל מיט קאָס, אין די רייד אַרײַן, — צו מײַנע סאָנימס קעפּ — —

— בײַטל נישט, — ענטפערט ליב קאַלט ווי אײַז... הינער בעטעווע זײַנען גלײַך צו הענער... זיי וואָלטן געקאָנט קרייען, נאָר מען האָט זיי אָפּגעוואוינט... אַז אַ הון קרייעט, קוילעט מען זי...

— ווײַטער די אייגענע קאַשע, פאַרוואָס? — מאַכט יויכאָנאָן.

— איך וועל קלערן דעריבער, זאָגט ליב. און, — גיט ער צו שטאָלץ — עס איז צײַט... איך אײַל מיך נישט!

נישט דאָס וויסן איז דער איקער, נאָר דאָס קלערן!

---

איך וויל אויך קלערן נאָר מײַן קאָפּווייטיק וואַקסט פון טאָג צו טאָג. זײַט די מעשוגאָים זײַנען צוזאַמען, איז סאַקאָנעס נעפּאַשעס... די טויזנטער נײַע וועגן, וואָס זיי זוכן אין אַלע זײַטן, קרייציקן זיך און פאַרקניפּן; שווינדלט פאַר די אויגן אַ באַשטענדיקער, בליצנדיקער קאַליידאָסקאָפּ מיט

פאַרפּלאָנטערטע ברענענדיקע ליניען... דער מויעד וויל טיילמאָל פּלאַצן. איך קלער שוין אַפילע נישט, ווער איך בין, אַ רויפע צי אַ כוילע, ווײַל, איך בין זיכער, אַז אויב איך בין נאָך נישט מעשוגע, וועל איך עס הײַנט־מאָרגן ווערן.

---

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

## אוילעמהאַבע

אויסעס אומויפּסים (אותות ומופּסים) — וווּנדער; אויפוויַיזן מיט אויסוים אומויפּסים — באַשײַנפּערלעך דערווײַזן.

איירעוו ראַוו (ערב רב) — אַ געמיש פון פאַרשיידענע זאַכן.

## קאָלבוי

קאָלבוי (כל בו) — וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַלץ.

מיקאָל האַמינים שעהו (מכל המינים שהוא) — דאָ: וואָס אין אים איז אַלץ געווען.

בִיור (באור) — קאָמענטאַר.

שיווים זקיינים (שבעים זקנים) — די זיבעציק זקיינים. דער „בִיור" זאָגט... און די שיווים זקיינים... — איין אויטאָריטעט זאָגט אַזוי, און די צווייטע — אַנדערש.

## די לעוואָנע דערציילט

מאַפּוילעס (מפּולת) — אַ רוּינע, אַן אײַנגעפאַלן הויז.

## אַ כאָלעם

פּרי מעגאָדים (פּרי מגדים) — אַ באַוווּסטער סכאָלאַסטישער סייפער. אַ קאָמענטאַר אַף די קאָמענטאַרן פון שולכאָן־אָרוך.

יעיש מאָקוים באַרויש (יש מקום בראש) — עס איז פאַראַן אַן אָרט אין קאָפּ, דער קאָפּ פאַרנעמט.

פּויסקים (פּוסקים) — ספאָרים וווּ עס ווערן געלייזט פאַרשיידענע רעלי־גיעזע פראַגן.

סערוויטוטן — דאָס רעכטן צו באַנוצן זיך אין אַ געוויסער מאָס מיט עמעצנס אייגנטום. סערוויטוטן האָבן געשפּילט אַ ראָליע אין די באַציִונגען צווישן פּאַ־

רעץ און פויער ; דער פויער האָט געהאַט רעכט אַף באַשטימטע פאַשע־פלעצער באַם פאַ־רעץ, אַף קלײַבן צווײַגן איז וואַלד אד״גל.
ירעק אייסעו (ירק עשב) — גרינס.
קילכויד האַשויר (כלחוד השור) — ווי דער אָקס וואָלט אָפגעהירזשעט.
פאַקשיווע — קראָפעווע.

## אַ רויפע צי אַ כוילע

תקנות — קלאָלים, פאַרשריפטן.
מגפות — עפידעמישע קראַנקײַטן.
„נדרים ונדבות„ — געשאַנקען.
רחמנה ליצלן — גאָט זאָל אויסהיטן.
„שאלת נשים" — פרויען־פראָבלעמען, דאָ: אַסאָקים מיט ווײַבער.
למאי נפקא מיני? — וואָס איז דער אונטערשייד?

## אַ שמועס מיט גאַזעמאַן

תולה ארץ על בלימה — די וועלט הענגט אַף גאָרנישט.
חרוב ונחרב — איינגאַנצן צעשטערן.
גבר אלים — אַ שטאַרקער מאַן.
עיקש — אַן אײַנגעשפאַרטער.
„בת פלוני לפלוני" — די און די פרוי איז פאַר דעם און דעם מאַן.
חוקר ודורש זײַן — אויספאָרשן.
כצאָס — האַלבע נאַכט (אַ טפילע וואָס מע זאָגט האַלבע נאַכט).

## דער קאָדעש

חולה נופל — די פאַליקע (עפילעפסיע).
רואה ואינו נראה — אַזאַ וואָס זעט און אים זעט מען נישט.

## די סרייפע און נאָך דער סרייפע

מולד־נאַכט — די נאַכט פון דער נײַער לעוואָנע.
קודם מתן תורה — איידער די טוירע איז געגעבן געוואָרן.
מששת ימי בראשית — פון די ערשטע טעג ווען די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן.
ערב שבת בין השמשות — ערעוו שאַבעס פאַרנאַכט.
„שמע ישראל" — ווערטער פון אַ טפילע וואָס שיצן פון בייז.
סימנא בעאלמאָ — אַן אָנגענומענער סימען.

# נאַכעס פון קינדער

וועגן נאַכעס פון קינדער רעדט איר?

אַמאָל איז געווען; נישט קיין היינטיקע סכוירע!

מיין באָבע, לעמאָשל, פלעגט כאַמישאָסער פאַקן עטלעכע פעריציק פעקלעך באָקסער און ראָזשינקעס מיט מאַנדלען פאַר אייניקלעך און אוראייניקלעך; אַ בסאָמים־קרעמל האָט זי געהאַט, די באָבע. און געגאַנגען — אָן אַ שטעקן, געקוקט — אָן אַ בריל. נאָר די האַנט האָט איר אַ ביסל געציטערט, האָב איך איר געפירט די רעשימע פון די אייניקלעך; מיין קסאַווער־יאַד איז איר געפעלן — איך פלעג איר אויסמאָלן געקסיוועט די ראָשיי־טייוועס; דערפאַר האָב איך צוויי פעקלעך באַקומען. איך פלעג איר לייענען די רעשימע און זי, אָלעאַ־האַשאָלעם, פלעגט נאָכציילן פאַר פינגער. ביז עטלעכע און דרייסיק האָט איר דאָס געציטערט פאַר פאַכער, צי וועט איר נישט כאַס ווערשאָלעם פאַרפעלן, פון פעריציק אָן האָט זי מאַמעש נאָכגעזונגען... קומט צוויי און דריי און פעריציק, טאַנצן איר שוין די שפּיזלעך פון זאָק צווישן די פינגער.

נאָר דאָס איז שוין דעמאָלט אויך געווען אַן אויסטערלישע זאַך: אַ בראָכע — האָט מען געוווּסט — פון ערשטן אַפּטער צאַדיק זיכרוינוי ליווראָכאָ. אָבער אייניקלעך? וועלכער ייד האָט עס נישט געהאַט און נישט געטאַנצט אַף כאַסענעס פון אייניקלעך? אַז עס האָט זיך געהערט, ראַכמאָנע ליצלאַן, באַ אַ לעוויַע, אַז דער באַרמינאַן האָט אַפילע נישט די זכיע געהאַט צו פירן כאָטש אַן אייניקל צו דער כופּע, פלעגט טאַקע אָנכאַפּן אַ גרויל; האָר און נעגל האָבן זיך געשטעלט קאַפּויר און אַ יעלאָלע האָט זיך צעגאָסן ווי צו „ונתנה תוקף“.

אַנדערע צייטן! געבענטשטע!

עס איז דאָך נאַריש צו זאָגן: קיין דייגעס האָבן נישט געפעלט.

האַקלאָל? האָט מען געדייַגעט!... אַז דייַגעס וואָלט אַ באַר־נאַש גאָר פאַרגעסן, אַז עס איז פאַראַן אַ בוירע־אוילעם אַף דער וועלט! און גלאַט, פּרוּוו, עס אַ גאַנצן טאָג ריין שמאַלץ! אָבער דערפאַר זייַנען געווען סימ־כעס: דעם שנייַדט זיך צו מאַזל דאָס ערשטע ציינדל, די האָט די ערשטע כאָכמע געזאָגט, צי דער מוטער דעם ציפּעק אָפּגעריסן, יענע זאָגט שוין „טוירע־ציוואָ־לאָנו" ווי אַ וואַסער, און דער הייבט אָן כומעש, יע־נער קנאַקט אַ דראָשע צו באַר־מיצווע... און כאַסענעס, שאָלעם־זאָכערס, בריסן, פּידיען־האַבענס, וואָס איר ווילט; אַ גאַנץ גייענדיק יאָר „לעקעד מיט בראָנפן"... איין אייניקל גייט אַוועק און פיר קומען אָן; דרייַ כאַ־סענעס פאַר איין געט; אַז עס קומט יאָנטעוו און מען הייבט אָן צו רימ־פּלען, פאַלט מען טאַקע פון די פיס!

און אַז מען קומט צו צום ברעג, און מען ווערט גערופן אַף יענער וועלט, האָט מען אַן אייגענע לעווייַע... קינדער און אייניקלעך פון עק צו עק גאַס! אויסער, אַז עמעץ האָט מוירע פאַר די „רוחות לבטלה", און וויל „זרע של קימא" זאָל נישט גיין, אַבי יענע זאָלן קיין שליטע נישט האָבן צו גיין נאָך דער מיטע, איז עפּעס אַנדערש!

און הייַנט? הייַנט, אַז אַ ייִד מאַכט כאַסענע, מאַכט ער כאַסענע בעסאָד סוידעס — עס איז אַ בושע געוואָרן! אַלטמאָדיש!... אַ קינד ווערט געבוירן — „על אפּו ועל חמתו" דעם טאַטן, נאָך אַ מויל צו עסן! דער מאַמען — אַוואַדע, זי וועט שוין נישט קאָנען אָפּלייקענען, אַז זי איז שוין קיין בסולע נישט... און אַ לעווייַע איז: אַ פּאָר פערד מיט אַ שמיי־סער — אויב מען האָט שוין קינדער, זייַנען זיי צעשפּרייט און צעזייט...

נאַכעס פון קינדער — כאַ, כאַ, כאַ!

ווען איך זאָל האָבן נאַכעס פון קינדער, וואָלט איך קיין וואַרשע נישט געקומען, קיין שולעכל נישט געהאַלטן — אַז אַפּטער בין איך! עס איז אָבער נישט באַשערט געווען.

---

זיבן קינדער האָב איך געהאַט: דרייַ ייִנגלעך און פיר מיידלעך. זייַ־נען מיר, נישט פאַר אייַך געדאַכט, צוויי ייִנגלעך און איין מיידל אַוועק־געקומען...ביידע ווילע ייִנגלעך געווען, — אילוּיִים! איינמאָל איז איי־נער אַהיימגעקומען פון כיידער מיט קאָפּווייטיק און איז אָפּגעלעגן אַכט טעג אין היץ און איז שוין צו זיך נישט געקומען; דאָס צווייטע מאָל, עפּ־שער דרייַ כאַדאָשים שפּעטער — דער צווייטער. דאַכט זיך, געהיט ווי

אַז אויג אין קאָפּ, נישט אַרויסגעלאָזט אָן אַ שאַלעכל אַפן האַלדז, נישט אַרומגעלאָפן, נישט שפּאַצירט, זומער נישט געבאָדן, ווינטער נישט געגליטשט — גאָרנישט. גיי, ווייס זײַנע דראָכים. דאָס מיידל האָט לוי אַלייכעם, געקריגן פּאָקן... געבליבן זײַנען פיר נעפּאַשעס, דרײַ מיידלעך און אַ בען־יאָכיד, און נאָר איינע, די עלטסטע, האָב איך צו דער כופּע געפירט.

צוויי טעכטער וואַקסן מיר אַף דער וועלט אין די גרויע צעפּ אַרײַן, און דער בען, דער בען־יאָכיד מײַנער, ביניאָמין הייסט ער, נאָך מײַן זיידן דעם צאַדיק, אָלאָוו האַשאָלעם, איז מיר נעלעם געוואָרן... צוויי יאָר האָב איך אַפילע זײַן אַדרעס נישט געהאַט.

און ווייסט איר, ווען ער איז אַוועק? באַ דער מוטערס לעווײַע... באַם פרישן קייווער, קוים קאַדיש אָפּגעזאָגט — ער איז נישטאָ! קיין רעגע שיווע נישט געזעסן; גלײַך פון בייס־האַכאַיִם אין דער וועלט אַרײַן! וואָלט עס אין אַמאָליקע צײַטן אַ קינד אײַנגעפאַלן? און ווי אַלט איז ער דעמאָלט געווען — אַ יאָר זיבעצן! ערשט יענע וואָך האָט מען מיר דאָס קישן פאַרקויפט אַל כעשבן פון די דרײַ הונדערט רובל קנאַס...

און וואָס מיינט איר, האָב איך דעמאָלט גערעכנט? איך זיץ באַם איי מיטן בייגל און קלער: ער האָט זיך אַ מײַסע געטאָן! וואָרעם געוווּסט האָב איך, אַז „נפשו קשורה בנפשה"! איך בין געווען באַ זיי דער גאַזלען, דער רויצייעך, זי — די גוטע, די האַרציקע מאַמע. און פאַרוואָס? ווײַל איך האָב געוואָלט, עס זאָל זײַן אי צו גאָט אי צו לײַט. און זי אָלעאָ האַשאָלעם, אַ נעקייווע, האָט זיי אַלץ נאָכגעגעבן. מיט בייזן, פלעגט זי זאָגן, טאָר מען נישט! נישט די צײַטן! ביניאָמין אַנטלויפט פון כיידער — „זאָל ער נישט לערנען, קיין ראָוו וועט ער סײַ ווי סײַ נישט זײַן". פאַרוואָס נישט זײַן? שווײַגט זי. ביניאָמין גייט אַרום פוסטע־פּאַס הינטער דער שטאָט, ליגט אָפּ גאַנצע טעג באַם טײַכל, אין וועלדל, דרײַ וויאָרסט מיט אַ שמיץ הינטער דער שטאָט, — זי באַשטייט. בעט איך מיך כאָטש: יונגאַטש איינער, ליגסט באַם טײַך, נעם כאָטש אַ ווענדקע און כאַפּ אַמאָל אַ פישל לעקאָוועד שאַבעס! בלאָנקעסט זיך אַרום אין וואַלד, קלויב אָן אַביסל שוואָמען צי יאַגדעס, אַפילע שלאָף־עפּעלעך — נישט קיין גוטע צײַטן, אַליין קיין סויכער בין איך נישט, מעקלערײַ באַ טוווּע פאַלט, — קום צו הילף. הערט מען מיך, מיינט איר? ער האָט ליב צו קוקן אַפן וואַסער און אַף די ביימער, אָבער די האַנט אין קאַלט וואַסער צו טאָן —

דאָס נישט! און זי שווייַגט! און קומט ער אַהיים, באַשמירט די טישן מיט קרייַד, די ווענט — מיט קוילן און מאָלט קייסער־מענטשן אָדער, וואָס עס קומט אים אין קאָפּ אַרייַן, איז אויך רעכט! ווייל איך עפּעס זאָגן — לאָזט זי נישט. און וואָס זאָל איך טאָן? אַזוי ווי איך עפן דאָס מויל, ווערט אַ געקוקערייַ אַף איר, בעט מען זיך באַ איר מיט די אויגן: ראַטעווע פון גאַזלענס הענט! און זי דאַרף נישט מער. באַלד קומט איר וואַסער אין די אויגן אַרייַן, דאָס פּאָנעם ווערט איר בלאַס און ווייַס ווי אַ קרייַד, און די הענט הייבן איר באַלד אָן צו ציטערן, אַ שוואַכע געווען, און טו עפּעס! איך האָב אַפילע נישט געקאָנט באַ אים פּויעלן, ער זאָל זיך אויסלערנען שרייַבן ווי אַ מענטש. פון געקסיוועט רייד איך שוין נישט; נאָר יונגאַטש, האָסט אַ געבענטשטע האַנט, מאָל מיר נאָך אַ לאַמעד, אַ פּאַרדרייטע פּיי — דאָס נישט! דאָס קומט דאָך צונויף! נאָר קייסער־מענטשן, בלעטער, צווייַגן און שיידים ווייסן וואָס... און ווי אַ יונג האָט קיין פּאַכעד נישט: איינמאָל האָט ער אויפגעמאָלט אַ וואַסער־מענטש! „האָסט געזען — פרעג איך — אַ וואַסער־מענטש?" — אַוואַדע! זאָגט ער און לאַכט.

מיינט איר עפּשער, אַז זי האָט בעעמעם מיט זיי געהאַלטן, אַז זי האָט טאַקע געוואָלט, אַז ביניאָמין זאָל ווערן אַ פּאָרטרעטן־מאַכער, אָדער סאָרע־לייע זאָל זיך שטעלן פאַר אַ דינסט, צי ביילע־גיטל זאָל ווערן אַ נייטאָרן? אָסער־כאַזער! אירע זיפצן האָב איך געהערט. גאַנצע נעכט פלעגט זי איבערקרעכצן; פּאַרשטופּן דאָס פּאָנעם אין קישן אַרייַן, דאָס געוויין צו פּאַרשטיקן... און וואָס זי פלעגט אויסכאַלעשן און אויסוויינען יאָמים נויראָים? גאַנצע שטיקער טכינעס און מאַכזער פלעג איך איר מוזן געקסיוועט איבערשרייַבן; אויסגעוויייקט האָט זי עס, שטיקער זייַנען געפלויגן, און קיין נייַעם סידער האָט זי נישט געוואָלט... בעסער אַ מויד אַ בענדל צו קויפן... אַלץ אין זיי אַרייַן!

און וואָס איז געווען דער איקער געוויין? זיי האָבן געזאָגט, אַז אַף מיר וויינט זי! באַאַשער בעכיין, איך האָב איר אַמאָל, ווי באַ שלעכטע צייַטן און שלעכטע קינדער דער שטייגער איז, אַ האַרב וואָרט געזאָגט, דעם עמעס אָבער ווייס איך, איר איינציק געבעט איז געווען, גאָט זאָל זיך מעראַכעם זייַן און זאָל די קינדערס האַרץ איבערקערן צו גוטן...

פּאַרשטייט זיך, אַביסל וועגן פּאַרנאָסע אויך; עס האָט געפעלט. עט!

יאָ, באַ וואָס האַלט איך? ער איז אַנטלאָפן...

האָב איך געמיינט, דער יונג האָט זיך אַ מיִיסע אָנגעטאָן, אָדער אַזוי פּאָר מאָרע־שכוירע ערגעץ פאַרקראָכן און פאַרבלאָנדזשעט... קומען אָבער אַרײַן כאַוויירים און דערציילן, אַז ער איז אַוועק! איבער דער גרענעץ איז ער! פּאָרטרעטן מאַכן וויל ער זיך לערנען. אַ שיינע פּאַרנאָסע? מען זאָגט כאָטש שטיבער מאָלן!

און פאַרוואָס, מיינט איר, האָט ער מיר צוויי יאָר נאָכאַנאַנד נישט געשריבן, ווּ איז ער? ערשטנס האָט ער טאַקע געליטן צאָרעס צרורעס: ווּ געטאָגט נישט גענעכטיקט, און הונגער, און דורשט, און האָט אי זיך געשעמט, אי אַף קיין מאַרקע נישט געהאַט, און צווייטנס — זאָל דער טאַטע נישט וויסן און קיין מוסער נישט שרײַבן. וואָרעם „פּן ישמע״... טאָמער שרײַבט ער, און עס גייט אין האַרץ אַרײַן! דער יעיִצער־האָרע ווייס זיך שוין ווי צו באַוואָרענען...

נאָר די מיידלעך, מיינט איר, זײַנען בעסער?

די עלטערע, סאָרע־לייע, וויל קלוימערשט נישט ליגן מיר אַפן קאָפּ. „עס פעלט אײַך אַליין" זאָגט זי. מײַן פלוינעסטע, אַלעאָ האַשאָלעם, באַ־שטייט. דעם סאָד וויים איך: מען האָט איר אַן אַלמען מיט קינדער גע־רעדט, האָט איר די ערד געברענט אונטער די פיס. דאָס זאָגט זי נאָר, אַז זי וויל זיך אַליין פּאַרדינען... אַ קאָמעדיע! קוים וואָס איך האָב גע־פּויעלט, זי זאָל מיר כאָטש נישט פאַרשוואַרצן דאָס פּאָנעם אין אָפּט... איז זי אַוועק קיין צויזמער. אַבי נישט קיין אַלמען! דעם עמעס זאָגנדיק, מיר אַליין איז אויך אַ שאָד געווען, אַ מיידל ווי אַ גאָלד, געבליט מאַמעש ווי אַ רויז. די מוטער אין די גוטע צײַטן אויסן אויג... און גיי ווער מיט אַמאָל אַ מאַמע פון פינף קינדער, און קיין שמאַלץ־גרוב איז עס אויך נישט געווען. אַ קליין טווּע־סויכערל, קוים ער האָט זיך געשפּײַזט, נאָר אַלץ בעסער ווי אין גרויען צאַפּ אַרײַן צו דינען! און עס האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, ווער עס איז גערעכט געווען!

זי קומט פון צויזמער קיין אָפּט אַף דער מאַמעס לעווײַע, ביילע־גיטל איז אויך געקומען. פון עק וועלט וואָלטן זיי געקומען! די עלטערע נישט: גראָד אין קינפּעט געלעגן. זיצט שיווע, און דערווײַל באַנקראָטירט דאָרט אין צויזמער איר באַלעבאָס, מאַכט פּלייטע, פאָרט אַוועק צו אַלדי־שוואַר־צע יאָר; דאָס ווײַב מיט די קינדער שיקט ער נאָך פריִער אַוועק צום שווער... עס בלײַבט קיין לעבעדיק נעפעש... און די באַלײַ־כויוועס

טרעטן צו צו דער שטוב, פֿאַרשרײַבן און ליציטירן אַלע זאַכן, און מײַן טאַכטערס קעסטל מיטן גאַנצן האָב אינדערמיט! אַז אַ העמד אַפֿן לײַב! און זי האָט זיך, נעבעך, געהאַט אָנגעקליבן אַ גאַנצן אויסשטײַער — און מיטאַמאָל — גאָרנישט! שרײַ איך צו איר: נאַ, זע, עס איז קיין דערעד נישט, גאָט וויל נישט אַזוי... און פּונקט האָט זיך ווײַטער געמאַכט אַ שידעך מיט אַ גאָרעש, אויך מיט קינדער און דאַווקע נישט קיין אָרע־מאָן, — הערט זי מיך? הייבט זי זיך אויף און אַנטלויפֿט, ווי זי שטייט און גייט, קיין לובלין... און דינט דאָרט ביזן הײַנטיקן טאָג... זי רעכנט נאָך צו קומען קיין וואַרשע. איך בין איר מויכל!

אַ פֿאָטאָגראַפֿיע האָט זי מיר געשיקט — שוין גאָרנישט דאָס קינד! גאָרנישט דאָס... גאָט ווייס, וואָס מיט איר טוט זיך... מעשונעדיקע אויגן עפּעס... איך האָב מוירע צו זאָגן: מאַמעש פֿאַרשאַרטע, הײַנטיקע צײַטן... אַ כאָסן, הער איך, האָט זי...

— ווען וועסטו כאַסענע האָבן? פֿרעג איך אין יעדן בריוו.

אַף אַלעם ענטפֿערט זי; אַף דעם — נישט!

---

נאָר דאָס אַלץ איז גאָרנישט קעגן דעם, וואָס די יונגערע האָט מיר געטאָן! דאָס קען קיין פֿאָלק זעלנער נישט טאָן...

אַ מיידל איז אַ נייטאָרן, זײַ אַ נייטאָרן! ווילסט אויך נישט כאַ־סענע האָבן, איז נישט! טו נאָך דער עלטערער שוועסטער! אַז עס איז אַ שטראָף פֿון זײַן ליבן נאָמען! ווילסטו, זוך דיר אַליין אַ כאָסן... די מאַמע, אַלעאַ־האַשאָלעם, לעבט נישט, בין איך דער גוטער, באַשטיי איך! זאָגט זי אָבער, אַז מען צאָלט איר אין אַפּט ווייניק, כאַפּט זי זיך אַריבער קיין אָסטראָווצע. איז דאָרט, אַפּאָנים, אויך נישט בעסער, איז זי מיר מוידיַע (זי איז כאָטש מוידיַע!), אַז זי פֿאָרט אַריבער קיין ראַדאָם... און פֿאָרן פֿאָרט זי אַליין! לעם־דין וועלעם־דאַ!ן — פֿאַר קיינעם קיין מוי־רע נישט! אין ראַדאָם ראָט מען איר, זי זאָל בעסער אַריבער קיין וואַרשע. וואָס איז באַ איר וואַרשע? פֿאָרט זי קיין וואַרשע און שרײַבט מיר פֿון דאָרט נאָכעם! פֿאַרדינט שוין אַזויפֿיל און אַזויפֿיל, מער פֿאַר סאָרע־לייען... אויב אי ך דאַרף, וועט זי מ י ר שיקן... מינאַסטאַם דאַרף איך נישט. דאָס הייסט, געדאַרפֿט וואָלט איך, איך האָב שוין געהאַט די שטוב פֿאַר־קויפֿט, נאָר — מויכל! דערנאָך ווערט שטיל. עס גייט אַוועק אַ כוידעש, צוויי און דרײַ כאָדאָשים — קיין טמונאַס־אָס; ווי אין וואַסער אַרײַן.

פאַרקויף איך דאָס לעצטע העמד און כאַפּ מיך אַראָפּ קיין וואַרשע — זי זיצט! דאָס סמאַרקאַטע מיידל ווערט אַ מוירעד בעמאַלכעס! אַז מען צאָלט איר נישט, וויפל זי וויל, וויל זי די וועלט איבערקערן, לויפט זי אַרום מיט אַ רויטער פאָן... בעט איך מיך, מען זאָל זי אָפּשמייסן און אַן עק; זאָגט מען מיר (און קוים איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס מען זאָגט!) אַז שמייסן טאָר מען נישט. בעט איך מיך: גיט זי מיר אין די הענט אַריין, אַ טאַטע מעג! הערט מען מיך ווי דעם ראָוו, און מען פאַרשיקט זי אין טיף רוסלאַנד... אַף גאַנצע פינף יאָר!

דערווייל האָב איך שוין נישט מיט וואָס צוריק אַהיימצופאָרן, שלאָגט מען מיר אָן אַ שולעכל צו דינגען, דינג איך אַ שולעכל, גיב די לעצטע פאָר רובל האַנט־געלט; עס גייט צו יאָמים־נויראָים, וועט זיין פּאַרנאָסע. מאַכט זיך אַ מייסע, נעכטיקט עמעץ אין שולעכל אָן אַ פּאַס, פונוואַנען זאָל איך ווּיסן, אַז אין שולעכל טאָר מען ביכלאַל נישט נעכטיקן און אָן אַ פּאַס איז סאַקאָנעס־נעפאָשעס? האָב איך דאָך אָבער זכוס־אָוועס פון טעכטערל — פאַרמאַכט מען מיר דאָס שולעכל... בעט איך זיך, הייסט מען מיר שרייבן פּראָשעניעס, נו, שרייב איך פּראָשעניעס... הענגט עס אַזוי... דערווייל רוקט זיך אָן די צייט, מאָנט מען בא מיר 300 רובל פאַר ביניאָמינען. און ער שרייבט, אַז פאָרטרעטן מאַכן קאָן ער שוין, באָרעך־האַשעם, נאָר פאַרדינען פאַרדינט ער נאָך נישט. דער־ווייל פאָרט ער אַריבער אַף אַ בעסער אָרט און וועט מיר שרייבן פון דאָרט!

---

זעט איר, פון דער ערשטער טאָכטער וואָלט איך יאָ נאַכעס געהאַט. אַ צאַדייקעס, שוין פינף קינדערלעך, באָרעך־האַשעם... נאָר אַז עס גייט, גייט! מאַכט זיך אַ מייסע, אַ סיבע, ראַכמאָנע־ליצלאַן! געטאָן האָב איך מיט אַ סויכער פון בראַטקאָוו, מיט אַן אָנגעשטאָפּטן אוישער. נו, גייט נאָך אַ פּאָר יאָר דער יונגערמאַן אַראָפּ פון קעסט און הייבט אַליין אָן צו האַנדלען מיט האָלץ. איך בין אַפילע געווען בערויגעז דערויף, — זיץ און לערן נאָך אַ פּאָר יאָר! מיילע, איך בין שוין געוווינט, אַז מיך הערט מען נישט. מאַכט זיך אָבער צווישן טאַטן מיטן זון מאַכלויקעס. דער טאַ־טע הייסט קויפן, נעמט ער און פאַרקויפט, און פאַרקערט. היינטיקע צייטן: די אייער זיינען שטענדיק קליגער פאַר הינער... איז ער דאָך אָבער מיין איידעם, און בעטעווע אַ קאָשערער יונגערמאַן, האָט ער מוירע, ער זאָל

נישט אויווער זײַן אַף קיבעד־אָוו, ציט ער זיך אויס קיין ראַכאָוו. דאַכט זיך, גלײַך? באַ דער ווײַכסל! פֿאַלט ער אַרײַן נישט, כאָלילע, מיטן מיס־כער. גאָר פּאַרקערט, דאָס געשעפט גייט קיין מײַסע נישט. נאָר גאָר אַ זײַ־טיקע זאַך! מאַכט זיך אין ראַכאָוו אַ סרייפע. יאָגט די פּאָליציי, מען זאָל ראַטעווען. שטייט אַ טויבער ייִד און הערט נישט, וואָס מען וויל פון אים. קומט אָן אַ נײַער סטראַזשניק, ווייס ער נישט, אַז דער ייִד איז טויב און הערט נישט, מיינט ער — אַ מוירעד בעמאַלכעס, דערלאַנגט ער אים אין קאַרק. איז דאָך מײַן איידעם אַ ברען פון אַ יונג, קאָן ער קיין אַוולעס נישט לײַדן, נעמט ער זיך אָן. צום שלימאַזל קאָן ער אַביסל רוסיש — רעדט ער אַנטקעגן. אַ וואָרט צו אַ וואָרט — ער לייזט אַ קלאַפּ! מיילע, אַז מען קריגט אַ קלאַפּ, איז נאָך קיין אומגליק נישט. ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז דער באַלעבאָס פון הויז איז געווען פריש אַסעקורירט, שיקט די אַסעקוראַציע אַראָפּ אירן אַ מענטש; איז ער כויקער וועדוירעש, צי עס איז נישט געווען אונטערגעלייגט. טײַנעט דער באַלעבאָס, אַז ער איז אין דעם טאָג גאָר אין דערהיים נישט געווען, ער איז גאָר געווען אַף אַ יאַ־ריד ערגעץ אין דער סוויווע. זאָגט דער כויקער וועדוירעש: „אַפּכאָ מסתברא“! ווי קומט אַ באַלעבאָס, וואָס פירט קיין מיסכער ניט, אַף אַ יאַ־ריד? האָסטו געהייסן אונטערלייגן? זוכט מען די שוטפים צו דער אַווירע, פֿאַלט דער כשאַד אַפן טויבן ייִד מיטן איידעם; באַאַשער בעכיין, זיי האָבן נישט געלאָזט ראַטעווען... זעצט מען דערווײַל אײַן! ווערט אַ גע־וואַלד, איז מען מוידיע דעם מעכוטן, קומט ער צולויפן און וויל שיטן מיט געלט, מאַכט מען, ערשטנס, אַ פּראָטאָקאָל אַף כוירעש... צווייטנס איז עס אַ סימען, אַז דער כשאַד איז אַ כשאַד! וואָס זאָל איך אײַך לאַנג ברײַען? ער איז אָפּגעזעסן זעקס כאַדאָשים און איז בעדיל האַדאָל גע־וואָרן! דאָס האָלץ אַף דער ווײַסל האָט זיך צעשלאָגן, די כויוועס זײַנען געוואַקסן... ער האָט נאָך דעם פֿאָטער מיטגעשלעפּט...

די טאָכטער פרעגט מיך אָן, צי קאָן איך נישט צו הילף קומען מיט אַ פּאָר גילדן!

באַ, מען זאָל מיר עפּענען דאָס שולעכל, עפּשער יאָ!

איר האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז עס דרייט זיך צווישן אײַך אַרום אַ ייִד מיט אַזוינע שטיינער אין בויך?

נאָך וואָס האָב איך אײַך געזאָלט דערציילן? איין מענטש דעם אַנ־

דערן העלפט נישט. העלפן קאָן נאָר האַשעם יִתבאָרעך... נאָר הײַנט איז מיר שוין דאָס האַרץ איבערגעגאַנגען, האָט עס זיך אויסגעגאָסן...

אַ פּאָר מײַל פון אַפּט, — דער קאָפּ איז מיר אַזוי פאַרדרייט, אַז איך האָב פאַרגעסן ווי דאָס דאָרף הייסט — זיצט אַן אַרענדאַר, אָבער ער זיצט — אַף אַלע ייִדן געזאָגט! אַפילע אַ שאָפל, קוים איוורע, און וויים איך, אַ מישפּאָכע! נאָר אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם, ווערט ער פון גאָרנישט אַ פאַקטאָר באַם יונגן פּאָרעץ... אַז דעם פּאָרעץ האָט זיך פאַרגלוסט אויסלענדיש אוילעם־האַזע, פאָרט ער זיך אַוועק, און לאָזט אים איבער דאָס מילכיקס — עטלעכע און זעכציק קי, שאַרט ער! דער פּאָרעץ דאַרף וואָס אַמאָל מער געלט — ווערט פון יאָסלען — יויסעף הייסט ער — אַן אַרענדאַר; צוויי דערפער! אַז גאָט וויל! האָט ער אַ טאָכ־טער, דער יויסעף, אַ מיידל אַפילע נישט זייער קיין שיינס, — קעגן מײַנע — „כקוף בפני אדם"... נאָר געטוישט וואָלט איך מיך. אַ שטילס, אַ פרומס, אַן עמעס באַלעבאַטיש קינד. איך וויים נישט, ווי עס קומט גאָר אין דאָרף אַרײַן צו אַזאַ אַמאָרעץ! אַ ווײַב האָט ער — עט, איך וויל נישט באַריידן, נאָר אין אַ ייִדיש הויז קאָן מען זי נישט לאָזן. אַז זי קומט אַף יאָמים־נוויראָים קיין אַפּט, האָבן די ווײַבער אין שיל דאָס געהע־נעם — אַן אויפגעקומען (אַמאָל אַ שיפכע געווען) שטיק מאַרשאַאַס! נאָר ווײַטער דאָס אייגענע — אַז גאָט וויל, געראָטן קינדער אויך. איר האָט געזאָלט זען איר דאַווענען אַלע אינדערפרי; איר האַכנאָסאַס־אָרכים, אַז עמעץ קומט אין דאָרף אַרײַן; איר דערעכערעץ פאַר אַ ייִד אַ לאַמדן... וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? אַ בראָכע פון גאָט. קומט ער אַמאָל, דער יאָסל, דאַכט זיך ראָשעשאָנע צי סוקעס, צו מיר אַף דער מיזרעד־וואַנט אַרויף, און מאַכט צו מיר: ר' כאַיִם, איך גיב עלעף קאַרבן! — ביניאָמין, הייסט עס, איז אים אין די אויגן אַרײַנגעפאַלן... מען האָט נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, וואָס אין אים שטעקט, און אַ שיין ייִנגל איז ער געווען און מיט אַ ראַכמאָנעס־פּענעמל... מיילע, וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, ווערט מיר היים אין אַלע איוורים. יאָ, טאַקע ראָשעשאָנע איז עס געווען. פאַרן לאַמנאַצייעד, מען האָט געוואַרט אַפן באַל־טקיִע... זאָג איך אים: „נישט אַצינד איז די צײַט!" איך וויל דאָך נישט צופאַלן, ווי צו אַ הייסע בולקע, „נאָך יאָנטעוו — זאָג איך — שיק איך אַ שאַדכן!" איך זאָג אים „דו", איך קען דאָך אים, זינט ער איז נאָך וויים־איך־וואָס געווען — באַם בע־קער געגעכטיקט, געוואָלט זיך פאַר אַ באַהעלפער שטעלן, און האָט זיך

קיין איוורע נישט געקענט אויסלערנען... שיקט ער נאָך יאָנטעוו אַ שאַדכן, מייַן בינימינען, פֿאַרשטייט זיך, שטעלט זיך קאַפּויער; זי, אָלעאָ־האַשאָלעם, איז שוין גאָר שוואַך געווען, האַלט זי מיט בינימינען. אַהער, אַהין, איך ווער דערווייַל געוואָר, אַז דער אייגענער שאַדכן האָט איבערגעדרייט דעם אייסעק אַף אַ שידעך פֿון וואַרשע, מיט אַ פֿלייש־הענדלער, עפּשער קענט איר אים, רעגנבויגן הייסט ער. נו, פֿאַרפֿאַלן, נישט קיין זיווועג אַפּאָנים. ווער איך יענע וואָך געוואָר, אַז דער אייגענער רעגנבויגן שטעלט צו פֿלייש אין טפֿיסע אַרייַן און איז אַ קאָרעוו־לעמאַלכעס — אויסגעקאָכט מיט אַלע קנעפּ. דאַרף איך דאָך וועגן דער שול אַ פּראָטעקציע, פֿרעג איך מיך נאָך

— עס האָט מיך געקאָסט גענוג געזונט און טירכע, — ווו דאָס פֿאָרפֿאָלק וווינט, און לאָז מיך אַהין. זי קאָן דאָך מיך, וועט זי בעטן דעם מאַן; ער — דעם פֿאָטער, עפּשער וועט עס פּויעל־יויצע זייַן. זאָל כאָטש זייַן אַן עק, אָדער עפּענען, אָדער אָפּזאָגן! לאָמיך נישט הענגען אין דער לופֿטן. וועט מען מיר אָפּזאָגן — לאָז איך מיך צופֿוס קיין אַפּט. דאָרט, ווי עס איז, וועט מען מיך נישט לאָזן אויסגיין אין דאַכקעס. וואַרשע איז דאָך אַ טהאָם! קום איך אַהין — לאָזט זיך וועגן פּראָטעקציע אויס אַ בוידעם, עס איז גאָר נישט דאָס פּאַד. מיין אייסעק איז אין ראָטהויז, און ער שטעלט צו צום פּאַוויאַק... עס איז גאָר נישט דאָס, אַ שפּאַס — וואַרשע!

דערווייַל האָט מען מיך פֿאַרבעטן אַף שאַבעס. ער אַפֿילע נישט. אַ וואַרשעווער פּראַנט, און איך, — איר זעט דאָך! קוקט ער אַף מיר ווי אַ האָן אין בניי־אָדאָם — ער וווינט דאָך אַף דער מאַרשאַלקאָווסקי־גאַס! נאָר זי, זי ווייס דאָך, ווער איך בין! כאַלעשט זי, איך זאָל קומען. זאָלט איר זען אַ באַלעבאַטישקייט! דרייַ שטובן מיט אַ קיך, געבעט מעבל, און דער פֿאָטער אירער שיקט פֿון דאָרף פֿון אַלעם גוטן: מעל, הינער, איינדיקעס — — — און זי איז אַ קאָשערע צנוּע, אַזאַ מין גוטסקייט, אַזאַ יִדישער כיין... טראָגט אַפֿילע נישט די אייגענע האָר... און דער באַכער מוז זיך, איר צוליב, וואַשן צום עסן, מוז בענטשן, זי לאָזט אים נישט אָפּ... אָ!

טראַכט איך מיר — — נאָר וואָס העלפֿט דאָ טראַכטן? נישט באַשערט געווען! נאָר ביטער אַפֿן האַרץ איז מיר געוואָרן. ווייס איך, צי מייַן בינימין וועט אַמאָל כאַסענע האָבן, און ווער זייַן זיווועג וועט זייַן?

מער אַהין גיי איך נישט!

---

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

כאַמישאָסאָר (חמשה עשר) — געמיינט: כאַמישאַ־אָסאָר בישוואַט, דעם 15־טן טאָג אין כוידעש שוואַט. אַ האַלבער יאָנטעוו באַ רעליגיעזע יידן. אין דעם טאָג איז אַ מינהעג צו עסן באָקסער, מאַנדלען, ראָזשינקעס אאַז"וו.

יעקסיוועטע — געדרוקטע אויסיִעס געמאַכט מיט דער האַנט.

ראַשייטיוועס (ראשי תיבות) — די ערשטע אויסיִעס פון עטלעכע ווערטער וואָס ווערן געברויכט אַנשטאָט די ווערטער גופא.

דער אַפּטער צאַדיק — אַווראַהאַם יעהוישוע־העשל אַפּטער, אַ באַוווסטער ראָוו.

אונסאַנע טויקעף (ונתנה תוקף) — אַ טפילע, וואָס ווערט געזאָגט ראָשע־שאָנע און יאָנקיפּער. אין דער דאָזיקער טפילע רעדט זיך וועגן דעם, אַז אין די דאָזיקע טעג מישפּעט גאָט צו, וואָס מיט דעם מענטשן זאָל געשען אין מעשעך פונעם יאָר. דעריבער ווערט אין בעסמעדרעש געוויינלעך באַם זאָגן די טפילע אַ גרויסער געוויין, באַזונדערס אין דער ווייבער־שול.

באַר־נאָש (בר נש) — אַ מענטשן־קינד, ד"ה אַ מענטש.

טוירע ציוואָ לאָנו (תורה צוה לנו) — אַן אינדערפריִקע טפילע פאַר מיידלעך.

שאָלעם־זאָכער (שלום זכר) — רעליגיעזע פייערונג פון דער געבורט פון אַ יינגל.

אַל אַפּוי וועאַל כאַמאָסוי (על אפו ועל חמתו) — דערווידער זיין ווילן.

איליוי (עלוי) — אַ וווּנדער־קינד, וואָס ווייזט אַרויס גרויסע פעיִקייטן צום לערנען.

בייס־האַכאַיִם (בית החיים) — בעסאַלמען.

דרייַ הונדערט רובל קנאַס — 300 רובל שטראָף, וואָס די עלטערן אָדער נאָענטע קרוווים פון אַ פּריזיווניק האָבן אינעם צאַרישן רוסלאַנד געדאַרפט צאָלן, אויב ער פלעגט זיך ניט שטעלן צום פּריזיוו.

באָם איי מיטן בייגל — אַזאַ איז דאָס עסן פון אַן אוול, אַלס סימען פון טרויער.

נאַפשוי קשוראַ בענאַפשאָ (נפשו קשורה בנפשה) — זיין זעל איז אַנגעקניפּט אין איר זעל; ער איז צו איר זייער צוגעבונדן.

קייסער־מענטשן — סאָלדאַטן.

פען יישמאָ (פן ישמע) — טאָמער וועט ער הערן.

לעס דין וועלעס דאַיען (לית דין ולית דיין) — ניטאָ קיין געזעץ און ניטאָ קיין ריכטער.

מוירעד בעמאַלכוס (מורד במלכות) — אַ ווידערשפּעניקער קעגן דעם קייסער.

כויקער וועדוירעש (חוקר ודורש) זיין — אויספאָרשן, אויספרעגן.

איפּכאַ מיסטאַוורע (אפכא מסתברא) — פּונקט פאַרקערט.

כוירעש (חורש) — כאַבאַר.

שאָפל (שפל) — דאָ: אַ נידעריקער מענטש.

קעקויף ביפּניי אָדאָם (כקוף בפּני אדם) — ווי אַ מאַלפּע קעגן אַ מענטשן.

לאַמנאַצייעד (למנצח) — דאָ: אַ טפילע פאַרן שויפער־בלאָזן ראַשעשאָנע.

קאָרעוו לעמאַלכעס (קרוב למלכות) — אַ מענטש, וואָס איז נאָענט צו דער רעגירונג.

ראָטהויז, פּאַוויאַק — נעמען פון טורמעס אין וואַרשע.

ווי אַ האָן אין בניי־אָדאָם — דער אויסדרוק שטאַמט פון דער רעליגיעזער צערעמאָניע צו שלאָגן קאַפּאָרעס ערעוו יאָנקיפּער. די צערעמאָניע באַשטייט אין דרייען איבערן קאָפּ אַ האָן אָדער אַ הון און זאָגן דערביי אַ טפילע, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „בניי־אָדאָם". קוקן ווי אַ האָן אין „בניי־אָדאָם" באַטייט: קוקן און גאָרניט פאַרשטיין.

פון וואַנען נעמט זיך:

# „ער שפּילט פאַרן טיַיוול"

## (אַ פאַנטאַזיע)

ער האָט געקאַנט זיַין אַ קלעזמער, וואָס האָט זיך איַין אַ מיידל אַף אַ כאַסענע פאַרליבט. ער האָט זעלטן, זעלטן־שיין און טרויעריק געשפּילט, וויַיל ער האָט באַמערקט, אַז זי הערט, פילט און פאַרשטייט אים.

אַף דער כאַסענע, ווו זי איז געווען, האָט ער געשפּילט שטענדיק וויינענדיק, שטענדיק האַרץ־רייַסנדיק; שטענדיק האָט זיך זיַין וויַיטיק גע־גאָסן און געגאָסן.

און דער אוילעם האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז, און האָט דערביַי „מיצווע־טענץ" געטאַנצט; זי איינע האָט פאַרשטאַנען, און די ליכט אין אירע אויגן, אָדער דער פיַיכטער טוי אין זיי, האָט אַף זיַין שפּילן געענטפערט.

איז אָבער זי אַף דער כאַסענע נישט געווען, האָט ער גליַיך ווי אַלע אָנגעהויבן גרימפּלען און רופן:

— שאַבעס! שאַבעס!

עס האָט געהילעכט, געשאַרפּעט, געריסן, די געדערעם איבערגע־וואָרפן...

און דער אוילעם האָט געזאָגט:

— היַינט שפּילט ער ווויל! ער ריַיסט איין סטרונע נאָך דער צווייטער!

דערנאָך האָט ער אַף איר אייגענער כאַסענע געשפּילט.

זי איז אַ יעסוימע געווען, און באַם אייל־מאָלע־ראַכמים האָט די פידל אַזוי יאָמערלעך געוויינט, אַזוי געקלעמט, אַזוי געקרעכצט, אַז...

אַז די מענער האָבן געוויינט ווי ווײַבער, און ווײַבער האָבן געכאַלעשט.
— דער טײַוול שטעקט אין זײַן פידל, — האָט מען געזאָגט.
און ערשט, אַז די קאַלע האָט אָנגעהייבן כאַלעשן און ווײַבער האָבן זיך מיט קרעמפּן צעלאַכט, האָט מען אים די פידל פון די הענט אַרויסגעריסן.
דעמאָלט ערשט האָט מען באַמערקט, אַז ער האָט גלעזערנע אויגן . . . דערנאָך האָט ער צײַט לאַנג נישט געשפּילט.
ער איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, עפּשער ערגעץ קראַנק געלעגן . . . אין אַ צײַט אַרום האָט מען אים ווידער אין קאַפּעליע געזען, נאָר — קוים דערקענט . . . בלאַס, אויסגעמאָגערט, מיט פאַרלאָשענע אויגן; גאָרנישט דער מענטש, און גאָרנישט דאָס שפּילן. ער האָט שוין מער קיין שטייגער נישט געשפּילט, אַפילו נישט פרים געהאַלטן. אַן אַנדערער האָט געשפּילט פרים, און ער האָט צוגעהאָלפן, זיצנדיק, נישט רירעוודיק . . .
איינמאָל האָט ער זי׳דערזען בײַ׳ן אַ „וועטשערע״. ער איז אויפגעשפּרונגען, אויסגעריסן די פידל בײַם פרים און אָנגעהייבן שפּילן. שפּילן ווי אַמאָל: דאָס אויג פלאַמט, דאָס האַרץ דריקט, די פידל וויינט —
נאָר קיינער הערט נישט . . . זי הערט אויך נישט! זי האָט זיך צוריק פאַרמישט צווישן די ווײַבער, ער זעט זי נישט, איר בליק ענטפערט נישט —
— איי, קלעזמער! — שרײַט אַ מעכוטן — שפּילט עפּעס פרייליכעס צו דער וועטשערע! כאַפּט ער אַ פידל, וואַרפט צו דער ערד און אַנטלויפט.
— אין דעם יונג שטעקט דער טײַוול, — האָט מען געזאָגט.
פון דעמאָלט אָן האָט ער גאָר אויפגעהערט צו שפּילן אַף כאַסענעס. דער אַל פון פאַרנאָסע איז אינגאַנצן אַפן ווײַב געפאַלן; ער איז געזעסן אין שטוב, שטענדיק מיד, בלאַס, אָן קויעך.
דאָס ווײַב האָט געזאָגט: אַ דיבעק, און געמאַכט זיך אַ שטעל אַפן מאַרק מיט געקאָכטן אַרבעס.
זי דאַנקט און לויבט דעם אייבערשטן, וואָס האָט זי געשטראָפט מיט ראַכמאָנעס, וואָס האָט איר אַ גוטן דיבעק געשיקט. אַן אַנדערער שלאָגט און האַרגעט און האַקט אויס שויבן. דער דיבעק איז כאָטש אַ גוטער, אַ שטילער. וואָלט זי געהאַט געלט, וואָלט זי צו׳ן אַ גוטן ייִד געפאָרן.
— ער איז אַזוי גוט, — רימט זי זיך, — אַז ער שעלט אַפילו נישט. אַמאָל פלעגט אים גיכער אַ קלאָלע אַרויס פון מויל; הײַנט איז ער שטיל

ווי אַ טויב. ער וויל אַפילו נישט עסן... גיט מען אים, עסט ער, נישט — נישט!

נאָר טיילמאָל, האַלבע נאַכט, מערסטנטיילס אין אַ לעוואָנע־נאַכט — הייבט ער זיך אויף, נעמט אַראָפּ די פידל פון וואַנט, זעצט זיך צום פענצ־טער און שפּילט.

ער שפּילט אַמאָל וויינענדיק, אַמאָל לאַכנדיק; אַמאָל בעט ער, אַמאָל בייזערט ער זיך, אַמאָל רײַסט ער די סטרונעס, אַמאָל גלעט ער זיי אַזוי איידל, אַזוי פײַן, אַזוי האַרצנדיק ווייך, אַז עס צעגייט אין אַלע גלידער...

און דער עולם זאָגט:

— ער שפּילט פאַרן טײַוול.

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

מ י צ ו ו ע ־ ט אַ נ ץ — אַזוי הייסט דער טאַנץ, וואָס די געסט טאַנצן מיט דער כּלה נאָך דער חופּה.

# מאָשיִעכס צייַטן

אַזוי ווי אין אַלע ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע, איז אויך געווען אין דער קעהילע, ווו מייַנע עלטערן האָבן געוווינט, אַ מעשוגענער.

ווי געוויינלעך האָט דער מעשוגענער פאַר קיינעם נישט קיין מוירע געהאַט, נישט פאַרן קאָהאָל, נישט פאַרן ראָוו און דאַיאָנים, אַפילע נישט פאַר דעם בעדער מיטן קוואָרעס־ייִד, פאַר וועלכע די גרעסטע גווירים שרעקן זיך. פאַר דאָס האָט דאָס גאַנצע שטעטל, גאַנץ קאָהאָל מיט דעם גאַנצן קליי־קוידעש, מיטן בעדער און מיטן קוואָרעס־ייִד, געציטערט פאַר דעם מעשוגענעם און פאַרמאַכט פאַר אים טיר און טויער. און אויבוואָל דער אָרעמער מעשוגענער האָט קיינעם נישט גערעדט קיין שלעכט וואָרט, קיינעם נישט אָנגערירט מיטן מינדסטן פינגער; האָבן אַף אים אַלע געשריגן, מאַנכע געשלאָגן, און די גאַסן־יונגען פלעגן אים נאָכוואַרפן בלאָטע און שטיינער.

איך האָב טאָמיד ראַכמאָנעס געהאַט אַף דעם מעשוגענעם. עס האָט מיך עפּעס צו אים געצויגן, איך האָב מיט אים געוואָלט ריידן, אים טרייסטן, אַ גלעט טאָן, נאָר צוגיין צו אים איז געווען אוממעגלעך. איך וואָלט באַקומען אַ טייל פון דער בלאָטע און די שטיינער, מיט וועלכע מען פלעגט אים באָמבאַרדירן. איך בין געווען אַ יונג קינד, איך האָב געטראָגן אַ פייַנעם אָנצוג פון לעמבערג אָדער פון קראָקע און האָב מיר אָפּגעהיטן מייַנע פּלייצעס פון שטיינער און מייַן אַנצוג פון בלאָטע, און זיך געהאַלטן פון וויַיטנס.

דאָס שטעטל, ווו מייַנע עלטערן האָבן געוווינט און איך האָב איבערגעלעבט מייַנע קינדער־יאָרן אין אַנצוגן פון לעמבערגער און קראָקעווער שנייַדערס, איז געווען אַ פעסטונג, אַרומגעצוימט מיט גריבער, וואַ־

סער, וואלן און הויכע מויערן. אף די מויערן זיינען געשטאנען הארמאטן און זעלנער מיט ביקסן האבן זיי געהיטן, מארשירנדיק אויף און אפ ערנסט און שווייגנדיק. קוים איז נאר צוגעפאלן די נאכט, האט מען אויפגעהייבן די אייזערנע בריק איבערן וואסער, פארשלאסן אלע טויערן און אפגעריסן דאס שטעטל פון דער רעשט וועלט ביז אינדערפרי. בא יעדן פארמאכטן טויער איז געשטאנען א וואך, באוואפנט פון קאפ ביז די פיס.

ערשט נישט לאנג, באטאג, זיינען מיר אלע פריי געווען, מען האט געמעגט גיין ארויס און ארײַן, נישט אנגעפרעגט צוערשט באם פלאץ־מאיאר; מען האט זיך אויך געמעגט באדן אין טייך הינטער דער שטאט, אפילע זיך אויסציִען אף דער גרינער לאנקע באם טייך און קוקן אין הימל ארײַן, אדער ווייט ערגעץ אין דער וועלט ארײַן, ווי איינער האט געוואלט. קיינער האט נישט פאר דעם קיין שלעכט ווארט גערעדט. איז עמעץ אפילע נישט צוריקגעקומען, האט מען אף אים נישט געפרעגט. נאר באנאכט, האט מען געוואלט, זאל זיין שטיל אין שטעטל, מען זאל זיך נישט ארויס און נישט ארײַנדרייען. א „גליק", פלעג איך דעמאלט קלערן בא מיר, „וואס מען לאזט אונדז כאטש ארײַן די לעוואנע" . . .

און אזוי לאנג איך וועל לעבן, וועל איך נישט פארגעסן דעם „בײַן־האשמאשעס", דאס צופאלן פון דער נאכט. צוזאמען מיט דעם אוונטלעכן שאטן פארשפרייט זיך א שוידער איבער דעם גאנצן שטעטל, מענטשן און הײַזער ווערן פלוצלינג ווי אײַנגעהויקערטער. מען ציט די בריק, די אײַזערנע קייטן רײַבן זיך אן די אומגעהייערע בלאקן; דאס אײַזערנע קראצן, די הארטע, אפגעריסענע טענער פארן דורך די ביינער. דערנאך פאלט־צו א טויער נאך א טויער. יעדן אוונט געשעט דאס זעלבע, און דאך ציטערן יעדעס מאל די פיס אונטער דעם מענטש, א שטומפיקע מידקייט לייגט זיך אף אלע פענעמער, אלע אויגן לעשן זיך אוים ווי בא טויטע, די ברעמען פאלן אראפ ווי בלײַערנע, דאס הארץ בלײַבט שטיל און מען אטעמט קוים. דערנאך הייבט־אן דער פאטרול צו קורסירן אין די גאסן, עס קלאפן די נאכגעלאזטע שווערדן אן די גרויסע וואסער־שטיוול, די באגנעטן בליש־טשען און מען שרײַט: „ווער־דא?" אף דעם מוז מען ענטפערן: „א היי־מישער, אן איינגענער!" אז נישט, ווייסט גאט צו־וואס עס קאן קומען. מאנכע פלעגן זיך שוין בעסער פארמאכן הינטער שלאס און ריגל, זיי האבן מוירע זיך אפילע ארויסצווײַזן אף דער גאס . . .

---

איינמאָל האָט זיך מיר געמאַכט אַ צופאַל: איך האָב מיך געבאָדן הינטער דער שטאָט, איך האָב מיך פאַרקוקט, צי פאַרטראַכט, צי גלאַט אַזוי פאַרגעסן, אַז נאָך טאָג גייט נאַכט; פּלוצלינג זע איך, ווי מען הייבט די בריק; עס שנײַדט אין די אויערן, עס פאַלן צו די טויערן, עס קנאַקט און שלאָגט זיך אָפּ מיר אין האַרץ. פאַרפאַלן! איך מוז שוין בלײַבן איבער נאַכט הינטער דער שטאָט... און אַ וווּנדערלעכע זאַך: ליגנדיק אינדערהיים, אין וואַרעמען בעט, פלעגט זיך מיר נאַכט אָף נאַכט כאָלעמען פון דער פרײַער וועלט אויסער דער פעסטונג; און דאָס ערשטע מאָל, אַז מײַן כאָלעם איז מעקוייעם געוואָרן, איז מיך באַפאַלן אַ שרעק! עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוווּסטער שטרײַט צווישן קאָפּ און האַרץ. דער קאָפּ האָט גערופן: רויִק, געניס אויך אַמאָל די ריינע, פרײַע לופט, דעם אויסגעשטערנטן פרײַען הימל. און דאָס האַרץ האָט זיך געטאָן זײַנס, געוואָרפן זיך און געצאַפּלט, צום אַרויסשפּרינגען. דערנאָך האָט זיך מיר אויפגעהויבן ווי אַ דונסט, ווי אַ נעפּל פון שווערן האַרץ און איז מיר געשטיגן אין קאָפּ אַרײַן. דער פרײַער געדאַנק איז געוואָרן טונקל און טונקעלער, און איז באַלד אונטערגעגאַנגען אונטער דעם וואָלקן. עס האָט מיר אָנגעהויבן צו קלינגען אין די אויערן און צו פינטלען אין די אויגן. מיט יעדן לײַכטן גערויש, פון יעדן לײַכטן שאָטן פון אַ צווײַג, פון קלענסטן גרעזל, האָט זיך מיר אַרײַנגעזאַפּט דורך די אויגן, ווי דורך די אויערן, אַ מין שוידער, אַ שרעק, וואָס האָט מיך געוואָרפן אָף דער ערד!

איך האָב באַהאַלטן דאָס פּאָנעם אין זאַמד...

צי בין איך געשלאָפן, צי ניין, און ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגן — אַסער אויב איך ווייס! נאָר פּלוצלינג האָב איך דערהערט, אַז מען אָטעמט נאָענט לעבן מיר. איך שפּרינג אויף. איך בין נישט אַליין. צוויי גוט באַקאַנטע, טיפע, שוואַרצע אויגן קוקן אָף מיר האַרציק און געטרײַ.

עס איז געווען דער מעשוגענער.

— וואָס טוסטו דאָ? — פרעג איך מיט אַ דומפּיקער שטימע.

— איך שלאָף קיינמאָל נישט אין שטאָט! — ענטפערט ער מיר טרויעריק, און דער בליק זײַנער איז אַזוי ווייך, די שטימע אַזוי ברידערלעך, אַז איך קום צו מיר אינגאַנצן און פאַרגעס מײַן שרעק.

אַמאָל, דערמאָן איך מיך פּלוצלינג, פלעגט מען האַלטן מעשוגאָים פאַר נעוויאים — אין די מאָרגנלענדער איז דאָס נאָך ביז הײַנט — און איך פרעג מיך: צי איז ער נישטווירקלעך איינער פון זיי? צי יאָגט מען

אים נישט ווי אַ נאָווי? צי וואַרפט מען אים נישט נאָך קיין שטיינער ווי אַ נאָווי? צי לײַכטן אים נישט די אויגן ווי די שטערן? צי קלינגט נישט זײַן שטימע ווי די פײַנסטע האַרפע? צי ליגט נישט אין אים דער שמערץ פאַר אַלע, דאָס לײַדן פאַרן גאַנצן דאָר? עפּשער ווייסט ער טאַקע אויך, וואָס שפּעטער וועט זײַן?...

איך פּרוּוו און הייב־אָן צו פרעגן, און ער ענטפערט מיר אַזוי שטיל, אַזוי זיס, אַז עס דאַכט זיך מיר טיילמאָל, אַז עס איז נאָר אַ כאָלעם, אַ זיסער כאָלעם פון אַ זומער־נאַכט אַף יענער זײַט פעסטונג.

— דו גלייבסט אין מאָשיִעכס צײַטן? — פרעג איך אים.

— געוויס! — ענטפערט ער שטיל און זיכער. — מאָשיִעך מוז קומען!

— ער מוז?!

— גאַנץ זיכער! אַלע וואַרטן אַף אים, אַפּילע הימל און ערד וואַרטן! ווען נישט, וואָלט זיך קיינעם נישט געגלוסט צו לעבן, צו טאָן די האַנט אין קאַלט וואַסער... און אויב מען לעבט און מען טוט, גלײַך מען וויל לעבן, איז אַ סימען, אַז אַלע פילן, אַז מאָשיִעך קומט, אַז ער מוז קומען, אַז ער איז שוין אין וועג...

— צי איז עמעס, — פרעג איך ווײַטער, — אַז פריִער וועלן זײַן שרעקלעכע מילכאָמעס איבער פאַלשע מאָשיִעכן, די מענטשן וועלן זיך אַרומרײַסן ווי ווילדע כײַעס, די ערד וועט אײַנגעזאַפּט ווערן מיט בלוט; טײַכן בלוט וועלן פליסן פון מיזרעך קיין מײַרעוו און פון דאַרעם קיין צאָפן, אַלע כײַעס, בעהיימעס וועלן טרינקען מענטשן־בלוט; אַלע פעלדער, אַלע גערטנער, אַלע טראַקטן און אַלע וועגן וועלן פאַרגאָסן ווערן מיט מענטשן־בלוט... און אינמיטן דער צײַט פון בלוטיקן מאַבל וועט זיך ערשט באַווײַזן דער עמעסער מאָשיִעך, דער ר ע כ ט ע ר... איז דאָס עמעס?

— עמעס!

— און מען וועט אים דערקענען?

— יעדער וועט אים דערקענען, עס וועט קיינער נישט האָבן קיין טאָעס. ער וועט זײַן מאָשיִעך מיט יעדער מינע, מיט יעדן וואָרט, מיט יעדן בליק. ער וועט נישט האָבן קיין כאַיאָלעס, ער וועט נישט רײַטן אַף קיין פערד, און אַ שווערד וועט אים נישט הענגען אַף די לענדן...

— וואָס דען?

— פֿליגל וועט ער האָבן... מאָשיִעך וועט האָבן פֿליגל, און אַלע וועלן דערנאָך באַקומען פֿליגל. עס וועט זײַן אַזוי: פֿלוצלינג וועט געבוירן ווערן אַ קינד מיט פֿליגל, דערנאָך — אַ צווייטס, אַ דריטס און אַזוי וועט עס שוין גיין קעסיידער... פֿריִער וועלן זיך די מענטשן דערשרעקן, דערנאָך וועט מען זיך צוגעוווינען, ביז ע סוועט אַרויסקומען אַ גאַנץ דאָר מיט פֿליגל; אַ דאָר, וואָס וועט זיך נישט מער וועלן וואַלגערן אין דער בלאָטע, און וועט זיך נישט מער רײַסן איבער אַ פּאַרנאָסע־ווערעמל...

לאַנג נאָך האָט ער אַזוי גערעדט, נאָר איך האָב אים אויפֿגעהערט צו פֿאַרשטיין. זײַן שטימע איז דאָך געווען אַזוי אומעטיק־זיס, אַז איך האָב זי אײַנגעזאַפּט אין מיר ווי אַ שוואָם. אַז ער האָט אויפֿגעהערט צו רעדן, האָט שוין געטאָגט, מען האָט שוין די טויערן געעפֿנט און די בריק אַראָפּגעלאָזט...

זײַט יענער נאַכט אויסער דער פּעסטונג איז מיר דאָס לעבן אין איר נאָך שווערער, נאָך אומדערטרעגלעכער געוואָרן. די אַלטע מויערן, די קראַנצנדיקע אויפֿגעצויגענע בריק, די אײַזערנע טויערן, די וואַכטן און פּאַטרולן, דער הייזעריק־צאָרנדיקער: „ווער־דאָ?", דער אונטערטעניק־פֿאַלשער: „אַ היימישער, אַן אייגענער!", דאָס אייביקע ציטערן פֿון די ליימיקע פּענעמער, די איבערגעשראָקענע האַלב־פֿאַרלאָשענע אויגן, דער מאַרק מיט די פֿאַרבלאָנקטע, ציטערדיק־פֿוילע שאָטנס, — דאָס אַלץ האָט זיך מיר געלייגט ווי אַ בלײַ אַף דער נעשאָמע, נישט אָפּצואָטעמען, נישט פֿרײַ צו ווערן... עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ האַרץ־ווייטיק, עס האָט מיך דורכגענומען אַ שרעקלעכע בענקשאַפֿט. און איך האָב באַשלאָסן, מאָשיִעכן אַנטקעגנצופֿאָרן...

---

איך זעץ מיך אַף דעם ערשטן בעסטן וואָגן. דער באַלעגאָלע דרייט זיך צו מיר איבער און פֿרעגט:

— וווּ־אַהין?

— וווּ דו ווילסט! — ענטפֿער איך — נאָר אַוועק, ווײַט, ווײַט פֿון דאַנען!

— אַף ווי לאַנג?

— ווי לאַנג דאָס פֿערד וועט אויסהאַלטן!...

דער באַלעגאָלע נעמט די לייצן אין האַנט און מיר פֿאָרן.

מיר פֿאָרן אַלץ ווײַטער און ווײַטער. אַנדערע פֿעלדער, אַנדערע וועל־

דער, אַנדערע דערפֿער, אַנדערע שטעט, אַלצדינג אַנדערש; עס איז אָבער נאָר אַנדערש פֿון אויבן, דער טאָך איז שטענדיק דער זעלביקער. אַז איך האָב מיך גוט אײַנגעקוקט, איז איבעראַל און אַף אַלעם געלעגן די זעלבע מאָרעשכוירע, יעדער מענטשן־בליק איז געווען ציטערדיק־פֿאַלש, יעדער טאָן — איבערגעבראָכן און שטאָלפּעריק... אַף אַלץ איז געלעגן אַ טרויעריקער נעפּל, וואָס האָט פֿאַרשטעלט יעדן שײַן און האָט געלאָשן יעדע פֿרייד. אַלץ איז געווען צוזאַמענגעדריקט און פֿאַרשטיקט. און איך שרײַ אַלץ אײנאײנעם: „ווײַטער״!... איך הענג אָבער אָפּ פֿון באַלעגאָלע און דער באַלעגאָלע פֿון פֿערד... דאָס פֿערד וויל עסן, און מיר מוזן זיך אָפּשטעלן.

איך קום אין אַ קרעטשמע אַרײַן. עס איז אַ גרויסע שטוב, איבער־געטײלט אין דער העלפֿט מיט אַן אַלטער פֿאָרהאַנג, וואָס גייט פֿון איין וואַנט צו דער צווייטער. אין דער זײַט פֿאָרהאַנג זיצן דרײַ מענער בײַ אַ גרויסן טיש. זיי באַמערקן מיך נישט, און איך האָב צײַט זיי צו באַ־טראַכטן. עס זײַנען דרײַ דווירעס. דער עלטסטער איז גראָ ווי אַ טויב, דאָך זיצט ער גלײַך און קוקט מיט שאַרפֿע אויגן, אָן ברילן, אין אַ גרויס סייפֿער, וואָס ליגט פֿאַר אים אויפֿן טיש. דאָס אַלע פּאָנעם איז ערנסט, די אַלטע אויגן קוקן זיכער, און דער אַלטער מענטש מיט דעם סייפֿער גיסן זיך צוזאַמען דורך דער ווײַסער באָרד, וואָס האָט זיך צעלייגט מיט אירע זילבערנע עקן אַף די בלעטער פֿונעם סייפֿער. — נעבן אים רעכטס זיצט אַ ייִנגערער, געווויס אַ זון זײַנער: דאָס זעלבע געזיכט, נאָר ייִנגער, רירעווו־דיקער, נערוועזער, סעקונדנווייז מידער און צעגאָסענער. ער קוקט אויך אין סייפֿער אַרײַן, נאָר ער קוקט שוין אַף אַ בריל. דאָס סייפֿער איז קלענער און ער האַלט עס נענטער צו די אויגן, אַנגעשפּאַרט אָפּן ראַנד פֿונעם טיש. ער איז אין די מיטעלע יאָרן; באָרד און פּייעס — האַלב זילבערנע. ער שאָקלט זיך אַהין און צוריק. זײַן גוף, דאַכט זיך, וויל זיך יעדעס מאָל אָפּרײַסן פֿונעם סייפֿער, נאָר דאָס סייפֿער ציט אים צו זיך צוריק. ער שאָקלט זיך און די ליפּן ציטערן שטיל. אַמאָל קוקן די אויגן אַהין צום אַלטן; יענער דאָך באַמערקט עס נישט. — לינקס פֿונעם אַלטן זיצט דער ייִנגסטער, דאַכט זיך — אַן אייניקל פֿונעם אַלטן. אַ יונגער מאַן מיט שוואַרץ־גלאַנצנדיקע האָר און אַ ברענענדיק־צעוואָרפֿענעם בליק. ער קוקט אויך אין אַ סייפֿער אַרײַן, נאָר דאָס סייפֿער איז קלײן און ער האַלט עס נאָענט צו די לעבעדיקע אויגן. גאַנץ אָפֿט רוקט ער עס אַוועק פֿון זיך,

וואַרפט אַ בליק, אויסגעמישט פון שרעק און דערעכערעץ אַפן אַלטן, קוקט אַריבער צום פאָטער מיט אַ האַלב־איראָנישן שמייכל און בייגט זיך איבער צו הערן, וואָס עס טוט זיך אין יענער זייט פאָרהאַנג. און פון יענער זייט פאָרהאַנג הערט זיך קרעכצן, גלייך עמעצער גייט דאָרט צו קינד...

איך וויל הוסטן, מען זאָל מיך באַמערקן. אין דער זעלבער סעקונדע פאַרבייגט זיך אַ שטיק פאָרהאַנג און עס באַווייזן זיך צוויי פרויען. איינע אַן אַלטע מיט אַ שאַרף ביינערדיק פּנים און שאַרפע אויגן, די צווייטע אַ יונגערע פרוי אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ ווייכער אָפּגעשמאָלצן פּנים און אַ נישט־זיכערן בליק. זיי שטייען, קוקן צו די מענער און וואַרטן, מען זאָל זיי פרעגן. דער עלטסטער באַמערקט זיי נישט. זיין נעשאָמע האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער נעשאָמע פונעם סייפער. דער מיטעלער באַמערקט די פרויען און קלערט, ווי אַזוי דעם פאָטער צו וועקן; דער יינגסטער שפּרינגט דערווייל אויף.

— מאַמע! באָבע! נו?...

זיין פאָטער שטעלט זיך אויף אומרויִק, דער זיידע רוקט נאָר אַביסל אוועק דאָס סייפער און הייבט אויף די אויגן צו די פרויען.

— וואָס טוט זי? — פרעגט ווייטער דער יינגסטער מיט אַ ציטער־דיקער שטימע.

— איבערגעקומען! — ענטפערט די אַלטע רויִק.

— איבערגעקומען? איבערגעקומען? — שטאַמלט דער יונגער.

— וואָגסט נישט, מאַמע, „מאַזל־טאָוו"? — פרעגט דער מיטעלער.

דער אַלטער קלערט־איבער און פרעגט:

— וואָס איז געשען? און ווען אפילע אַ מיידל...

— ניין! — ענטפערט ערשט אצינד די אַלטע — אפילע אַ יינגל...

— אַ טויטס?

— ניין, עס לעבט! — ענטפערט די אַלטע. אין דעם קאָל קלינגט דאָך נישט קיין פרייד.

— אַ קריפּל? אַ קאַליקע?

— צייכן האָט ער! אַףביידע אַקסל...

— וואָס פאַר אַ צייכן?

— פון פליגל, און זיי וואַקסן...

דער אַלטער בלייבט זיצן פאַרזאָרגט, דער מיטעלער — פאַרוווּנדערט,

דער יִנגסטער נאָר שפּרינגט־אונטער פאַר פרייד.

— וויל, וויל! זאָלן זיי וואַקסן, זאָל פון זיי ווערן עכטע פליגל, גרויסע, שטאַרקע פליגל, וויל, וויל!

— וואָס איז די סימכע? — פרעגט דער מיטעלער.

— אַ שרעקלעכע קאַליקע! — זיפצט דער אַלטער.

— פאַרוואָס? — פרעגט דאָס אייניקל.

— פליגל — ענטפערט דער אַלטער שטרענג — הייבן אין דער הייך... מיט פליגל קאָן מען זיך נישט דערהאַלטן אַף דער ערד.

— אַ וויכטיקע זאַך! — מאַכט דאָס אייניקל טראַציק — איז מען פּאָטער דאָס מוישעוו, וואַלגערט מען זיך נישט אין דער בלאָטע, לעבט מען אין דער הייך... צי איז דען דער הימל נישט שענער פון דער ערד?

דער אַלטער ווערט בלאַס, און דער מיטעלער נעמט דאָס וואָרט:

— נאַריש קינד! פון וואָס קאָן מען לעבן אין דער הייך? לופט שלינגען איז ווייניק... אין דער הייך איז נישטאָ צו דינגען קיין קרעטש־מע, אין דער הייך קאָן מען נישט איבערנעמען קיין „פּאָדריאַד"... אין דער הייך האָט מען אַפילע נישט באַ וועמען אַ האָזן־פעלעכל צו קויפן... אין דער הייך...

דער אַלטער שלאָגט אים איבער:

— אין דער הייך — זאָגט ער פעסט און האַרט ווי אײַזן — איז נישטאָ קיין שיל, קיין בייס־האַמעדרעש, קיין קלויז צום דאַווענען, צום לערנען; אין דער הייך איז נישטאָ קיין שטעג, אויסגעטרעטן פון קאַד־מוינים! אין דער הייך בלאָנקעט מען זיך, בלאָנדזשעט מען, ווייל מען ווייסט נישט דעם וועג... מען איז טאָקע אַ פרייַער פויגל, נאָר ווי דעם פרייַען פויגל, אַז עם באַפאַלט אים אַ סאָפּעק, אַ מאָרעשכוירע!...

— ווי הייסט? — שפּרינגט אויף דער יִנגסטער מיט היים בלוט און ברענענדיקע אויגן.

ליידער קומט ער נישט צום וואָרט, די באָבע האַקט איבער:

— נאַרישע מאַנסבילן! — מאַכט זי — וועגן וואָס זיי קלערן... און דער ראָוו? צי וועט אים דער ראָוו לאָזן מאַלע זײַן? צי וועט ער לאָזן אַ בראָכע מאַכן איבער אַ קינד מיט פליגל?

---

איך גיב מיך אַ כאַפּ אויף. מײַן איבערגעכטיקן אויסער דער שטאָט, די נעסיִע און דאָס קינד מיט די פליגל זײַנען נאָר אַ כאָלעם געווען. —

# מעשופּע

אַז דער אַלטער מענאַשע האָט געענדיקט זיין בצאָם מיט אַ צולאָג פון עטלעכע קאַפּיטלעך טילים, איז שוין דער בלאַסער זומערדיקער פרימאָרגן געלעגן אין פענצטערל פון קעלער־שטוב.

טרויעריק, מיט מידע אויגן, קוקט מענאַשע אַפן פריש־געבוירענעם טאָג. ער קנאַקט זיך אויס די דאַרע פינגער, פאַרמאַכט דאָס טילימל, פאַרלעשט דאָס קליינע נאַפט־לעמפּל און שטעלט זיך באַם פענצטער. ער קוקט אַרויף צום שמאָלן פּאַס הימל, וואָס בלייכט זיך הויך איבערן ענגן געסל און אין דער ראָם פון זילבערנע באָרד און פּייעס, אַפן גרינלעך־איינגעשרומפּענעם פּאָנעם, באַווייזט זיך אַ בלאַסער שיין פון אַ טרויעריקן שמייכל.

— אָפּגעבן — טראַכט ער — דאָס פּיקאָדון! אַ שיינעם דאַנק, ריבוינע־שעל־אוילעם!

— און נייטיק — זיפצט ער — דאַרפסטו מיך דאָ, ריבוינע־שעל־אוילעם! ווילסט נאָך אַ בצאָם, דאַרפסט נאָך אַ קאַפּיטל טילים... האַ? עס פעלט דיר!

ער דרייט זיך איבער צו דער שטוב און טראַכט, אַז לויט זיין סייכל וואָלט גלייכער געווען, אַז אין בעט, וואָס ער פאַרנעמט, זאָל שלאָפן זיין אייניקל ריווקע; וואָלגערט זיך, נעבעך, אַרום אַף דער פּאָדלאָגע צווישן אַלטוואַרג, מיט וועלכן באַזם, דער זון זיינער, האַנדלט.

אַז לויט זיין יוישער, דער יוישער פון אַ באָסער־וואָדאָם, וואָלט בעסער געווען, דאָס גלאָז מילך, מיט וועלכן ער לעבט איבער אַ טאָג, זאָל געניסן סאָרע, די שנור זיינע, וואָס לויפט גאַנצע טעג אַרום אַפן מאַרק אַז אַ לעפל וואַרעמס...

יענקעלען, דעם פרישן צולאָז צו דער מישפּאָכע, וואָלט אויך דערפון קיין ראָע נישט אַרויסגעקומען!

ברויכן ברויך ער ווייניק, דער אַלטער; עס וואָלט זיי דאָך גרינגער געווען, ער זאָל ג אַ ר נ י ש ט דאַרפן...

כאַים איז אַן אַ מאַלבעש... כאַנע, דאָס עלטערע אייניקל, איז אַ קראַנקע... ווייניק בלוט... דער דאָקטאָר זאָגט: „בלאַדאַטשקע"... הייסט נעמען אײַזן־טראָפּן, טרינקען טראָן... וויַין אַ ביסל... מען זאַמלט פאַר איר אַ באַזונדער קניפּל... כאַדאָשים לאַנג זאַמלט מען און עס איז אַלץ ווייניק. און די אָרעמע כאַנע וואַקסט נישט... אַלץ שטאָקט... זיבעצן יאָר — און פאַרשטייט ווי פון צוועלף!

— וואָס האָסטו מיך אָף זיי געוואָרפן, ריבוינע־שעל־אוילעם?

ער הערט זיך איַין, ווי שאַרף און אָפּגעריסן כאַים עטעמט אין שלאָף. ער זעט ווי סאָרעס בייניקע האַנט, וואָס האָט קענטיק ערשט געוויגט דאָס קינד, הענגט נאָך שלאַבעריק אַראָפּ פון בעט...

ער דערזעט נאָך, אַז יענקעלע רירט זיך אין וויגל. „באַלד וועט ער שרייַען און די מוטער וועקן!" און מיט איַילנדיקע, נאָר קורצע שריט, לויפט ער צו צום אייניקל און הייבט אָן שאָקלען דאָס וויגל.

— און עפּשער, — טראַכט ער, זיך אויסדרייענדיק צום פענצטער, — ווילסטו, ריבוינע־שעל־אוילעם, איך זאָל נאָך אָט אין דעם יענקעלען נאָכעס דערלעבן? איך זאָל מיט'ם נאָך בראָכע זאָגן, איוורע זאָל איך אים לערנען... האַ?

---

ווי אַ רויטער עפּל בליִען יענקעלעס בעקעלעך אין שלאָף. אַ זיסער שמייכל בלאָנקעט זיך אים אַרום די קליינע ליפּלעך... זיי רירן זיך אויף און אָפּ... „דער פרעסער, אין שלאָף וואָלט ער געזייגט!"

ער באַמערקט דערוויַיל, אַז ריווקע וואָרפט זיך אָפּן געלעגער.

זי ליגט אָף אַ זאַק שטרוי, צוגעדעקט ביז דער ברוסט מיט אַ שוואַרץ־געשפּרענקלט ליילעך. וואָס זי האָט צוקאָפּנס, זעט מען נישט.

דאָס פיַין־געררייטלטע פּאָנעם, מיט אַלבאַסטער־וויַיסן, לאַנג־געטאָקטן האַלדז, רירט זיך כיינעוודיק אָף אַן אונטערלאָג פון צעפּלאָנטערטע, שרייַ־ענדיק־רויטע האָר, וואָס פאַרדעקן דאָס גאַנצע צוקאָפּנס, און באַרירן נאָך די פּאָדלאָגע מיט עקן, וואָס ציטערן באַ ריווקעס יעדן אָפּעטעמען.

— מײַנע, אַלעאַ־האַשאַלעם, אויסן אויג... — טראַכט דער אַלטער
— היים בלוט, כאַלוימעס... איר צו לענגערע יאָר!
— ריווקע! — גייט ער צו און רירט זי בײַ דער בלויזער האַנט, וואָס האָט זיך באַפרײַט פון לײַלעך.
— וואָס? ווען? — ווערט ריווקע אויפגעשראָקן און עפנט ווײַט אַ פּאָר גרויסע בלאָע אויגן.
— ...ש... — באַרויִקט ער זי מיט אַ שמייכל, איך בין עס... גיי אין מײַן בעט אַרײַן...
— און דו, זיידע? — פרעגט זי מיט אַ ברייטן געזונטן געוועץ.
— איך וועל שוין נישט שלאָפן... עס שלאָפט זיך נישט אין מײַנע יאָרן... איך וועל מאַכן טיי... האָסט דאָך געהערט באַנאַכט! זיי וועלן פרי אויפשטיין... דער טאַטע האָט אַן אייסעק אין שטאָט, די מאַמע דאַרף אײַנקויפן פאַר די פּימסענהאַלצן אַף טנאָים...
— וועל איך מאַכן טיי, זיידע.
— ניין, ריווקע... דו גיין אין מײַן בעט אַרײַן... קאָנסט נאָך לאַנג שלאָפן... דו וועסט הײַנט, האָט די מאַמע געזאָגט, נישט גיין אין פאַבריק. זי וועט דיך דאַרפן... שלאָף דיך טאַקע אויס...
— אַ! — געגעצט ריווקע ברייטער.
זי האָט זיך שוין אַלץ דערמאָנט. דער פאָטער איז נעכטן אַהיימגע־קומען מיט אַ פרייד, אַז גאָט האָט אים באַשערט אַ שפּאָר ביסל אַלטוואַרג.
די מאַמע האָט אויך געברענגט אַ בסורע: בײַ די פּימסענהאַלצס, וואו זי איז אַן אַרײַנגייערן, וועט שוין ענדלעך זײַן טנאָים, כאָטש די קאַלע קרימט זיך נאָך; זי וועט האָבן פאַר'ם איריקע און טנאָים וועט זײַן!...
קיין גרויסע האַנאָע האָט ריווקע נישט דערפון. אויסשלאָפן טאַקע וועט זי זיך, אַרומגיין מיט דער מוטער אַפן מאַרק איז בעסער ווי זיצן אין פאַבריק, נאָר שפּעטער — דאָס נאָכטראָגן די קיישלעך מיט אייער און הינער, ביפראַט דאָס כאַפּן אינמיטן גאַס אַז אַנטלאָפענע הון, איז נישט פון די גוטע זיבן זאַכן!
נאָר, אַז מען מוז, מוז מען.
זי נעמט צוזאַמען אַרום זיך דאָס לײַלעך און שפּרינגט איבער צום אַלטנס בעט.
פון שפּרונג האָט דער אַלטער ווײַטער האַנאָע, אויך „זײַן אַלטע אויסן אויג"...

איידער דער אַלטער האָט פֿײַער געמאַכט, איידער ער האָט צוגע־שניצט אַ קינדל אַף עטלעכע דינע העלצלעך, אויסגעלייגט זיי אונטער דער בלעך, באַשיט מיט קליינע שטיקלעך קוילן, (טייער קוילן, טראַכט ער דערבײַ), באַגאָסן מיט נאַפֿט, אונטערגעצונדן און געשטעלט אַף דער פֿײַערקע, אַז אַלטן, פֿון ראָסט רויטלעך־געשפּרענקלטן, בלעכענעם טשײַניק, — האָט שוין סאָרע געהאַלטן יענקלען באַ דער ברוסט און געווינטשן זיך, זי זאָל שוין דערלעבן צו הערן, ווי יענקעלע וועט מאַכן אַ בראָכע איבער דער מילך...

די בלאַסע כאַנע האָט זיך אויך אויפֿגעכאַפּט און אויפֿגעזעצט זיך אַפֿן בעט.

הינטער דער מוטערס פּלייצע שפּילט זי זיך מיטן קליינעם ברודערל מאַכט אים: „קוקו".

איר קליין קעפּל, די בלייכע באַקן מיט די פֿאַרכאַלעמטע אויגן אין דער פֿון אַ מאַסע אַש־גראָע, צעוואָרפֿענע האָר, באַווײַזט זיך אַמאָל רעכטס, אַמאָל לינקס. די באַוועגונגען אירע זײַנען דאָך צו לאַנגזאַם, דער שמייכל אַפֿן פּאָנעם — צו בלאַס און דער בליק אין די אויגן — צו שטאַר, דער שפּיל זאָל קענען אָפּרײַסן „יענקעלע פּרעסער", ווי מען האָט'ן גערופֿן אין שטוב, באַלד אינדערפֿרי פֿון דער ברוסט.

ער איז שטאַרק פֿאַרטאָן. ער קוקט אַף דער שוועסטער, נאָר קיין צײַט צו איר האָט ער נישט.

איין הענטל האָט ער אונטער דער זײַט, אַף וועלכער ער ליגט אַף דער מוטערס שויס, מיטן צווייטן בייגט ער אָוועק די זוים פֿון דער מוטערס אָפּענעם העמד, עס זאָל אים נישט פֿאַלן אין פּאָנעם אַרײַן, און קוקט דערבײַ אַף דער שוועסטער געלאַסן און רויק, — זי וועט אים נישט אַנטלויפֿן...

כאַים שטייט שוין אין טאַלעס און טפֿילן און דאַוונט, שפּרײַזנדיק אויף און אָפּ איבער דער שטוב.

אָפּט שטעלט ער זיך אָפּ, וואַרפֿט אַן אויג צו סאָרען, קענטיק, ער האָט מיט איר עפּעס צו ריידן, נאָר ער וואַרפֿט אַ צווייטן בליק אַפֿן אַלטן און דאַוונט ווײַטער, און שפּרײַזט ווײַטער איבער דער שטוב.

פֿאַרן אַלטן האָט ער מוירע.

„דער אַלטער מיינט, אַז עס זײַנען נאָך זײַנע צײַטן, די אַלטע, גוטע צײַטן, ווען אַ ייִד האָט צײַט געהאַט צו דאַווענען, צו זאָגן וואָרט באַ

וואָרט פֿון סידער „אורח־חיים”... היינט איז זיבן סאָכרים אַף איין פּאָר אַלטע פֿלודערן!

ער האָט אַפּילע נעכטן פֿאַרזאָרגט... די קניִע האָט ער באַדונגען פֿאַר זעקס רובל אָן אַ צענערל, איבערגעלאָזט האָט ער זיבן גילדן מיט צוועלף גראָשן אַדערויף... אַרויסגייענדיק פֿון הויז, האָט ער געגעבן אַ זעקסער דעם סטרוזש, ער זאָל, ביז ער וועט קומען, קיין „האַנדל” אין הויף אַריין נישט לאָזן.

אומרויִק איז ער דאָך! ווער ווייס... איידער ער וועט קריגן אַ שוטעף!

ער טרינקט שוין טיי, האַלטנדיק דאָס גלאָז אַף דער פֿלאַכער האַנט און בלאָזנדיק פֿאַר יעדן זופּ, און ווייס נאָך נישט וואָס צו טאָן.

שווער צו קריגן אַ שוטעף!

צו וועמען גייט מען? צום וואָכער? ער וועט אים אָפּשינדן די הויט; צום סקלאַדניק — די קעשענע וועט ער אים אָפּשניידן!

און אַז מען קריגט שוין אַ שוטעף, מוז מען דאָך אים אָוועקגעבן האַלב פֿאַרדינסט, כאָטש יענער האָט זיך נישט געדונגען!...

אַמאָל קריגט ער בא סאָרען עטלעכע גילדן. היינט — ווי! נאָך נעכטן האָט זי אים געזאָגט, אַז עס וועט פֿעלן צום איינקויפֿן!

און עפּשער וועט זי אים פֿאָרט געטרויען פֿון כאַנעס קניפּל אַף אַ טאָג.

ער האָט אָבער מוירע צו פּרוּוון... ער האָט נישט איינמאָל געפּרוּווט און כאַראָטע געהאַט!

ער וואַרפֿט נאָך אַמאָל אַ בליק אַף סאָרען און עס דאַכט זיך אים, אַז עס איז אַ שעאָס־האַקוישער!

זי האָט שוין יענקעלען צוריקגעלייגט. שטייענדיק באַם וויגל, טוט זי זיך אָן און שמייכלט אַזוי גוט, אַזוי מעכייִעדיק גוט צום קינד, עס וועט עפּשער גיין!

— איך האָב באַנאַכט גערעכנט, סאָרע, — פּרוּווט ער זיך, — די קניִע איז גאָר אַ גוטע! כ'וועל, באָרעך האַשעם, פֿאַרדינען...

—האַלעוויי, ריבוינע־שעל־אוילעם, — ענטפֿערט סאָרע; — זאָל עס זיין אין יענקעלעס זכוס! זייט ער איז געבוירן, מאַכט זיך געשווינדער אַמאָל אַ פֿאַרדינסט!

— איך מיין, — ווענדט כאַים אָפּ מיט אַ כניפֿע־שמייכל — אַז עס

איז אונדזער כּאַנעס זכות; הערסטו, סאָרע, — בּאַם קויפֿן האָב איך מיר אַזוי געטראַכט: בּלי נעדער אובלי מאַסקאַנע, וועט מען פֿון פֿאַרדינסט אַראָפּנעמען פֿאַר כּאַנען כּאַטש אַ דריטל! און, ווי איך טראַכט אַזוי, ווערט די פּריצע ווייך, ווי אַ פּוטער, און לאָזט אַראָפּ איין צענערל נאָכן צווייטן!

— איז אַוואַדע גוט, — שמייכלט אים סאָרע צו. און ווערט — דאַכט זיך אים — יונגער און פֿרישער... „אַמאָליקע יאָרן — פֿלעגט אים דורך אַ געדאַנק — וואָס דען... ווען סאַמע גוטע צײַטן..." ער האָט אָבער ווייניק צײַט צו'ן אַזאַ קלער...

— האָקלאָל, איז כּאַנע אַ שוטעפּטע.

— מייכע טײַסע! אַזאַ יאָר אױף מיר.

— יאָ, אָבער — שטאַמלט ער — אַז כּאַנע זאָל זײַן אַ שוטעפּטע —טאַקע, איך רעכן בּעפּיירעש אױף איר מאַזל. נאָר אַז אַ שוטעפּטע...

— איז וואָס? — פֿרעגט סאָרע מיט אויפֿגעשטעלטע אויערן און אויגן... זי איז אים שוין עפּעס כווישעד; ער פֿירט שוין צו'ן עפּעס... ער וויל שוין עפּעס!

— איז וואָס? —

— מיין איך טאַקע, זי זאָל זײַן אַן עמעסע שוטעפּטע... זי זאָל אַרײַנלייגן אין מיסכער אַ כּיילעק געלט.

— וואָס? וואָס זאָגסטו? — סאָרע גלויבט נישט אירע אייגענע אויערן, און אַז ער ענטפֿערט נישט, שפּרינגט זי אים אַקעגן:

— גאַזלען, רעציייעד! — דאָס איז אַ טאַטע... דאָס איז אַ מאַן, ער וויים, דאָס קינד איז אַזוי קראַנק... אַז איך האָב אַ ניידער געטאָן נישט צו שפּעקולירן מיט איר געלט... עס איז דאָך איר שווער פֿאַראַר־בּעט געלט! בּלוטיק געלט... די קיישלעד טראָגט זי מיר נאָך... קריגט אַמאָל פֿאַרן ווענ... איך דערלייג איר עפּעס...

סאָרע קען זיך גאָרנישט באַרוּיקן...

כּאַים וועל עפּעס ענטפֿערן; דער אַלטער לאָזט נישט.

— שווײַג שוין בּעסער, כּאַים, שווײַג — מאַכט ער — זעסט דען נישט, אַז סאָרעלע האָט רעכט... גיי, זוך דיר אַ שוטעף... רײַס נישט איין די וועלט... לעב און לאָז לעבן.

כּאַים נעמט שטילערהייט אין טאָרבּע אַרײַן אַ שטיק ברויט מיט אַ ציבעלע און גייט אַרויס. עס באַגלייט אים דעם אַלטנס שפּרוך:

— האָסט געזען ווי פייגעלעך קלייבן בראָקן אויפן הויף? אַ גרויסן בראָקן נעמען צוויי...

---

נישט פיל רויִקער שלאָפט ריווקע אין אַלטנס בעט. אינעם יונגן קאָפּ וואַלגערט זיך אַרום אַ געדאַנק, וואָס לאָזט נישט פעסטער איינשלאָפן. אַ „באַגעגעניש" האָט זי געהאַט!

איינמאָל פאַרנאַכט, אַהיימגייענדיק פון פאַבריק, האָט זיך איר אויפן טראָטואַר אַ יונגער מאַן באַגעגנט. זי גייט גלייך, מיינט, ער וועט אָפּטרעטן, ער טוט עס אָבער נישט, און קוקט איר נאָך גלייך אין פּנים אַריין מיט אַ פּאָר גרויע לוסטיק־לאַכנדיקע אויגן, אַז זי איז רויט געוואָרן. זי האָט זיך גענומען אין אַ זייט און געלאָזט זיך אַהיים מיט געשווינדערע טריט. נעמענדיק זיך אין אַ זייטן־גאַס, האָט זי זיך דאָך נישט געקענט איינהאַלטן, אומ־געדרייט, און דערזען, אַז ער שטייט נאָך; ער שטייט אויפן זעלבן אָרט און קוקט איר נאָך מיטן זעלבן שמייכל, מיט די צוויי שורעס ווייסע ציין.

„זי וועט עס קיינעם דערציילן", טראַכט זי און האָט עס דאָך נישט געטאָן, „וואָס וועט זי, די אָרעמע, קראַנקע כאַנע, פאַרשטיין?"

עטלעכע טעג שפּעטער איז ער איר ווייטער אַקעגן געקומען. דאָס האַרץ הייבט איר אָן געשווינדער צו קלאַפּן, זי שעמט זיך אויפצוהייבן די אויגן; גייט געשווינד פאַרביי, נאָר אַזוי אומגעלומפּערט, אַז זי איז שיער־נישט געפאַלן אויפן גלאַטן טראָטואַר.

אין גאַנג דאַכט זיך איר, אַז זי פילט, ווי זיין העלער, לוסטיקער שמייכל גליטשט זיך איר הינטן אויפן בלויזן האַלדז.

און דאָס שרעקט זי; עס דאַכט זיך איר, אַז אַלע אין גאַס קענען עס זען און אַנטלויפט נאָך געשווינדער.

איינמאָל איז ער איר פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן.

זי האָט אויסגעשריגן: אַך! און ער שטייט איר אַקעגן און פאַר־שטעלט איר דעם וועג.

— דאַכט זיך, מאַכט ער, — איך האָב דאָס גליק זי צו קענען, פרייַלן!

„פרייַלן" האָט ער געזאָגט!

דאָך ווערט זי בייז, מיידט אים אומגעדולדיק און נאָך האַלב דער־שראָקן אויס. און דאָך, מוז זי זיך מודה זיין, אַז אַ שטימע האָט ער זייער אַן אָנגענעמע. „אַ גאָלדענע שטימע", זאָגט איר אונטער דאָס האַרץ...

פון דעמאָלט אָן טרעפֿן זיי זיך קימאַט יעדן אָוונט, זי רעדט נישט צו'ן אים, שווייַגט, נאָר אַנטלויפֿן אַנטלויפֿט זי שוין נישט...

און ער פֿירט זי יעדן אָוונט אָפּ פֿון פֿאַבריק.

זיי גייען צוזאַמען און שווייַגן.

אָפּט האַלט זי זיך נישט אייַן און וואַרפֿט אױף אים אַ בליק פֿון דער זייַט...

„די וואָנצעלעך זייַנע..."

און דערויף ענטפֿערט ער מיט נאָך אַ ליכטיקערן שמייכל...

מאָדנע אויגן האָט ער... טײַלמאָל, דאַכט זיך, פֿליִען פֿון זיי גאָלדענע שטראַלן!

דערווייַל איז מען דערפֿון געוווּיר געוואָרן אין פֿאַבריק; כאַוועַרטאָרן האָבן באַמערקט, און געמאַכט דערפֿון אַ גערעד.

מען לאַכט פֿון איר, מען וויצלט זיך אָף איר כעשבן.

יונגהייט — נאַרהייט, — זאָגט מען — הייַנט אַנטלויפֿט זי, מאָרגן וועט זי נאָכיאָגן...

„נישט דערלעבן וועלן זיי עס!" טראַכט ריווקע.

— זי וועט אַרויסשטעקן די צונג — ווי אַ שעפּס צו זאַלץ... ווי נעמט מען עס...

ריווקע פֿאַרבייַסט די ליפּן און שווייַגט.

— און אַ שיינער יונג, — זאָגט מען, — אַ גאָלדענער יונג, האָר, אויגן, אַ נאָז — ווי אָפּגעמאָלט, פֿון וועסטנטאַש שלעפּערט זיך נאָך אַ גאָלדענע קייט מיט עפּשער צען גאָלדענע ברעלאָקן!

ריווקע פֿילט זיך אַביסל שמאַלץ.

— עפּשער טאָמבאַק? איז איינע מעסופּעק.

— כאָלילע! — טראַכט ריווקע... אַנדערע זאָגן אויך!

— גיי שוין גיי... מען זעט, — אַ גווירישע קינד!

וווּנדערט מען זיך נאָכמער:

— ווילסט נאָך נישט שפּילן קיין ליבע, נאָך צייַט? אָבער סייכל האָב: רעד אַ גוט וואָרט, נעם קליינע מאַטאָנעס, כאָפּ אָן אָנבייַסן... צוקערקעס... בילעטן אין טעאַטער אַרייַן.

עמעץ לאַכט העל אויף:

— אַוואַדע! נעמען ווי אַ בייז פֿערד... נאָר גענאַרן זיך לאָזן, נישט! אַ מאַקע זיי!

עס לאָזט זיך ענדלעך הערן די עלטסטע מיטן לאַנגן, ביינִיקן פּנים, פאַרשפּיצטער נאָמבע און זײַטיקע, גרינלעכע בליקן.

— טע, טע, טע, — מאַכט זי, — אַ קליינִיקייט, וואָס דאָס האָט צו פאַרנאַרן! כּופּע־שטאַנגען וואַרטן, האָוודאָלעס שוין גרייט, נאָדן, — ווי הייסט? אַ שלאָל! שאַדכאָנים רײַבן אָפּ די שוועל, כאָסאָנים רײַסן די טירן!

ריווקע פאַרבײַסט שאַרפער די ליפּן, בייגט טיפער דעם ברענענדיקן קאָפּ איבער דער אַרבעט און צוויי הייסע טרערן פאַלן איר אָף די הענט, וואָס זײַנען באַשעפטיקט בײַ דער מאַשין.

און דאָס לאָזט זי נישט שלאָפן!

ניין! זי וועט גאָרנישט, גאָרנישט נעמען.

קיין בילעט אין טעאַטער אַרײַן, אַוואַדע נישט!

איינמאָל האָט מען זי פאַרהאַלטן שפּעט באַנאַכט אין פאַבריק; נייטיקע אַרבעט געווען... איז די מאַמע געקומען צו לױפן אָן אָטעם, אָן אַ נעשאָמע... אַז די מוטער האָט זי דערזען, האָבן איר די אויגן אָנגעהויבן פינטלען, דערנאָך שפּריצן ווי אַ פאָנטאַן... הינטן, אין פאַבריק־הויז, בײַ די טרעפּ, איז ערשט געשטאַנען דער אַלטער זיידע און געקנאַקט די פינגער...

— געלויבט איז גאָט, — האָט ער געמורמלט — געלויבט איז גאָט!

„ניין, זי וועט עס נישט טאָן!"

סאָרע וויל שוין אויך גיין אין גאַס אַרײַן. זי שטעלט דעם אַלטן אַ גלאָז מילך בײַם טישל, רוקט אים צו יענקעלען מיטן וויגל, און וויל נאָך פאַרזאָרגן עטלעכע קליינִיקייטן אין באַלעבאַטישקייט...

דערבײַ האָט זי דאָך צײַט צו קלאָגן זיך פאַרן אַלטן אָף דער הײַנטיקער וועלט.

— איר האָט דאָך געהערט, שווער! טנאָים דאַרפן זײַן... דער לעצטער טערמין... טעלעגראַפירט, מען הייסט שוין אײַנקויפן... און זי, די קאַלעשי, מאַכט אַ סקאַנדאַל! זי וויל נישט! זי וויל נישט קיין כאָסן פון פּראָווינץ... זי האָט אַ וואַרשעווער, זאָגט זי! אַ וואַרשעווער דײַטשל האָט זי!

כאַנע, וואָס איז ביז אַהער געלעגן מיט אָפענע אויגן צום סופיט און געקוקט ווי די פליגן רײַסן זיך אָפּ איינע נאָך דער אַנדערער און צעפליִען זיך אין שטוב, דערהערט וואָס די מוטער דערציילט, זעצט זיך פּלוצים

אויף, אירע געוויינלעך מאַטע אויגן באַקומען אַ גלאַנץ... זי הערט, זעט אויס, און אינטערעסירט זיך... זי שפּיצט נאָך אויף די אויערן און עפנט דאָס מויל, ווי צום איינשלינגען דער מוטערס ווערטער.

די מוטער איז פונדעסטוועגן זיכער, אַז דאָס פאַרדינסט וועט נישט אַנטרינען „טנאָים וועלן, אים־יִרצע־האַשעם, זיין! דער אַלטער פּימסענ־האַלץ וועט זיך זיין שטעקל באַשטיין... די „צעגאָסענע פּימסענהאַלצן" שווייגט אויך נישט... איי, האָט זי נעגעלעך!"

— קוידעם קאָל, — האָט מיר די קעכן פון דאָרט דערציילט, — האָט מען געמאַכט אַ רעוויזיע, געפונען בריוו פון עפּעס אַ דייטשן, אַ יעמאַך־שמויניק און מען האָט זיי פאַרברענט, דערנאָך ערשט האָט זי געלייזט, אָבער שיין געלט געלייזט... באַ די האָר האָט מען זי אַרומגעשלעפּט.

כאַנע פילט אַלץ, די אויגן ווערן איר פייכט, דאָס פּאָנעם — גע־רייטלט און פאַרצערט פאַר ראַכמאָנעס.

זי פאַלט צוריק אָפּן קישן מיט אַ געוויין.

סאָרע דערשרעקט זיך, דער אַלטער לויפט אויך צו.

— וואָס איז, כאַנעלע, וואָס איז דיר געשען?

— אַ שאָד מאַמע, אַ ראַכמאָנעס...

— אַף וועמען, טאָכטער? אַף וועמען? וווּנדערט זיך סאָרע.

— אַף דער ק־ק־קאַלע... זי איז אַזאַ — אַזאַ גוטע... אַזאַ האָר־ציקע... גיט מיר שטענדיק געלט... דאָס געלט, וואָס איך גיב דיר... זי גלעט מיך... זי קושט מיך אַמאָל... זי וויל מיך אַפילע לערנען שרייבן.

— נאָך דאָס פעלט מיר! מאַכט סאָרע נישט גערן — צו מיינע סאָנימס קעפּ, צו זייערע הענט און פיס! זי וויל דיר אויך דעם קאָפּ פאַרדרייען... זאָלסט אויך נישט פאָלגן אַ מאַמען.

כאַנע ענטפערט אין מיטן געוויין:

— ניין, מאַמעשי, ניין! האָב גאָר קיין מוירע נישט! איך וועל דיך שטענדיק פאָלגן! וואָס פאַר אַ כאָסן דו וועסט מיר נישט געבן!

עס הערט זיך פלוצלינג אַ קלינגענדיק געלעכטער.

דאָס לאַכט ריוועקע פון דער שוועסטערס נאַרישקייט.

— מאַרשאַס, — שרייט סאָרע, — דאָס קינד איז קראַנק, מעסוקן־קראַנק און זי לאַכט... לאַכן זאָלסטו, וועל איך דיר זאָגן ווי.

שעלט נישט, סאָרע, — באַרויִקט זי דער אַלטער, — זי איז דאָך אויך אַ קינד.

סאָרע גייט אָפּ פאַרדראָסן און וואַרפט, אַרויסגייענדיק פון שטוב, צו ריווקען אַ באַפעל: שטיי אויף, פּראַנצימערקע... גיב כאַנען טיי, קער אויס די שטוב...

---

דער אַלטער מענאַשע האָט אויסגעטרונקען זייַן מילך און האָט זיך געזעצט צום פענצטערל.

דורכן פענצטערל פון סוטערינע זעט מען נאָר די שמאָלע לאַנגע שאָטן, וואָס די פיס פון די דורכגייער וואַרפן אָף די קליינע שויבן.

וואָס גרעסער עס ווערט דער טאָג, ראַשער טוישן זיך די שאָטן; טרויעריקער ווערט דער אַלטער. מענטשן אײַלן זיך, לויפן, האַנדלען און וואַנדלען; ער איינער (אַזוי דאַכט זיך אים) טויג שוין צו גאָרנישט.

ער נעמט זיך צום טילימל מיט איוורע־טייַטש.

מיט אַ ציטערדיק קאָל זאָגט ער אַ פּאָסיק לאָשן קוידעש, אַ פּאָסיק ייִדיש, און רירט מיט אַ ציטעריקן פוס יענקעלעס וויגעלע.

ריווקע זיצט שוין האַלב אָנגעטאָן באַ כאַנען אָפן בעט.ביידע טרינ־קען טיי. נעבן ריווקען, וואָס שפּריצט מיט פריש לעבן, זעט כאַנע נאָך קרענקלעכער, נאָך בלאַסער און קלענער אויס; נאָך קינדישער.

זיי האַלטן אינמיטן אַ פאַרטרויטן שמועס.

— איך וועל נישט אויסזאָגן, כאַנע, דערציייל!

— שווער דיך!

— איך שווער...

— באַ וואָס?

— באַ וואָס דו ווילסט.

כאַנע קנייטשט איַין דעם שטערן און קלערט אויס:

— באַ יענקעלעס געזונט!

— באַ יענקעלעס געזונט! כאַזערט איבער ריווקע.

— אַז וואָס?

— אַז דאָס!... אַז איך וועל נישט אויסזאָגן, וואָס דו וועסט מיר דערציילן...

כאַנע פאַרטראַכט זיך.

— זיצנדיק — זאָגט זי — קען איך נישט... איך וועל בעסער

ליגן און קוקן אפֿן סופיט; אזוי פֿארגעס איך אַלץ און פֿלאַנטער מיך... אַז איך ליג און קוק אַרויף, זע איך אַלץ פֿאַר מיר... שטעלט זיך מיר אַלץ אקעגן...

— נו, לייג דיך, כאַנע...

—דו אויך! לייג צו צו מיר דאָס אויער, עס איז אַ שרעקלעכער סאָד! איך וויל נישט, דער זיידע זאָל הערן!

און כאַנע קנייטשט נאָך שטאַרקער איַין דעם שטערן. זי אָטעמט שווער, ווי פֿון אונטער אַ שווערער לאַסט. זי פֿאַלט צוריק אפֿן קישן.

שטאַרק פֿאַראינטערעסירט, שטעלט ריווקע געשווינד אַוועק די גלעזער און לייגט זיך צו.

דער אַלטער האַקט איבער זיַין טילים, וואַרפֿט אַ בליק צום בעט און פֿרעגט:

— נישט גלייַכער אויפֿצורוימען, ריווקע?

— באַלד, באַלד זיידעשי, — ענטפֿערט ריווקע, — כאַנע וויל מיר עפּעס דערציילן.

דער אַלטער באַוועגט דעם קאָפּ מיט אַ טרויעריקן שמייכל און הייבט אָן וויַיטער זינגען זיין טילים מיטן איוורע טיַיטש.

און כאַנע דערציילט מיט אַן איַינגעקנייטשטן שטערן און וויַיט־גע־עפֿנטע, קימאַט שטאַרע אויגן, פֿאַר וועלכע ריווקע שרעקט זיך אַביסל. עס דאַכט זיך איר, אַז כאַנע דערציילט נישט פֿון זיכּאָרן, נאָר זעט עפּעס פֿאַר זיך און זאָגט, וואָס זי זעט. און איר שטימע איז אַזוי טיף, און דער אָטעם פֿילט זיך איר אַזוי הייס...

---

כאַנע דערציילט:

...די קעכן איז ערגעץ אַרויסגעגאַנגען... איך בלייַב איינע אַליין אין קיך... אַף דער מאַמען וואַרט איך; זי דאַרף נאָך מיר קומען.

ריווקע, שלאָגט זי זיך פּלוצים איבער — ווען האָבן מיר געגעסן הירזש מיט האָניק?

— נעכטן! — ענטפֿערט ריווקע מיט אַן אומהיימלעכער שטימע.

— איז עס טאַקע געווען נעכטן... יאָ, נעכטן... זיץ איך אַזוי און זופּ טיי. די קעכן גיט מיר שטענדיק טיי... ווען איך קום, גיט זי מיר טיי... און דאָרט איז אַ מעכיַיע טיי צו טרינקען... מיט אַ זילבערן

לעפעלע, עס גלאַנצט. פון טיי ווערט אַזוי וואַרעם אין אַלע אייוורים... און צוקער — הערסט — אַריַינגעלייגט.

איך וויל טרינקען צוגעביסן, די רעשט אַהיימנעמען; לאָזט זי נישט, די קעכן. זי זאָגט: צוקער איז פאַר דיר געזונט, זאָגט זי... און קוקט, איך זאָל אַריַינלייגן אַלע דריַי שטיקער!

אַ פונט צוקער קריגט זי דאָרט די קעכן; יעדע וואָך אַ פונט צוקער! אַ כוץ וואָס זי נעמט אַליין, פון דער זילבערנער פושקע, וואָס שטייט אין דער ערשטער שטוב... אָפן שטייט זי; איך האָב אַליין געזען! נאָר איך וועל נישט נעמען...

אַף דער פושקע איז דאָ אַ הירש. די פּימסענהאָלץ האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז עס איז אַ הירש; מיט אַזוינע גרויסע, געדרייטע הערנער... אַן עמעסער הירש.

— האָקלאָל, דו זיצסט אין קיך? — מונטער זי ריוועקע.

יאָ, זיץ איך אָפן בעט. אָפן שיינעם בעט... אוי, האָט עס די קעכן אַ בעט! דריַי גרויסע קישן, וויַיסע ציכלעך, ווי שניי... געשטיקטע לאַנגעטן, עס קוקט אַרויס רויט... גרויסע פּערלמוטערנע קנעפּ, ווי פּער־ציקער גרויס! אַ געשטעפּטע אַטלעסענע קאָלדרע. אינמיטן — אַ גרויס ראָד ווי אַ ברונען! אַרום און אַרום — גרויסע אָדלער מיט פליגל... פון אויבן נאָך אַ גרינע, זיַידענע קאַפּע... אַ גאַנצע פּריצטע, איז זי, די קעכן; נאָר אַ גוטע. בעט מיך זיצן אָפן בעט צופוסנס... שאַרט אַוועק די קאַפּע מיט דער קאָלדרע... זי האָט מיך ליב, זאָגט זי, און — וויסטו פאַרוואָס, ריוועקע?

— פאַרוואָס?

— זי האָט אויך, געהאַט אַזאַ מיידל ווי איך... נישט כאַנע האָט זי געהייסן, נאָר אין מיַינע יאָרן... געשטאָרבן איז זי... האָט זי מיך ליב... זאָגט זי...

— וואָס האָסטו אַ ציטער געטאָן, ריוועקע?

— עט, גאָרנישט... דערצייל, וויַיטער, כאַנע...

— איך זיץ און זופּ טיי... און זי קומט אַריַין...

— ווער?...

— די געשלאָגענע קאַלע...

— וואָס? די געשלאָגענע —

— האָסט נישט געהערט? — די מאַמע האָט דאָך דערציילט! יאָ, יאָ, מען שלאָגט זי, ווײַל זי וויל נישט דעם כאָסן —

— אַהאַ. — האַקלאַל — זי קומט אַרײַן?

— זי קומט אַרײַן — אַ בלאַסע... רויטע אויגן — הערסט, ריווקע, אין שטוב טראָגט זי אַ בלוי־זײַדן קלייד, אַ שפּאָגל נײַעם, מיט רויטע פּינטעלעך — הינטן שלעמפּערן זיך נאָך צוויי לאַנגע, ברייטע, אַטלעסענע, אויך רויטע שאַרפּן, אונטן באַנייט מיט שוואַרץ־זײַדענע פרענז — און בריליאַנטענע אויערינגלעך, — פאַרקעמט איז זי אויסטערליש — הויך איבערן קאָפּ אַ קרענצל — אינמיטן קרענצל — אַ טויב מיט צוויי אויס־געשפּרייטע פליגל, — פאַרשטייסט? פון די האָר אויסגעלייגט! די בײַהאָר פאַרנומען הינטן מיט אַ גאָלדענער קלאַמרע; פון פאָרנט — אַ גאָלדענע שפּילקע, עפּשער צוויי! באַם פּאַסיק ווײַטער אַ גאָלדענע קלאַמרע — אַ פאַרבלענדעניש! ווי זי גיט זיך נישט אַ ריר, גיט ווי אַ בליץ!

כאַנע שטאָקט.

— און שוין?

— וואַרט — עס איז אַ גרויסער סאָד, ריווקע. און זי גיט צו מיט שרעק:

— גאָט וועט שטראָפן, אַז דו וועסט, כאָלילע, אויסזאָגן!

ריווקע פאַרזיכערט, אַז זי וועט נישט אויסזאָגן.

כאַנע לייגט ריווקען אונטער די האַנט, דריקט איר קאָפּ נענטער צו זיך און דערציילט ווײַטער מיט נאָך אַ שטילערער, נאָך אַ טיפערער שטימע.

— זי דערזעט מיך און פאַלט צו מיר צו מיט אַ געוויין. —

— וואָס האָט זי פון דיר געוואָלט?

— אַ טויווע האָט זי געוואָלט פון מיר!

— אַ טויווע? זי פון דיר אַ טויווע?

— שטעקט מיר אין האַנט אַרײַן אַ האַלבן רובל — דעם האַלבן רובל, וואָס איך האָב נעכטן אָפּגעגעבן דער מאַמען — און נאָך עפּעס...

— וואָס נאָך? כאַנעשי!

„כאַנעשי" אין ריווקעס מויל, איז אַ זיכערער שליסל צו עפענען כאַנעס האַרץ.

— אַ בריוו — אַ בריוו, זאָל איך איר אָפּגעבן — בעסאָד סוידעס.

— און דו האָסט גענומען?

— וואַרט — זי לערנט מיך אויס אויסנווייניק די אַדרעס; איך קען

דאָך נישט לעזן! הערמאַן... דעם צווייטן נאָמען האָב איך שוין פאַר־געסן — די גאַס אויך — נומער, דאַכט זיך, 40 — יאָ פערציק.

— האָסט גענומען און אָפּגעגעבן? פרעגט ריווקע מיט אַ פאַרבאָר־גענער שרעק.

— נישט אַזוי געשווינד, — ענטפערט כאַנע נאַיוו — איך האָב פריִער געבלאָנדזשעט.

נישט דאָס אָבער אינטערעסירט ריווקען.

— עס איז אַ באָכער? — פרעגט זי שאַרף.

— ווייס איך? מינאַסטאַם —

— וווינט אַליין? —

— דאַכט זיך — יאָ; ער אַליין האָט מיר געעפנט. איך האָב נאָר אַ דריק געטאָן דאָס ווײַסע קנעפּל — זי האָט מיך עס אויסגעלערנט. —

— ער האָט צוגענומען דעם בריוו? —

— צוגענומען.

— געגעבן טשוווע?

— טשוווע האָט ער נישט געגעבן. ער וועט שרײַבן אַף דער פּאָסט, זאָגט ער. נאָר ער האָט זיך זייער דערפרייט מיטן בריוו. ער האָט פאַר גרויס פרייד מיך אַרײַנגענומען אין שטוב, געזעצט אַף אַ בענקל...

— נאָכוואָס?

— פאַר גרויס סימכע! ער האָט מיר אַפילע געגלעט די האָר — אַזוי ווי די מאַמע טוט אַמאָל — אַ יאָנטעוו, צי שאַבעס, ווען זי האָט צײַט...

דערנאָך האָט ער געלאַכט און האָט מיך אַפילע געקושט... אין מויל אַרײַן, גלײַך אין מויל אַרײַן... דערנאָך די אויגן... שיינע אויגן, זאָגט ער, האָב איך...

ריווקע בלײַבט ליגן ווי פאַרשטאַרט...

כאַנע פאַרטראַכט זיך אַביסל, און ענדיקט:

— אָבער שפּעטער, אַז ער האָט געוואָלט מיר עפענען דעם בוזעם און אַרײַנשטעקן די האַנט, האָב איך מיך פאַרשעמט און בין אַנטלאָפן... ער האָט פאַרגעסן צו פאַרמאַכן די טיר... אָפן געווען...

— געלויבט איז גאָט, געלויבט איז גאָט... — שעפּטשעט ריווקע מיט אַ פאַרשטיקט געוויין...

— וואָס זאָגסטו? ריווקע...

— גאָרנישט, כאַנע...

— זאָג נאָר, ריווקע, נאָכוואָס האָט ער עס געוואָלט אַרײַנשטעקן אין בוזעם...

— שווײַג! שלאָגט איר ריווקע איבער מיט שרעק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צום גליק הערט נישט דער אַלטער. ער איז פאַרטיפט אין זײַן טילים. ער זאָגט אַ פּאָסיק און פאַרטײַטשט באַלד:

„זיי האָבן קיין וואָר וואָרט נישט אין מויל... אינעווייניק, אין האַרץ, הייסט עס, האָבן זיי אַ בראָך... זייער האַלדז איז אַן אָפן קיי־ווער... אַ גרוב, הייסט עס, אײַנצושלינגען... און אַ גלאַטיקע צונג האָבן זיי...”

ריווקע הערט זיך אײַן מיט אַ בלאַס פּאָנעם און פאַרביסענע ציין... באַנע קוקט זי אָן דערשראָקן...

---

## אָפּמערקונגען און דערקלערונגען

פּ י ק אָ ד ן (פקדון) — אײַנלאָג. אַ זאַך וואָס מען גיט עמעצן באַהאַלטן. דאָ איז עס אָנגעווענדעט אַף דער מענטשלעכער נעשאָמע. לויטן אָבערגלויבן נעמט גאָט צו בײַ נאַכט די נעשאָמע בײַם מענטשן און אינדערפרי קערט ער זי צוריק אום.

ש אַ אַ ס ה אַ ק ו י ש ע ר (שעת הכשר) — אַ גינסטיקער מאָמענט).

# דער נאַדווען

פאַרוואָס איך האָב מיך איבערגעצויגן קיין װאַרשע? פרעגט איר. כ׳וועל אײַך זאָגן דעם עמעס: כ׳בין אַנטלאָפן פאַר די קליינשטעטלדיקע קאַבצאָנים.

מיינט איר עפּשער איך בין אַ קאַרגער? אָסער־כאַזער! באַ מיר איז אַ הונדערטער — בלאָטע. נאָר די אָרעמע לײַט! ווי אַ ביין אין האַלדז זײַנען זיי מיר געשטאַנען! איך קען נישט, איך האָב אַ ווייכע נאַטור, און קען נישט פאַרטראָגן דעם כּוישעכדיקן דאַלעס מיט די פאַר־לאָפענע אויגן און אויסגעקרומטע פּלייצעס!

און פּרוּווט, פרעגט מיך, פון וואַנען עס קומט צו מיר? אָסער, אויב איך ווייס!

די וועלט זאָגט: „אַ קינד איז דער מאַמעס אַ טאָכטער אָדער׳ן טאַטנס אַ זון". „נישט ווײַט, זאָגט מען, פאַלט דאָס עפּעלע פון בוים! נישט שטענדיק אָפּאָנים, איז עמעס וואָס מען זאָגט! וואָרעם, לעמאָשל, א י ך.

מײַן טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, איז קאָל יאָמאָוו געווען אַ קאַבצן — אַ קליינשטעטלדיקער שאַמעס! פאַר קוים דאָס לעבן צו דערהאַלטן לאָזט מען זיך טרעטן פון „קאָהאָל, ראָוו און בעדער!" אַ לאַטע־לייגער, אַ שוס־טער האָט מער פּאַרנאָסע און מער קאָוועד פאַר אַ שאַמעס!

צוויי ברידער האָב איך — „להבדיל בין החיים והמתים" — זיי לעבן נאָך — אָבער וואָס פאַר אַ לעבן, באַ פאַרען אין מיצראַיִם האָט מען אַ שענער לעבן געהאַט! טאַקע אַף סויניי ציאָן געזאָגט! איינער וווינט אין בריסק־דעליטע, פאַרשטייט איר דאָך, איז ער אַ ניסרעף! דער צווייטער וווינט שוין גאָר נישט; שוין יאָרנלאַנג, אַז ער האָט זיך געלאָזט אַף דער וועלט צוזאַמענמאַכן אַף האַכנאָסעס קאַלע — זעקס טעכטער האָט ער, דער ייִד!

איך זאָל אויסרעכענען מײַן גאַנצע קאַבצאָנישע מישפּאָכע, וואָלטן מיר פינגער געפעלט! ווי די היישעריקן באַפאַלן זיי מיך; לאָמיך זיי ווײַזן אַ פינגער שלינגען זיי מיך אײַן מיט די קאַמאַשן! אַ געלעכערטן זאַק פילט מען נישט אָן!

און איך אַליין, וואָס מיינט איר? איך בין געבוירן ווי איך בין?

איך בין דאָך אַן אָרעמאַן — אַ שאַמעס'ס אַ זון! ער האָט דען געהאַט אַ צעבראָכענעם דרײַער בײַ דער נעשאָמע אויף נאַדן? דער מאַמע אָלעהאַ האַשאָלעמס יערושע, אַ האַלצערנע כורווע הינטערן שטעטל, האָט מען פאַרקויפט אויף כאַסענע הויצאָעס. איך בין דאָך דער יינגסטער געווען, האָט זיך דער טאַטע, אָלעוו האַשאָלעם, אַרויסגעצויגן אין בייס־מעדרעש אַרײַן. די באַלעבאַטים האָבן אַפילע נישט געוואָלט... נו — גיט איר נאַדן! זאָגט ער, מאַכט איר כאַסענע!

און וויפל מיינט איר האָט מען פאַר מײַן אילויִשן קאָפּ געגעבן? צוויי מעסיכטעס האָב איך געקענט אויסנווייניק, צוגעזאָגט אַכט הונדערט גילדן, געגעבן האָט מען די העלפט; פאַר דאָס האָט מען מיר געגעבן אַ קאַלע מיט אַן איבעריק שטיקל פּלייצע, עמעס — אַ „שטר חצי זכר", האָט מען צוגעלייגט!

זעט איר דאָך בעכוש — אַן אויפגעקומענער (אַנדערע שעמען זיך דערמיט!) פּאַשעט איך האָב געטאָן מײַנס, דער ריבוינע־שעל־אוילעם האָט געהאָלפן און בעטעווע, זעט איר בין איך אַ געבוירענער נאָגיד, אַ ראָד־לייוו און אַ מעפונעק דערצו!

פון וואַנען? איז פאַראַן נאָך אַ קאַשע אויף דער וועלט!

און דעריבער טאַקע האָב איך געמוזט אַנטלויפן, איר ווייסט גאָר־נישט וואָס פאַר אַ געהענעם דאָס קליינע שטעטל איז פאַר אַזאַ ייִד, לעמאָשל, ווי איך, וואָס האָט אַ האַרץ נישט קיין שטיין אינעם לײַב! און וואָס האָט אַ נאָז און אַ געפיל, ווי אַ מענטש דאַרף צו האָבן!

ערשטנס וווינט אַ מענטש ווי אין מיטן גאַס! די פענצטער נישט פאַרהאַנגען. ווער עס גייט פאַרבײַ, וואַרפט אַרײַן אַן אויג. וויל ער, שטעלט ער זיך אָפּ, דריקט צו די נאָז צו דער שויב און באַטראַכט, צי שטייט נישט עפּעס נײַעס אין שטוב. זומער, אַז דאָס פענצטער איז אָפן, שטעקט ער אַרײַן דעם קאָפּ מיט אַ פײַנעם גוט־מאָרגן, גאָט־העלף, גוטן אָוונט — פּאַן בראַט; צוזאַמען כאַזיירים געפּאַשעט! און דאָס איז פאַרבײַגייענדיק, אַז ער האָט קיין צײַט נישט, האָט ער צײַט — קומט ער אין שטוב אַרײַן,

פון קיין קלאַפּשלאַס, פון אַנקלינגנגען הייבט מען גאַרנישט אָן צו וויסן!
מען מוז נאָך נאָכ'ן די טיר פאַרמאַכן, אַ רעשום האַראַבים.

באַלד אינדערפרי:

— גוט מאַרגן, באַלעבאַס לעבן!

ווער איז?

דאָס איז ליע די מילכיקערן! שוין צען יאָר טראָגט זי מיר מילך, איז זי דאָך אַ בען־באָים.

די קו האַלט זי הינטער דער שטאָט, אַף יענער זייט טייך; קומט זי אייך אַריין ווינטער אין אַ פּאָר גרויסע שטיוול, אין זעלנערישע, שטרויענע קאַלאָשן. ליידן ליידט זי אַף אַסטמאַ, קען זי זיך נישט איינבייגן און אויסטון די קאַלאָשן, גייט זי אַריין אַזוי; עס רינט איר פון די פיס, פון קאָפּ — דערבײַ האָט זי שטענדיק אַ רויט־אָנגעפרוירן נעזל — וואָס איז אויך נישט זייער טרוקן! נאָך אַ מײַלע האָט זי, זי שטאַמלט אַביסל און איז אָן אַ „ג" —

— דוט מאָרדן — הייסט עס — באַלעבאַס לעבן!

און וואָס וויל ליע די מילכיקערן?

אַ קלייניקייט וויל זי. די „שוואַרצע" איז איר, לוי אַלייבעם, אַוועקגעפאַלן! מען דאַרף אַ קאָנאָוואַל און די הויצאָע דאַרף איך אויסשטיין. און קאַאַלוים האַבויקער קומט זי, אַוועקגעפאַלן, הערט איר דאָך!

און די קו, זאָגט זי, איז קימאַט מײַן קו — איך טרינק דאָך שוין צען יאָר די מילך!

אַ כּוץ דעם איז זי נאָך מײַן ווײַבס אַ שטיקל קרויווע, עפּעס אַ שמעלקע בשמעלקע, ווי מען זאָגט! האָט זי דאָך אַוואַדע אַ טײַנע...

כאַפּ איך אַרויס אַ רובל, אַבי גיי!

כאַס־ווּעשאָלעם! נישט אַזוי געשווינד רירט זיך ליע די מילכיקערן פון אָרט.

ערשטנס הייבט זי מיך אָן צו בענטשן; פריִער גאָט — דערנאָכטן איך, און בענטשט מיך מיט סאַמע דאַלעהן...

דערנאָך באַקוקט זי נאָך אַמאָל, דאָס הייסט צום טויזנטסטן מאָל, די דירע מײַנע מיטן מעבל, און הייבט זיך אָן קרימען, ביז זי לאָזט אַרויס אַ געוויין.

וואָס איז?

ס'טײַטש, ווען נישט איר מאַן דער באַטלען, וואָלט זי אויך אין אַזאַ דירע געזעסן, אויך אַזאַ מעבל געהאַט; זי וואָלט זיך אויך געבאָדן אין קאָל־טויוו. וואָס איז? עס פּאַסט איר נישט? זי האָט אויך כיישעק צו'ן אַ זילבערן כאַנוקע־לעמפּל, צו'ן אַ גאָלדן בסאָמים־שקעטעלע — צו וואָס אויגן זעען!

עס האָט עפּעס אַ סאַך געפעלט?

אַ פּאָרעץ האָט זי געהאַט טאַקע אַ בריליאַנט, די גאַנצע פּאַכט האָט ער איר — די מײַסע איז שוין אַ יאָר צוואַנציק — געוואָלט אַוועקגעבן, אַזוי האָט זי באַ אים נויסע־כיין געווען, אָ י ב ע ר צוואַנציק קי צום מעלקן... נאָר דער מאַן דער באַטלען — זײַן נאָמען זאָל אַהיימקומען! — האָט נישט געוואָלט...

פאַרוואָס ער האָט נישט געוואָלט איז נישט צום פאַרשטיין! אַזוי צעראַאַשט זי זיך, און איך מוז באַ איר בעטן ראַכמים, זי זאָל מיך לאָזן אויסטרינקען דאָס גלעזל טיי; דאָס „גלעזל וואַרעמס", הייסט עס!

דאַנקען גאָט, כ'האָב באַ איר געפּויעלט, זי וויל שוין גיין — רופט זי מײַן ווײַב אַרײַן צו זיך! אין בעט ליגט זי, — אַ קראַנקע, נעבעך, קאָל יאָמעאָ אָפּגעלעגן אין בעט; וויל זי עפּעס הערן נײַעס פון שטעטל. מיילע, איך האָב דאָך קיין צײַט נישט, זאָל אַרײַנקומען לייע די מילכיקערן, ווער עס איז, אַבי מען זאָל איר בײַטלען נײַעס: ווער עס קריגט זיך. ווער עס געט זיך, ווי עס לעבט זיך באַ לײַטן, וואָס מען קאָכט, אוכדוימאָ ווײַבע־רישע פּאָטשטן! און לייע די מילכיקערן איז דאָך עפּעס אַן אײַנגייערן אין הײַזער!

איך כאַפּ דערווײַל און וויל אויסטרינקען די טיי, לייע די מילכיקערן זאָל מיך צוריק־צו־וועגס נישט טרעפן אין שטוב. עס גייט נישט, לייזער מעקלער גייט! און לייזער מעקלער איז נישט אַבי־ווער! זיכרוינוי ליוור־ראָכאָ, דעם שטאָט־מאַגידס אַ זון! פון פאָטער האָט לייזער געיאָרשנט נאָר דעם קאָלטאָן און דאָכט זיך קיין וואָרט טוירע נישט, איז אים דאָך זכום אָוועס בײַגעשטאַנען, ער זאָל ווערן טוווּע־מעקלער. טויגן טויג ער נישט קיין קאָץ אַן עק צוצובינדן. זײַט ער לעבט, האָט ער נאָך קיין איינ־ציקע קניִע נישט אויסגעפירט. באַלעבאַטישע סאָכרים אָבער זאָגן: ער איז, איז ער; טו זיי עפּעס! ווער עס איז שלעפּט צוזאַמען אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, שלאָגט זיך אונטער די פיס, רײַסט זיך אויס די קעל, און נאָך

קרִיעם יאָם סוף, אַז עס קומט מעקלעריי צו צאָלן, זאָגט מען: נאָר לייזערל איז אַ שותּף! און ער איז! ער נעמט!

אַנישט, וואָלטן דאָך אים די באַלעבאַטים געמוזט אויפהאַלטן, מען וועט דאָך נישט לאָזן לייזערל דעם שטאָט־מאַגיד, זיכרוינוּ ליוורכאָס, זאָל שטאַרבן פאַר הונגער!

און בעקויעך דעם אייגענעם זכות אָוועס איז ער גלאַט אַן אײַנגייער באַ באַלעבאַטים.

באַ מיר אויך!

גוט מאָרגן — גוט יאָר —

וואָס הערט זיך נײַעס?

אָט אַזוי און אַזוי... „ווּ איז דײַן טאַבאַק?" — פרעגט ער.

אַף מײַן טאַבאַק האָט ער אויך זכות אָוועס — אַ גלאָז טיי וויל ער אַוואַדע, און אַז אייסעק האָט ער אויך.

מײַן ווײַב איז דאָך קראַנק, פרעגט ער קוידעם קאָל וואָס זי מאַכט, און אַז ער הערט, אַז עס איז נישט בעסער, קרעכצט ער: אַלץ ווײַל מען וויל'ן נישט פאָלגן! זײַנס אַ לײַבלעכע מומע — ליגט שוין לאַנג ווּ מען דאַרף! — האָט אויך אַזאַ מייכעש געהאַט, און קיין זאַך האָט נישט גע־האָלפן, נאָר אַ גרין פלעשל. מען דאַרף באַשטעלן אין דער אַפּטייק אַ גרין פלעשל! וואָרעם, ווּ דער דאָקטאָר, וואָס האָט איר פאַרשריבן דאָס גרינע פלעשל, וווינט הײַנט, ווייס ער נישט; און עפשער איז ער שוין אויך, ווּ מען דאַרף... דער אַפּטייקער וועט וויסן, ער איז דאָך יענעם אַפּטיי־קערס אַ זון, וועט ער געפינען אין די קסאָווים...

דאָס איז דאָס אייסעק, וואָס ער האָט צו מיר.

איך וויל גיין דאַוונען, נעם דעם טאַלעס־זאַק. ווערט ער מאָלע סימכע, וואָס אַזאַ ייִד אַ גוויר ווי איך בין, היט אָפּ קרישמע, און לאָזט נישט קאָהאָל זאָל אויפ'ן וואַרטן... איך מעג גיין — זאָגט ער — נאָר ער וועט זיך דערווײַל אַביסל צולייגן אַף דער סאָפע. די ארורע זײַנע האָט'ם אַ גאַנצע נאַכט געשאָלטן. פאַרוואָס, ווייס ער אַליין נישט, נאָר קיין אויג האָט זי אים נישט געלאָזט צומאַכן, ערשט פאַרטאָג, אַז זי האָט געכאַפּט צו אים אַ פלאַש, איז ער אַרויסגעשפרונגען פון בעט און איז אַנטלאָפן. איז ער שוין געווען באַ שמערל האָניקמאַכער, באַ יאָסל ווייצענזאַנג און נאָך... נאָר באַ דעם איז צופיל קינדער, אַ מומע איז שטוב; באַ יענעם איז הײַנט אַ וועש, איז מער מומע, און ווייצענזאַנגס צנוע קענסטו דאָך!

די הינט מעגן זי אַרומשלעפּן, אויסציִען זיך לאָזט זי נישט, כ׳פאַרפלעק איר, זאָגט זי, די סאָפּע.

— ימאַך שמאָ, זאָגט ער, און אויב עס איז מיר אַ שאָד די סאָפּע, וועט ער זיך זעצן אַף מײַן פּאָטערשטול, אַ מעכײַע פון אַ שטול.

אַנטלויף איך; וואָס זאָל איך טאָן?

אַף דער שוועל שלאָג איך מיך אָן עמעצן אָן.

וואָס איז? ווײַטער אַ טויווע. אָבער אַ מיצווע, אַ מיצווע געדוילע!

מײַן שנײַדער איז עס!

קומען, כאָלילע, קומט אים נישט באַ מיר. איך צאָל טאָך קעדיי דיבור; נאָר דאָס ווײַב האָט אַ צווילינג געהאַט! איינס איז אַפילע באַלד אַוועק, נאָר באָם צווייטן וועט זײַן אַ ברים, בעט ער מיך אַף סאַנדיקעס — מייכעטייסע. נאָר דאָס ווײַב האָט דערווײַל היץ, די באָבע וויל אַ דאָקטאָר, כאָטש אַ רויפע מיט רעצעפּט, און ער איז אָן אַ גראָשן, — וויל ער פאָרויס אַ פּאָר רובל...

ס׳איז טאַקע מײַן שנײַדער, און אַ גוטער שנײַדער, נאָר דאָס פּאָנעם איז שוין פון אַ קאַבצן! דער קאַבצן קוקט אים שוין פון די אויגן אַרויס, פון אונטער דער קאַפּאָטע אַפיר, פון אויס די אַרבל רײַסט ער זיך! אַ צווילינג נאָך! באַ איינעם אַ לעווײַע, באָם צווייטן אַ ברים, און די קימפּעטאָרן מיט היץ — אַ פאַרלוירענער מענטש. שענק איך בעסער אַ רובל! איבער מײַן שוועל זאָל ער שוין מער נישט איבערטרעטן, מער צו נייען גיב איך אים נישט...

ער הערט נישט, וואָס איך רעד צו אים, כאַפּט דעם רובל און אַנטלויפט, און איך גיי אין בייס־האַמעדרעש אַרײַן...

אין בייס־מעדרעש אַרײַן מוז מען גיין דורכן מאַרק.

דורכשפּאַצירן דעם מאַרק איז אויך נישט פון די גוטע זאַכן.

דעם עמעס זאָגנדיק, האָב איך זונטיק, צי אַזוי זייערס אַ יאָנטעוו, גראָד ליב צו גיין דורכן מאַרק. דעמאָלט איז דער מאַרק לעבעדיק, רירעוודיק: רויטע פּאַטשיילעס, רויטע קרעלן, רויטע סטענגעס, רויטע פענעמער — פריש און געזונט, אָבער אַזוי אינמיטן דער וואָך — כאַלאָשעס גייט זיך אָן!

אַלטע, פאַרקרומטע, פאַרכווישעכטע ווײַבער; גרינלעך טרוקן געבעקס, פויל אויבס, — און אַ יידענע נעמט מיטן פינגער און דרייט זיך אויס אַ פויל עפּעלע אין מויל אַרײַן — —

— האַ — גוט?

און דער גאַנצער מאַרק קען מיך...

און ער האָט האַנאַע, דער מאַרק: דער גוויר גייט דאַווענען. ער שעמט זיך נישט; מיטן טאַלעס־זאַק איבערן גאַס! און מען בענטשט מיך!

און איך האָב באַקאַנטע אַפן מאַרק!

איינע איז גאָר מײַנס אַ קאַלע געווען! דער טאַטע אָלעוו האשאָלעם, האָט מיט אירן שוין אַ וואָרט געמאַכט... און איר טאַטע האָט געהאַט אַ בסאָמים־קראָם, פלעג איך דאָרט קויפן; איך האָב ערגעץ אויסגעקאַש־פּערט אַ צווייער, און געלאָפן קויפן פאַר אַ צווייער באַקסער; זי פלעגט רויט ווערן; אונטערן טיש פלעגט זי שטיין. סימכעס־טוירע צו האַקאָפעס האָב׳מיר זיך — כאַ—כאַ—כאַ! צווישן אוילעם אין פאָליש געפונען, באַ די הענט געהאַלטן. דערנאָך איז באַ מיר אין דער האַנט אַביסל מאַנדלען געבליבן! נאָר באַלד נאָך יאַנטעוו האָט מיר דער טאַטע, אָלעוו האַשאָלעם, געזאָגט, אַז כאָים יאָסל — אַזוי האָט ער געהייסן, איר פאָטער — איז אַ קאַבצן, אַ באַנקראָט. אין געוועלב שטייען ליידיקע פּודלעס אָן סכוירע, אַז ער האָט אים געוואָלט אַרײַננאַרן אין זאַק אוכדוימע, און — אוים שידעך...

באַלד דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מײַן זיווּעג איז אַ כוי־לאַנעס; אַ מאַן האָט זי באַקומען עפּעס אַ שווינדזיכטיקן מעלאַמעד... באַלד ראַכמאָנע ליצלאָן, איז זי געוואָרן אַ „וויסטע אַלמאָנע"... און אַז איך גיי דורך — קוקט זי אַף מיר מיט מילכיקע אויגן...

און נישט זי אַליין, נאָך אַ באַקאַנטע האָב איך דאָרט —

אויך אַן אַלמאָנע —

און דער מאַן אירער האָט פאַר דער פּטירע געזאָלט זײַן מײַן שוטעף.

עס איז נאָך געווען די פּאַכט אַף קאַשער־פלייש. ס׳איז פאַר דער ליצטאַציע אין דער גובערניע, און איך האָב מיר דעמאָלט געזוכט אַ שטיקל אייסעק, מײַנס אַ פעטער אַן איידעם (שוין ביידע אַפן אוילעם האָעמעס), אויך אַ יונגערמאַן נאָך קעסט, זוכט זיך אויך אַ שטיקל אייסעק. פאָרט מען אונדז צוזאַמען... יוויכאַנען פאַכטער איז, לוי־אַלייכעם, געלעגן אי־בער אַנאַנד (ער איז אויך נישט „להבדיל בין החיים והמתים"!) מאַכן מיר זיך ביידע נישט וויסנדיק, און ערשט אַ טאָג פריִער כאַפּ׳מיר בעסאָד סוידעס עקסטראַ־פּאָסט, און מען פאָרט אין גובערניע אַרײַן...

וואָלט׳מיר ב י י ד ע גענומען די פּאַכט, וואָלט איך אַ ק ל ע נ ע ר ע ר אוישער געווען...

וואָס טוט אָבער גאָט?

מײַן יערוכעם (אַזוי האָט ער געהייסן) פֿאַלט אונטערוועגס אַוועק — מיט געזונט האָט ער זיך אָנגעגעסן און מיט קאַלט ביר פֿאַרטרונקען! — דאָס געלט האָב איך געהאַט באַ מיר; לאָז איך אים איבער אין אַ שטעטל גאַנץ כּאָרעוו, שיק אַ שעליִעך מעיוכעד נאָכן ווײַב און פּאָר ווײַטער. ראַכמאָנעס אַהין, ראַכמאָנעס אַהער — געשעפֿט איז געשעפֿט. און וואָס וואָלט ער געהאַט דערפֿון, ווען איך אַליין בלײַב אויך נישט באַ דער פּאַכט? וואָלט איך געבליבן אַ קאַבצן! אויך האָב איך גענומען די פּאַכט... אַז איך בין צוריקגעקומען, איז זי שוין אַן אַלמאָנע געווען... נו, מיט אַלמאָנעס און יעסוימים מאַכט מען קיין שותּפֿעס נישט, האָב איך אַרויסגעגעבן אַ וועקסל אויפֿן געלט, צוגעשריבן פּראָצענט... און הײַנט זיצט זי אויפֿן מאַרק... די עטלעכע רובל צו נישט געוואָרן...

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דערפֿון קיין נאַכעס נישט; ווען איך גיי דורך, גיט אַ צופּ באַם האַרץ וואָרעם וואָס טו איך, אַז אַזאַ יידענע וועט אַרוים מיט אַ קלאָלע?

און אַז מען קומט שוין, מיינט איר, אין בייס־האַמעדרעש אַרײַן, קלויבט מען שוין נאַכעס?

באַלד אויף די טרעפּ — שלעפּט זיך ר׳ בערעלע דײַען, סאַפּעט און קרעכצט... אַ גאַרטל דאַרף ער! אַלע פֿיר וואָכן פֿאַלט ער אַוועק אויפֿן מייכייעש, טרעפּ זײַנען פֿאַר אים סאַקאָנעס נעפֿאָשעס,—און אַז מען נעמט אים צונויף אויף אַ גאַרטל, מאַכט ער כאַסענע אַ טאָכטער! טו עפּעס, אַז דער ייִד האָט פֿאָרט צוועלף טעכטער! העכער וואַרט שוין אויף מיר דער בלינדער שויכעט! ער איז בלינד געוואָרן, האָט קאָהאָל צוגענומען אַ נײַעם שויכעט, בין איך, פֿאַרשטייט זיך, געווען דערבײַ — אויסגערעדט האָב׳מיר, אַז דער נײַער שויכעט זאָל צאָלן דעם אַלטן צוועלף־גילדן אַ וואָך, צאָלט ער נישט! אַליין אַ מעטופּל! בין איך שולדיק! בלינד איז ער, נאָר ער דערפֿילט מיך! און אַז ער דערפֿילט מיך, גיט ער אַ קרעכץ אויף מײַן כעשבן, טיילמאָל זאָגט ער:

— שוין פֿאַרזאָרגט...

האָב איך, מיינט איר, האַנאָע דערפֿון?

דערנאָך הייבט זיך ערשט אָן: קאַבצאָנים באַם אויוון, באַטלאָנים

באַם קבֿער, און אַז אַלע מוז מען זיך אָפּריַיבן, אויסשמעקן זייער מאַ־כאָרקע... אַ געקומענעם לאַנד־קאַבצן מוז מען נאָך שאַלעם געבן...
און אַז גאָט העלפֿט, איך קום שוין צו צו דער מיזרעד־וואַנט, שטייט ערשט אויפֿגעשריבן מיט קריַיד: גרויסע געקסיוועטע אויסיעס „כּאַים בען מיכל לירפֿוע שלֵיימע”! און דער מיכל דאַרף גראָד זיַין מיַין מעשאָרעס!
ס'געהענעם זאָג איך איַיך, האָב איך געליטן!
אַ מענטש מיט אַ ווייך האַרץ איז נישט גוט...
מיינט איר עפּשער, אַז עס איז מיר פּלוצים איַינגעפאַלן צו אַנטלויפֿן? איַינגעפּאַקט און אַרויסגעפֿאָרן?
ניין, עס איז אויך אַ גאָט־זאָך געווען. איך בין גאָרנישט אַזוי קלוג!
אַ וויַיב האָב איך געהאַט, ווי געזאָגט, לוי אַלייכעם, אַ כּוילאַנים.
עס איז איר וואָס אַמאָל ערגער געוואָרן.
איך האָב קימאַט נישט געוווּסט דערפֿון: זי האָט געהאַט איר שטוב, האָט ליב געהאַט צו האָבן אָרום זיך אירע גאַבעטעס, אַלערליי שכיינעס, איך וועל דאָך נישט אַריַינגיין, זיך זעצן צווישן וויַיבער. באַנאַכט — איז בעסער זי זאָל שלאָפֿן.
איינמאָל שיקט זי מיך רופֿן. באַשער בעכיין, זי וויל פֿאָרן קיין וואַר־שע צו'ן אַ דאָקטאָר.
מייכעטייסע.
וויל זי אַליין נישט פֿאָרן.
זאָג איך, איך וועל עמעצן מיטשיקן. איין מענטש, צוויי מענטשן.
וויל זי נישט, נאָר איך זאָל מיט איר פֿאָרן, זי האָט מוירע, זי וועט כּאַלילע שטאַרבן אַפֿן וועג; און שטאַרבן אָן'עם מאַן וויל זי נישט...
האָב איך גראָד פֿאַרוויקלטע געשעפֿטן געהאַט. און גלאַט — פֿאָר מיט אַ קראַנקער! באַ מיַין ווייך האַרץ וואָלט איך אויך, כּאַס־וועשאַלעם, קראַנק געוואָרן... האָב איך דערוויַיל אַ יִשעוו, זאָג איך: כ'וועל זען, איבערקלערן, שפּעטער, מאָרגן...
דערוויַיל הער איך אין גאַס, זי שטייט שמאַל...
דערנאָך ווער איך געוווּיר, אַז כּעוורע קאַדישע פֿאַרבייגט זיך אַף מיר אַ קניפּל, די ציין שליַיפֿן זיי זיך, באַשער בעכען — די מיקווע פֿאַלט איַין...
בע! מיטן גוטן ווילן געבן מייכעטייסע, אָבער נייטן זאָל מען מיך דינג איך, אַ שיינעם גוטן מאָרגן, אַ פֿויערישן לאַנגן וואָגן, אויס־

געבעט מיט שטרוי, הייס אַרויפליִיגן די כוילאַנים און גיב אַ פּאָר אַרייַן קיין וואַרשע!

און גערעכט איז זי געווען. וואָס זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט שוין פון וואַרשע נישט צוריקקומען...

איין דאָקטאָר, צוויי, דרייַ דאָקטוירים — און לוי אַלייכעם, ווי אַ הון אייַנגעשלאָפן.

וואָס איר איז געווען, ווייס איך אַדאַיעם נישט...

נאָר אַ מעכייַע — 26 רובל קוורע־געלט! ווילסט? גיב אַ נעדאָווע; נישט, נישט!

דערווייַל, זיצנדיק שיווע, איז מיר וואַרשע געפעלן, פאָרהאַנגען, אַ קלאַפּ־שלאָס; אַ גאַניידן! אַף אָרנטלעכערע גאַסן לאָזט מען אַפילע נישט בעטלען — — —

ניין, — זאָג איך — דאָ בלייַב איך שוין!

אַלע קליינשטעטלדיקע גווירים מוזן זיך ציִען קיין וואַרשע — — — —

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

נאַדוועז (נדבן) — אַ מענטש מיט אַ ברייטער האַנט.

לעהאַוודל ביין האַכאַים וועהאַמייסים (להבדל בין החיים והמתים) — זאָלן זייַן אָפּגעשיידט די לעבעדיקע פון די טויטע. אַ צושפּרוך באַ רעליגיעזע ייִדן.

ראַד־לעוו (רד לב) — אַ ווייכהאַרציקער.

רעשוס האָראַבים (רשות הרבים) — אַזוינס אַף וואָס אַלע האָבן אַלצאיינס רעכט.

קאָל יאָמעהאָ (כל ימיה) — אַלע אירע יאָרן.

גאַנץ כאָרעוו — גאַנץ קראַנק.

# מעקובאָלים

אין די שלעכטע צײַטן פֿאַלט אַפּילע טוירע — די בעסטע סכוירע — אויך.

פֿון דער לאַשציוװער יעשיװע איז מער נישט געבליבן נאָר דער ראָש־יעשיװע — ר׳ יעקל — מיט איין איינציקן טאַלמיד.

דער ראָש־יעשיװע איז אַן אַלטער דאַרער ייִד, מיט אַ לאַנגער צע־שױבערטער באָרד, מיט אַלטע, אױסגעלאָשענע אױגן; לעמעד, זײַן גע־ליבטער טאַלמיד, איז אַ יונגערמאַן, אױך אַ דאַרער, אַ הױכער, אַ בלאַ־סער מיט שװאַרצע געקרײַזלטע פּײעס, ברענענדיקע, שװאַרצע, אונטער־געשלאָגענע אױגן, פֿאַרברענטע ליפּן, און אַ ציטעריקן שפּיציקן גאָרגל; בײדע — מיט „אױפֿגעבראָשעטע" הערצער, אַן העמדער, בײדע אין לאַ־כעס; דער ראָש־יעשיװע שלעפּט קױם נאָך אַ פּאָר פֿױערישע שטיװל, דעם טאַלמיד אַן זאָקן פֿאַלן די שוסטער־שיך אַראָפּ פֿון די פּיס. —

דאָס איז געבליבן פֿון דער באַרימטער יעשיװע!

דאָס פֿאַראָרעמטע שטעטל האָט אַלע מאָל װײניקער געשיקט עסן, געגעבן טעג; זײַנען זיך די אָרעם־באַכערים צעקראָכן! ר׳ יעקל אָבער װיל שױן דאָ שטאַרבן, און זײַן טאַלמיד — לײגן אים די שערבלעך אַף די אױגן.

און זײ בײדע לײַדן אױך אָמאָל הונגער. פֿון װײניק עסן קומט װײ־ניק שלאָפֿן, פֿון גאַנצע נעכט נישט שלאָפֿן און נישט עסן — אַ כײשעק צו קאַבאָלע!

מימאָ נאָפּשעך — דאַרף מען אױף־זײַן גאַנצע נעכט און הונגערן גאַנצע טעג, — לאָז מען כאָטש דערפֿון אַ נוצן האָבן, זאָל כאָטש זײַן: טאַנײסים מיט סיגופֿים, זאָלן זיך כאָטש עפֿענען אַלע טױערן פֿון דער װעלט מיט סױדעס, רוכעס און מאַלאָכים!

און זיי לערנען שוין קאַבאָלע אַ צײַט!

אַצינד זיצן זיי באַם לאַנגן טיש, איינע אַליין. באַ יעדן איז אַצינד נאָך מיטיק, באַ זיי איז נאָך פאַר פרישטיק. זיי זײַנען דאָך געוווינט דערצו. — דער ראָש־יעשיווע פאַרגלייזט די אויגן און רעדט; דער טאַל־מיד זיצט אונטערגעשפּאַרט אַף ביידע הענט מיטן קאָפּ און הערט —

— אין דעם זײַנען דאָ — זאָגט דער ראָש־יעשיווע — אַ סאַך בכינעס: איינער קען אַ שטיקל, איינער אַ האַלבן, איינער אַ גאַנצן ניגון.

— דער רעבע, ז"ל, האָט געקענט אַ גאַנצן ניגון, אַפילע מיט אַ צושפּיל!

— איך (האָט ער צוגעגעבן טרויעריק) — האָב קוים די זכיָע צו אַ פּי־צעלע, אָט אַזוי גרויס...

ער האָט אָפּגעמאָסטן אַ פּיצל פון דאַרן פינגער און האָט ווײַטער געצויגן:

— עס איז פאַראַנען אַ ניגון, וואָס מוז האָבן ווערטער... דאָס איז גאָר אַ נידעריקע בכינע... עס איז פאַראַנען אַ העכערע בכינע... אַ ניגון, וואָס זינגט זיך אַליין, גאָר אָן ווערטער — אַ ריינער ניגון! נאָר ד ע ר  נ י ג ו ן דאַרף נאָך האָבן אַ קאָל... און ליפּן, דורך וועלכע דאָס גייט אַרויס! און ליפּן — פאַרשטייסטו — זײַנען דאָך גאַשמיָעס! און דאָס קאָל אַפילע, עס איז אַן איידעלער גאַשמיָעס, גאַשמיָעס איז עס!

לאָז זײַן, אַז דאָס קאָל שטייט אַף דער גרענעץ צווישן רוכניָעס און גאַשמיָעס!

נאָר סײַ ווי סײַ דער ניגון, וואָס הערט זיך מיט אַ קאָל, וואָס הענגט אָפּ פון די ליפּן, איז נאָך נישט ריין, נאָך נישט אינגאַנצן ריין... נאָך נישט קיין עמעסער רוכניָעס!...

דער עמעסער ניגון אָבער זינגט זיך גאָר אָן אַ קאָל... עס זינגט זיך אינעווייניק, אין האַרץ, אין די געדערים!

אָט דאָס איז דער סאָד פון דאָוויד האַמעלעכס ווערטער: „כל עצמותי תאמרנה"... אינעם מאַרך פון די ביינער דאַרף זינגען, דאָרט דאַרף זײַן דער ניגון — דער העכסטער שוואָך פאַר גאָט באָרוך־הו! דאָס איז נישט דער ניגון פון אַ באָסאָר־וועדאָם, דאָס איז קיין א ו י ס ג ע ט ר אַ כ ט ע ר ניגון! דאָס איז שוין אַ ביילעק פון ניגון, מיט וועלכן גאָט האָט די וועלט באַשאַפן, פון דער נעשאָמע, וואָס ער האָט אַרײַנגעגאָסן אין איר...

און אַזוי זינגט די פּאַמאַליע שעל מײַלע! אַזוי האָט געזונגען דער „ייִד", זיכרוינוי ליווראָכאָ!

דעם לימעד האָט איבערגעהאַקט אַ צעשויבערטער יונג מיט אַ שטריק אַרום די לענדן — אַ טרעגער. ער איז אַרײַנגעקומען אין בײס־מעדרעש, אַנידערגעשטעלט אַ שיסל מיט גריץ מיט אַ שטיקל ברויט אַפן טיש לעבן ראָש־יעשיווע, און מיט אַ גראָב קאָל געזאָגט: „ר' טעוול שיקט דעם ראָש־יעשיווע עסן!" און האָט זיך איבערגעדרייט, און, אַרויסגייענדיק, צוגעגעבן: „שפּעטער וועל איך קומען נאָך דער שיסל!"

אַרויס, דורך דעם גראָבן טרעגער־קאָל, פון דער געטלעכער האַרמאָניע, האָט זיך דער ראָש־יעשיווע שווער אויפגעהויבן און איז, נאָכשלעפּנדיק די גרויסע שטיוול, צוגעגאַנגען צום קיִור זיך וואַשן.

גייענדיק, האָט ער ווײַטער גערעדט, נאָר מיט ווייניקער היסלײַוועס, און דער טאַלמיד האָט אים פון זײַן אָרט נאָכגעיאָגט מיט די אויפגעשפּיצטע אויערן און ברענענדיקע פאַרכאָלעמטע אויגן.

נאָר — זאָגט ווײַטער ר' יעקל מיט אַ טרויעריקער שטימע — איך האָב אַפילע די זכִיע נישט מאַסיג צו זײַן, אין וואָס פאַר אַ בכינע דאָס איז! אין וועלכן „שאַאר" דאָס קומט! זעסטו, — גיט ער שוין צו מיט אַ שמייכל, — די סיגופים מיט די צרופים, וואָס מען דאַרף דערצו, די וויים איך, און איך וועל זיי דיר נאָך עפּשער הײַנט איבערגעבן!

דעם טאַלמיד קריכן שוין די אויגן אויס; ער האַלט אָפּן דאָס מויל צו כאַפּן יעדעס וואָרט; נאָר דער רעבע האַקט אָפּ, ער וואַשט זיך, ווישט זיך די הענט, זאָגט „שאו ידיכם". גייט צוריק צום טיש און מאַכט, מיט ציטערדיקע ליפּן, די „האַמויצי"...

מיט ציטערדיקע דאַרע הענט הייבט ער אונטער די שיסל. די פאַרע פאַרדעקט אים מיט אַ וואַרעמען דונסט דאָס בייניקע פּאָנעם; דערנאָך שטעלט ער זי צוריק, נעמט דעם לעפל אין דער רעכטער האַנט, און וואַרעמט די לינקע האַנט אין ראַנד פון שיסל. דערבײַ צעקוועטשט ער מיט דער צונג אָן די גאָלע דזיאָנסלעס די רעשט „מויצי" מיט זאַלץ.

אָנגעוואַרעמט דאָס פּאָנעם מיט די הענט, קנייטשט ער שטאַרק אײַן דעם שטערן, ציט צוזאַמען די בלאָנע־בלאָע דאַרע ליפּן, און הייבט אָן בלאָזן!

באַ דער גאַנצער צײַט האָט פון אים דער טאַלמיד קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט. און, בעשאַס דעם רעבנס ציטערדיק מויל איז אַנטקעגנגעלאָפן דעם ערשטן לעפל גריץ, האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט באַם האַרץ;

ער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם מיט ביידע הענט און האָט זיך איינגאַנצן איינגעצויגן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אַריינגעקומען נאָך אַ יונג מיט נאָך אַ שיסל גריץ מיט ברויט:

„ר' יויסעף שיקט דעם טאַלמיד אָנבייסן!"

נאָר דער טאַלמיד האָט נישט אַוועקגענומען די הענט פון פּאָנעם.

דער ראָש־יעשיווע האָט אַוועקגעלייגט דעם לעפל און איז צוגעגאַנגען צום טאַלמיד. אַ ווײַלע האָט ער מיט שטאַלצער ליבע אויפ'ן געקוקט, דערנאָך האָט ער איינגעהילט די האַנט אין דער פּאָלע און אָנגערירט אים דעם אַקסל.

— מען האָט דיר געבראַכט עסן, — וועקט ער אים מיט אַ פריינטלעך קאָל. טרויעריק און לאַנגזאַם האָט דער טאַלמיד אַוועקגענומען די הענט פון פּאָנעם. און דאָס פּאָנעם איז נאָך בלאַסער געווען, און די אונטערגעשלאָגענע אויגן האָבן נאָך ווילדער געברענט.

— איך ווייס, רעבע! ענטפערט ער — נאָר איך וועל נישט עסן הײַנט!

— דער פערטער טאָנעם? — האָט דער ראָש־יעשיווע געפרעגט פאַרוווּנדערט, —

— און אָן מיר? גיט ער צו מיט אַ פּרעטענזיע.

— עס איז אַן אַנדערער טאָנעם — ענטפערט דער טאַלמיד, — עס איז אַ טאָנעס־טשוווע!

— וואָס רעדסטו? דו — און אַ טאָנעס־טשוווע?

— יאָ, רעבע! אַ טאָנעס־טשוווע... אַ רעגע פריִער, ווען איר האָט אָנגעהייבן עסן, האָב איך געהאַט אַ הירהור... אויוועך צו זײַן אַף לויסאַכמויד!

---

אין דער זעלבער נאַכט, גאַנץ שפּעט, האָט דער טאַלמיד געוועקט דעם רעבן. זיי זײַנען ביידע געשלאָפן, זיך קעגנאיבער, אַף בענק אין קלויז.

— רעבע — רעבע! האָט ער גערופן מיט אַ שוואַך קאָל —

— וואָס איז? האָט זיך דער ראָש־יעשיווע אויפגעכאַפּט דערשראָקן.

— איך בין אַצינד געווען אין דער הויכער מאַדריינגע...

— ווי־אַזוי? פרעגט דער ראָש־יעשיווע נאָך אַביסל פאַרשלאָפן.

— עס האָט אין מ י ר געזונגען!

דער ראָש־יעשיווע האָט זיך אויפגעזעצט:

— וויאַזוי, וויאַזוי?

— איך ווייס אַליין נישט, רעבע — האָט דער טאַלמיד מיט נאָך אַ שוואַכערן קאָל געענטפערט, איך האָב נישט געקענט שלאָפן, האָב איך מיך פאַרטיפט אין אייער שמועס... איך האָב געוואָלט דאַווקע קענען דעם ניגן... און איך האָב פאַר גרויס צאַאַר, וואָס איך קען נישט דעם ניגן, אָנגעהייבן וויינען... עס האָט אין מיר אַלץ געוויינט; אַלע אייווריים האָבן געוויינט פאַרן ריבוינעשעלאָוילעם!

דערביי האָב איך געמאַכט די צרופים, וואָס איר האָט מיר איבערגעגעבן... אַ ווונדערלעכע זאַך: נישט מיטן מויל, נאָר עפּעס אינעווייניק... פון זיך אַליין! ראַפּטום איז מיר ליכטיק געוואָרן... איך האָב געהאַלטן צו די אויגן, און עס איז מיר געווען ליכטיק, זייער ליכטיק, זייער שטאַרק ליכטיק!...

— אָט! בייגט זיך צו דער ראָש־יעשיווע.

— דערנאָך איז מיר געוואָרן פון דעם ליכט אַזוי גוט, אַזוי לייַכט... עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך וועג גאָרנישט, אַז מיין גוף האָט די וואָג פאַרלאָרן, אַז איך קען פליִען...

— אָט! אָט!

— דערנאָך בין איך געוואָרן לוסטיק, לעבעדיק, לאַכנדיק... דאָס פּאָנעם האָט זיך מיר נישט גערירט, די ליפּן אויך נישט, און איך האָב דאָך געלאַכט!

— אָט! אָט! אָט! — מיטאָך סימכע!

— דערנאָך האָט עפּעס אין מיר געברומט, ווי אַז אָנהייב פון אַ ניגן געברומט —

דער ראָש יעשיווע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין באַנק און איז מיטאַמאָל געווען באַם טאַלמיד: —

— נו — נו —

דערנאָך האָב איך געהערט, ווי עס האָט אין מיר אָנגעהייבן זינגען!

— וואָס האָסטו געפילט? וואָס? וואָס? זאָג!

— איך האָב געפילט, אַז אַלע כושים זיינען מיר פאַרשטאָפּט און פאַרמאַכט, און עפּעס אינעווייניק זינגט... און אַזוי ווי מען דאַרף — גאָר אָן ווערטער, אָט אַזוי...

— וויאַזוי? וויאַזוי?!

— ניין, איך קען נישט... פריִער האָב איך געוווּסט... דערנאָך איז פונעם זינגען געוואָרן... געוואָרן...

— וואָס איז געוואָרן — וואָס?...

— אַ מין שפּילן... גלײַך, לעהאַווּדל, איך וואָלט אינעווייניק אין מיר אַ פידל געהאַט, אָדער גלײַך יוינע קלעזמער זאָל אין מיר זיצן און שפּילן זמירעס, ווי באַם רעבן צום טיש! נאָר עס האָט געשפּילט נאָך בעסער, נאָך איידעלער, מיט נאָך מער רוכניִעס! און אַלץ אָן אַ קאָל, אָן אַ שום קאָל — ס אַ מ ע רוכניִעס!...

— ווויל איז דיר! ווויל איז דיר! ווויל איז דיר!

אַצינד איז אַלץ אַוועק! — מאַכט טרויעריק דער טאַלמיד, — עס האָבן זיך מיר צוריקגעעפנט די קושיִם, און איך בין אַזוי מיד, אַזוי מיד, אַזוי — מי—ד...! אַז איך...

— רעבע — האָט ער ראַפּטום אַ געשריי געטאָן, זיך אָנכאַפּנדיק באַם האַרץ, — רעבע! זאָגט מיט מיר ווידע! מען איז געקומען נאָך מיר! — עס האָט דאָרט אין פּאַמאַליע־שעל־מײַלאָ אַ זינגערל פאַרפעלט! אַ מאַלעך מיט ווײַסע פליגל!... רעבע! רעבע! שמאַ־יִיסראָעל; שמאַ... יִיִם...

---

דאָס גאַנצע שטעטל ווי איין מענטש האָט זיך געווונטשן אַזאַ טויט, נאָר פאַרן ראָש־יעשיִווע איז נאָך ווייניק.

נאָך אַ פּאָר טאַנייסים, — קרעכצט ער, — וואָלט ער שוין גע־שטאָרבן „בנשיקה”!

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

מ ע ק ו ב אַ ל י ם (מקובלים) — מערצאָל פון מעקובל, אַ מענטש וואָס פאַר־נעמט זיך מיט דערלערנען די מיסטיש־רעליגיעזע לערע — קאַבאַלע.

ר אָ ש ־ י ע ש י וו ע (ראש ישיבה) — דער אָנפירער פון יעשיווע.

ל אַ כ ע ס — שמאַטעס.

ג ע ג ע ב ן ט ע ג — די טאַלמידים פון יעשיוועס זײַנען מערסטנטייל געווען אָרעמע באָכערים און פלעגן באַקומען זייער דערנערונג באַ די פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים — באַ דעם אָדער יענעם באַלעבאָס אַ באַשטימטן טאָג פון דער וואָך. דאָס האָט געהייסן „עסן טעג” פאַר די באָכערים און „געבן טעג” פאַר די באַלעבאַטים.

ס י ג ו פ י ם (סגופים) — פּײַניקונג. לויט די רעליגיעזע אָנשויונגען פון די מעקובאָלים ברענגען טאַנייסים און סיגופים דעם מענטשן צו באַגרײַפן די גאָטהייט.

**בחינעס** (בחינות) — שטופֿעס; מאַדרייגעס.

**זיכרוינוי ליווראָכאָ** (זכרונו לברכה, ז"ל) — זײַן אָנדענק זאָל זײַן געבענטשט. אַ צושפּרוך, ווען אַ רעליגיעזער ייִד דערמאָנט אַ געשטאָרבענעם.

**גאַשמיעס** (גשמיות) — דאָס קערפּערלעכע, דאָס מאַטעריעלע.

**רוכניעס** (רוחניות) — דאָס גײַסטיקע.

**„קאָל אַצמויסײַ טוימאַרנאָ..."** („כל עצמותי תאמרנה...") — אַלע מײַנע ביינער טוען ריידן. אַ זאַץ פֿון טילים.

**פֿאַמאַליע שעל מײַלע** (פֿמליא של מעלה) — די הימלשע פֿאַמיליע, גאָטס סוויטע.

**קיער** (כיור) — אַ האַנטפֿאַס מיט וואַסער אין בעסמעדרעש אַף וואַשן די הענט.

**זיד וואַשן** — וואַשן די הענט פֿאַרן עסן איז באַ די רעליגיעזע ייִדן אַ רע־ליגיעזער געזעץ.

**מאַסיג** (משיג) **זײַן** — באַנעמען.

**אין וועלכן שאַאַר** (שער) **דאָס קומט** — אין וועלכן טויער דאָס קומט. לויט די אָנשויונגען פֿון רעליגיעזע ייִדן, זײַנען פֿאַראַן אין הימל פֿאַר־שיידענע טויערן, דורך וועלכע עס דערגייען צו גאָט די טפֿילעס.

**צייריפֿים** (צרופֿים) — פֿאַראייניקונג; קאָמבינאַציע, אַ רעליגיעז־מיסטישער באַגריף, אַז דורך דער קאָמבינאַציע פֿון פֿאַרשיידענע אויסיעס און פֿראַזעס קומט דער מענטש צו אַ צושטאַנד, ווען ער באַנעמט אַזעלכע זאַכן (געטלעכע) וואָס אין געוויינלעכן צושטאַנד קאָן ער עס ניט באַנעמען.

**סעו יעדייכעם** (שאו ידיכם) — אַ טפֿילע, וואָס רעליגעזע ייִדן זאָגן פֿאַרן עסן.

**האַמויציע** (המוציא) **מאַכן** — מאַכן אַ בראָכע פֿאַרן עסן ברויט. דאָס שטיקל ברויט, וואָס מען עסט גלײַך נאָך דער בראָכע הייסט מויצע (מוציאָ).

**טאָנעס־טשוווע** (תענית־תשובה) — אַ טאָנעס, וואָס דאַרף זײַן, לויט די רעליגיעזע באַגריפֿן, אַן אָפּקומעניש פֿאַר עפּעס אַ זינד.

**הירהור** (הרהור) — אַ געדאַנק.

**לויסאַכמויד** (לא תחמוד) — זאָלסט ניט גלוסטן דאָס, וואָס געהער ניט צו דיר. אַ רעליגיעזער געבאָט.

**מיטויד סימכאָ** (מתוך שמחה) — פֿאַר פֿרייד.

**ווידע** (ודוי) — אַ טפֿילע וואָס רעליגיעזע ייִדן זאָגן פֿאַרן טויט.

**שמאַ יִסראָעל** (שמע ישראל) — אַ טפֿילע פֿון דאַווענען. די דאָזיקע טפֿילע זאָגן אויך רעליגיעזע ייִדן ווען עס טרעפֿט זיך באַ זיי אַן אומגליק.

**שטאַרבן בינשיקאָ** (בנשיקה) — שטאַרבן דורך אַ קוש (געמיינט: גאָטס קוש). אַ רעליגיעזער באַגריף: ווען אַ מענטש האָט גרויסע פֿאַרדינסטן באַ גאָט, שיקט ניט גאָט דעם מאַלעך האַמאָוועס נאָך זײַן נעשאָמע, ווען עס קומט די צײַט פֿון זײַן טויט, נאָר גאָט אַליין קומט נאָך דער נעשאָמע און נעמט זיך צו מיט אַ קוש.

# אויב נישט נאָך העכער

א כסידישע דערציילונג

און דער נעמיראָווער פלעגט סליכעס־צייט יעדן פרימאָרגן נעלעם ווערן, פאַרשווינדן!

מען פלעגט אים נישט זען אין ערגעץ: נישט אין שול, נישט אין ביידע באַטיי־מעדראָשים, נישט בא א מיניעז, און אינדערהיים אַוואַדע נישט. די שטוב איז געשטאַנען אָפן. ווער עס האָט געוואָלט, איז אַריַין און אַרויסגעגאַנגען; געגאַנוועט באַם רעבן האָט מען נישט, אָבער קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז אין שטוב נישט געווען.

ווּ קען זייַן דער רעבע?

ווּ זאָל ער זייַן? מינאַסטאַם אין הימל! ווייניק געשעפטן האָט אַ רעבע פאַר יאָמים־נוירא̇ים צו פאַרזאָרגן? ייִדעלעך, קיין אייַנהאָרע, דאַרפן פּאַרנאָסע, שאָלעם, געזונט, גוטע שידוכים, ווילן גוט און פרום זייַן, און די זינד זייַנען דאָך גרויס, און דער שאָטן מיט זייַנע טויזנט אויגן קוקט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער, און ער זעט, און פאַר־קלאָגט, און מאַסערט... און — ווער זאָל העלפן, אַז נישט דער רעבע?

אַזוי האָט דער אוילעם געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אָנגעקומען אַ ליטוואַק, לאַכט ער! איר קענט דאָך די ליטוואַקעס: פון מוסער־ספאָרים האַלטן זיי ווייניק, דערפאַר שטאָפּן זיי זיך אָן מיט „ש"ס ופוסקים". וויַיזט דער ליטוואַק אַ בעפּיירעשע געמאָרע — די אויגן שטעכט ער אויס. אַפילע מוישע ראַביינו, וויַיזט ער, האָט באַם לעבן ניט געקאָנט אַרויף אָפן הימל, נאָר געהאַלטן זיך צען טפאָכים אונטערן הימל! נו, גיי שפּאַר זיך מיט אַ ליטוואַק!

— ווּ דען קומט אַהין דער רעבע?

— מייַן דייַגע! ענטפערט ער און ציט מיט די אַקסל, און טאָך

קעדיי דיבער (וואָס אַ ליטוואַק קען!) איז ער זיך מעיאַשעוו, צו דערגיין די זאַך.

---

נאָך דעם זעלבן פאַרנאַכט, באַלד נאָך מייַרעוו, גאַנוועט זיך דער ליטוואַק צום רעבן אין כיידער אַריַין, לייגט זיך אונטערן רעבנס בעט, און ליגט. ער מוז אָפּוואַרטן די נאַכט און זען, ווו דער רעבע קומט אַהין, וואָס ער טוט סליכעס־ציַיט.

אַן אַנדערער וואָלט עפּשער איַינגעדרימלט און פאַרשלאָפן די ציַיט; אַ ליטוואַק טוט זיך אַן אייצע; לערנט ער זיך אויסנווייניק אַ גאַנצע מע־סעכטע! איך געדענק שוין ניט, כולין צי נעדאָרים!

פאַרטאָג הערט ער, ווי מען קלאַפּט צו סליכעס.

דער רעבע איז שוין ניט געשלאָפן אַ ציַיט. ער הערט אים שוין עפּשער אַ גאַנצע שאָ קרעכצן.

ווער עס האָט געהערט דעם נעמיראָווער קרעכצן, וויים, וויפל צאַר פאַר קאָל יִסראָעל, וויפל יעסורים עס האָט געשטעקט אין זיַין יעדן קרעכץ... די נעשאָמע פלעגט אויסגיין, הערנדיק דאָס קרעכצן! אַ ליט־וואַק האָט דאָך אָבער אַן אייזערן האַרץ, הערט ער צו און ליגט זיך וויַיטער! דער רעבע ליגט זיך אויך: דער רעבע, זאָל לעבן, אַ פ ן בעט, דער ליטוואַק א ו נ ט ע ר ן בעט.

---

דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטן אין הויז הייבן אָן סקריי־פּען... ווי די בנייבאַיִס כאַפּן זיך אַרויס פון די בעטן, ווי מען מורמלט אַ יִדיש וואָרט, מען גיסט וואַסער אַף די נעגל, עס קלאַפּן אויף און צו די טירן... דערנאָך איז דער אוילעם אַרויס פון שטוב, עס ווערט וויַיטער שטיל און פינצטער, דורכן לאָדן שיַינט אַריַין אַ קליין ביסל ליכט פון דער לעוואָנע...

מוידע האָט ער געווען, דער ליטוואַק, אַז ווען ער איז געבליבן איינער אַליין מיטן רעבן, איז אים באַפאַלן אַן איימע. די הויט איז שוין אים אויפגעלאָפן פאַר שרעק. די וואָרצלען פון די פּייעס האָבן אים געשטאָכן אין די שלייפן ווי די נאָדלען.

אַ קליינ׳יקייט: מיטן רעבן, און סליכעס־ציַיט, פאַרטאָג, אַליין אין שטוב!...

אַ ליטוואַק איז דאָך אָבער אײַנגעשפּאַרט, ציטערט ער ווי אַ פיש אין וואַסער און ליגט. —

---

ענדלעך, שטייט דער רעבע, זאָל לעבן, אויף...

פריִער טוט ער וואָס אַ ייִד דאַרף טאָן... דערנאָך גייט ער צו צו דער קליידער־אַלמער און נעמט אַרויס אַ פּעקל... עס באַווײַזן זיך פּויערשע קליידער: לײַוונטענע פּלודערן, גרויסע שטיוול, אַ סיערמיענגע, אַ גרויס פוטערן היטל מיט אַ ברייטן לאַנגן לעדערנעם פּאַס, אויסגעשלאָגן מיט מעשענע נעגעלעך.

דער רעבע טוט עס אָן...

פון דער קעשענע, פון דער סיערמיענגע, שטאַרט אַרויס אַן עק פון אַ גראָבן שטריק... פון אַ פּויערשן שטריק!

דער רעבע גייט אַרויס; דער ליטוואַק — נאָך!

דורכגייענדיק, טרעט אָפּ דער רעבע אין קיך, בייגט זיך אײַן, פון אונטער אַ בעט נעמט ער אַרויס אַ האַק, פאַרלייגט זי אונטערן פּאַס און גייט אַרויס פון שטוב.

דער ליטוואַק ציטערט, נאָר ער טרעט ניט אָפּ.

---

אַ שטילער, יאָמים־נוראָימדיקער פּאַכעד וויגט זיך איבער די טונקעלע גאַסן, אָפּט רײַסט זיך אַרויס אַ געשריי פון סליכעס פון ערגעץ אַ מיניען, אָדער אַ קראַנקער קרעכץ פון ערגעץ אַ פענצטער... דער רעבע האַלט זיך אַלץ אין די זײַטן פון די גאַסן, אין די שאָטנס פון די הייזער... פון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרויס און דער ליטוואַק נאָך אים...

און דער ליטוואַק הערט, ווי זײַן אייגן האַרץ־קלאַפּן מישט זיך צוזאַמען מיטן קלאַפּ פון רעבנס שווערע טריט; אָבער גיין גייט ער, און קומט צוזאַמען מיטן רעבן אויס דער שטאָט אַרויס.

---

הינטער דער שטאָט שטייט אַ וועלדל.

דער רעבע, זאָל לעבן, נעמט זיך אין וועלדל אַרײַן. ער מאַכט אַ דרייסיק־פערציק טריט און שטעלט זיך אָפּ באַ'ן אַ ביימל און דער ליטוואַק ווערט ניוועל אומישטוימעם, זעענדיק, ווי דער רעבע נעמט אַרויס פון פּאַס די האַק און שלאָגט אין ביימל אַרײַן.

ער זעט, ווי דער רעבע האַקט און האַקט, ער הערט ווי דאָס ביימל

קרעכצט און קנאַקט. און דאָס ביימל פאַלט. און דער רעבע שפּאַלט עס אַף ליפּעס ... די ליפּעס — אַף דינע שיַיטלעך: און ער מאַכט זיך אַ בינטל האָלץ, נעמט עס אַרום מיטן שטריק פון קעשענע, ער וואַרפט דאָס בינטל האָלץ איבער די פּלייצעס, שטעקט צוריק אַריַין די האַק אינעם פּאַס, לאָזט זיך אַרויס פון וואַלד און גייט צוריק אין שטאָט אַריַין.

אין אַ הינטערגעסל שטעלט ער זיך אָפּ באַ אַן אָרעם, האַלב־איַינגעבראָכן הייזל און קלאַפּט אָן אין פענצטערל.

— ווער איז? פרעגט מען דערשראָקן פון שטוב אַרויס. דער ליטוואַק דערקענט, אַז עס איז אַ קאָל פון אַ ייִדענע, פון אַ קראַנקער ייִדענע.

— יאָ! ענטפערט דער רעבע אַף פּויעריש לאָשן.

— קטאָ יאָ? פרעגט מען וויַיטער פון שטוב.

און דער רעבע ענטפערט וויַיטער, אַף מאַלאָראָסיש לאָשן: וואַסיל!

— וואָס פאַר אַ וואַסיל און וואָס ווילסטו, וואַסיל?

— האָלץ, זאָגט דער פאַרשטעלטער וואַסיל, האָב איך צו פאַרקויפן! זייער ביליק... בעכאָצע־כינעם האָלץ!

און נישט וואַרטנדיק אַף אַ טשוווע, נעמט ער זיך אין שטוב אַריַין.

---

דער ליטוואַק גאַנוועט זיך אויך אַריין און, באַם גרויען ליכט פון פריען מאָרגן, זעט ער אַן אָרעמע שטוב, צעבראָכן, אָרעם קלייבאַיִם ... אין בעט ליגט אַ קראַנקע ייִדענע, פאַרוויקלט מיט שמאַטעס, און זי זאָגט מיט אַ ביטער קאָל:

— קויפן? מיט וואָס זאָל איך קויפן? ווּ האָב איך, אָרעמע אַלמאָנע, געלט?

— איך וועל דיר באָרגן! ענטפערט דער פאַרשטעלטער וואַסיל, אינגאַנצן זעקס גראָשן!

— פונוואַנען וועל איך דיר באַצאָלן? קרעכצט די אָרעמע ייִדענע.

— נאַריש מענטש — מוסערט זי דער רעבע, — זע, דו ביסט אַן אָרעמע קראַנקע ייִדענע און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ, איך בין ביטועך, אַז דו וועסט באַצאָלן; און דו האָסט אַזאַ שטאַרקן, גרויסן גאָט, און געטרויסט אים נישט... און האָסט אַף אים אַף נאַרישע זעקס גראָשן פאַרן בינטל האָלץ קיין ביטאָכן ניט!

— און ווער וועט מיר איַינהייצן? — קרעכצט די אַלמאָנע, — איך

האָב דען קויעד אויפצושטיין ? מײַן זון איז אַף דער אַרבעט געבליבן.
— איך וועל דיר אײַנהייצן אויך — זאָגט דער רעבע.

---

און, אַרײַנלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רעבע, קרעכ־צנדיק, געזאָגט פון סליכעס דעם ע ר ש ט ן פּיזמען . . .

און אַז ער האָט אונטערגעצונדן, און דאָס האָלץ האָט פרײלעך גע־ברענט, האָט ער געזאָגט, שוין אביסל לוסטיקער, פון די סליכעס דעם צווייטן פּיזמען.

דעם דריטן פּיזמען האָט ער געזאָגט, ווען עס האָט זיך אויסגעברענט און ער האָט די בלעך פאַרמאַכט . . .

דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ נעמיראָווער כאָסיד.

און שפּעטער, אויב אַ כאָסיד האָט אַמאָל דערציילט, אַז דער נע־מיראָווער הייבט זיך אויף, סליכעס־צײַט, יעדן פרימאָרגן, און פליט אַרויף אין הימל אַרײַן, פלעגט שוין דער ליטוואַק נישט לאַכן, נאָר צוגעבן שטי־לערהייט :

— אויב נישט נאָך העכער !

---

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

ד ע ר נ ע מ י ר אָ ו ע ר — אַ באַוווסטער גוטער ייִד, אַן אָנפירער פון די בראַצלאַווער כסידים, נאָכן בען־נאַפּטאַלי־הערץ שטערנהאַרץ, סאָף 18־טן און אָנ־הייב 19־טן יאָרהונדערט.

פּ ו י ס ק י ם (פּוסקים) — פאַרשיידענע ספאָרים, וואָס באַהאַנדלען און שטעלן פעסט די ייִדישע רעליגיעזע געזעצן.

ט פ אָ כ י ם (טפחים) — מערצאָל פון טעפאַך — די ברייט פון דער דלאָניע (אין אַלטערטום געדינט אַלס מאָס).

ט אָ ך קעדיי ד י ב ו ר (תוך כדי דיבור) — בעייסן ריידן ; דאָ אַפן אָרט.

כ ו ל י ן (חולין), נ ע ד אָ ר י ם (נדרים) — נעמען פון טאַלמודישע טראַקטאַטן.

מ ע ג י ס ט ו ו אַ ס ע ר אַ ף ד י נ ע ג ל — אַ ייִדישער רעליגיעזער מינהעג אָפּגיסן די שפּיץ־פינגער מיט וואַסער (נעגל־וואַסער), נאָכן אויפשטיין פון שלאָף.

נ י ו ו ה אָ ל א ו מ י ש ט ו י מ י ם (נבהל ומשתומים) — דערשראָקן און פאַרוווּנדערט.

ב ע כ אָ צ י כ י נ ע ם (בחצי חנם) — האַלב אומזיסט.

ק ל יי ־ ב אַ י ס (כלי־בית) — שטוב־זאַכן.

פּ י ז מ ע ן (פּזמון) — אַ מין אַרט רעליגיעזע דיכטונג.

# די קלאָלע

(פון יויכענען מעלאַמעדס מײַסעלעך)

אין ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט איז געווען אַ גרויסע גווירע.

און די גווירע איז געווען אַ מעיוכעסעס, העך פון איר צאַד, העך פון מאַן, פון גווירים צאַד.

אַ גרויסע יעפּאַס־טויאר איז זי אויך געווען, האָט זי זיך גרויס גע־האַלטן, ווי מען זאָגט, געבלאָזן פון זיך, און מיט די רעשט ווײַבער פון שטאָט קיין שום מאַגע אומאַסע נישט געהאַט.

זי פלעגט אין ערגעץ אַפילע אַף קיין סימכע נישט גיין, און בא איר איז נאָך קיין סימכע נישט געווען, ווײַל זי האָט, כאָטש עטלעכע יאָר נאָך דער כאַסענע, נאָך קיין קינדער נישט געהאַט.

און דעריבער, אַז דער מאַן, אַ לייפּסקער סויכער, איז אַרויסגעפאָרן פון דער היים, איז די גווירע אַרומגעגאַנגען איינע אַליין אין אירע גרויסע און רײַכע שטיבער, און האָט נישט געוווּסט, וואָס מיט זיך צו טאָן.

לייענען „צאינה־וראינה", „קב־הישר", צי אַנדערע מוסער־ספאָרים אַף איוורע־טײַטש, האָט זיך איר נישט געלוסט; פּיאַנע פלעגט מען נאָך אין ייִדישע הײַזער נישט שפּילן, קיין מײַסע־ביכלעך פאַר ווײַבער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען; דעם מעשאָרעס מיט די צוויי דינסטן, וואָס זי האָט געהאַט, פלעגט זי האַלטן פון זיך ווײַט; אומגערופן האָט קיינער געטאָרט צוקומען, — פלעגט זי שטיין גאַנצע טעג באַם צירונג־קעסטל, שפּילן זיך מיט די אַלערליי גאָלדענע און בריליאַנטענע זאַכן, וואָס זי האָט געהאַט, קוקן ווי די פלעמלעך גיסן זיך איבער אין די טײַערע שטיי־נער; אָנמעסטן און אויסטאָן, און אָנמעסטן, אַבי, ווי עס איז, די צײַט צו פאַרברענגען.

אַז איר איז דאָס נימעס געוואָרן, פלעגט זי צוגיין צו דער קליידער־

שאַנק און איבערוואַרפן אַלע זײַדענע, אַטלעסענע און סאַמעטענע קליידער, וואָס זי האָט געהאַט.

און אַזוי פלעגט זי אָפּלעבן די צײַט און אָפּוואַרטן ביז דער מאַן וועט צוריקקומען פון לייפּסק.

איינמאָל האָט זיך אָבער דער מאַן לענגער פאַרזאַמט און, ווען ער האָט געדאַרפט, לויט אַלע יאָר, אַרויספאָרן, האָט ער ערשט געשיקט אַ בריוו: העיווים די אייסאָקים וועלן אים לענגער פאַרהאַלטן... מיט גאָטס הילף וועט ער אַפילע מאַכן גרויסע און גוטע געשעפטן, נאָר זײַן אַגמעס־נעפעש איז גרויס, וואָס ער קען אַפילע נישט מאַגביל זײַן די צײַט פון אַרויספאָרן.

און ווײַל ער רעכנט, אַז זי האָט אויך אַוואַדע אַגמעס־נעפעש דער־פון, וויל ער — שרײַבט ער — זי מעסאַמייעד זײַן אַביסל, שיקט ער איר גאַרנאַסטאַיען אױף אַ פוטער, טײַערע גאַרנאַסטאַיען צו 15 רענדלעך אַ שטיק.

אין עטלעכע טעג אַרום, אַז די גווירע האָט באַקומען די גאַרנאַס־טאַיען, האָט זי זיך גענומען צום מאַכן דאָס פוטער.

ערשטנס, זײַנען איר די פּעלכלעך זייער געפעלן; צווייטנס, וועט זי האָבן מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען, נישט מעשוגע צו ווערן איבער דער צײַט.

אַהיימגעבן אַ באַלמעלאָכע די פּעלכלעך האָט זי מוירע, מען זאָל זי נישט באַגאַנווענען, שיקט זי נאָך אַ שנײַדער, ער זאָל אויפנייען דאָס פוטער באַ איר אין שטוב; זי אַליין וועט זיצן באַ דער אַרבעט.

און דער שנײַדער, וואָס די גווירע האָט געלאָזט רופן, איז געווען אַ ווױלער יונג, ווי עס טרעפט זיך צווישן שנײַדער.

אַ מאַנספּאַרשוין — אַ פּאַרטרעט, אַ מויל — ווי אױף שרויפן, און אַ בעריע, — די נאָדל פלעגט אים פליִען אין דער האַנט, און דערבײַ, אויב ער האָט נישט גערעדט, פלעגט ער זינגען ווי אַ קאַנאַריק.

און עס איז געקומען דערצו, אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ שמועס צווישן דער גווירע מיטן כאַיִט.

און דער שנײַדער דערציילט איר פון זײַנע קינדערשע יאָרן:

אַז ער איז גאָר פרי אַ יאָסעם געבליבן, אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען, ראַכמאָנע־ליצלאַן; אַז די אָרעמע קרויווים זײַנע, וואָס האָבן אים נישט געקענט מעפּאַרנעס זײַן און צאָלן פאַרן ביידער־געלט, האָבן אים אָפּגעגעבן צו'ן אַ שנײַדער...

און דער שנײַדער האָט אים זײער שלעכט באַהאַנדלט...

אַוואָדאס־פּערעך האָט ער געאַרבעט, נאָר נישט בײַ דער מעלאָכע... האָלץ פֿלעגט ער האַקן, וואַסער טראָגן...

און מאַקעס אַכזאָריעס פֿלעגט מען אים שלאָגן... דער באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע, די עלטערע פּויאַלים...

הונגער האָט ער אויך געליטן...

און וואָס איז ער נישט אויסגעשטאַנען?

זומער און ווינטער פֿלעגט ער אַרומגײן נאַקעט און באָרוועס.

אין די גרעסטע פֿרעסט פֿלעגט ער שלאָפֿן אויף דער גאָלער ערד, אונ־טערגעלײגט די פֿויסט! ער האָט אַפֿילע נישט געהאַט קײן מאַלבעש מיט וואָס זיך צוצודעקן, אוקעדוימע...

און די גווירע, אויף וועלכער מען האָט געזאָגט, אַז זי האָט אַ שטײ־נערן האַרץ, האָט ראַכמאָנעס געקראָגן אויפֿן יאָסעם, און פֿרעגט דעם שנײַ־דער גאָר מיט אַן אַנדער קאָל, וויאַזוי ער האָט דאָס אַלץ געקענט אויס־האַלטן?

און דער שנײַדער זאָגט איר, אַז ער ווײס אַלץ נישט! אַז ער איז טאַקע שטאַרקער געווען פֿון אײַזן, אַז ער האָט עס אויסגעהאַלטן!

נאָר אַ מוטער האָט ער געהאַט אַ צאַדייקעס: עפּשער איז אים איר זכוס בײַגעשטאַנען...

דעם פֿאָטער האָט ער נישט געקענט!

נאָר וואָס מער װוּנדער, בײַ אַלע צאָרעס און יעסורים, וואָס ער האָט אויסגעליטן, איז ער טאָמיד געווען פֿרײלעך און לוסטיק; מען שלאָגט אים אומזיסט, שטעלט ער זיך אַוועק אין אַ ווינקעלע און ווײנט, נאָר אײדער די טרערן ווערן טרוקן — ער זינגט שוין.

וואָרעם זינגען האָט ער ליב געהאַט דאָס לעבן! עס האָט זיך אים טאָמיד געוואָלט זינגען, אַזוי זינגען, ווי דאָס פֿײגעלע, וואָס פֿליט אין דער לופֿטן, און האָט איבער זיך קײן אויבערהאַר נישט! דעריבער האָט מען אים טאַקע גערופֿן: מוישע פֿויגל! „מוישע" האָט ער געהײסן.

און דער שנײַדער דערצײלט איר ווײַטער, אַז ער האָט געקענט אויסנ־ווײניק אַלע כאַזאָנישע זאַכן; אַפֿילע פֿון פֿרעמדע כאַזאָנים, וואָס פֿלעגן קומען דאַווענען אויף בילעטן! דורך די פֿענצטער פֿלעגט ער זיך אַרײַנ־גאַנווענען און הערן...

קומט מען צופֿאָרן מיט אַ קאַטערינקע, גאַנוועט ער זיך שוין אַרויס, און לויפֿט איר נאָך פֿון הויז צו הויז, פֿון גאַס צו גאַס, ביז ער נעמט איבער אַלע ניגונים! ... גאַנצע נעכט פֿלעגט ער שטיין אונטערן פֿענצ־טער פֿון אַ כאַסענע, אויב עס האָבן פֿרעמדע קלעזמאָרים געשפּילט, צו מאָרגנס האָט ער שוין אַלץ איבערגעזונגען... אַפֿילו דעם פֿידלס שטיי־גער צו דער כופּע!

„ויהי ערב — ויהי בוקר”, — דער שנײַדער דערציילט, די גווירע פֿרעגט איבער; און טיילמאָל, אַז זי פֿרעגט נישט, זינגט ער אין דער שטיל; הערט זי ווי ער זינגט.

---

אַף מאָרגן האָט דער שנײַדער דערציילט, אַז די סימכע, דאָס באַ־שטענדיקע פֿריילעך זײַן, איז אים טאַקע בײַגעשטאַנען.

אַביסל איז עס געווען מײַסע ניסים.

דער מײַסטער, דער באַלעבאָס זײַנער, איז פּלוצים קראַנק געוואָרן, ער האָט געפֿילט, אַז לאַנג לעבן וועט ער שוין נישט, די דאָקטוירים האָבן אים אויך שוין געלאָזט אַף גאָטס באַראָט...

האָט ער דער איקער גרויסער צאַאַר געהאַט דערפֿון, וואָס ער גייט פֿון דער וועלט אָן אַ קאַדיש, און לאָזט איבער אַ ווײַב אַן אַלמאָנע און אַ טאָכטער אַ יעסוימע; וואָרעם ער האָט קיין בען־זאָכער נישט געהאַט, וואָס זאָל קאַדיש זאָגן און איבערנעמען די מעלאָכע...

האָבן די קרויווים, שכיינים און גוטע פֿרײַנט אָן אייצע געגעבן, ער זאָל די טאָכטער זײַנע, — עסטערל האָט זי געהייסן — טייקעף כאַסענע מאַכן מיט אַ פּויעל, וועט דער איידעם מעפּאַרנעס זײַן די טאָכטער מיט דער אַלמאָנע און קאַדיש זאָגן בעמאָקעם אַ זון.

באַשטייט ער.

זאָגט אָבער עסטערל: אַז זי וויל מיך; מוישע פֿויגל וויל זי.

זאָגט מען איר, אַז איך בין קוים אַלט אַכצן יאָר.

זאָגט זי, אַז זי האָט נאָר זיבעצן, איז עס אַ גלײַכער שידעך!

זאָגט מען איר ווײַטער, אַז איך קען נישט די מעלאָכע, איך בין קיין פּאַרנאָסע־געבער.

זאָגט זי, אַז איך וועל מיך אויסלערנען; אַז אויב איך קען נאָך נישט, איז עס נישט מײַן שולד! אַז מוישע פֿויגל איז קיין פֿויגל נישט,

און מעסוגל צו דער מעלאָכע איז ער, נאָר מען האָט אים נישט געלערנט!

דער פאָטער בעט זיך בא איר, די מוטער וויל שלאָגן.

די באָס־יעכידע אָבער האַלט זיך שטאָל און אײַזן: אָדער מוישע פויגל, אָדער גאָרנישט!

— נו, און דו האָסט זי געוואָלט? פרעגט די גווירע מיט א צופרי־דענעם שמייכל.

— א שײַלע אַביסל! שמייכלט דער שנײַדער — מײַן עסטער איז דאָך שיין ווי עסטער האַמאַלקע, און אַזוי גוט ווי עסטער האַמאַלקע! — —

און וואָס האָבן זיי געקאָנט טאָן? דער כוילע איז מעסוקן און ער וויל זיך בעיין־אויפן נישט שיידן פון דער וועלט, אַן אַן איידעם; קווע־לט ער זיך נעבעך אַזוי לאַנג, ביז ער מוז באַשטיין!

האָט מען א כופּע געשטעלט!

און דעם צווייטן טאָג בין איך אויפגעשטאַנען א מײַסטער, און האָב באַקומען שליטע איבער די, וואָס פלעגן מיך קוועלן אָן ראַכמאָנעס...

און, אַז די גווירע פרעגט, צי ער באַצאָלט זיי אַצינד מיט פּראָצענט?

— ענטפערט ער: כאָס־וועשאָלעם!... ער גלייבט, אַז א מענטש איז נאָר דעמאָלט אַן אַכזאָר, ווען עס איז אים נאָר ביטער אַפן האַרץ! „זיי האָבן געליטן, האָבן זיי צו מיר אויסגעלאָזט דעם קאַאַס... איך בין דאָך דער שוואַכסטער געווען... אָבער איך?

געלויבט איז האַשעם־ייִסבאָרעך, מײַן האַרץ איז ניט פאַרביטערט... טרעפט זיך אַמאָל אַן אַגמעס־נעפעש, זינגט מען..."

די גווירע פרעגט, צי זײַן עסטערל זינגט אויך?

— מײַן עסטער האַמאַלקע זינגט, נאָר נישט אַף א קאָל!

די גווירע פאַרשטייט נישט און מוישע פויגל זאָגט, אַז ער אַליין פאַר־שטייט אויך נישט!

נאָר אײַזן איז ער אַזוי! און אויב ער פלעגט אַמאָל נאָכזינגען קלעז־מאָרים, אָדער כאַזאָנים, זינגט ער הײַנט עסטערלס ניגונים...

ערשט אַצינד איז אים אײַנגעפאַלן, אַז עס איז אַזוי!

„אַז איך קוק איר אין די אויגן אַרײַן, זינגט זיך! איז א סימען, אַז דאָרט שטעקט ער, דער ניגן!"

די גווירע ציט ווײַטער מיט די אַקסל און מוישע פויגל זאָגט נאָכ־אַמאָל, אַז ער פאַרשטייט אַליין אויך נישט, נאָר עס איז אַזוי!

— אַזוי איז עס! זאָגט ער — און הייבט זיך אויף.

ער האָט די אַרבעט געענדיקט; די גווירע האָט אים באַצאָלט, און ער איז אַוועקגעגאַנגען...

---

און די גווירע איז ווײַטער אַליין געבליבן... זי האָט ווײַטער נישט געוווּסט, וואָס מיט זיך צו טאָן; עס האָבן זיך שוין אַפילו די קליידער מיטן צירונג נישט פאַרנומען... אויסער באַם אָנמעסטן, האָט זי נאָך דעם מאָנס מאַטאָנע, דעם טײַערן פּעלץ אַפן לײַב נישט געהאַט!

דערמאָנט זי זיך פלוצים, אַז זי האָט מאַלבושים איבערצומאַכן... און שיקט נאָך מוישע פויגל.

און עס מאַכט זיך ווײַטער אַ שמועס.

די גווירע וויל וויסן, ווי מוישע פויגל לעבט מיט זײַן „עסטער האַ־מאַלקע", און דער שנײַדער דערציילט:

— האַשעם־יִתבאָרעך, זאָל געבן אַף לאַנגע יאָר, — זאָגט ער — עס זאָל אונדז קיין בייז אויג נישט שאַטן!...

מיר לעבן זיך ווי די טויבן...

נישט שטענדיק באַדט מען זיך אין מילך און אין פּוטער... אינ־מיטן דער וואָך פעלט אַמאָל אַ שטיקל פלייש, נאָר וואָס מאַכט עס אויס?... נישט דאָס איז דער איקער... אַבי דער מענטש איז נאָר צופרידן, די נעשאָמע הייסט עס!

די גווירע הייבט אָן כּויקער־וועדוירעש זײַן; וואָס זיי טוען? — פרעגט זי...

— וואָס זאָלן מיר טאָן? — איך טו מיר מײַן אַרבעט... איך ניי און שטעפ, און זי איז באַלעבאָסטע: קערט, קאָכט און וואַשט, אַ דײַגע! איך אַרבעט און זי אַרבעט; איך זינג און זי הערט זיך צו פונדערווײַטן, פון איר ווינקעלע. האָט זי צײַט, קומט זי צו מיר צו, זעצט זיך באַם טיש...

אַ קליין ביינעוודיק קעפל האָט זי, שפּאַרט זי עס אָן אַף דער האַנט...

אויגן האָט זי גרויסע, קוקט זי אַף מיר...

טו איך איר לעהאַכיס, און קוק איר אין די אויגן אַרײַן, ווערט זי רויטלעך, און מיר ווערט פריילעך, אַז עס הייבט זיך אָן צו זינגען... זינגט זיך! עס לעבט זיך נישקאָשע! ביפראַט אַצינד...

וואָס „אַצינד"?

— אָ! דער „אַצינד" איז אַ גרויסע זאַך, — ענטפערט דער שנײַ־

דער, — אַ נײַ פייגעלע קומט אַף דער וועלט... מוישע פויגלס אַ פייגעלע וועט קומען! עסטער האַמאַלקעס פייגעלע...

---

מוישע פויגל האָט נאָך נישט געענדיקט די אַרבעט באַ דער גווירע און עסטער האַמאַלקע ריכט זיך אין בעט אַרײַן...

מוישע פויגל לאָזט איבער די באָבען אין שטוב און גייט צו דער אַרבעט; ער זאָגט צו באַלד צוריקצוקומען...

און קומט נישט אַזוי געשווינד!

עסטער האָט דערווײַל ווייען באַקומען, און מוישע פויגל זיצט נאָך אַלץ באַ דער אַרבעט, און דערציילט, ווי גוט עסטערל איז, ווי שיין זי איז, ווי צוגעבונדן ער איז צון איר...

די גווירע לאָזט אים נישט אַוועקגיין; דאָס קלייד דאַרף זי נייטיק... ער אַרבעט ווײַטער.

די גווירע באַצאָלט ווי אַן עמעסע סראָרע! פאַר געלט קריגט מען גוטע זאַכן, און „עסטער האַמאַלקע" וועט דאַרפן גוטע זאַכן... דער קליינער פויגל וועט אויך דאַרפן!

און אַ ברים וועט זײַן אַ קנאַקנדיקער!

אַרבעט ער געשווינד, און זינגט, און דערציילט...

און, אַז די ווייען האָבן זיך געשטאַרקט, און עסטער האַמאַלקע האָט געשיקט אַ שכיינע נאָך מוישע פויגל, איז די שכיינע צוריקגעקומען מיט אַ טשוווע, אַז זי האָט מוישע פויגל נישט געזען; אַרויסגעקומען איז די גווירע... זי האָט איר אַליין געעפנט און געזאָגט, אַז זי וועט אים שוין שיקן!

און אַז די ווייען זײַנען נאָך שטאַרקער געוואָרן, איז אַן אַנדערע שכיינע געגאַנגען, שוין אַן עלטערע ייִדענע, וואָס האָט שוין געזאָלט „אָננעמען מוישע פויגל באַ די פייעס און אַהיימשלעפּן ווי אַ פייגער". נאָר זי האָט אויך נישט די האָזע געהאַט קעגן דער גווירע, און איז אויך צוריקגעקומען מיט דער בסורע, אַז זי וועט אים באַלד שיקן...

— זי האָט מיך, — פאַרענטפערט זי זיך, — איבער דער שוועל נישט געלאָזט!

און אַז די באָבע האָט געזאָגט, אַז עסטערל איז אין אַ גרויסער סאַקאָנע, אַז, אויב, האַשעם־ייִסבאָרעך, וועט זיך, כאַס־וועשאָלעם, נישט מעראַכעם זײַן, ווײס זי נישט וואָס דער סאָף קען זײַן...

האָט די יווּלעדעם פאַר גרויס צאַאַר אַ געשריי געטאָן:

— ריבוינעשעלאָוילעם! אויב עס איז אַף מיר ניגזער געוואָרן פון הימל, אַז איך זאָל אַזוי פרי אַוועקגיין פון דער וועלט און מײַן אייגן קינד נישט זען, לאָז מיך כאָטש נאָכאַמאָל זען מײַן מוישע פויגל!

און אַ דריטע שכיינע איז געלאָפן, און איז צוריקגעקומען, און גע־זאָגט: אַז באַלד קומט ער, ער ענדיקט שוין דאָס קלייד! אַזוי האָט די גווירע געזאָגט...

און די גווירע האָט בעעמעס נישט געוווּסט, אַז עס איז סאַקאָנעס־נעפאָשעס, זי האָט גאָרנישט געלאָזט צו זיך ריידן...

— וואָס טוען זיי דאָרט? — האָט די יווּלעדעס מיט די לעצטע קויי־כעס געשריִען.

און די שכיינע איז מוידע, אַז זי איז געשטאַנען אַ ווײַלע הינטער דער טיר און האָט געהערט, ווי מוישע פויגל דערציילט עפּעס, זאָגט וואָס אַמאָל: עסטער האַמאַלקע, מײַן עסטער האַמאַלקע און זי, די גווירע לאַכט...

און עסטערל האָט אויסגערופן:

— ריבוינעשעלאָוילעם, זאָל זי שוין לאַכן ביזן טויט אַרײַן; אין קייווער זאָל זי לאַכן...

און זי איז אַוועקגעקומען...

---

דאָס איז געווען אַ קלאָלע פון אַ שכיוור־מיירע! (שכיב־מרע).

און זי איז מעקוייעם געוואָרן, די קלאָלע!

די גווירע האָט שוין נישט אויפגעהערט צו לאַכן!

אַ צופרידענער שמייכל איז איר ווי צוגעקלעפּט געוואָרן צום פּאָנעם. און, עפּנט זי דאָס מויל, לאַכט זי!

זי שמייכלט באַם גרעסטן צאַאַר, באַ די גרעסטע יעסורים; דאָס האַרץ ברעכט און זי לאַכט!

זי שמייכלט, ווען זי בעט אַף זיך דעם טויט; זי לאַכט! ווי ווען דער מאַלעך־האַמאָוועס וואָלט פאַר איר אַ מאַלעך־האַגויעל געווען.

עס קומט אַרײַן דער מעשאָרעס, ער שטעלט זיך פון ווײַטן און ווײַזט איר, ער האָט אַ בריוו, אַוואָדע פון מאַן.

שטייט ער און וואַרט, זי זאָל אים געבן אַ צייכן, אַז ער זאָל איר דערלאַנגען דעם בריוו; דערזעט ער, אַז זי איז עפּעס הײַנט פריינטלעכער, ווי אַלע מאָל, אַז זי שמייכלט!...

גלייבט ער זײַנע אויגן נישט, עפנט זי דאָס מויל, און לאַכט.

זי וויל אים זאָגן, ער זאָל דערלאַנגען דעם בריוו און — לאַכט...

דער מעשאָרעס איז געווען בעטעווע אַן אויסגעלאַסענער, אַ באַהאַל־טענער ראָשע, קוקט ער אַף איר שוין גאָר אַנדערש.

זי שמייכלט ווײַטער...

זי וויל זיך בייזערן, עפנט ווײַטער דאָס מויל און — לאַכט!

— וואָס איז מיט איר געוואָרן? מיט דער מעיוּכעסעס?

ער קען עס גאָרנישט פאַרשטיין. קלערט ער, ווי אים טויג זיך. גייט ער נענטער צו, — זי שמייכלט!

מיינט ער, דער ראָשע, אַז ער האָט באַ איר פּלוצלינג נויסע־כיין גע־ווען, גייט ער צו נאָך נענטער!

נעמט ער זי אָן באַ אַ האַנט! זי שמייכלט! קושט ער די האַנט, — און לאַכט!

מער דאַרף ער נישט, דער אויסגעלאַסענער מעשאָרעס! פאַרגעסט ער אָן בריוו, וואָס דער באַלעבאָס האָט געשיקט פון וועג, אַז ער קען אָנ־קומען באַלד נאָכן בריוו, — און נעמט זי אַרום...

זי שמייכלט, זי לאַכט!

קומט טאַקע אָן דער באַלעבאָס, זעט ער וואָס עס טוט זיך, און נעמט זי אָן און — וואַרפט זי אַרויס...

זי לאַכט!

עס איז ווינטער; אַ קעלט, אַ שניי, זי גייט אַרום און שמייכלט...

מען לויפט איר נאָך, מען לויפט אַף איר ווונדער און זי לאַכט; זי שמייכלט און לאַכט...

---

און אַזוי טרײַבט זי זיך, לאַכנדיק, אַרום אין די גאַסן —

זי בעטלט און לאַכט.

מען וואַרפט איר נאָך שטיינער, שלעכטע מענטשן פּײַניקן זי, זי שמייכלט און לאַכט...

זי גייט איבער פון איין האַנט צו דער צווייטער, פון איין ראָשע צום צווייטן, מיטן פאַרגליווערטן שמייכעלע אַפן פּאָנעם, מיטן קלינגענדיקן געלעכטערל אין מויל!

זי פאַלט ביז אַף דער נידעריקסטער מאַדרייגע און אַליץ מיט אַ שמייכל אַפן פּאָנעם, מיט געלעכטער אין מויל!

און אַזוי האָט זי געשמייכלט און געלאַכט, ביז צום טויט, און — נאָכן טויט!

זי גויסעסט און לאַכט, די נעשאָמע רײַסט זיך איר פון גוף אַרויס און דאָס פּאָנעם לאַכט...

און דאָס פּאָנעם לאַכט אַפילע אין קייווער!...

די עטלעכע נויסים וואָס האָבן זיי אַרײַנגעלאָזט אין קייווער אַרײַן, האָבן מיט טויט־שרעק דעם קייווער פאַרשיט. און געאײַלט זיך, זיי זאָלן שוין דעם ווײסטן שמייכל נישט זען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

וואָרנט אײַך יויכאָנען מעלאַמעד: היט אײַך פאַר אַ קלאָלע, ביפראַט פון אַ שכיוו־מײרא!...

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

מאַגע־אומאַסע (מגע ומשא) — דאָ: באַציִונג, באַרירונג.

אַ לייפּסקער סויכער — אַ סויכער, וואָס פירט מיסכאָרים מיט לייפּציק.

מאַגביל (מגביל) זײַן — באַשטימען.

אַוויידאָס־פערעד (עבודת פרך) — זייער שווערע, אויסמאַטערנדיקע אַרבעט.

„וויַהי ערעוו וויַהי בויקער" („ויהי ערב ויהי בוקר") — און עס איז געווען אָוונט, און עס איז געווען פרימאָרגן — אַ ביבליש־עפּישע פאָרעם פון דערציילן.

כויקער וועדוירעש (חוקר ודורש) זײַן — אויספאָרשן, אויספרעגן.

ניגזער (נגזר) געוואָרן — אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ שווערער, אַ האַרבער אורטייל.

שכיוו־בערא (שכיב מרע) — טויט־קראַנקער.

מאַלעד־האַגויעל (מלאך הגואל) — אַ מאַלעך אַן אויסלייזער.

# דעם רעבנס ציביק

אַלע, נישט דאָווקע אַלטע ייִדן, געדענקען נאָך, ווי בײַ סאַרע־ריווקען האָט אַמאָל געפעלט נישט דאָווקע קינדער, נאָר אַפּילע ברויט, ראַכמאָנע־ליצלאַן! פשאַט־פּאַשעט — ברויט!

כאָים־באַרעד אַליין, דער מאַן אירער, איז שטענדיק געווען אַ גרויסער כאָסיד; טאַקע פון דער האַסכאָלע אָן, זינט דער שווער זײַנער, (אָלעוו־האַשאָלעם — אַן ערלעכער ייִד געווען!) האָט אים אַראָפּגעבראַכט פון הינטער לובלין.

מען האָט באַלד געזען, אַז עס איז אַ קיילע, אַ בראָכע פון זײַן ליבן נאָמען; אַז עס איז אַזוינס, וואָס, אויב עס ברענגט נישט מאַשיעכן, צאַפּט עס, ווייניקסטנס, מאַשקע פון דער וואַנט!

ער האָט שוין אַזאַ צורע געהאַט.

אין די טיפע, אונטערגעשלאָגענע אויגן האָט שטענדיק געציטערט אַ מין באַהאַלטן שײַנדל, גלײַך עמעץ דרייט זיך דאָרט אַרום מיט אַ ליכט אין דער פינצטערער שטוב!

אַ בלאַס פּאָנעם, נאָר בײַ וואָס־עס־איז, האָט עס אויפגעבליט ווי אַ רויז, אַזאַ דין הייטל האָט ער געהאַט.

בײַ די שלייפן האָט שטענדיק זיך עפעס געוואָרפן, געקלאַפּט —

און מיט אַ פּאַשעטן יוזעפאָווער גאַרטל האָט זיך די ברײטע צען מאָל אַרומגענומען, עפשער מער!

פאַרשטייט זיך אַליין, אַז פון פּאַשעט לערנען איז נישט געווען וואָס צו ריידן. אַזוינס גייט טיפער און טיפער: זויהער, אייץ־כאַיִם... וואָס איר ווילט נאָר אַליין!

מיטן רעבן, זאָל לעבן, פלעגט ער אָפּזיצן שאָען־לאַנג, און זיי האָבן צווישן זיך אַפּילע קיין וואָרט נישט גערעדט, נאָר אַלץ אָפּן אויג, מיטן ווונק! נו, רעדט מיט אַזוינעם מיקוייעד פּאַרנאָסע?

פֿאַרוואָס האָט׳ן דער בייסמעדרעש גערופֿן „כאָזם־באָרעד סאָרע־ריווקעס״, אָדער בעקיצער: „סאָרע־ריווקעס מאָן״? פֿאַרוואָס האָט מען אָנגעהאַנגען אַלע „שערי בינה״ אין טאָפּ אַרבעס מיטן ביסל הייוון, מיט וועלכע סאָרע־ריווקע האָט געהאַנדלט? איז טאַקע נישט צום פֿאַרשטיין.
זי אַליין, סאָרע־ריווקע, האָט געהאַט ווילד אַגמעסנעפּעש דערפֿון.
עס איז טאַקע — האָט זי געפּילט — אַ קאָוועד, וואָס ער הייסט אַף איר נאָמען, נאָר — זי האָט אָבער אויך געוווּסט, אַז אַזויערנאָך קומט זי אָפּ מיטן ביסל נאַכעס אַף ד ע ר וועלט!
זי פּלעגט גאַנץ אָפּט, קימאַט אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך, קומען אין בייס־מעדרעש אַריַין מיטן טאָפּ אַרבעס.
„כאָזם־באָרעד!״ — שריַיען די יעשיווע־באָכערים, — דיַין שפּיַיזערן גייט!״
כאָזם־באָרעד, זעט אויס, האָט נאָך געפּילט איר גאַנג אַף די טרעפּ; ער האָט שוין לאַנג פֿאַרשטעקט די צורע אינעם זויהער; איבערן שטענדער ציטערט נאָר דאָס פּעטע, פֿאַרפּעדערטע שפּיצל פֿון דער יאַרמולקע. נאָר אַפּילע אַף דעם שפּיצל קוקט זי אויך נישט; זי קוקט ביכלאַל נישט אין זיַין זיַיט אַריַין, זי וויל נישט זען ווי די שכינע רוט איבער זיַין לערנען. זאָלן זיך אירע אויגן נישט פּאַשען אַף דער וועלט, אַלץ — טראַכט זי — דאָרט! דאָרט, אַף יענער וועלט! אין האַרץ פּילט זי דאָך אַ וואַרעמקייט, אַ נאַכעס.
פֿון בייס־מעדרעש גייט זי אַרויס ווי אויפֿגעוואַקסענער, גרעסער, מיט אַ העלערן, פֿריַיערן בליק! עס איז גאַרנישט צו דערקענען, אַז זי איז שוין אַ וויַיבל פֿון עטלעכע און צוואַנציק יאָר! — אַז אַ קנייטש אָפּן שטערן, מיט אַ געראָוועט כיינעוודיק פּענעמל, גליַיך זי איז ערשט פֿון אונטער דער כופּע אַרויס!
און פֿון דעם טאַקע, אַז זי דערמאָנט זיך — האָט זי אַגמעסנעפּעש.
עס וועט איר, — טרויערט זי אין האַרץ, גאַרנישט בליַיבן אַף יענער וועלט. זי וועט אַרויפֿקומען ווי אַן אָפּגעפּליקטע גאַנדז, אָן אַ זכוס אָפּן לַייב... און וואָס ט ו ט זי דען? זי דרייט זיך אַרום מיטן טאָפּ אַרבעס אין גאָס, צעטראָגט פֿון איין דאַנערשטיק צום צווייטן הייוון אין עטלעכע היַיזער! וואָס ה אָ ט ער פֿון איר?
האַלזמאַן דער פֿאָטער, אַלעוו־האַשאָלעם, האָט נאָך געלעבט און דאָס

רעדל האָט זיך געדרייט, איז געוועזן אַ דירע און צו עסן, און צו טרינקען, טאָקע — קעיאַר האַמעלעך. היינט? אַף אַלע סאָניי־ציאָן געזאָגט!

דער נאָדן איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, דאָס היטל — פאַרקויפט!

אינדערפרי, פיש־גריץ — קאַרטאָפל מיט וואַסער!

באַנאַכט אַ יאַיכל מיט אַ נעכטיקן ביינגל!

אָט, דאָס איז זיין אוילעם־האַזע!

שוין זיבן יאָר, האָט זי אים אַפילע קיין קאַפּאָטע נישט געמאַכט...

פון פייסעך צו פייסעך — אַ היטל, אַ פּאָר שטיוול, נישט מער!

מעשאַבעס לעשאַבעס גיט זי אים אַרויס אַ העמד; אומשטיינס געזאָגט — אַ העמד! שפינוועבס!

זי טראָגט שוין אַ בריל דורך די העמדער: צערע און צערע און גאָרנישט...

„ריבוינע־שעל־אוילעם”, — טראַכט זי, — אַז מען וועט נעמען אַף יענער וועלט איין אָס פון זיין טוירע אַף איין וואָגשאָל, און אַף דער צווייטער וועט מען אַרויפלייגן מיינע יאַיכלעך מיט פיש־גריצן, מיט מיינע אויגן צוזאַמען... וואָס וועט איבערוועגן?

זי ווייס אַפילע, אַז וואָס עס איז פאַרקניפּט אַף דער וועלט, איז פאַרבונדן אַף יענער אויך! אַז נישט אַזוי געשווינד טיילט מען דאָרט אָפּ אַ מאַן פון אַ ווייב! און ער וועט דען לאָזן? אַזאַ בריליאַנט ווי ער איז? זי זעט דען נישט, ווי ער וויל דאַווקע, זי זאָל אויך טועם זיין באָם עסן... עס איז דאָך נאַריש, — ער וועט דאָך נישט ריידן, נאָר מיט די אויגן ווינקט ער; און מאַכט זי זיך נישט־וויסנדיק, ברומט ער, ווי אינמיטן שימענעסרע... ניין! לאָזן וועט ער נישט — ער וועט נישט באַשטיין, ער זאָל זיצן אַף דער פאָטער־שטול צווישן צאַדיקים און אָנעס, און זי זאָל זיך ערגעץ אַרומוואַלגערן אי זאַוילעם האַטויהו, אין וויסטע וועלדער...

וואָס העלפט עס אָבער? ערשטנס, וועט איר גלאָט זיין אַ כאַרפּע די אויגן אויפצוהייבן צווישן די אימאַהעס: די בושע וועט זי פאַרברענען!

צווייטנס, האָט זי קיין קינדער נישט... און — „יאָרן ציִען, יאָרן פליִען”...

זיבן יאָר וווינען זיי שוין, נאָך דריי באַשריגענע יאָר און — אַ געט!

זי וועט אים דען ריידן דאָס אַנדערע וואָרט?

אַז אַנדערע וועט זיין פוסבענקעלע אין גאַנידן זיין, און זי וועט זיך

גאָט ווייס, מיט וואָס עס איז פּאַר אַ שנײַדער פּינצטערן ערגעץ אין געהענעם...

וואָס? עס קומט איר מער?

נישט איינמאָל קומט איר אַ שנײַדער אָדער אַ שוסטער צו כאַלעם און זי כאַפּט זיך אויף מיט אַ יעלאָלע.

ער וועקט זיך אויף דערשראָקן.

באַנאַכט אין דער פינצטער רעדט ער אַמאָל; ער פרעגט: וואָס איז?

נאָר זי ענטפערט: גאָרנישט!

זי וויינט, בעט גאָט, עס זאָל איר אַרײַן אַ בראָכע אין די אַרבעס אָדער אין הייוון.

און ער איז טאַקע געווען אַ ברילִיאַנט!

אַ נאַרישע יידענע, טראַכט ער, און וואָס איר גייט דאָ! פונדעסט־וועגן — קלערט ער — דאַרף מען עפּעס טאָן דערינען! עפּשער וועט זי גיכער אַמאָל עפּעס אין מויל אַרײַן, פאַרגינען זיך!

ער האָט געזוכט אין די ספרים און געזוכט. נאָר אָפּט מאַכט זיך, אַז וואָס מען זוכט, געפינט מען דאַווקע ניט! אַזוינע זאַכן קומען „בהיסח הדעת", אומגעריכט!

טײַלמאָל — דאַכט זיך אים — אַז ער איז שוין אַף אַ דערעך, איז אים, אַ מײַסע סאַטן, עפּעס „מבלבל", און ער מוז אָנהייבן זוכן אַף דאָסנײַ!

ער האָט זיך מעיאַשעוו געווען, צו מאַכן דערפון אַ שמועס מיט איר, זאָל לעבן!

עס איז אָבער שווער געגאַנגען.

איינמאָל האָט דער רעבע נישט געהערט, פאַרטאָרגן געווען; דאָס צווייטע מאָל, האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ, נישט אַהין און נישט אַהער; דאָס דריטע מאָל האָט ער געענטפערט:

— הם! אַוואַדע וואָלט אַ יוישער געווען! דערווײַל איז אָבער עמעץ אַרײַנגעקומען און האָט איבערגעהאַקט.

נאָכאַמאָל, איז ער עקסטרע געפאָרן און געפרעגט: נו?

— נו! נו! — האָט דער רעבע געענטפערט, און גאָרנישט.

איינמאָל אָבער זיצט כאַיִם־באָרעך באַם רעבן, ערעוו שאַבעס, און גיט אַ זיפץ.

— קיין שטייגער, בייזערט זיך דער רעבע, מײַנס אַ כאָסיד זיפצט נישט. וואָרן טאָקע, וואָס?

— די הייוון! — ענטפערט כאַיִם־באָרעך.

— מען האָט שוין אין קאָל טפוצעס יִיסראָעל כאָלעם געבאָקן, — ענטפערט דער רעבע! פריַיטיק נאָך צוועלף רעדט מען נישט פון קיין הייוון!

שאַבעס־צונאַכטס האָט שוין כאַיִם־באָרעך אַרויסגערעדט בעפיירעש:

— רעבע, מאַכט ער, — עפשער וואָלט איר זיך מאַכנים געווען אין דער זאַך?

דער רעבע ווערט וויַיטער בייז:

— און דו — מאַכט ער — ביסט כוילע? פאַר דיַין טפילע איז דער הימל, כאַסווערשלאָעם, פאַרמאַכט?

כאַיִם־באָרעך האָט בעפיירעש געהערט „כאַסוועשאָלעם" און עס איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ. פונדעסטוועגן איז וויַיטער אַוועק אַ פּאָר כאַדאָשים און גאָרנישט...

אַף דאָשעשאָנע איז ער וויַיטער געקומען.

מאָציי יאָנטעוו גיט אים דער רעבע פּלוצלינג אַ קלאַפּ אין די פּליי־צעס ביפניי קאָהאָל וועאיידע און פרעגט:

— „כאַיִם־באָרעך, וואָס פעלט דיר?"

ער ווערט פאַרשעמט, און ענטפערט: „גאָרנישט!"

— שעקער! מאַכט דער רעבע, דיר פעלט עפּעס.

— וואָס? פרעגט כאַיִם־באָרעך פאַרציטערט, און אַף דער צונג איז אים שוין געלעגן: די „בראָכע אין הייוון און אַרבעס".

דער רעבע לאָזט אים אָבער נישט קומען צום וואָרט און ציילט אים אָפּ ווערטער ווי פערל:

— „דיר — כאַיִם־באָרעך — פעלט — אַ — ליולקע־ציביק!"

דער אוילעם איז ניוול ווענישטוימעם געוואָרן.

— דו רויכערסט, — מאַכט דער רעבע, — פון אַ פּיפּקעלע, ווי אַ באַלעגאָלע!

כאַיִם באָרעכן איז אַרויס דאָס פּיפּקעלע פון מויל, ער האָט קוים אַרויסגעשאַמלט:

— איך וועל זאָגן סאַרע־ריווקען.

— זאָג, זאָג, — מאַכט דער רעבע. זאָל זי דיר קויפן אַ גרויסע

ליולקע־ציביק... נעם דיר מיט מײַן יאַנטעװודיקע פּאַר אַ מאָס; קעהויאַ זאָל זי זײַן.

און ער האָט אים איבערגעגעבן זײַן ליולקע־ציביק.

און דאָס איז געװען אינגאַנצן!

נאָר אײדער ער איז אַהײמגעקומען, האָט מען שוין אין שטעטל גע־װוּסט, אַז כאַיִם־באָרעך פּירט דעם רעבנס יאַנטעװודיקע ליולקע־ציביק...

— נאָך װאָס, נאָך װען? האָט מען געפרעגט אין אַלע געסלעך, אין אַלע הײַזלעך.

— נאָך װאָס? האָבן געצאַפּלט אַלע יִידישע נעשאָמעס. נאָך װאָס?

און מען האָט זיך אַלײן געענטפערט: מינאַסטאָם אַף קינדער!

כאַיִם־באָרעך, דאַכט זיך, לײַדט נאָך אַף דעם, װאָס אַלע לאָמדים לײַדן, מינאַסטאָם װערט דער רויך פון רעבנס יאַנטעװודיקער ליולקע אַף דעם אויך האָבן אַ פּולע! אַהאַ! נאָך עפּעס: סאָרע־ריװקע לײַדט אַף די אויגן! צו 22 יאָר טראָגט זי אַ בריל; דער רעבע האָט עס אװאַדע אין זין געהאַט, אַ קלײניקײט — כאַיִם באָרעכס װײַב!

און גלאַט: צו װאָס העלפט נ י ש ט אַזאַ ציביק? און נאָך אַ יאַנטעװודיקער ציביק?!

און נאָך אײדער כאַיִם־באָרעך איז אַראָפּ פון דער פור, האָבן אים שוין הונדערט מענטשן געבעטן, ער זאָל באָרגן דעם ציביק: אַף אַ בוי־דעש, אַ װאָך, אַ טאָג, אַ שאָ, אַ מינוט, אַ רעגע...

מען װיל אים אָפּגילטן!

און ער האָט אַלע געענטפערט:

— איך װײס? פרעגט סאָרע ריװקען...

אַ נעװוּגע איז אים אַרויס פון מויל...

---

סאָרע ריװקע האָט אַ װויל געשעפט...

כײַ גערדוילים פאַר אַ צי פון ליולקע־ציביק! כײַ גערדוילים, נישט אַ גראָשן װײניקער!

און מען צאָלט, און סאָרע־ריװקע האָט שוין אירם אַ הײַזל, אַ שײן געװעלבל, אַ סאַך הייװון אין געװעלבל, אַ סאַך אַנדערע סכוירעס.

זי אַלײן איז פולער געװאָרן, געזונטער, אויסגעגלײַכט! זי האָט דעם מאַן שוין נײַע װעש געמאַכט, די ברילן אָװעקגעלײגט...

פאַר עטלעכע וואָכן איז מען געקומען נאָכן ציביק פאַרן פּאָרעץ ווענן!
מען האָט אַנידערגעלייגט דריַי זילבערנע רובל, ווי דען!

— און קינדער? ווילט איר וויסן.

— אַוואַדע! שוין דריַי צי פיר... ער איז אויך אַ גאַנצער מענטש געוואָרן...

---

און אין בייסמעדרעש איז אַ שטענדיקער פּילפּל.

טייל זאָגן, אַז סאָרע־ריווקע וויל נישט און וועט נישט אָפּגעבן דעם רעבן דעם ציביק!

אַנדערע זאָגן, אַז זי האָט אים שוין לאַנג אָפּגעגעבן! און דאָס איז אַן אַנדערער...

ער אַליין, כאַים־באָרעד, שוויַיגט.

אולעמיַ נאַפּקעמינע? אַבי ער העלפט!

---

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

זוהר — באַקאַנטער סייפער פון קאַבאַלע?
עץ חיים — דער בוים פון לעבן.
שערי בינה — די טויערן פון פאַרשטאַנד.
טועם זיין — פאַרזוכן.
שמונה־עשרה — אַ טפילע (וואָס מע זאָגט שטייענדיק).
בהיסח הדעת — (בעהעפעך האַדאַם) (נישט ווילנדיק, אַן אַ מיין.
מבלבל — צעמישט.
כל חפוצות ישראל — אומעטום ווו יידן לעבן.
בפני קהל ועדה — עפנטלעך.
נבהל ונשתומם געוואָרן — צעמישט און איבערראַשט געוואָרן.

# באַם גויסעס צוקאָפּנס

דער שאמעס פון גאנײדן — א ליכטיקער מאלעך — אן אפגלאנץ פון זײן ליבן נאמענס שטראלנדיקער גענאד, קומט אײנמאל פארנאכט פון גאנײדן ארויס און עפנט, צערודערט און פארזארגט, א פענצטערל פון הימל, בײגט ארויס דעם שטראלנדיקן קאפ און װענדט זיך מיט א טרויערי־קער, ציטערדיקער שטימע צו דער אונטערגײענדיקער זון און פרעגט:

— װײסטו ניט, זון, װאס באַ לײבל קאנסקיװאלער טוט זיך?

די זון שװײגט, זי װײס ניט.

נאך אומרויִקער ציט דער מאלעך זײַן שטראלנדיקן קאפ צוריק.

און ניט אומזיסט איז אומרויִק דער מאלעך.

שוין „מכמה וכמה שנים" רוישן צװײ מאל אין טאג אלע זיבן הימלען מיט לײבל קאנסקיװאלערס „שמא־יִשראעל"...

װי א זילבערנער שרויט צעשיט זיך זײַן „עכא־אד" צופוסנס באַם קיסײ־הקאװעד... און עס קאלערט זיך דער „עכאד" און זשומט, און פרומט, און זידט, װי א מאכנע זומער־פײגעלעך, װאס גלוסט און בענקט צו דער פלאם, װערט צוגעצויגן צו איר און בריט זיך און ברענט אין איר מיטן גרעסטן טײַנוג פון „יסורים של אהבה"...

דאס לעצטע מאל האט ער אים צו שאכרים געהערט.

צו מינכע האט ער שוין געפעלט!

אין בעט און לויב־געזאנג פון אלע װעלטן איז דעריבער א פעגימע געװען...

אין ארקעסטער איז פלוצלינג שטיל געװארן א קײלע; א סטרונע באַ אן ערשטער פידל האט געפלאצט און איז פארשטומט געװארן.

צי האט לײבל קאנסקיװאלער פארגעסן צו דאװנען מינכע?

װעט ער זאגן צװײ שמוינעסרעס באַ מײַרעװ?

נידעריקער לאָזט זיך דערוויַיל אַראָפּ די זון. די שטיל באַהאַלטענע שאַטנס קריגן רעשוס אַרויסצוקומען פון זייערע באַהעלטענישן — און זיי קריכן אַרויס פון די שפּאַלטן אין די פעלדזן באַם יאַמים, פון גריבער און היילן אין וויסטע מידבאַריעס, פון אונטער ביימער און צווישן צוויַיגן און בלעטער אין די טיפסטע וועלדער... און זיי פאַרשפּרייטן זיך אי־בערן יִישעוו און פלעכטן זיך אַרום און אַרום...

און אַט איז אַראָפּ די זון אינגאַנצן. לעוואָנע און שטערן בלאַנקען שטילשוויַיגנדיק אויף און נעמען איבער די מעמשאָלע איבער דער וועלט אַף איבער נאַכט... און זיי שפּינען און וועבן זייער פאַרקישעפט שפּינ־וועבס — אַ זילבער־דינע נעץ איבער דער פאַרמאַטערטער ערד...

און גלייַך מיט דער זון איז איבערן הימל פאַרזונקען געוואָרן די כייַע מיט דער אויפשריפט „עמעס״ אַפן שטערן, און צוזאַמען מיט דער לע־וואָנע איז אַרויסגעשוווּמען פון דער צווייטער זייַט די כייַע מיט דער זילבערנער טרעסט אַפן שטערן און מיט דער אויפשריפט „עמונע״...

און באַלד עפענען זיך שטיל־שוויַיגנדיק די טויערן פון הימל און לאָזן אַריַין גאַנצע מאַכנעס נעשאַמעס פון אייַנגעשלאָפענע מענטשן, וואָס קומען נאַכט אַף נאַכט אַרויף און פאַרשרייַבן אין די הייליקע ביכער, וויַאַזוי עס האָט זיך אָפּגעלעבט דער טאָג...

און עס סקריפּען די פעדערן, און עס רוישן מיליאָנען־מיליאַסן פליגל, טייל וויַיסע ווי שניי, ס׳ראָוו גרויע און פאַרפלעקטע, מאַנכע אויך רויט־פאַרבלוטיקטע...

און אַלע זיבן הימלען ווערן פול מיט אַ געמישט גערויש פון געבעט, כאַראָטע, בענקעניש, ליבשאַפט, האָפענונג און שרעק... און פּלוצלינג בלייַבט אַלץ ווי פאַרשטאַרט.

אַרום קיסיי־האַקאָוועד וויקלט זיך שטיל אַ זילבערנער נעפּל, וויקלט זיך און וויקלט זיך און ווערט טינקעלער און טינקעלער...

און פון הינטער דעם נעפּל הערט זיך אַ ברומען ווי פון אַ טויב:

„וויי איז מיר, וואָס איך האָב כאָרעוו געמאַכט מייַן הויז...״

„וואָס איך האָב פאַרברענט מייַן פּאַלאַץ...״

„וואָס איך האָב פאַרטריבן מייַן זון, מייַן אייגציקן זון...״

און אַ שוידער פון ראַכמאָנעס גייט דורך אַלע זיבן הימלען...

און עס ווערט וויַיטער שטיל, אַלץ האָט זייַן אָטעם פאַרהאַלטן, וואַרטנ־דיק ווי אַף אַ נעס, אַף עפּעס אַ ווונדער, אַף אַ בסורע אַ נייַע...

עס איז אָבער גאָרניט געשען...

עס דערהערט זיך פון אונטן אַ קאָל: עס קרייעט דער האָן.

פון קיסיי־האַקאָוועד גייט אָפּ דער נעפּל, דער פּאַרקישעפטער שוידער פּלאַצט און צערינט... עס עפענען זיך ווײַטער די פענצטער פון הימל, די נעשאָמעס פליִען צוריק אַרויס... מאַלאָכים מיט בריליאַנטענע פלע־דערווישן יאָגן אַרויס די פאַרשפּעטיקטע, די פאַרציטערטע, פאַרוויינטע און טיף־דערשראָקענע...

עס דויערט ניט לאַנג, און מע הערט, ווי מע קלאַפּט אונטן צו כצאָס...

באַלד הייבט אָן בלאָס און בלאַסער צו ווערן דער צייכן „עמונע״ אָף דער זילבערנער טרעסט. אַ דינער רויטלעכער שטראַל וועקט זיך פון מיזרעך־זײַט...

דער גאַניידן־שאַמעס וועקט זיך ווי פון אַ טיפן כאָלעם, גייט צו און עפנט נאָכאַמאָל אַ פענצטערל אין הימל, בייגט אַרויס דעם קאָפּ און רופט, פרעגנדיק:

— לעוואָנע און שטערן, אײדער איר פאַרשווינדט, צי קענט איר מיר ניט זאָגן, וואָס עס האָט מיט לייבל קאָנסקיוואָלער פּאַסירט?

און דעמאָלט האָט זיך גאָלדן־צעפלאַקערט אַ קליין שטערנדל פונווײַטן, איז צוגעשווומען צום פענצטערל און האָט געענטפערט:

— איך ווייס, ליכטיקער מאַלעך!

איך בין דורך קאָנסקיוואָלע געשווומען און האָב אין זײַן פענצטערל אַרײַנגעקוקט... ער שטאַרבט, לייבל קאָנסקיוואָלער... אַ אַלטער מאַן... זײַן ווײַסע באָרד איבער דער קאָלדרע בלאַנקט ווי ריין זילבער... נאָר דאָס פּאָנעם איז אײַנגעשרומפּן און געל... איך האָב געזען, ווי מע האָט אים אַ פעדער אונטער די נאָזלעכער געלייגט; איך האָב אָבער ניט געזען, זי זאָל זיך רירן.

און דער מאַלעך, דער שאַמעס פון גאַניידן, האָט באַ קיינעם קיין רעשוס ניט גענומען, „על דעת עצמו״ איז ער אַראָפּגעשאָסן אָף דער ערד נאָך לייבל קאָנסקיוואָלערס נעשאָמע. —

עס וועט אַן אומגעריכטע פרייד זײַן אין גאַניידן.

אַזוי האָט ער געטראַכט.

---

פלינק פליִען מאַלאָכים, נאָר — די שוואַרצע ווי די ווײַסע...

און אַז דער ליכטיקער מאַלעך איז אַראָפּגעקומען, האָט ער שוין געטראָפן אַ פינצטערן מאַלעך באַם גויסעם צוקאַפּנס...

צי איז דער פינצטערער פּרזער אַרויס, צי האָט ער צו אונדז אַ קירצערן וועג? ווער ווייס?

— וואָס טוסטו דאָ? — ווונדערט זיך דער ליכטיקער מאַלעד. דער־שראָקן. — עס איז דאָך לייבל קאָנסקיוואָלער!

— איז וואָס? — לאַכט דער שוואַרצער, און צוויי שורעס ווײַסע ציין בליצן אים אַרויס פון אויסגעקרימטן מויל...

— דאָס איז מײַן נעשאָמע! איך בין שאַמעס פון גאַניידן.

— זייער אַנגענעם! — מאַכט דער שוואַרצער אַ האַווײַע. — איך בין נאָר אַ לאַפּיטוט פון גענעם, נאָר לאָמיר זען!

און ער גיט אַ שאַר מיט אַ פוס אונטערן קראַנקנס בעט, און עס רוקט זיך אַרויס אַ פאַרבונדענער זאַק.

— וואָס ליגט דאָ אין זאַק?

— טאַלעס־אוטפּילן, — וויל דער גוטער מאַלעד טרעפן.

— אונטערן בעט באַהאַלטן? אַוויירעס באַהאַלט מען!

און ער בייגט זיך אַראָפּ צום זאַק און בינדט אים אויף, און עפנט אים, און דערלאַנגט אים אַ שטויס מיטן פוס — אַ גאָלדענער גלאַנץ וואַרפט זיך איבער דער שטוב, אַ גאָלדענער קלאַנג לויפט אים נאָך — גאָלדענע רענדלעך שיטן זיך אויס...

— גנייווע־געלט, גזיילע־געלט! — רופט אויס דער שוואַרצער מאַלעד.

— אויסגענאַרט בײַ ניט קלוגע, גערויבט בײַ אַלמאָנעס, געגאַזלט בײַ יע־סוימים, פון צדאָקע־פושקעס אַרויסגענומען... מיט בלוטיקע טרערן זײַנען זיי געוואַשן, און האַרציקע בלוט־פלעקן קלעפּן אָן זיי... און זע, ווי ער וועקט זיך, אַז מע רירט זײַן גאָלד!

מיט פאַרשלאָסענע אויגן וואַרפט זיך דער גויסעס...

פאַרציטערט בלײַבט דער ווײַסער מאַלעד און פאַרשטעלט זיך דאָס פּאָנעם מיט דער ערשטער פּאָר פליגל... דורך אַ שפּאַלט פון לאָדן רײַסט זיך אַרײַן אַ שטראַל פון דער מאָרגנדיקער זון, ער פאַלט איבערן גויסעסעס ברעמען — זיי ציטערן.

— ווער איז דאָ? — פרעגן די פאַרשוימטע, פאַרגעלטע ליפּן מיט אַ שאָרך פון אַ פאַרפוילטן בלאַט...

— איך! — ענטפערט דער שלעכטער מאַלעד. — איך, וואָס איך בין נאָך דײַן נעשאָמע געקומען... קום!

— וווהין?

— אין געגעם אַרײַן !

פֿאַר שרעק פֿאַלן דעם גויסעס צוריק די אויגן צו.

— בעט, בעט גאָט ! — רופֿט דער גוטער מאַלעך. — טו טשוווע . . . עס איז נאָך צײַט . . . זײַ מאַפּקיר דײַן גאָלד . . .

— שמאַ . . . — הייבט דער גויסעס אָן.

— ער וועט ניט מאַפּקיר זײַן ! — זאָגט דער שלעכטער מאַלעך און לייגט זײַן שווערן שוואַרצן פֿליגל איבערן גויסעסעס פּאָנעם, און אונטערן פֿליגל ווערט דאָס קאָל צוזאַמען מיטן גויסעס דערשטיקט.

דער ווײַסער מאַלעך רוקט זיך צוריק אָפּ פֿאַרשעמט.

---

אין אַ פֿינצטערער, פֿאַרגאָסענער האַלבער נאַכט, צווישן גערויש, געשריי און געפּילדער אין געגעם, שנײַדט זיך דורך אַ שאַרף־שנײַדנדיקער באַפֿעל :

— נאָכמענקע פֿון זבאָראַש גייט אויס . . . ער פֿלעגט זיך שנײַדן די נעגל ניט איבערגעהיפּערט, אָוועקוואַרפֿן . . . ניט איין מאָל פֿאַרגעסן מינכע צו דאַוונען, — וואָר גייט נאָך זײַן נעשאָמע ?

— איך ! — רופֿט זיך אָן אַ מאַלעך־כאַבאָלע !

— גרייט דערווײַל צו אַ קאָכעדיקן קעסל סמאָלע.

ער שפּרינגט אונטער און פֿליט אַרויס פֿון געגעם . . .

געשווינד פֿליִען שלעכטע מאַלאָכים, צום גליק אָבער גוטע אויך ; די גוטע זײַנען עפּשער ווײַטער פֿון אונדז, נאָר דאָס גרעסטע ראַכמאָנעס טראָגט זיי . . .

און אַז דער מאַלעך־כאַבאָלע איז צום קראַנקנס בעט געקומען, האָט ער שוין צוקאָפּנס אַ ווײַסן גוטן מאַלעך געטראָפֿן. ער איז געזעסן און האָט געטרייסט :

— שרעק זיך ניט, אָרעמער מענטש, פֿאַרן טויט . . . עס איז נאָר אַ בריק, אַ קורצע גרענעץ צווישן פֿינצטערקייט און ליכט . . . פֿון זאָרג און אומרו אַן איבערגאַנג צו רו און גליק . . .

נאָר דער קראַנקער, דוכט זיך, הערט ניט ; ער איז פֿאַרטראַכט, און די פֿלאַמענדיקע אויגן בלאָנדזשען אַרום אַף די ווענט . . .

און דער שוואַרצער מאַלעך בלײַבט שטיין באַ דער טיר און קוקט פֿאַרוווּנדערט . . .

— האָסט ניט קיין טאָעם, כּאוועך? — פרעגט ער דעם ליכטיקן מאַלעך.

— ניין! — ענטפערט דער גוטער. — איך בין געשיקט געוואָרן נאָך דער נעשאָמע, נאָך דער ריינער באַרעמהאַרציקער נעשאָמע; דו קאָנסט איבער איר קיין שליטע ניט האָבן!

— ער האָט ניט אַלפּי דין די נעגל געשניטן!...

— איך וויים, — האַקט אים איבער דער גוטער מאַלעך, — נאָר דערפאַר קיין איינציקע רעגע פאַר זיך ניט געלעבט... נאָר פאַר שוואַכע און קראַנקע, פאַר אַלמאָנעס און יעסוימים, פאַר פאַרפּינצטערטע, פאַר־וואָגלטע, פאַרמאַטערטע...

— באַ אונדז אין בוך איז פאַרשריבן, וויפל מאָל ער האָט מינכע פאַרפעלט...

— נאָר קיינמאָל ניט פאַרפעלט, ווען מע האָט געדאַרפט עמיצן העלפן. קיינמאָל ניט פאַרגעסן צו טרייסטן, צו האַרציקן און צו קרעפטיקן דאָרט, ווו די פליגל זייַנען אַראָפּגעפאַלן מיד, ווו די גאַל האָט געזאָלט די ריינסטע נעשאָמע פאַרגיסן, ווו די לעצטע האָפענונג, האָט זיך געדאַכט, איז פאַרשוווּנדן... ער האָט זיך קיין הויז ניט געבויט... דאָס דאַך איבערן קאָפּ ניט פאַרריכט, זייַן בעט זיך ניט ווייך געבעט, קיין ליבשאַפט באַ קיין פרוי ניט געזוכט, אַף קיין נאָכעס פון קינדער ניט געהאָפט... נאָר אַליץ פאַר אַנדערע... ווייַל אַלע אַנדערע האָט ער געהאַלטן בעסער פאַר זיך...

שוואַרצע וואָלקן ציִען זיך אין דרויסן איבערן הימל... אַף אַ רעגע שנייַדט זיי דורך אַ בליץ, נאָר ער ווערט פאַרלאָשן, און נאָך פעסטער ציִען זיך, נאָך ענגער שליסן זיך צוזאַמען די דיקע, פינצטערע וואָלקנס.

דער בליץ האָט צום לעצטן מאָל דעם גויסעם געוועקט.

— ווער איז דאָ באַ מיר? ווער זיצט מיר צוקאָפּנס? — פרעגן די פאַרברענטע ליפּן.

— איך, איך, אַ ליכטיקער מאַלעך, פון זייַן ליבן נאָמענס ליכטיקער פאַמאַליע... און פון זייַן ליבן נאָמען נאָך דייַן נעשאָמע געשיקט!... קום מיט מיר!

— וווּהין? — פרעגט דער קראַנקער.

— צום הימל אַרויף, אין גאַניידן אַרייַן!

— הימל... גאַניידן... — שטאַמלט נאָך דער גויסעס אין היץ. — און וויאַזוי לעבט זיך דאָרט אין הימל, אין גאַניידן דאָרט?

— גוט... פון גאָטס געגנאָד באַשטראַלט, אין גלאַנץ פון קיסיי־ האַקאָווועד... מיט גאָלדענע קרוינען אָף די קעפּ...

— גלאַנץ... גאָלד... קרוינען... — שטאַמלט דער גויסעס נאָך.

— וואָס וועל איך דאָרט טאָן?

— וועסט ניט דאַרפן טאָן... דאָרט איז אייביק רו, אייביק ליכ־ טיקער נאַכעס, אָן אויפהער שטראַלנדיק גליק... קום!

— אָבער וואָס וועל איך דאָרט טאָן? — דרייט זיך מיטן לעצטן קויעך דער גויסעס אויס צום מאַלעך. — איז דאָרט דאָ וועמען צו העלפן, געפאַלענע אויפצוהייבן, קראַנקע צו היילן, הונגעריקע צו זעטיקן, דאָר־ שטיקע די ליפּן צו נעצן, פאַרלוירענע צו זוכן און געפינען? דאָס איז דאָך מײַן גליק געוועזן!...

— ניין, דאָס ניט! — ענטפערט מיט אַ ניט זיכער קאָל דער מאַלעך. — דאָס איז דאָרט ניט פאַראַן, דאָרט וועט קיינער ניט דאַרפן דײַן הילף...

— און וואָס וועל איך דאָרט טאָן, מאַלעך? דאָרט, ווו קיינער ברויכט מײַן נעשאָמע ניט, מײַן האַרץ ניט; ניט מײַן ראַכמאָנעסדיקע טרער אין אויג, ניט מײַן וואָרט צו טרייסטן פון מויל און ניט מײַן האַנט, אויפגעהויבן צו ווערן פון גרוב?

דער שלעכטער מאַלעך הערט און שטעקט אַרויס די צונג און באַלעקט זיך... אַ כוויזעק־שמייכל לייגט זיך אים איבערן מויל פון אויער צו אויער... ער עפנט דאָס מויל, און צוויי שורעס ווײַסע ציין בליצן אויף אין דער פינצטערער שטוב...

און צערודערט זיצט דער ליכטיקער מאַלעך און ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן דעם גויסעס...

— וואָס פאַרט, מאַלעך! וואָס פאַרט?

און דער גוטער מאַלעך דרייט זיך אויס צום פענצטער און קוקט אַרויס צום הימל און וואַרט פון דאָרט אַן אייצע און אַ ראַט... נאָר פאַרשלאָסן איז דער הימל; אָן אַ וואָרט, אָן אַ שטראַל, אָן אַ פונק... און עס יאָגן אָן אַלץ נײַע און נײַע, אַלץ שווערערע און שווערערע וואָלקנס — אַ שאָטן פאַלט איבערן ליכטיקן מאַלעכס פּאָנעם, דער הימל זעט אויס

האַרט און בייז, אָן ראַכמאָנעס זעט ער אויס, ער האָט אים נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געזען... ער בלײַבט פאַרציטערט.

מיט דער ווײַלע באַנוצט זיך דער שלעכטער מאַלעך און גענעגנט זיך צום בעט פון דער צווייטער זײַט.

— קום בעסער מיט מיר, — רוימט ער אײַן דעם גויסעס.

— וווּהין?

— דאָרט ווו דײַן האַרץ גלוסט... צו די אומגליקלעכע, הונגעריקע, לעכצנדיק־דורשטיקע... צו די פאַרכאַלעשטע און פאַרמאַטערטע, צו די פאַרלוירענע, פאַרשאָלטענע, צו די פון גאָט פאַרגעסענע, העלפן וועסטו ניט קאָנען, אָבער צוזאַמען לײַדן, מיטפילן...

— איך גיי! איך גיי! — רופט דער קראַנקער אוים מיט קראַפט. — און דער ווײַסער מאַלעך איז אַוועק מיט לײדיקע הענט.

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

מיקאַמאָ וועקאַמאָ שאָנים — פון אַ סאַך יאָרן.

„עכאָ־אָד" — דאָס לעצטע וואָרט פון „שמאַ־יִסראָעל".

יעסורים שעל אַהאַוואָ — לײַדן פון ליבשאַפט.

פּעגימע — אַ שטשערב, אַ בלויז, אַ פלעק.

טרעסט — פּאַזומענט, גאַלון.

כצאָס — האַלבע נאַכט; דאָ געמיינט: די טפילעס, וואָס רעליגיעזע ייִדן זאָגן אין האַלבער נאַכט.

אַלדאַאַס אַצמוי — לויטן אייגענעם פאַרשטאַנד; אַף אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

שמאַ — דער אָנהייב פון „שמאַ־יִסראָעל".

פּאַמאַליע — הויף־לײַט, הויז־געזינד, סוויטע.

# זיבן גוטע יאָר

דאָס איז אַ געשיכטע, וואָס איז געשען אין טורבין.

אין טורבין איז געווען אַמאָל אַ טרעגער, האָט ער געהייסן טעוויע און איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, איינמאָל, דאָנערשטיק, שטייט ער אַזוי אין מאַרק, מיט די פּאָלעס פאַרשאַרצט אונטערן שטריק אַף די לענדן, און קוקט אוים, פון וואַנען עס וועט קומען זיין הילף, ער זאָל פאַרדינען עפּעס אַף שאַבעס. און דאָ שטייען די געוועלבן אָרום און אָרום ליידיק. איין יוויצע וועיין באָ, מען זעט נישט, עס זאָל עמעצער קומען סבוירע קויפן, עס זאָל זיין וואָס אָפּצוטראָגן. הייבט ער, נעבעך, אויף די אויגן צום הימל מיט אַ געבעט, ער זאָל כאָלילע, קיין פאַרשעמטן שאַבעס נישט האָבן, און זיין ווייב סערל מיט די קינדערלעך זאָלן, כאַסוועשאָלעם, נישט הונגערן אום שאַבעס.

ווי ער איז אַזוי מיספּאַלעל, דערפילט ער, אַז עמעץ גיט אים אַ צי פאַר דער פּאָלע. קוקט ער זיך אום, זעט ער פאַר זיך אַ דייטשל, אָנגעטאָן ווי אַ שיסער אין וואַלד, מיט אַ פעדער אַפן קאַפּעלושל און אַ גרינעם אויפלאָג אַפן שפּענצער. און דאָס דייטשל זאָגט צו אים אַף ריין דייטש, וואָס מיר זעצן דאָ איבער אַף איווורע־טייטש, מיט די ווערטער:

— הער, טעוויע, דיר איז באַשערט געוואָרן זיבן גוטע יאָר, זיבן יאָר פון מאַזל און האַצלאָכע, און אויצרעס געלט. ווענדט זיך עס אָבער אין דיר, ווען דו ווילסט האָבן די גוטע יאָר. ווילסטו, — וועט דיר אויפשיינען דיין מאַזל נאָך דעם היינטיקן טאָג, און איידער עס וועט אונטערגיין די זון, וואָס שטייט דיר איבערן קאָפּ, וועסטו קאָנען אָפּקויפן גאַנץ טורבין מיט דער סוויווע, אָבער נאָך זיבן יאָר וועסטו צוריק ווערן אַן אָרעמאַן. ווי דו ביסט געווען, און ווילסטו, — וועט די גוטע, געבענטשטע צייט קומען ערשט צום סאָף פון דיינע יאָרן, און דו וועסט אַוועקגיין פון דער וועלט דער גרעסטער גוויר.

געוועזן איז עס, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, עליאָו האַנאָווי, וואָס האָט זיך, ווי זײַן שטייגער איז, אין אַ דײַטשל פֿאַרשטעלט. טעוויע אָבער האָט געמיינט, אַז ס איז לעהאָוודל עלעף אַלפּיי האַוודאָלעס, אַ פּראָסטער קישעף־מאַכער, ענטפֿערט ער אים:

— מײַן ליב דײַטשל, לאָז דו מיך געמאַך, וואָרום איך בין, נישט פֿאַר דיר גערעכט, אַ גרויסער אָני וועוויעז, איך האָב אַף שאַבעס נישט. און איך האָב דיר נישט מיט וואָס צו באַצאָלן דײַנע אייצעס מיט דײַן טירכע.

אַז דאָס דײַטשל אָבער האָט אים נישט אָפּגעלאָזט און איבערגע־כאַזערט אים די ווערטער איינמאָל, צוויי מאָל און דרײַ מאָל, איז עס טעוויען שוין אַרײַן אין קאָפּ, ענטפֿערט ער אים:

— ווייסטו וואָס, ליב דײַטשל, אויב דו מיינסט עס ערנסט מיט מיר און ביסט נישט קיין לויעג לעראָש, און דו פֿרעגסט מיך בעעמעס, מוז איך דיר זאָגן, אַז איך בין מיך נויהעג, באַ יעדער זאַך, וואָס קומט מיר פֿאָר, זיך אָן אייצע צו האַלטן מיט מײַן ווײַב סערל און אָן איר קאָן איך דיר קיין קלאָרע טשוווע נישט געבן.

זאָגט אים דאָס דײַטשל, אַז עס איז זייער אַ גוטע זאַך, זיך אָן אייצע צו האַלטן מיט דער פֿרוי, און ראָט אים, ער זאָל זי גיין פֿרעגן, און ער, דאָס דײַטשל הייסט עס, וועט דאָ שטיין און וואַרטן אַף אַ טשוווע.

טעוויע קוקט זיך נאָך אַמאָל אום אין אַלע זײַטן, קיין פֿאַרדינסט זעט ער נישט, טראַכט ער זיך, וואָס ער קאָן דאָ אָנווערן, ער וועט אַהיימגיין פֿרעגן. לאָזט ער אַראָפּ די פּאָלעס און גייט אַרויס הינטער דער שטאָט ווו ער האָט געוווינט, קימאַט שוין אַפֿן פֿעלד, אין אַ ליימען שטיבל, אי־בערשמועסן מיט סערל זײַן ווײַב.

ווי סערל האָט אים דערזען דורך דער אָפֿענער טיר (עס איז זומער געווען), איז זי אים אַרויסגעלאָפֿן אַנטקעגן מיט גרויס סימכע, זי האָט געמיינט, אַז ער ברענגט איר אַן האַסכאָלע אַף שאַבעס, זאָגט ער איר אָבער:

— ניין, סערל, זײַן ליבער נאָמען האָט מיר נאָך קיין פֿאַרדינסט נישט באַשערט, דערפֿאַר אָבער איז צו מיר געקומען אַ דײַטשל...

און ער דערציילט איר אַזוי און אַזוי, באַשער בעכיין, דאָס דײַטשל זאָגט, אַז עס איז אים באַשערט זיבן גוטע יאָר, און עס ווענדט זיך אַן

אים, ווען די גוטע יאָר זאָלן קומען, אַצינד אָדער פאַר דער פּטירע. פרעגט ער באַ איר אַז אייצע: וועןֿ?

טראַכט סערל נישט לאַנג און ענטפערט אים:

— גיי, מײַן ליבער מאַן, און זאָג דעם דײַטשל, אַז דו ווילסט די זיבן גוטע יאָר אַף דער רגע!

— פאַרוואָס, סערל? — פרעגט טעוויע פאַרוווּנדערט, — נאָך זיבן יאָר, וועלן מיר דאָך ווערן צוריק אָרעמע לײַט, און דעם יוירעד איז דאָך ערגער, ווי אַ פּראָסטן אָרעמאַן?

— פאַרזאָרג נישט, מײַן ליבער גוטער פרײַנט, די וועלט. דערווײַל נעם, וואָס מען גיט דיר און זאָג: „ברוך ה׳ יום יום״! ביפֿראַט, אַז מען דאַרף כּיידער־געלט פאַר די קינדער. מען האָט זיי מיר אַהיימגעשיקט, אָט זע, ווי זיי שפּילן זיך אין זאַמד.

דאָס איז געווען גענוג, טעוויע זאָל צוריק לויפן צום דײַטשל מיט אַ קלאָרער משוּווּע, אַז ער וויל די זיבן גוטע יאָר טאַקע קעדיי דיבער.

זאָגט אים דאָס דײַטשל:

— רעכן נאָר איבער, טעוויע, הײַנט ביסטו אַ מענטש מיט קויעך און קאָסט פאַרדינען, אַמאָל מער, אַמאָל ווייניקער... וואָס וועט אָבער זײַן שפּעטער, אַז דו וועסט עלטער ווערן און וועסט זײַן אַ יוירעד, און אַזוי פיל קויעך צו דער אַרבעט וועסטו אויך נישט האָבן —

ענטפערט טעוויע:

— הער, דײַטשל, מײַן ווײַב סערל וויל באַלד. ערשטנס, זאָגט זי, „ברוך ה׳ יום יום״ און הייסט אַף שפּעטער נישט זאָרגן, און צווייטנס, האָט מען אונדז די קינדער פון כּיידער אַהיימגעשיקט...

— אויב אַזוי — זאָגט אים דאָס דײַטשל, — גיי אַהיים, און איידער דו וועסט קומען אין שטוב אַרײַן, וועסטו זײַן אַן אוישער!

וויל ער אים פאָרט איבערפרעגן וועגן נאָך די זיבן יאָר, איז אים אָבער דערווײַל דאָס דײַטשל פאַרשווווּנדן געוואָרן.

גייט ער, טעוויע, אַהיים. געווינט, האָבן מיר שוין געזאָגט, האָט טעוויע הינטער דער שטאָט, קימאַט אַפן פרײַען פעלד. קומט ער צו צו דער שטוב, זעט ער, ווי די קינדער שפּילן זיך הינטער דער שטוב אין זאַמד, גייט ער צו, דערזעט ער, אַז זיי שאַרן ארוים פון אַ גריבל נישט קיין זאַמד, נאָר ריין גאָלד, טאַקע „זהב טהור״... פאַרשטייט זיך, אַז מער האָט

מען נישט געדאַרפט, עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די זיבן יאָר, די זיבן מאָזלדיקע יאָר...

---

די צײַט אָבער לויפט פֿײַל פֿון בויגן און זיבן יאָר גייען אַריבער געשווינד. קומט נאָך די זיבן יאָר דאָס דײַטשל צו טעוויען, איז אַנצוזאָגן, אַז די זיבן יאָר זײַנען אַריבער און אַז הײַנט פֿאַרנאַכט וועט נעלעם ווערן דאָס גאָלד אין דער ערד. דאָס גאָלד אין שטוב און אַפֿילע דאָס גאָלד, וואָס זיי האָבן געקאָנט באַהאַלטן באַ לײַטן...

טרעפֿט ער טעוויען, ווי ער שטייט אין מיטן מאַרק, ווי פֿאַר זיבן יאָר, מיט די זעלביקע פֿאַרשאַרצטע פּאָלעס אונטער. די לענדן און קוקט אויס אַף אַ פּאַרדינסט. זאָגט ער אים: הער, טעוויע, די זיבן יאָר זײַנען אַריבער!

ענטפֿערט אים טעוויע: גיי זאָג מײַן ווײַב, ווײַל דאָס אַשירעס איבער די גאַנצע זיבן יאָר איז געווען באַ איר אין דער האַנט.

גייען זיי ביידע אַרויס הינטער דער שטאָט און קומען צום זעלביקן לײמענעם הײזל אַפֿן פֿעלד און טרעפֿן סערלען פֿאַר דער טיר. און זי איז אויך אָרעם געקליידט ווי אַמאָל, נאָר איר פּאָנעם שמייכלט.

זאָגט איר דאָס דײַטשל מיט די זעלביקע ווערטער, אַז די זיבן גוטע יאָר זײַנען אַוועק.

ענטפֿערט זי אים, אַז זיי האָבן קיין גוטע יאָר נאָך נישט אָנגעהויבן צו האָבן, אַז זיי האָבן קיינמאָל נישט געהאַלטן דאָס גאָלד פֿאַר זייער אייגנס, ווײַל, וואָס אַ מענטש פֿאַרדינט מיט זײַנע צען פֿינגער, דאָס איז זײַנס, און אַזוי אַשירעס, וואָס קומט אָן שוויים און אומגעזוכט, איז נאָר אַ פּיקאָדן, וואָס זײַן ליבער נאָמען לאָזט איבער באַ מענטשן אין די הענט פֿאַר אָרעמע לײַטס וועגן... זי האָט נאָר פֿון גאָלד אַף סכאַר לימעד גענומען, דאָס איז גאָטס טוירע, מעג מען פֿאַר זײַן טוירע מיט זײַן גאָלד צאָלן, מער נישט! און אויב זײַן ליבער נאָמען האָט פֿון הײַנט אָן אַ בעסערן באַל פּיקאָדן פֿאַר זײַן גאָלד, מעכעטייסע, זאָל ער צונעמען און איבערגעבן אַן אַנדערן!

עליאָהו האַנאָווי האָט עס אויסגעהערט און איז נעלעם געוואָרן. ער האָט עס איבערגעגעבן דעם בעסדן שעל מײַלע, און דער בעסדן שעל מײַלע האָט געפּאַסקנט, אַז עס איז קיין בעסערער באַל פּיקאָדן נישט פֿאַראַן,

און די זיבן יאָר האָבן זיך נישט אויסגעלאָזט קאַלזמאַן טעוויע און זײַן ווײַב סערל האָבן געלעבט.

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

א י ן י ו י צ י ו ע י ן ב אָ (אין יוצא ואין בא) — קיינער גייט ניט אַרויס און קיינער קומט ניט אַרײַן.

ש פּ ע נ צ ע ר — דאָ: אַ כאַלאַטל.

ל ע ה אַ ו ד ל ע ל ע ף אַ ל פּ יי ה אַ ו ד אָ ל ע ס (להבדיל אלף אלפי הבדלות) — אָפּצושיידן טויזנט טויזנטער מאָל. דאָ באַטײַט עס: עס לאָזט זיך אין קיין פאַל אַף קיין האָר אַפּילע ניט פאַרגלײַכן.

אָ נ י ו ע ו י ו י ן (עני באביון) — אַ גרויסער אָרעמאַן.

ל ו י ע ג ל ע ר אָ ש (לועג לרש) — אָפּלאַכער, אָפּשפּעטער פון אַן אָרעמאַן.

ב ע אַ ש ע ר ב ע כ יי ן (באשר בכן) — אַזויווי.

פּ ט י ר ע (פּטירה) — טויט. דאָס וואָרט פּטירע ווערט באַנוצט, ווען עס רעדט זיך וועגן דעם טויט פון זייער אַ פרומען, אָנגעזעענעם מענטשן.

ב אָ ר ו ך אַ ד ו י נ ו י י ו י ם י ו י ם (ברוך ה׳ יום יום) — געבענטשט איז גאָט יעדן טאָג.

ז אָ ה אָ ו ט אָ ה ו י ר (זהב טהור) — ריין גאָלד, גינגאָלד.

פּ י ק אָ ד ן (פּקדון) — אַן אײַנלאָג: אַ סומע געלט אָדער אַ זאַך, וואָס איז איבערגעלאָזט געוואָרן צום אָפּהיטן.

ב אַ ל ־ פּ י ק אָ ד ן (בעל־פּקדון) — אַ מענטש וועמען דאָס געלט אָדער די זאַך איז געגעבן געוואָרן צום היטן.

ב ע ס ד ן ־ ש ע ל ־ מ ײַ ל ע (בית דין של מעלה) — דער אייבערשטער גע־ריכט, גאָטס געריכט.

# אַראָפּגעלאָזטע אויגן

.1

גאָר, גאָר פאַרצײַטן האָט עטלעכע מײַל אונטער פּראָג געוווינט אין דאָרף איינער אַ ייִד, אַ געוויסער יעכיִעל־מיכל, וואָס האָט געהאַלטן די קרעטשמע אין דאָרף.

און דער פּאָרעץ איז ניט געווען קיין פּראָסטער פּאָרעץ, נאָר אַ שעם־דאָוואָר — אַ גראַף, האָט טאַקע יעכיִעל־מיכל געהאַט פּאַרנאָסע בעשעפע, ווי מע זאָגט: מיט אַ שמיץ, און איז געוואָרן אַ גאַנצער „יעש" — אַ באַל־צדאָקע, אַ מאַכניס־אוירעד, און יאָמים־נוראָים, אַז ער פלעגט אַרײַנ־פאָרן קיין פּראָג, לאָזט ער זיך קאָסטן אין שטאָט. און קיין אַמאָרעץ איז יעכיִעל־מיכל אויך ניט געווען, ווערט אַ שטיקל אײַנגייער באַם ראָוו און ראָש־יעשיווע, קויפט ער באַ אים עסרויגים, מאַצע־שמורע אוכעדוימע... בעט ער באַ אים באָנים־זכאָרים אויך. זעט אָבער דער ראָש־יעשיווע בע־רועד־האַקוידעש, אַז דעם ייִד איז ניט באַשערט קיין נאַכעם פון קינדער, און באָנים־זכאָרים, פון וועלכע מע האָט קיין נאַכעם ניט, איז טאַקע, „טוב להם שלא נבראו", — זאָלן זיי בעסער אַף דער וועלט ניט קומען. זאָגט ער אים פּשאַט־פּאָשעט אָפּ. פאַלט יעכיִעל־מיכל אַרײַן אין אַצוועס, טרייסט ער אים און זאָגט אים: „דערפאַר, יעכיִעל־מיכל, אַז גאָט וועט דיר העלפן, און וועסט אָנקלײַבן נאַדן קעדיבאָ! און וועסט קומען צו מיר און בעטן, וועל איך דיר אויסקלײַבן אַן איידעמל, אַז דו וועסט קיין כאַראָטע ניט האָבן!"

נו, פאָרט ער אַהיים אַ ביסל געטרייסט. צוויי מיידלעך האָט ער, מאַכט ער זיך אַ קניפּל אַף נאַדן, פריִער פאַר דער עלטערער, דערנאָך פאַר דער ייִנגערע, מיילע — איידעמס בנײַ־טוירע איז אויך ניט קיין שפּאַס.

זאַמלט ער, און גאָט העלפט. און אַז ער קומט צו די ערשטע כאָמייש מייעס טאָלער, זאָגט ער צו דוואָשען זײַן ווײַב:

— עס איז געקומען די צייט כאסענע צו מאכן אונדזער עלטערע טאכטער נעכאמע.

זאגט דוואשע, אז עס איז זייער גלייך. און מע רעכנט: דריי מייעס געדוניע און שטיי מייעס אף האלבאשע און מאטאנעס פאר כאסן־קאלע, כאסענע־הויצאעס, ראכאש אוכעדוימע... און א סודע פאר ארעמעלייט וועט מען מאכן — פראג זאל געדענקען!

ניט אזוי אבער געשווינד טוט זיך, ווי עס רעדט זיך, עס מאכן זיך, ווי דער שטייגער איז, מעניעס. דער פארעץ שיקט אהין, שיקט אהער; דערווייל מאכן זיך שנייען און פארשיטן די וועגן; זומער־צייט פאלן רעגנס; קומט גאר אן כאגע, קאן מען די קרעטשמע ניט פארלאזן... מיט אייןווארט: ניט אזוי געשווינד מאכט זיך עס, און דערווייל, ווי דער שטייגער איז: א מענטש דענקט און גאט לענקט...

.2

נעכאמע, דעם ארענדארס עלטערע טאכטער, איז אפילע זייער ווערט צו באקומען א כאסן פון פראגער יעשיווע: א מיידל — א גאלד, א גוטע נעשאמע, א שטילע. די גוטסקייט קוקט איר פון די שטילע אויגן ארויס, און זי לאזט זיך מאדריך זיין, טאקע: וואס דער טאטע הייסט, וואס די מאמע הייסט און אלע גוטע פרומע לייט, וואס שטעלן זיך אפ אין קרעטשמע, הייסן... זי נעמט כאלע מיט קאוואנע, בענטשט שוין שאבעס־ליכט, זאגט שוין איוורע־טייטש ווי א וואסער, מיט איין ווארט: זי איז ווערט די כופע־שטאנגען...

זי איז ווערט, ווערנד בא דער יינגערער טאכטער שניידט זיך א ביסל אין דער קרים. קיין שלעכטס, כאס־וועשאלעם, ניט; נאר אזוי: עפעס א מעשונעדיקע ברייע, א פארטראכטע, א פארכאלעמטע, אלץ פאלט איר פון די הענט... טיילמאל לאזט זי אראפ די ברעמען און גייט ארום מיט א בלאס פאנעם ווי א קרייד, ווי אפן אוילעם־האדימיען; רופט מען זי — גלייך מע וואלט זי פון יענער וועלט אראפגערופן, ציטערט זי און פאלט מאמעש פון די פיס... און אמאל גיט זי א קוק אף א מענטשן מיט אזוינע אויגן, מיט אזוינע שטארקע און שטעכנדיקע אויגן, אז עס ווערט פאשעט ניט היימלעך!

און א האפכאלע פון מידעס מעגונעס אויך: עס איז זי ניט אפצו־

רײַסן פון קרעטשמע. ביפּראַט באַנאַכט, ווען מע שפּילט און טאַנצט. גאַנצע נעכט וואָלט זי געזעסן און די אויגן זיך אויסגעקוקט, ווי די יונגע פּויערן שטיפן מיט די שיקסעס, טאַנצן אַ ראָד, אַ שווינדלדיק ראָד, און זינגען אַרײַן זייערע געזאַנגען, אַז די קרעטשמע הילכט און ציטערט...

און נעמט מען זי אַרײַן איבערגוואַלד אין אַלקער און מע לייגט זי שלאָפן מיט נעכאַמעלען אין בעט, ליגט זי מיקלוימערשט מיט פאַרמאַכטע אויגן, ביז יענע שלאָפט אײַן. קוים שלאָפט יענע אײַן, שפּרינגט זי אַראָפּ פון בעט, זומער און ווינטער, באָרוועסערהייט, און קוקט אַרײַן דורכן לאָך פון שליסל, דורך אַ שפּאַרע אין טיר, צי אין פּרײַסישן ווענטל. טרעפט זי די מוטער און רײַסט זי אָפּ, בְרענט איר דאָס לײַב ווי אין אַ פּיבער און די אויגן שפּריצן מיט פונקען, אַז דוואָשע דערשרעקט זיך און לויפט צוריק אַרײַן צו יעכיִעל־מיכלען און דערציילט אים.

— מע זאָל קאָנען פריִער כאַסענע מאַכן די יִינגערע! — זיפצט יעכיִעל־מיכל.

— מע דאַרף עמיצן פרעגן! — ענטפערט דוואָשע...

דערווײַל מאַכן זיך ווײַטער מעניִעס, ביז עס טרעפט זיך אַזאַ מײַסע:

## 3.

דער פּאָרעץ פון דאָרף, דער גראַף הייסט עס, האָט געהאַט אַ זון אַ בען־יאָכיד, האָט ער אים אויפגעצויגן אין פּאַריז, ווי דעמאָלט דער שטייגער איז געווען בײַ גרויסע פּריצים. קומט ער צו פאָרן אייז מאָל אין יאָר אויף אַ קורצע צײַט, אויף וואַקאַציע, זעט מען אים אויך ניט: אַ יונגער פּאָרעץ, רײַט ער אַרום טעג און נעכט אין די וועלדער אויף געיעג. די פּעלעכלעך פון די האָזן און אַנדערע כײַעס קריגט יעכיִעל־מיכל פון קיך אַרויס בעכאָצי־כינאָם.

מאַכט זיך איינמאָל אָבער אַ גרויסע היץ — פײַער איז געפלויגן אין לופטן; רײַט ער דורך איבערן וועג בײַ דער קרעטשמע, פאַלט אים אײַן, שפּרינגט ער אַראָפּ פון מילך־ווײַסן פערד, בינדט עס צו צו דער צוים און שפּרינגט אַרײַן אין קרעטשמע און הייסט זיך געבן אַ גלאָז מעד.

דערלאַנגט יעכיִעל־מיכל מיט ציטערדיקע הענט אַ גלאָז מעד. נעמט דער יונגער פּאָרעץ צום מויל און גיט אַ זופּ און פאַרקרימט זיך; בײַ זײַן פאָטער אין קעלער איז פאַראַן, אַפּאָנעם בעסערער מעד, גאָט ווייס, ווי

אַלט ער איז. ער וואָלט עפּשער דערלאַנגט מיטן גלאָז יעכיעל־מיכלען אין קאָפּ אַרײַן, דערזעט ער אָבער מאַלקעלען, ווי זי זיצט אַזוי אין עק קרעטשמע מיט פֿאַרשטאַרטע אויגן און אַ ווײַס פּענעמל. שטעלט ער אַוועק געלאָסן דאָס גלאָז, וואַרפֿט אַפֿן שענק־טיש אַ האַרטן טאָלער און גיט אַ פֿרעג:

— מוישע (בײַ גרויסע פּריצים הייסן אַלע ייִדן מוישע), דאָס איז דײַן טאָכטער?!

ווערט יעכיעל־מיכלען אַ לאָך אין האַרץ, שטאַמלט ער, נעבעך: „יאָ, יאָ, מײַן טאָכטער“. און דער יונגער פּאָריץ קוקט און קוקט און רײַסט פֿון מיידל קיין אויג ניט אָפּ. און צומאָרגנס קומט ער ווײַטער טרינקען מעד... און אַזוי אַפֿן דריטן און פֿערטן טאָג... נעמט מען דאָס מיידל און מע באַהאַלט פֿון אים, בייזערט ער זיך, ער זאָגט ניט פֿאַרוואָס, נאָר ער דרייט די שוואַרצע וואָנסעלעך און בליצט מיט די אויגן. גיט ער אַמאָל אַ זאָג: אַז יעכיעל־מיכל צאָלט ווייניק פֿאַר די קרעטשמע... אַז פּראָגער ייִדן ביטן גרויסע הויסאָפּעס... און דאָס איז עמעס געווען, נאָר דער אַלטער פּאָרעץ האָט זיי קיינמאָל ניט געלאָזט איבער דער שוועל; אַ גרויסע זאַך: אַ ייִד זיצט, זאָל ער האָבן פּאַרנאָסע... ווערט יעכיעל־מיכלען ניט היימלעך. ביפֿראַט, אַז מאַלקעלע גייט נאָך מער אַרום אַפֿן אוילעם־האַ־דימיען, רעכנט ער טאַקע צו פֿאָרן זיך מיסיאַעץ זײַן קיין פּראָג. מאַכן זיך אָבער ווײַטער מעניעס, און דער יונגער פּאָרעץ קומט אַלץ יעדן טאָג און איינמאָל גיט ער פֿון דער העלער הויט אַ זאָג:

— מוישע, פֿאַרקויף מיר דײַן טאָכטער!

טרייסלט זיך יעכיעל־מיכלען די ווײַסע באָרד, און עס ווערט אים כווישעד אין די גרויע אויגן.

לאַכט ער, דער פּאָרעץ:

— זי הייסט ע ס ט ע ר ק ע? — פֿרעגט ער.

— ניין, מאַלקע הייסט זי...

— זאָל זיך דיר דאַכטן, — זאָגט ער, — אַז זי הייסט עסטער, און דו — מאָרדכע, און איך — אַכאַשווייראָש... וואָס? מיין ניט, איך וועל איר אַרויפֿזעצן אַ קרוין אַפֿן קאָפּ! נאָר דו קריגסט די קרעטשמע אומזיסט און אַף אייביק, פֿאַר קינדער און קינדס־קינדער!

און ער גיט אים אַ צײַט אַף ייִשעוו...

.4

זעט יעכיִעל־מיכל, אַז עס איז שלעכט, שפּאַנט ער פאַרטאָג איַין פערד־און־ביטקע, כאַפּט זיך אַראָפּ קיין פּראָג, פאַרפאַרט גליַיך צום ראָוו און ראָש־יעשיווע. טרעפט ער אים באַ דער געמאָרע, נעמט ער „שאָלעם־אַליי־כעם" און גיט טאָך־קעדיי־דיבער אַ פרעג:

— רעבע, צי מעג מען כאַסענע מאַכן אַ יינגערע פאַר אַן עלטערע?

ליייגט דער ראָש־יעשיווע די עלנבויגן אָף דער געמאָרע און ענטפערט אים:

— ניין, יעכיִעל־מיכל, „לא יעשה כן במקומנו"... ניט קיין יידישע זאַך — און דערמאָנט אים די מיַיסע מיט יאַנקעוו־וועלאָוון.*

— איך וויים, — זאָגט יעכיִעל־מיכל. — אָבער אַז מע מוז?

— דעהייַנע?

נעמט יעכיִעל־מיכל און גיסט אויס פאַרן פּראָגער צאַדיק זיַין ביטער האַרץ, דערציילט אים אַלץ קאַהאַוואַיאַ. פאַרטראַכט זיך דער פּראָגער צאַדיק און זאָגט:

— מיילע, „בשעת הדחק שאני"!

דערציילט יעכיִעל מיכל דעם צאַדיק „את כבוד עשרו", וועגן די ה' מייעם טאָלער און דערמאָנט אים זיַין צוזאָג וועגן אויסקליַיבן אַ כאָסן פון דער יעשיווע.

פאַרטראַכט זיך דער פּראָגער צאַדיק, שפּאַרט אַן אָף אַ וויַילע דעם קאָפּ אָף די עלנבויגן איבער דער געמאָרע און הייבט אויף דעם קאָפּ און זאָגט אים:

— ניין, יעכיִעל־מיכל, דאָס קאָן איך ניט.

— פאַרוואָס, רעבע? — פרעגט יעכיִעל־מיכל פאַרציטערט. — האָט דען מיַין מאַלקעלע, כאַס־וועשאָלעם, אַ זינד אָף דער נעשאָמע? אַ יונג קינד, אַ יונג ביימעלע, ווי מע בייגט עס...

— כאַס וועשאָלעם! — ענטפערט דער ראָש־יעשיווע. — איך זאָג ניט, אַז זי האָט, כאַס־וועשאָלעם, געזינדיקט, דאָס האָב איך בעקאַוואָנע ניט געהאַט... נאָר עס פּאַסט ניט. הער, יעכיִעל־מיכל, דיַין טאָכטער

---

*) לויט דער ביבלישער לעגענדע האָט יאַנקעוו אָפּגעדינט זיבן יאָר אַלס פּאַסטעך באַ לאַוואַנען, קעדיי צו באַקומען פאַר אַ וויַיב לאַוואַנס יינגערע טאָכטער ראָכל. לאַוואַן האָט אים אָבער געגעבן פאַר אַ וויַיב ניט ראָכלען, נאָר די עלטערע טאָכטער זיַינע לייע, האָט ער געזאָגט: לא יעשה כן במקומנו.

האָט ניט געזינדיקט, אָבער, אָבער אָנגערירט, פאַרשטייסטו, אַ ביסל אָנגערירט איז זי דאָך... און דעריקער — זאָגט ווײַטער דער ראָש־יעשיווע — מיין איך דײַן טויווע דערמיט. וואָרעם האַשגאָכע דאַרף דײַן טאָכטער, האַשגאָכע פון אַ מאַן, און טאַקע פון אַ מאַן — אַ מענטש, אַ סויכער... כוץ דעם — האַשגאָכע פון שווער־און־שוויגער... פון שטוב־לײַט... ווי עס איז, מע דאַרף איר אַרויסשלאָגן פון קאָפּ... זי דאַרף דעריבער אַרײַנקומען אין אַ הויז... אין אַ הויז מיט אַ סאַך אויערן און אויגן... מיטן יעיצער־האָרע, אַז ער כאַפּט זיך אַרײַן, מוז מען שטאַרק מילכאָמע האַלטן... עס איז אַ מין ביטערער כריין, מע זייט אים נאָר איין מאָל, און וואַקסן וואַקסט ער אייביק... דו רײַסט, און ער וואַקסט!... וואָס, ניין?

יעכיעל־מיכל מוז, נעבעך, צושאָקלען מיטן קאָפּ אַף יאָ.

— און אַצינד, — זאָגט ווײַטער דער צאַדיק, — „הגע בעצמך", לייג צו קאָפּ, יעכיעל־מיכל, לעמאָשל, איך וויל זײַן אַ גוטער און האַלטן וואָרט, — עס איז דאָך נאַריש, צוגעזאָגט האָב איך דיר, — און איך וויל זײַן אַן „עומד בדבורי" און טאָן דײַן ראָצן; און נעם און גיב דיר פאַר אַן איידעם אַ באָכער פון דער יעשיווע. הייסט עס: אַן אָרעם־באָכער, אַ פאַרלאָזט יינגל... נו, וועט גוט זײַן?

וואָס איז דאָס יינגל? אַ בען־טוירע... ער וועט זיצן און לערנען... מער ווייס ער ניט און וויל ניט וויסן, און ער טאָר ניט וויסן...

— און ווו וועט וווינען דאָס פאָרפאָלק?

— צו דיר אין דאָרף אַרײַן אַף קעסט וועסטו דאָך דאָס פאָרפאָלק ניט נעמען?

— אוואַדע ניט, קאַלזמאַן דער יונגער פאָרעץ איז דאָ!

— און ווער ווייס, ווי לאַנג ער וועט זײַן?! אַ קאַשע אַף אַ פאָרעץ! זיי אַז עס פאַלט עפּעס אין די אויגן אַרײַן! ער האָט אַנדערע זאָרג? פאַרנאָסע פעלט אים?... האַקלאַל צו זיך אַף קעסט ניט. לאָזטו זיי איבער אין פּראָג. דינגסט אַ דירע און לאָזסט זיי איבער און שיקסט אַף פאַרנאָסע. נו, וואָס טוט דאָס פאָרפאָלק? ער, דער יונגערמאַן, זיצט יאָמים וואָלײַלוים אין בעסמעדרעש אַל האַטוירע וועאַל האָאַוווידאָ — און זי? דאָס יונגע ווײַבל וואָס טוט? וואָס פאַר אַ הויראָיעס טראַכט זי? אַף וועלכן אוילעם־האַדימיען גייט זי אַרום?

— גערעכט, רעבע, — איז יעכיעל־מיכל מוידע מיט אַ הייזעריק קאָל.

— וואָס דען טוט מען ?

— וואָס עס לאָזט זיך ! — ענטפערט דער ראָש־יעשיווע. — און איך וועל דיר העלפן. איך אַליין וועל שיקן נאָך אַ שאַדכן און זאָגן אים, ווהין ער זאָל גיין . . . עס זאָל זײַן אַ הויז מיט מענטשן, מיט אַ שטאַט, מיט אַ ביסל אוילעם־האַזע, נאָר בעהעטער, ניט בעיִסער . . . וועסט זען, מיט זײַן ליבן נאָמענס הילף !

— דערפאַר, יעכיעל־מיכל, — טרייסט ער אים, — אַז דו וועסט קומען צו מיר וועגן דער צווייטער טאָכטער, און גאָט וועט דיר העלפן און וועסט האָבן אַ קניפּל, — קריגסטו, זאָג איך דיר, אַ האָדאָר, מיט גאָלד אָפּצוּוועגן . . .

דערווײַל מאַך כאַסענע . . .

.5

וועקאַד־האַווע.

אַפן ראָש־יעשיוועס באַראָט און בעסאָד־סוידעס האָט מען מיט מאַל־קען אַ באַלעבאַטישן שידעך געטאָן. און מאַלקע האָט ביז דער לעצטער רעגע ניט געוווּסט, נאָך וואָס עס קומען שנײַדער און מעסטן איר אָן קליידער און פאַרוואָס מע וועקט זי אויף פאַרטאָג און מע פירט זי אַוועק קיין פראָג . . .

און אַז זי האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטײַט, האָט זי אויך קיין וואָרט ניט גערעדט. די יונגע נעשאָמע האָט זיך באַ איר ווי אָפּגעשלאָסן.

וואָס עס האָט זיך באַ איר אין האַרץ געטאָן, האָט קיינער ניט געוווּסט; אָבער פון אויבנאויף, האָט זיך געדאַכט — אַף אַלע בנויס־ציאָן געזאָגט ; טאַקע מיט אַלע מײַלעם . . . אַ ביסל צו בלאַס, עפּעס שטענדיק די אויגן אַראָפּגעלאָזט — מאַלע וואָס ? פריִער האָט עס געהייסן קאַלע־כיין, דערנאָך : אַזוי האָט זי שוין זײַן ליבער נאָמען באַשאַפן, און סײַוויסיי — אַ יעפייפיע ! אַ פאַרנעמעניש ! און אַדעראַבע ! זי גייט אָן דער שוויגער ניט קיין טריט, זי ביט זיך אַפילע קיינמאָל גאָרניט אויס . . . וואָס מע גיט איר, עסט זי ; וואָס און ווען מע דערלאַנגט איר, טרינקט זי ; און וואָס פאַר אַ קלייד מע וויל, טוט זי אָן. ציכטיק, שטיל און שיין. און

שאַבעס, אַז זי טוט אָן דאָס שוואַרץ־אַטלאַסענע קלייד מיט דער גאָלדענער שפּאַנגע, נעמט אַפּן אַלעבאַסטער־ווײַסן האַלדז די פּערל, און עס באַמבלען זיך איר באַ די אויערן די בריליאַנטענע אוירינגלעך, בלײַבן ווײַבער שטיין אין די גאַסן און גאַפּן, און מע זאָגט: אַ פּרינצעסן. און זי — גלײַך מע מיינט ניט זי, גייט זיך ווײַטער שטיל און ציכטיק, צווישן שוויגער און שוועגערינס אין דער ווײַבערשער שול אַרײַן, שטעלט זיך נעבן דער שוויגער באַ דער קראַטע און לאָזט אַראָפּ די זײַדענע ברעמען, און עפנט מיטן ווײַסן הענטל די זילבערנע קלאַמערס פון סידער מיטן גאָלדענעם שניט, און די ליפּלעך הייבן אָן צו ציטערן, צו ציטערן.

און אַ גאַנצע וואָך? יעדן פאַרנאַכט?

—וווּהין ווילסטו היינט גיין שפּאַצירן, מאַלקע?

זי זאָגט ניט וווּהין; וווּ מע גייט, גייט זי... און אַז מע גייט פאַרבײַ פאַר פענצטער מיט צירונג, שטעלן זיך אַלע אָפּ און קוקן, מאַלקע ניט. זי שטעלט זיך אָפּ, ווײַל זיי שטעלן זיך אָפּ, אָבער קוקן קוקט זי אין דער לופט אַרײַן...

זאָגט מען: וואָס דאַרף זי צירונג, זי אַליין איז צירונג!

ביפראַט, אַז דער יונגערמאַן פּילט אָן איר די נעשאָמע ניט. ער היט זי, ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווי דאָס שוואַרצאַפּל אין אויג...

און אַזוי אַלץ...

פון אויבן אָפּגעטאָקט, אָפּגעשניצט און ריין, ווי שיינער קריסטאַל...
אָבער אינווייניק?

אינווייניק איז גענלעגן די קרעטשמע מיטן געזאַנג און טאַנץ און געשפּילערײַ... אין האַרץ האָט צווישן איר און דער וועלט אַרומגע־שוועבט דער פאַרטרעט פון יונגן פאַרעץ. קוים פאַרמאַכט זי די אויגן, צי אין שול באַ דער קראַטע, צי מאָצע־שאַבעס צו „גאָט פון אַוורהאָם", צי באַ שאַבעס־ליכט בענטשן, צעשפּילט זיך אין איר דער קויעד־האַדאָם, טאַנצט זי, ראַכמאָנע־ליצלאָן, מיטן פאַרעץ און מיטן ראָד אין קרעטשמע נאָך שניט... אָדער זי רײַט מיט אים צוזאַמען און טרײַבט אַפּן ווײַסן פערד, ווי מילך, איבער וואַלד און טאָל... און ביפראַט, אַז עס געגענט זיך צו איר דער מאַן, אין דער רעגע שליסט זי די אויגן צו און האַלדזט און קושט — ווען? דעם יונגן פאַרעץ האַלדזט זי און קושט...

בעט זיך באַ איר דער יונגערמאַן — אירע שיינע אויגן האָט ער ליב געהאַט — בעט ער זיך: לעבן מײַנס, עפן דײַנע שיינע אויגן, דײַנע

טויערן פון גאַנײדן אויף! — בעשום אויפן ניט! וויל ער אמאָל (אַ יונ־גערמאַן!) אויספירן, וויל ער זיך מיקלוימערשט אָפּרוקן, האַלט זי אים מיט די אָרעמס ווי מיט צוואַנגען... דערשרעקט ער זיך פּלוצלינג און וויל זיך אויסרײַסן, בעט זי זיך מיט אַ פאַרכאַלעשט קאָל:

— פאָרעץ מײַנער, אָדלער מײַנער!...

מיינט ער — אַזוי ליב האָט זי אים, אַז ער איז איר פאָרעץ, איר אָדלער... „דאָרף־לאָשן" — טראַכט ער, און זאָל זי ניט עפענען די אויגן, אַז זי שעמט זיך!

.6

און אַזוי האָט מאַלקע אָפּגעלעבט אַ יאָר נאָך אַ יאָר. קיין קינדער האָט זי ניט געהאַט און געלעבט האָט זי — ניט מיטן מאַן...

צו וואָס איז דאָס געגליכן?

צו אַן עפּל, וואָס הענגט, דאַכט זיך, געזונט און פריש אַף אַ גרינער צווײַג, אַף אַ גאָלדענעם עפּלבוים, און די הויט פון אויבן איז גערויטלט, ווי דער מיזרעך, איידער די זון באַווײַזט זיך, און אַ פרישער הויך, ווי פון גאַנײדן, ליגט אַף אים: אַזוי שמעקנדיק, אַזוי פאַרנעמיש, אָבער אינעמעסן אַרײַן איז געזונט און פריש נאָר די הויט, די שאָל פון אויבן, אינעווייניק אָבער האָט שוין אַלץ דער וואָרעם אויסגעגעסן...

אָבער פּונקט לעהייפּעך האָט זיך אויסגעשניטן דאָס מאַזל פון יעכיעל־מיכלס עלטערער טאָכטער — נעכאַמע. בײַ יעכיעל־מיכלען אַליין האָט זיך אַלץ איבערגעקערט, און, ווי עס טרעפט זיך, דאַווקע מיט דער פּוטער אַראָפּ...

אָפּגעשפּילט און אָפּגעטאַנצט אין פּראַג, איז יעכיעל־מיכל אַהיים געפאָרן פון פּראַג אינגאַנצן מיט עטלעכע מאַטבייעס אין קעשענע, און ווי ער קומט צו צו דער גרענעץ פון דאָרף, דערזעט ער, ווי זײַן גאַנץ קליי־באָיס מיט די בעטן, מיט די טישן און בענק פון קרעטשמע ליגן אַפן פרײַען פעלד און אַ פויער פון פאָרעצס הויף שטייט דערבײַ, ווי אַ שוימער.

און דער שוימער לאָזט אים שוין ניט אַרײַנפאָרן אין דאָרף אַרײַן... עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז בעשאַס ווען ער האָט געטאַנצט אַף דער יינגערער טאָכטערס כאַסענע, האָט אים דערווײַל עמיץ אויסגעדונגען די קרעטשמע, אַ גרויסע הויסאָפע געגעבן, און דער יונגער פאַרעץ האָט איבערגעדייבערט

דעם אלטן פארעץ, ער זאל נעמען די הויסאפע . . . און דער ייד זיצט שוין אין קרעטשמע !

הייבט אן דאס ווייב מיט דער טאכטער צו וויינען, צו כאלעשן. בעט זיך יעכיעל־מיכל באם שוימער, ער זאל אים כאטש אריינלאזן א ווארט ריידן מיטן אלטן פארעץ. נעמט דער שוימער אראפ די ביקס, וואס האט אים געהאנגען אף די פלייצעס, און זאגט : ער וועט שיסן ! ער וועט מוזן שיסן, זאגט ער.

א היימישער פויער געווען, טרערן אין די אויגן האט ער געהאט ; נאר אז דער פארעץ האט געהייסן, וואלט ער אוודע געשאסן ! זעט יעכיעל־מיכל, אז עס איז פארפאלן, און צוריק אריינפארן קיין פראג האט ער ניט מיט וואס, נאך דער כאסענע איז אים קוים עטלעכע רענדלעך געבליבן ; און מיט זיין ארעמקייט דער אויסגעגעבענער טאכטער די אויגן פאר־שווארצן וויל ער אויך ניט — נעמט ער דאס ווייב און נעכאמען, די טאכטער, און פארט מיט זיי אריבער צו אן אנדער פארעץ אין א דארף אריין, נאך וויטער פון פראג, און בעט באם פארעץ רעשוס, און עפנט זיך א געוועלבל מיט זאלץ, בעקער־ברויט און אנדערע קליינע סכוירעס אין דארף און לאזט איבער דאס געוועלבל אפן ווייב מיט דער טאכטערס באראט. ער אליין אבער לאזט זיך אף דער וועלט, צו פראצעסירן מיט יענעם פארעץ, ווייל דער קאנטראקט איז נאך ניט געווען אויסגעגאנגען, און אויך צו האבן דין־טוירעס מיטן יידן, וואס האט אים מאסיג־גוול געווען . . . נאר עס גייט ניט אזוי געשווינד, ווי עס רעדט זיך, ביפראט מיט לייריקע הענט. געדויערט א פאר יאר ; פארשפילט ער דעם פראצעס מיטן פארעץ און זיצט אפ א צייט אין טפיסע פאר די הויצאעס פון פראצעס ; דעם דין־טוירע קעגן מאסיג־גוול געווינט ער סאפקאלסאף, נאר דער מאסיג־גוול וויל בעשום־אויפן־וועצאד דעם פסאק ניט האלטן ; און דער פראגער צאדיק, וואס האט קויעד געהאט צו נייטן, איז דערווייל ניסטאלעק געווארן, און פראג זוכט א ראוו, און קאן דערווייל ניט צוקלייבן זיך, און לעם דין וועלעם דייען. קומט ער, יעכיעל־מיכל, אהיים נאך א פאר יאר, אן אויסגעמאטערטער, אן אויסגעהונגערטער און לייגט זיך קראנק אין בעט אריין, און ליגט אפ א פאר וואכן און שטארבט ; לעבט אים דאס ווייב זיינס ניט איבער. און נעכאמע ווערט א יעסוימע, איינע אליין אין דארף, ווי א שטיין, און לייזן לייזט מען ניט . . . עס איז ניטא פאר וואס צו לייזן . . . און די יונגע פויערן, זייט זי איז אליין געבליבן, לאזן זי ניט

רוען, טרײַבן קאַטאַװועסלעך, בײזערן זיך, פּאַרוואָס זי לאָזט זיך ניט אָנרירן, די ייִדישע קאַפּצנטע . . .

שרײַבט זי אײן בריװ און אַ צװײטן צו דער שװעסטער קײן פּראָג, לעבט אָבער די שװעסטער אין פּראָג װי מיר װײסן, אין אַן אױלעם־האַטױהו און לײענט ניט קײן בריװ . . . באַקומט די פּאַרלאָזטע יעסוימע קײן טשװװע ניט; הײבט זי זיך אױף באַנאַכט און פּאַרמאַכט דאָס לײדיקע קרעמל און גאַנװעט זיך פֿון דאָרט אַרױס צופֿוס; זי לאָזט זיך גײן אַף גאָטס באַראָט, אַז זי װעט טרעפֿן צו דער שװעסטער קײן פּראָג, אַ שװעסטער איז דאָך קײן שטײן ניט . . .

## .7

גײט זי אַזױ מיט אַ שטיקל ברױט אין דער האַנט פֿון דאָרף אַרױס, קומט זי צו צום װאַלד, האָט זי מוירע פֿאַר כײַעס־ראָעס. גײט זי ניט טיף אין װאַלד אַרײַן, גראַבלט זי זיך אַרױף אַפֿן ערשטן בעסטן בױם און װיל איבערװאַרטן, ביז עס װעט טאָג װערן, צװישן די צװײַגן אַפֿן בױם. ליגט זי אַזױ אַ װײַלע; דערהערט זי, אינמיטן קרישמע לײענען, װי הינט בילן און לױפֿן. און דאָס געלױפֿערײַ און געבילערײַ קומט אַלעמאָל נעענטער; פֿאַרשטײט זי, אַז עס איז אַ געיעג פֿון פּריצים אַף כײַעס אין װאַלד. פֿאַרשטופּט זי זיך נאָך טיפֿער צװישן די צװײַגן. און דאָס געיעג קומט אַלץ נעענטער און נעענטער, און אַ גאַנצע מאַכנע הינט שפּרינגט צו צום בױם און הײבט אָן שטאַרק צו בילן; און צװײ רײַטער קומען געשװינד אָן צו רײַטן, קעדײ צו זען, װאָס די הינט בילן אַזױ און לױפֿן אַרום בױם. און די צװײ רײַטער זײַנען צװײ יונגע פּריצים געװען, און זײ האָבן אַרױפֿגעקלעטערט אַפֿן בױם, און האָבן זי אַראָפּגענומען איבערגעװאַלד, און פֿײַער געמאַכט; און באַטראַכט, װער דאָס איז; האָבן זײ געזען, אַז עס איז אַ ייִדיש קינד, און זײער אַ שײן מײדל, נאָר אַן אױסגעהונגערטס. זאָגן זײ איר, אַז זײ װעלן איר, כאָס־װעשאָלעם, קײן שלעכטס ניט טאָן, װאָרעם זי לײַכט אין דער פֿינצטער װי אַ מאָרגנשטערן . . . אַז מע דאַרף זי נאָר איבערטאָן, װעט זי שײַנען װי אַ מאַלקע און שמעקן װי אַ רױז . . . װערט איר, פֿאַרשטײט זיך, אַ לאָד אין האַרץ. דערװײַל, הערט זי, צעקריגן זיך די יונגע פּריצים; יעדער װיל זי נעמען צו זיך, יעדער טײַנעט, אַז זי איז זײַן, אַז דאָס האָט זי זײַן הונט צום אַלעם ערשטן דערשפּירט . . .

בלײַבט, זיי זאָלן זיך שיסן, און ווער עס וועט לעבן בלײַבן, דער זאָל זי נעמען. שטעלן זיי זיך איינער קעגן צווייטן און ווילן שוין אָנהייבן צו שיסן. האָבן זיי אינמיטן אַ ייִשעוו, זיי וועלן בעסער ציִען קניפּלעך. ציִען זיי קניפּלעך, און איינער, וואָס האָט אַרויסגעצויגן דאָס קניפּל, האָט זי אַרויפגעצויגן צו זיך אַפן פערד און איז מיט איר גאַלאָפּ אַוועקגעריטן; צו זיך אין פּאַלאַץ אַרײַן... כאַלעשט זי...

און אַז זי האָט זיך צומאָרגנס אויפגעכאַפּט באַם פּאָרעץ אין פּאַלאַץ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

.8

און אַז זי איז באַם פּאָרעץ אין פּאַלאַץ צו זיך געקומען און דערזען, אַז ער האַלט זי אַפן שויס, און האָט דערפילט, אַז ער קושט זי און האַלדזט זי... האָט זי פאַרשטאַנען, אַז עס איז פאַרפאַלן, אַז זי וועט זיך שוין ניט ראַטעווען, האָט זי זיך נאָר געבעטן:

— פּאָרעץ־לעב, איך בין באַ דיר אין די הענט... און דו ביסט צו שטאַרק, איך זאָל מיך ווערן קעגן דיר, און איך האָב שוין ניט מיט וואָס זיך צו ווערן... בעט איך באַ דיר נאָר איינס: האָב אַף מיר ראַכמאָנעס און זאָג מיר נאָר די איינציקע זאַך צו: האָסט מיר פאַרזינדיקט דעם גוף, פאַרפאַלן! פאַרזינדיק מיר כאָטש ניט די נעשאָמע, לאָז מיך באַ מײַן עמונע... און באַ מײַנע מאַכשאָווע... לאָז מיך טראַכטן און קלערן, וואָס איך וויל...

דער פּאָרעץ האָט אַפילע ניט רעכט פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט דערמיט, נאָר בעעמעס ליב געקריגן האָט ער זי, האָט ער איר צוגעזאָגט... געמיינט האָט ער: און וואָס שאַט עס אים? כאָסענע האָבן מיט איר וועט ער סײַ־ווי־סײַ ניט. איינמאָל האָט ער איר אַפילע געקויפט באַ אַ ייִדן אין פּראָג אַ סידער און האָט איר געבראַכט אַ מאַטאָנע. זי האָט גענומען דעם סידער מיט פרייד, נאָר באַלד פון דער האַנט אַרויסגעלאָזט אַפן טיש... „מײַנע הענט — האָט זי געזאָגט — זײַנען ניט ווערט די ריינקייט צו טראָגן”...

וווּנדערט זיך דער פּאָרעץ און שווײַגט.

און באַם פּאַרעץ איז הויף האָט נעכאַמע געפירט אַ לעבן, וואָס איז געווען גאָר דער היפּעך פון לעבן, וואָס די שוועסטער האָט געפירט אין פּראַג...ביידע האָבן פאַרמאַכטע אויגן געהאַט, אַרומגעגאַנגען פרעמד און פאַרכאַלעמט. נאָר בעשאַס ווען מאַלקע האָט געזינדיקט מיט דער נעשאָמע אין אַ ריינעם גוף, האָט נעכאַמע, פאַרקערט: אָפּגעלאָזט דעם גאַנצן גוף און ריין געהאַלטן די נעשאָמע.

עס גייט צו איר צו דער פּאַרעץ, — פאַרמאַכט זי די אויגן און טראַכט: „די מאַמע קושט מיך"... עס האַלדזט זי און קושט זי די מוטער און לערנט זי בראָכע זאָגן און „גאָט פון אַווראָהאָם" זאָגן...

ער וויל, זי זאָל אים ליב האָבן...

זי האָט ליב, שטאַרק ליב — די מוטער! זי נעמט אַרום די מוטער... „נאָכאַמאָל, מאַמעשי: „טוירע ציוואָ לאָנו"... שעפּטשעט זי... און מיט די זינדיקע ליפּן רעדט זי אַפּילע די ווערטער ניט אַרויס... אין דער נעשאָמע ווימלען זיי באַ איר, דאָרט לייַכטן זיי טיף, טיף אינעווייניק...

לעבן לעבט מען ניט אייביק, און ביידע שוועסטער איז קיין לעבן ניט באַשערט געווען...

און אַז די נעשאָמעס האָבן זיך אָפּגעטיילט פון גוף, איז דער יונגער־ערס, מאַלקעס, נעשאָמע, וואָס איז געווען דורכגעפלעקט פון זינד, אַרויס, ווי אַ שוואַרצע קראָ, פון ווייַסן גוף, און איז באַלד ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן אין קאַף־האַקל... דער עלטערערס, נעכאַמעס, ווייַסע, קלאָרע נעשאָמע שטיל ווי אַ טויב אויפגעהויבן אין דער הייך צום הויכן הימל. פאַרן אָבער, קוים האָט זי זיך באַפרייַט פון זינדיקן גוף, האָט זי זיך לייַכט און טויער איז זי אַפּילע געבליבן שטיין פאַרציטערט, נאָר גאָטס ראַכמאָנעס האָט זיך צו איר באַוויזן, און האָט איר געעפנט דעם טויער, און האָט זי געטרייסט, און אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן.

פון דעם אַלעם אָבער האָבן מענטשן אַף דער ערד ניט געוווּסט... די פּראַגער גווירע האָט געהאַט אַ גרויסע לעווייַע... מע האָט איר אויך אַ גרויסן העספּעד געמאַכט, עס האָט אַ מאַטמען געקאָסט! און מע האָט זי אויבנאָן אָפּן בייס־האַכאַים, צווישן אַלע צנועס, געלייגט, און צום יאָר האָט מען איר אַ גרויסע מאַצייווע מיט אַלערליי אויסגעקריצטע שוואָ־כים געשטעלט...

אָבער אַז דער פּאַרעץ האָט דער עלטערערס גוף קיין פּראַג געשיקט, — האָט קיין כעוורע־מאַן ניט געוואָלט זיך צורירן צום זינדיקן גוף, האָט

מען צו דער טאַהאַרע פּראָסטע טרעגער געדרונגען, און מע האָט זי איינגע־הילט אין אַן אַלטן זאַק און אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב ערגעץ אונטערן פּלויט...

אַ מענטש זעט נאָר פון אויבן...

און אין אַ צייט אַרום, אַז מע האָט צוגענומען אַ שטיק פון אַלטן פּראָגער בעסאַלמען צו דער שטאָט, ברייטער צו מאַכן אַ גאַס, און מע האָט אויסגעגראָבן די קוואָרים, איבערצופירן די איבערגעבליבענע ביינער, האָט אַ קאַברען געפונט נעבאַמעס קיווער באַם פּלויט און ניט מער געפונען ווי אַ שאַרבן, — פון לייַב און דעם רעשט ביינער איז קיין סאַריר־אופאַליט ניט געבליבן... און ווען ער האָט ניט ווילנדיק מיטן פּוס אוועקגעשטופּט דעם שאַרבן, איז ער אָפּגעשפּרונגען און איז ערגעץ פאַר־וואַלגערט געוואָרן... און איז שוין צו קווורע ניט געקומען.

דער קאַברען אָבער, וואָס האָט געפונט מאַלקעס קיווער, האָט זי געפונען אינגאַנצן גאַנץ און פריש, קימאַט מיט אַ פרישן שמייכל אַפן ווייסן פּאָנעם...

— דאָס הייסט אַ צאַדייקעס! — האָבן מענטשן געזאָגט. — די ווערעם האָבן אַף איר קיין שליטע ניט געהאַט...

וואָרעם אַזוי טראַכטן און זאָגן מענטשן, וואָס זעען נאָר מיט די אויגן פון אויבנאויף און ווייסן קיינמאָל ניט, וואָס אין האַרץ טוט זיך, וואָס באַ עמיצן אַף דער נעשאָמע איז...

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

שעם־דאוואָר — דאָ אַ באַרימטקייט.

מאַצע־שמורע — מאַצע פון ספּעציעל פּאַרגרייטן ווייץ, וואָס שטאַרק פרומע ייִדן באַקן פאַר זיך.

בערועד־האַקוידעש — מיטן הייליקן גייַסט.

טויוולאַהעם שעלוי ניוורעאוּ — בעסער פאַר זיי וואָס זיי זייַנען ניט געבוירן געוואָרן.

כאָמייש — פינף.

נעדוניע — נאַדן.

שטיי — צוויי.

ראַכאָש (רח"ש) — הויצאָעס אַף ראָבאָנים, כאַזאָנים, שאַמאָסים.

מאַדריך זייַן — דערציִען, לערנען.

זי נעמט כאַלע — זי פּילט אויס דעם רעליגיעזן דין צו נעמען פון יעדן טייג אַ שטיקל און וואַרפן אין פײַער אַרײַן, מאַכנדיק דערבײַ אַ בראָכע.
ווערנד — בעיים.
אוילעם־האַדימיען — טרוימען־וועלט.
מידעס מעגונעס — ניט קיין אַנשטענדיקע מידעס.
בעכאָצי־כינאָם — האַלב אומזיסט.
ביטן — לייגן פאָר; באָטן אַז.
מיסיאַעץ זײַן — האַלטן זיך אַן אייצע.
טאָד־קעדיי־דיבער — גלײַך אַפן אָרט.
לויי יעאָסע קיין בימקוים מיינו — ס׳פּירט זיך ניט אַזוי באַ אונדז.
קאַהאַוואָיאָ — אַזוי ווי ס׳איז געווען.
בעשאַס האַדכאַק שאַאַני — באַ אַ נויט איז אַנדערש.
עס קוויד אָשרוי — געמיינט: פון זײַן פאַרמעגן.
אוימייד בעדיבורוי — אַ וואָרטסמאַן.
יאָמים וואָלײַלויס — טעג און נעכט.
אַל האַטוירע וועאַל האָאַוויידאָ — באַם לערנען טוירע און דינען גאָט.
הוירעיעס — טראַכטענישן.
בעהעטער — וואָס עס איז דערלויבט.
נישט בעיִסער — וואָס עס איז פאַרבאָטן.
אַ האָדאָר — אַ פּראַכט.
וועקאַד־האַווע — און אַזוי איז עס געשען.
בנוים־ציִיוין — געמיינט: ייִדישע טעכטער.
מאָצע־שאַבעס — שאַבעסצונאַכטס.
„גאָט פון אַוורעהאָם" — אַ טפילע אַף ייִדיש, וואָס רעליגיעזע פרויען זאָגן פאַרן אָנצינדן פײַער שאַבעס אין אָוונט.
קויעד האַדאָם — די קראַפט פונעם בלוט.
קלײַ־באַיִס — שטוב־זאַכן.
מאַסיג־גוווּל געווען — דאָ: איבערגעשלאָגן פאַרנאָסע.
ניסטאַלעק געוואָרן — געשטאָרבן.
לעס דין וועלעס דײַען — ניטאָ קיין געזעצן און ניטאָ קיין ריכטער. געמיינט: ניטאָ צו וועמען זיך ווענדן מיט אַ לאָדעניש.
אוילעם־האַטויהו — אין פאַנטאַסטישער וועלט.
כײַעס־ראָעס — ווילדע כײַעס.
„טוירע ציוואָ לאָנו" — ווערטער פון אַן אינדערפריאיקער טפילע.
מאַטמען — אַן אייגנס; אַן אוצער.
ביים־האַכאַיִם — בעסאַלמען.
טאָהאָרע — די רעליגיעזע פּראָצעדור פון אָפּוואַשן דעם טויטן קערפּער פאַרן באַגראָבן.
סאָריד־אופּאָליט — געמיינט: קיין רעשט; קיין שפּור.

# דאָס גלעזל

אַמאָל, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל אַף דער פּראָווינץ, איז געווען אַ גאָלדשמיד און אַ בריליאַנטן־שלײַפער דערצו, און געווען איז ער, דער גאָלדשמיד, אַ בעריע־ניפלאָע אין דער מעלאָכע, אַ געבענטשטע האַנט געהאַט, אין זײַן פאַד אַ גאָען געווען. אַד „הייכאָן האַדוואָרים מאַגיאים" האָט קיינער ניט געוווּסט: ניט ער, ניט זײַנע קוינים. געזעסן און געאַרבעט צירונג פאַר באַלעבאַטים: אויריגגלעך, פינגערלעך, קדושן־פינגערלעך אוכעדוימע. קוים פאַרנאָסע געהאַט!... ניסגאַלע איז ער ערשט געוואָרן מיט דער צײַט... און צופעליק. האָט זיך, קעדוימע־לעמאָשל, געטראָפן, אַז אַ באַלעבאָס פון קליינעם שטעטל האָט אַ שידעך געטאָן פון דער פרעמד, מיט אַן אוישער פון אַ גרעסערער שטאָט, פאָרט מען אַף דער כאַסענע, באַווײַזט זיך דעם גאָלדשמידס צירונג אַף אַ העכערן אָרט. יענער אוישער איז שוין אַ שטיק מייוון; אַ סויכער, אַ וועלט געזען, מאַכט ער: אײַ, אײַ! — הייבט אָן דער גאָלדשמידט דאָרט צו שעמען... באַקומט ער שוין פון דאָרט אַרבעט, און מיט דער צײַט ציט ער זיך איבער אין דער גרעסערער שטאָט אַרײַן; שוין אַזויפיל קוינים געהאַט.

מײלע, צו אַ גוויר פון אַ גרעסערער שטאָט קומט אַמאָל אַ פאָרעץ; צוליב מיסכער, אַף אַ סימכע צי אַזוי אַמאָל שאַבעס אַף געפילטע פיש, — דער טיש אויסגעשטעלט, די בניי־באַיִם אויסגעצירט... דער פאָרעץ קומט אַרײַן, ער איז נאָך אַ גרעסערער מייוון; פאַלט אים עפעס אין אויג אַרײַן.

— ווו איז דאָס געקויפט? ווער האָט עס געמאַכט?

ווערט מען פון גאָלדשמיד געוואָר צווישן פריצים...

קעיאָדוּאַ, מאַכט יעדער גובערנאַטאָר איין מאָל אין יאָר אַ באַל פאַר גרויסע לײַט. עס איז שוין אַזאַ מינהעג. מאַכט יענער גובערנאַטאָר אויך

א באַל, קומען פּריצים מיט פּריצעס, מיט טעכטער. טראָגט מען דעם גאָלדשמידס צירונג... זעט דער גובערנאַטאָר א פינגערל, צי א בראָש, צי א קאָליע, גאַפט ער, ער האָט נאָך אַזאַ אַרבעט ניט געזען.

„וועמענס אַרבעט איז עס?"

„דעמס און דעמס."

„אַזוי"?

צומאָרגנס שיקט מען דעם גאָלדשמיד רופן, ווערט ער א יויצע־וועניכנאַס באַם גובערנאַטאָר.

קומט אַמאָל צו פאָרן, באַקוקן די גובערניע, איינער פון די סאַריי־מאַלכוס, דאַרף מען אים אַקעגן טראָגן ברויט מיט זאַלץ אויף א טאַץ. ווער מאַכט די טאַץ? מינאַסטאַם שוין אונדזער גאָלדשמיד. קומט די טאַץ אין איר־האַמעלוכע אַרײַן, קלינגט מיט איר די איר־האַמעלוכע...

ניט אומזיסט זאָגט שלוימע־המעלעך: „טויוו שיים מישעמען טויוו!"

טרעפט זיך א מײַסע. דער אַלטער מיילעך גייט פון דער וועלט. קלײַבט מען אויס א נײַעם מיילעך. גייט יענע קרוין אין שאַץ־קאַמער, און פאַרן נײַעם מיילעך מאַכט מען א נײַע קרוין. זוכט מען גרויסע גאָלדשמידס. בעט מען צווישן אַנדערע אונדזער גאָלדשמיד אויך, קומט ער און אַרבעט מיט און צייכנט זיך נאָך אויס אַל צאַד האַיויסייר טויוו...

האַקלאַל — „מעקימי מעאַפּאָר דאַל!"

אונדזער גאָלדשמיד וווינט שוין אין דער רעזידענץ, איז א יויצע־וועניכנאַס אין הויף. ער ווערט גאָר מירויעי פּניי האַמעלעך. א פּ ר אָ ס־ט ע ר באַסאָר־וואָדאָם, אַפילע א קלענערער סאַר קאָן זיך שוין גאָר צו אים ניט דערשלאָגן.

איז דאָך אָבער א „גאַלגאַל כויזער באָוילאָם" און אַז מען קאָן העכער ניט שטײַגן (וואָרעם וואָס קאָן זײַן העכער פאַר אַזאַ גאָלדשמיד?), הייבט מען אָן פאַלן...

פאַר וווילטיק האָט ער שוין קיין נײַעם ניט באַוויזן, דאָס אַלטע ווערט צוגעגעסן, די אויגן זײַנען קוקנדיק דערויף, מיד געוואָרן, דאָס האַרץ קריגט א גלוסטונג צו עפּעס נײַעס. באַווײַזט זיך ערגעץ־ווו א נײַער קינסטלער... איז — ווי דער סיידער־אוילעם איז — זע נויפייל ווזע קאָם... מאַכט דער נײַער קינסטלער דעם זעלבן וועג, וואָס דער אַלטער האָט געמאַכט. און, לעומאַס זע מאַכט דער אַלטער גאָלדשמיד דעם אייגענעם וועג צוריק: פון איר־האַמעלוכע צוריק אין גובערניע אַרײַן — פון גובערניע אין

פּאָוויאַט, פון פּאָוויאַט — אַ היים; פון מיילעך, הייסט עס, צום סאַר, פון סאַר צום גובערנאַטאָר, צום פּאָרעץ, צום גוויר, צום באַעלבאָס אין קליינעם שטעטל... צוריק צו קדושן־פינגערלעך...

נידעריקער פאַלן קאָן מען ניט; אָרעמעלײַט דאַרפן קיין צירונג ניט, בלײַבט מען הענגען אין דער לופט, שטרעקט מען אויס די צונג...

און די צײַטן אַלײן ווערן שלעכט, מע מאַכט עפּעס גאָר קיין כאַ־סענעס ניט און די קאָנקורענץ וואַקסט...

מיילע... דאַלעס מאַכט פּאַסלעס און ווײַהי (ווי „ויהי" — איז אַ צאָרע!). „קי הייציק לוי האָראָאָוו", ניטאָ וואָס איז מויל אַרײַנצולייגן, דער גאָלדשמיד גייט אַרום פּוסטע־פּאַס, איז ער זיך מעיאַשעוו און הייבט אויף פון דער ערד אַ שטיקל גלאָז פון אַ צעבראָכן פלעשל: פון וואַסער, פון מאַשקע און עפּשער גאָר פון אַ מעדיציין, ווער ווייסט? נאָר אַ פּראָסט שטיקל גלאָז, און גייט דערמיט אַהיים און זעצט זיך עס אַנידער — שלײַפן... און אַזוי ווי ער שלײַפט... און אַזוי ווי ער שלײַפט, הייבט אָן אונטער די הענט דאָס גלעזל צו פינקלען, צו גלאַנצן... אַ קישעף: עס שפּריצט מיט קאָל־האַמינים־פונקען, עס שטראַלט; ער אַליין גאַפט. ער האָט גאָר ניט געוווּסט, ווי ווײַט קינסטלער ער איז! דערנאָך נעמט ער דאָס גלעזל, זעצט עס אַרײַן אין עפּעס אַ פּאַרוואַלגערט רייפל, וואָס ער האָט קוים געפונען, און גייט אַרויס אָפּנאַרן די וועלט! — גייט ער. דאָס האַרץ קלאַפּט באַ אים ווי באַ אַ גאַזלען! קומט אים אַנטקעגן אַ באָכער מיט אַ פלאַמענדיקן פּאָנעם, פאַלט אים אײַן — עפּשער אַ כאָסן און דאַרף אַ פינגערל? שטעלט ער אים אָפּ. האָט ער קימאַט געטראָפן: קיין קידושן־פינגערל דאַרף ער ניט, אַ קאַלע־מאַטאָנע — אַדראַבע; מעג זײַן אַ פינגערל! און ווי יענער גיט אים אַ בליק פאַר די אויגן מיטן ברילִיאַנטל, פאַלט ער צו מיטביידע הענט און פרעגט:

— ווי טײַער?!

לאָזט דעם גאָלדשמיד דאָס האַרץ ניט זאָגן, ניט קיין שווינדלער בע־טעווע, פרעגט ער צוריק:

— וויפל ווילסטו געבן?...

דער באָכער מיינט: גאָט ווייסט, צי ער וועט קאָנען קומען צו דער סכוירע? נעמט ער אַרויס אַ מאַטבייע און מאַכט זיך אַ שפּאַס:

— אַ טאָלער!

דריקט אים דער גאָלדשמיד דאָס פינגערל אין דער לינקער האַנט

אַרײַן. כאַפּט אים אױס דעם טאָלער פֿון דער רעכטער האַנט און לױפֿט אַװעק אין שענק אַרײַן. דעם װאָרעם פֿאַרגיסן, דאָס האַרץ צו דערכאַפּן...

װעלן מיר איבערלאָזן, פֿאַרשטײט זיך, דעם גאָלדשמיד און נאָכגײן דעם באָכער.

קלערט דער באָכער: מעשוגע? נאָר זײַן דײַגע! און גײט מיטן פֿינגערל צו דער בסולע, צו װעלכער ער האָט זיך געשאַדכנט...

איז דאָך אָבער נאָשים דײַטאָן קאַלױס, האָט די בסולע, צו װעלכער ער שאַדכנט זיך, צװײ כאַסאַנים. אײנס, אַ באַלעבאַטיש קינד מיט אַ פּאָר פּעים און אַ כײלעק הױז — איז אײנער, און אַ הוזאַר (אין שטעטל איז קאַװאַלעריע געשטאַנען), אַ הוזאַר מיט אַ קיװער, מיט שװערד, טראָלבן און שפּאָרן, אַ בעריע־ניפֿלאָע אױף פֿערד — דער צװײטער. אױסקלײַבן איז שװער. ביפֿראַט: אַ הוזאַר, הײַנט איז ער דאָ, מאָרגן רײַט ער אַװעק... יִשעװוס זי זיך אַליץ. דערװײַל, דער באָכער קומט אַרױף, נעמט זי אים צו בעסײװער־פּאָנים־יאָפֿױס. דאָס פֿינגערל אַװאַדע, עס פֿאַרנעמט די אױגן... האַקלאַל — מע רעדט, מע לאַכט, װי דער שטײגער איז... די צײַט שטײט דאָך ניט, פֿאַלט צו דער אָװנט, דערהערט זיך פֿון מאַרק, פֿון דער הוזאַר־װאַך, אַ טראָמפּײטל, אַ פּײַקל האַלט אונטער, מע הײבט אָן שפּילן זאָרעם... מײַן בסולע דערמאָנט זיך אָן יענעם, װערט אומרוִיק, זאָגט אַליץ: שפּעט, שפּעט! מע װעט זי, כאַס־װעשאָלעם, באַרעדן, און דערלאַנגט אים, אָפּצוקומען, דאָס מײַלעכל, און שטופּט אים אַרױס פֿון טיר. און עס איז שױן געװען די רעכטע צײַט. קױם איז דער באָכער אַראָפּ פֿון די טרעפּ, אַריבער דאָס געסל און פֿאַרבױגן אין עק — טופּ, טופּ טופּ: אַ רײַטער פֿון דער צװײטער זײַט! אָט איז ער שױן פֿאַרן פּלױט; שפּרינגט שױן פֿון פֿערדל אַראָפּ, בינדט עס צו צו אַ שטאַכעט. אָט קלינגען שױן שװערד און שפּאָרן אױף די טרעפּלעך, דאָס טירל פּראַלט אױף...

איך װעל אײַך ניט לאַנג ברײַען: איבער נאַכט איז פֿון דער קאַלע־מאַטאָנע אַ כאָסן־מאַטאָנע געװאָרן... קױם אױף שפּיץ פֿון יִנגסטן פֿינגער אַרױף...

דאָ ענדיקט זיך אָבער נאָך ניט די מײַסע; דעם „בריליאַנט“ איז געװען עפּעס בעסערס באַשערט...

קאַאלױס, קױם עס רױטלט זיך דער מיזרעך... דאָס פֿערדל טאָפּעט נאָך אַליץ און טאָפּעט מיט די פֿיס אין לײמיקן געסל, און קײנער הערט עס ניט, װעקט זיך פּלוצלינג אין דער װײַטער שטילקײט אַ קאָל פֿון אַ טראָמ־

פייט... „טרעוואָגע" ווערט געבלאָזן! באַנאַכט איז פּלוצלינג אַ גרויסער גענעראַל געקומען, ווערן די הוזאַרן געוועקט, צום עקזערציר־פּלאַץ גע־רופן... אַ רעוויע וועט זײַן — טראַ־ראַ־טראַ! מײַן גיבער מיטן פינגערל שפּרינגט אויף, וויל לויפן, אָבער ניט לײַכט איז דעם פישל זיך אַרויסרײַסן פון דער נעץ... זי וואַרפט אים די ווײַסע הענט איבערן האַלדז. פּלעכט ער זיי אויף, לויפט זי און באַהאַלט אים דעם קיווער, דאָס שווערד... און נאָכאַמאָל געזעגענען, און נאָכאַמאָל... קוים מיט צאָרעס פון די הענט אַרויס. טראַפּ־טראַפּ־טראַפּ פון טרעפּ אַראָפּ, אַפּן הונגעריקן, נאָר דערפרייטן פערד אַרויף, און פּאַף — פײַל פון בויגן צום פּלאַץ, די ראָטע שטייט — אין אָרט אַרײַן... — און פּאָד־קאָזעראָק! דער עסקאַדראָני קאָמאַנדיר שטייט אים אויג אין אויג און זעט, עפּנט שוין דאָס מויל אויף אַ „מי־שעבייֵרעך".

גיט אים אָבער דאָס פינגערל פּלוצלינג אַ בליץ אין די אויגן. ווערט ער רויט, ווי אַ צונטער, און כאַפּט אים דאָס פינגערל פון שפּיץ פינגער אַראָפּ:

— געגאַנוועט?

שטאַמלט ער: וואַשע אַזוי און אַזוי... כוישעד ביקשיירים... כאַס־וועכאָלילע...

מיילע, דעם עמעס אויסזאָגן קאָן ער דאָך ניט. ער וועט דאָך ניט אויסגעבן די בסולע פון אַ באַלעבאַטיש הויז; פּלאַצט ער אַרויס:

— געקויפט!

— פאַר וויפל? — פאַרשט שטרענג דער אָפיציר.

שלעכט טראַכט דער הוזאַר, עס מוז דאָך עפּעס ווערט זײַן... און גיט אַ זאָג פאַרן טײַוול:

— צוואַנציק טאָלער!...

אַ מאַטמען מיט גאָלד פאַר אַ הוזאַר! דער אָפיציר עפנט שוין דאָס מויל פאַר אַ נײַעם „מי־שעבייֵרעך"... בעויסוי האָרעגאָ שפּרינגט אָבער אַן אַ ווײַס פערד דערוויף [דער גרויסער גענעראַל] — הינטער אים — אַנדערע פערד — קלענערע גענעראַלן.

ער אַליין גיט אַ פרעג:

— געזונט?

אַלע עסקאַדראָנען ענטפערן: געזונט! אַ דונער, אַ געפילדער! די ערד ציטערט...

און באַלד — די רעוויע... און אַז עס איז באַשערט, צייכנט זיך אויס דער עסקאַדראָן פון אונדזער גיבער: געיאָגט, ווי אַף פליגל; געשפּרונגען אַף די פערד, ווי די שיידים; דורכגעלעכערט די צילן „על צד היותר טוב"... קריגן די הוזאַרן אַ „דאַנק" און אַף מאַשקע, אונדזער אָפיציר ווערט אָפּן אָרט — פּאָלקאָווניק... אַ סימכע, אַ גדולע מישטע וועיאָנטעוו, טרינקט מען אַ כוידעש, צוויי... דער הוזאַר האָט דערוויַיל אויסגעדינט און איז אַהיים מיט גרוים סימכע: פּאָטער בעלוי־קלום, פאַר אַ נאַריש פינגערל, פאַרן פאַרשפּעטיקן. דער פּאָלק מיטן קאָמאַנדיר זיַינען באַלד אַרוים אין אַ גרעסערער שטאָט, אין לאַגער אַריַין... און דאָס פינגערל וואָלט גאָר פאַרגעסן געוואָרן ווען ניט דאָס, וואָס האָט זיך וויַיטער געטראָפן:

אין פּאָלק איז פּלוצלינג געוואָרן אַ פּעגירע אַף פערד. מיילע, אַ צאַר־באַלע־כאַים איז עס; פאַלן ווי די פליגן. האָט דאָך אָבער יעדער מענטש סאָנים, ביפראַט אַן אָפיציר, וואָס איז אַזוי פּלוצלינג אוילע־ליגדולע געוואָרן. געפינט זיך איינער און שיקט צום מאַלכוס אַ מעסירע אָפּן פּוראַזש! בייַשער־בעכיין, דער האָבער איז קיין האָבער ניט...

איז עס פּונקט פאַר אַ מילכאָמע, איז די זאַך שטרענג. שיקט טייקעף־אומיאַד דאָס מאַלכוס אַראָפּ גאָר אַ גרויסן גענעראַל אַף אַ רעוויזיע. באַפאַלט ער, לויפט גלייַך צום מאַגאַזין, באַקוקט דעם האָבער, דרייט מיט דער נאָז, פאַרט אין קאַנצעליאַריע אַריַין, שיקט רופן דעם פּאָלקאָווניק. קומט ער, נעמט ער אים אויף זיצנדיק, שטרענג, דער פּאָלקאָווניק שטייט פאַר־קאָזעראָק. עס ציטערן אונטער אים די פיס... מישט זיך וויַיטער אַריַין דער בריליאַנט. דער גענעראַל הייבט אויף אַן אויג — פון בריליאַנט שיסט אַ בליץ אין אויג אַריַין, גיט ער אַ שפּרינג אויף און אַ בריל ווי אַ לייב:

— לאָקכע־באָכער!

אין אונדזער מעדינע הייסט עס: כאַבאַרניק, וואָרעם ווי קומט צו אַ פּאָלקאָווניק פון ניט אַ רייַך הויז אַזאַ גרויסער, טייַערער בריליאַנט! רייַסט ער אים דאָס פינגערל פון פינגער אַראָפּ, ער וועט עס צולייגן צו די אַקטן, און פרעגט:

— וויפל באַצאָלט?

זעט דער פּאָלקאָווניק אַז עס איז אַ דאָוואָר־גאַדל, אויסזאָגן דעם עמעס קאָן ער ניט, גיט ער אַ פּלאָץ אַרויס:

— טויזנט טאַלער!

און דער גענעראַל קוקט נאָך אַלץ, ניט גלייבנדיק, מיט איין אויג, גיט ער צו אַ וואָרט־צייכן:

— פאַר טויזנט איינס טרעט איך עס אָפּ...

לאָזט דער גענעראַל דעם קאָפּ אַראָפּ און שרײַבט:

ריישים, שרײַבט ער אַ ראַפּאָרט צום מאַלכוס... אַז דער האָבער איז ריינע פּערל. וועהאַשייניס: אַ שטאַר־כוויו אַף טויזנט און איין טאַ־לער; „ליקשעיאַרוויִעד" וועט ער אָפּגעבן... און פאָרט צוריק...

צינד דאָרף געשען דאָס ווונדערלעכסטע...

מע וויים ניט וויִאַזוי, נאָר דאָס פינגערל איז געקומען אין כאַצאַר־האַמאַלכעס אַרײַן! איינמאָל, די מאַלקע זיצט פאַרטראַכט, פאַרלירט דאָס נאָזטיכל פון שוים, הייבט עס אַ הויף־דאַמע אויף, אַ יונגע, ערשט אָנגע־קומענע און אַ יעפייפיע... און לייגט עס צוריק.

הייבט די מאַלקע אַ ביסל די ברעמען אויף, וויל דאַנקען מיט אַ האַלב מויל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מאַלקע, עפנט די ליפּעלעך און בלײַבט מיט די אָפענע ליפּעלעך זיצן. וואָס איז? דער בריליאַנט פון דער הויף־דאַמעס אַ פינגערל האָט עס איר אָנגעטאָן. מאַמעש פאַרקישעפט האָט ער זי, נעמט זי צו באַקוקן: זי האָט נאָך אַזאַ בריליאַנט אין אַ פינגערל ניט געזען... ניט אין די שאַצקאַמערן, ניט אין קיסריי־האַמאַלכוס... פרעגט זי:

— פונוואַנען קומט צו דיר אַ בריליאַנט?

ווערט די הויף־דאַמע רויט און טויט און פאַרציטערט און ענטפערט ניט אַ וואָרט.

מוז דאָך דאָ עפּעס זײַן, און אַ ביסל אייפערזיכטיק איז אַ מאַלקע אויך. וואָרעם ווער, אַז ניט אַ מיילעך, קאָן קויפן אַזאַ מאַטאָנע? הייבט זי זיך אויף און גייט אַרײַן צום מיילעך אין קאַבינעט און ווײַזט אים דאָס פינגערל. זי וויל זען, וואָס ער וועט זאָגן... וויים ער לאַבלוטן פון גאָרניט און ווערט פון בריליאַנט פאַרקישעפט. ער האָט נאָך אַזאַ קלאָרן ריינעם בריליאַנט, און אַזאַ גרויסן, און אַזוי אַן אַ שיימעץ פּעגימאָ ניט געזען. עפנט ער גרויסע אויגן און קאָן זיך זאַט ניט אָנקוקן. דערציילט אים די מאַלקע אַזוי און אַזוי, די און די הויף־דאַמע האָט עס געטראָגן. זאָגט דער מיילעך, אַז פונוואַנען דאָס פינגערל קומט, וויל ער ניט וויסן, מאַלע וואָס עס טוט זיך אין הויף... נאָר דער בריליאַנט פּאַסט ניט

פּאַר קיינעם, נאָר פּאַר אַ מיילעד. דער הויף־דאַמע וועט ער זײַן ווערט באַצאָלן... און נעמט צו דאָס פינגערל.

נעמט מען באַלד דאָס פינגערל, מע קריצט אויס דעם מיילעכס נאָמען מיטן הערב פון דער מעדינע, ווערט דאָס פינגרל אַ כויסעם־האַמאַלכעס. דער מיילעד כאַסמעט דערמיט אַלע פּאַפּירן, העז אין דיניי־מאָמענעס, העז אין דיניי־נעפאָשעס, העז אין פּאָליטיק. ווער עס קריגט דאָס פינגערל אַ ווײַלע אַפן פינגער אַרויף, קאָן כאַרעוו מאַכן אַ וועלט, האָט פּראַוו לעהאַשמיד־אולעהארויג, ווען און וועמען ער וויל אַרײַנוואַרפן אין קייטן און אין טפיסעס. לאָזט עס טאַקע דער מיילעד ניט פון פינגער אַראָפּ... און קעדיי צו באַלוינען דער הויף־דאַמע, הייסט דער מיילעד רופן מעווינים, זיי זאָלן אָפּשאַצן דעם ווערט פון ברילִיאַנט... קומען זיי... ווערט „זע בעכוי וועזע בעכוי"! איינער זאָגט: אַ דריטל, איינער — אַ האַלבן, איינער גאָר — אַ גאַנצן מיליאָן... וואָס טוט מען? דערמאָנט זיך דער מיילעד אין פרײַערדיקן הויף־גאָלדשמיד און גיט אַ באַפעל:

— ברענגען...

ברענגען איז ברענגען!

נעלעם געוואָרן; מאַכט מען אַ כקירע־אודרישע. עס דויערט אַ צײַט, מע ווערט געוואָר. מע שיקט אַ דוואַר־מאַלכוס: ווי דער שטייגער. מיילע. אַז די קליינע סאָרים פון קליינעם אָרט באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן דעם גאָלדשמיד צום מיילעד, וואָס קלערן זיי? ער האָט אַוואַדע באַגאַנוועט אַמאָל די שאַץ־קאַמער און ציינד ערשט איז מען דערגאַנגען. וואַרפט מען אַרײַן דעם באָכער אין קייטן, און מע שיקט אים צום מאַלכוס, אַ צעשלאָגענעם און אַ האַלב־טויטן פּאַר פּאַכעד... קומט ער קוים מיט צאָרעס אָן.

מעלדעט מען דעם מיילעד: ר'אי דאָ, נאָר...

מע וויל אים זאָגן, אַז מע נעמט אים אַראָפּ די קייטן, איז אָבער דער מיילעד בייז, שלעכטע יעדיִעס פון דער מילכאָמע באַקומען, גיט ער אַ געשריי:

— קיין שום „נאָר"!

ברענגט מען אים שוין אַרײַן, ווי ער שטייט און גייט.

באַמערקט עס אַפילע ניט דער מיילעד. ער ווײַזט אים דעם ברילִיאַנט און פרעגט?

— וויפל ווערט?

ענטפערט יענער: — גאָרנישט!

— ווי הייסט?

און די סאָרים אָרום:

— ווי הייסט, כויסעם־האַמאַלכעס... גאָרנישט?...

— און דער גרעסטער ברילִיאַנט אין דער וועלט!... — גאַפּן אַנדערע.

דער גאָלדשמיד ווערט גאָרנישט ניספּאָעל:

— ס'איז ניט קיין ברילִיאַנט — זאָגט ער.

— סטיַיטש, יענע שאַצן דאָך אַף הונדערט־טויזנטער...

— איך וויים בעסער!

ווערט שוין דער מיילעך אומרויִק און פרעגט ניט מיט זייַן קאָל:

— פאַרוואָס — בעסער?

— ווייַל — ענטפערט ער — איך מיט מייַנע הענט האָב'ס געמאַכט...

און ער וויל דערציילן ווען, וויאַזוי — און האָט אָבער ניט דערציילט...

אַרויסגעשלעפּט און אין טפיסע אַריַין, און מיט רעכט!

מע האָט מיט דעם ברילִיאַנט אַזויפיל פּסאָקים געפּאַסקנט, אַזויפיל גיטער גענומען און געגעבן, אַזויפיל הייַזער, אַזויפיל... שטעט און אַזויפיל מענטשן געהייכט און געקרוינט און אַנדערע אין קייטן געשמידט, אין טפיסעם געוואָרפן, אין וואַסער, אין פייַער אַרייַן און געפערטלט. די פּסאָקים זייַנען און מוזן בלייַבן וואָר, און דער מיילעך מוז זייַן און בלייַבן עמעס; טאַבאַאַס האַמעלעך — טאַבאַאַס האַמעלעך, מוז זייַן דער ברילִיאַנט — ברילִיאַנט...

אַזוי האָט געפּאַסקנט דער גרויסער מיניסטער.

---

די מייַסע, וואָס איך האָב אייַך דערציילט, איז, ווי אַלע מייַסעלעך, אַ מאָשל, און, ווי יעדער מאָשל, ניט מיט אַלע פּראָטים דוימע לענימשל; מוז מען דאָך עפּעס צוגעבן לענוי... לעהוידור האַמייַסע...

אָבער אַ מייַסע איז עס!

און שטאַמען שטאַמט זי פון אַ מאָקעם־גאָדל — איש מיפּי איש פון רעבן רעב יווינאָסן.

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

אַ ב ע ר י ע ־ נ י פ ל אָ ע — אַ ווונדערלעכע בעריע.
אַ ד ה יי כ אָ ן ה אַ ד וו אָ ר י ם מ אַ ג י אָ י ם — ווי ווײַט דאָס גרייכט.
ק ד ו ש ן ־ פ י נ ג ע ר ל ע ך — פינגערלעך, וואָס ווערן אָנגעטאָן בעיס דער כופּע־צערעמאָניע.
נ י ס ג אַ ל ע — אַנטפּלעקט.
ק ע י אָ ד ו אַ — ווי באַוווּסט.
י ו י צ ע וו ע נ י כ נ י כ נ אַ ס — אַן אײַנגייער.
ס אַ ר יי ־ מ אַ ל כ ו ס — מעלוכע־האַרן; הויפּלײַט.
א י ר ־ ה אַ מ ע ל ו כ ע — הויפּטשטאָט.
ט ו י וו ש יי ם מ י ש ע מ ע ן ט ו י וו — אַ גוטער נאָמען איז בעסער פון גוטן זאַלב (אַ זאַץ פון ביבל).
אַ ל צ אַ ד ה אַ י ו י ס ע ר ט ו י וו — אַפן בעסטן אויפן.
מ ע ק י מ י מ ע אָ פ אָ ר ד אָ ל — דער, וואָס הייבט אויף דעם אָרעמאַן פון שטויב; דאָ געמיינט: ער איז שטאַרק דערהויבן געוואָרן.
מ י ר ו י ע י פ נ יי ה אַ מ ע ל ע ך — געמיינט: אַ מענטש, וואָס שטייט נאָענט צום מיילעך.
ג אַ ל ג אַ ל כ ו י ז ע ר ב אָ או י ל אָ ם — געמיינט: „די וועלט איז אַ רעדעלע".
ס יי ד ע ר ־ א ו י ל ע ם — ווי עס פירט זיך אַף דער וועלט.
ז ע נ ו י פ ע ל וו ע ז ע ק אָ ם — דער פאַלט און דער שטייט אויף.
ל ע ו מ אַ ס ז ע —אַקעגן דעם.
פ אָ וו י אַ ט —קרייז; אַן אַדמיניסטראַטיווע טיילונג.
„ד אַ ל ע ס מ אַ כ ט פ אַ ס ל ע ס" — געמיינט; אַ קאַבצן טויג צו גאָרנישט.
וו ײַ ה י — און עס איז געווען; (אַ ריי קאַפּיטלען פון דער ביבל, וואָס דערציילן וועגן צאָרעס, הייבן זיך אָן מיטן וואָרט „ויהי").
ק י ה יי צ י ק ל ו י ה אָ ר אָ אָ וו — אַז עס האָט אים אַ קוועטש געטאָן דער הונגער.
נ אָ ש י ם ד׳ט אָ ן ק אַ ל ו י ס — פרויען זײַנען לײַכטזיניק.
אַ ק י וו ע ר — אַ הוזאַריש היטל.
ב ע ס יי וו ע ר ־ פ אָ נ י ם ־ י אָ פ ו י ם — מיט אַ גוטער מינע.
ק אַ ל ו י ס — גאַנץ פרי, פאַרטאָג, באַגינען.
אַ ר ע וו י ע — דורכקוק.
„מ י ־ ש ע ב יי ר ע ך" — דאָ געמיינט: צום אָפּזידלען.
כ ו י ש ע ד ב י ק ש יי ר י ם — אַ כשאַד אַף אומשולדיקע.
ב ע ו י ס ו י ה אָ ר ע ג אָ — אין דער זעלביקער מינוט.
מ י ש ט ע וו ע י ו י ם ט ו י וו — אַ סודע און אַ יאָנטעוו.
ב ע ל ו י ־ ק ל ו ם — געמיינט: אָפּקומען מיט גאָרנישט.
או י ל ע ־ ל י ג ד ו ל ע — דערהויבן.
ב ײַ ש ע ר ־ ב ע כ יי ן — ווײַל, וואָרעם; דערפון איז געדרונגען.
ד אָ וו אָ ר ־ ג אָ ד ל — אַ גרויסע זאַך.
אַ ש ט אַ ר ־ כ ו י וו — אַ וועקסל.
ל י ק ש ע י אַ ר וו ע ד — געמיינט: אַז עס וועט אים זײַן פרײַ אין געלט.
כ אַ צ אַ ר ־ ה אַ מ אַ ל כ ע ס — קיניגלעכער הויף.
ק י ס ד יי ־ ה אַ מ אַ ל כ ו ס — קיניגלעכע קרוינען.
ש יי מ ע ץ פ ע ג י מ אָ — אַ פיצל פלעק; אַ פיצל כיסאָרן.
כ ו י ס ע ם ־ ה אַ מ אַ ל כ ע ס — מעלוכע־שטעמפּל.

דינײ־מאָמענעס — ציוויל־רעכט; געלט־זאַכן.
דינײ־נעפּאָשעס — קרימינאַל־רעכט; קרימינעלע פּראָצעסן.
להאַשמיד־אולעהאַרויג — אויסצוראָטן און דערהאַרגענען.
זעבעכוי וועזעבעכוי — דער זאָגט אַזוי, און דער אַזוי.
כקירע אודרישע — אַ גענויע אויספאָרשונג.
דוואַר־מאַלכוס — אַ רעגירונגס־באַפעל.
פּסאָקים — מערצאָל פון „פּסאַק", אורטיילן.
כויסעם — שטעמפּל.
טאַבאַאַס האַמעלעד — דעם קיניגס רינג.
דוימע לענימשל — גלײַך צום געגליכענעם.
לעגוי — פון שיינקייט וועגן.
להוידור האַמיַסע — צו באַפּוצן די דערציילונג.
מאַקעם גאָדל — אַ גרויס אָרט.
אישמיפּי איש — פון מויל צו מויל.

# דער אייביקער פרידן
# אין ערגעץ־לאַנד.

דערציילט אַזוי דאָס מייַסעלע פון ערגעץ־לאַנד:

אין ערגעץ־לאַנד איז אַ הויכער גרויסער באַרג פּאַראַן. האַלטן זיך אָפּן שפּיץ פון באַרג די אָדלערס די גרעסטע, שפּילן אָף זייַן הייך די ווינטן די שטאַרקסטע; שפּילן זיי און רינגלען זיך.

זעט אויך דער שפּיץ פון באַרג דאָס גרעסטע הימל־שטיק פון געוועלב איבערן ערגעץ־לאַנד, און דעם שענסטן אויפגאַנג פון דער זון יעדן מאָרגן־פרי אין ערגעץ־לאַנד...

באָדט זיך דער שפּיץ באַרג אין העלסטן, רייַכסטן ליכט. עס איז דאָך דער העכסטער באַרג אין ערגעץ־לאַנד: די זון פאַרשטעלט אים קיינער נישט, פון ערגעץ פאַלט אָף אים קיין שאָטן נישט...

און שטאַרק איז ער, דער באַרג: פעלדזן זייַנען זייַנע גלידער, קופּער און גאָלד — זייַנע אָדערן... דאָס ווייס די ווילדע ציג, וואָס שפּרינגט איבער זייַן רוקן...

אָט אַזוי האָט דאָס מייַסעלע פאַרציילט. —

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

האָבן די מוטערס דאָס מייַסעלע געהערט, דערפון אַ וויג־ליד פאַרפאַסט, און שלעפערן די קינדער אייַן דערמיט מיטן ליד פון ערגעץ־לאַנד, פון הויכן גרויסן באַרג אין ערגעץ־לאַנד.

וואַקסט אָבער אויף דאָס קינד און עס פאַרגעסט דאָס וויג־ליד; אין לערנען און אין שפּילן ווערט עס פאַרגעסן; דערנאָך אין לעבן, ליבן און לייַדן... אינעם וועלט־גערויש!

ערגעץ דאָך, אין אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל פון האַרץ, ציטערט נאָך אַלץ אַ סטרונע שטיל, און עס קלינגט דאָס ליד, דאָס וויג־ליד, פון שפּיץ פון באַרג אין ערגעץ־לאַנד, — פליִיצט דאָס לעבן אַרום און אַרום, רוישט עס און זידט, הערט מען די סטרונע נישט —

גייען אַזוי יאָרן און צײַטן פאַרבײַ — —

טרעפט זיך אַמאָל —

שפּינט אַ יונגערמאַן זײַן גאָלדענעם פאָדעם פון לעבן, און עס שטרעקט זיך אויס דעם מ א ז ל ס האַנט און רײַסט אים דעם פאָדעם איבער: גייט דער יונגערמאַן פון לעבן אַוועק אין דער איינזאַמקייט... דערפילט ער פלוצלינג אין דער שטילער איינזאַמקייט: עפּעס ציטערט אין ווינקל פון האַרץ בײַ אים, אין פאַרבאָרגנסטן ווינקל פון האַרץ קלינגט... שטעלט ער זיך אָפּ און הערט זיך אײַן...

זינגט אַמאָל אַ יונגערמאַן זײַן גליקלעך ליבעס־ליד אָף זײַן האַרף, אָף זײַן גאָלדענער יונגנט־האַרף: דערהערט דאָס בייזע מאַזל און שלײַכט זיך צו און שטרעקט אויס די בייזע ביינעריקע האַנט און רײַסט אים אַ סטרונע נאָך אַ סטרונע מיט געוואַלט; ווערט שטיל די האַרף און שרעקלעך שטיל אין האַרץ; — שטיין איז דאָס האַרץ געבליבן... און אין דער שטילקייט קלינגט פלוצלינג אויף דאָס ווינ־ליד. דאָס ליד פון ערגעץ־לאַנד, פון הויכן, גרויסן באַרג אין ערגעץ־לאַנד...

און אַמאָל וועקט זיך עס עמעצן אין כאָלעם אויף און קומט אין אַ שטילער לעוואָנע־נאַכט צום אויער, כאַפּט זיך יענער אויף...

און אַזוי אַמאָל, פאַרטראַכטערהייט, וועקט זיך בײַ לײַטן די בענקשאַפט אויף, און טרײַבט קיין ערגעץ־לאַנד; צום הויכן באַרג, צום גרויסן באַרג פון ערגעץ־לאַנד...

ציט דאָס ערגעץ־לאַנד און ציט; וואַנדערט מען...

און אין אַלע צײַטן, און אָף וועגן אַלערליי, און פון אַלע עקן וועלט וואַנדערט מען קיין ערגעץ־לאַנד...

בלאָנדזשעט מען, פאַרבלאָנדזשעט מען, —

ביינער בלײַבן אָפּן וועג און שטעג קיין ערגעץ־לאַנד...

מאַנכע טרעפן דאָך און דערגרייכן עס.

קומען מאַנכע קיין ערגעץ־לאַנד; ווייס איינער דאָך פון צווייטן נישט...

אָף איינזאַמע וועגן גייען זיי, פון פאַרשיידענע עקן וועלט קומען זיי... איינער טרעפט זיך מיטן צווייטן נישט.

---

שפּינט זיך און שפּינט ווײַטער דאָס מײַסעלע...

פון לעוואָנע־שטראַלן שפּינט זיך עס; אין שטילע נעכט, אין לעוואָנע־נעכט...

דערציילט עס ווײַטער אַזוי:

צופוסנס באַם הויכן באַרג אין ערגעץ־לאַנד ליגן לענדער פרײַע, פעט און שוואַרץ... וואַקסן וועלדער טיפע, טיפע, און שטראָמען יאָגן און טײַכן פליסן... און רינגלען אַרום דעם גרויסן הויכן באַרג...

און קומען די וואַנדערער, — איינציקווײַז, פּאָרנווײַז, אָדער פאַמי־ליעס גאַנצע — און דערגרייכן זיי דעם באַרג אין ערגעץ־לאַנד, באַזעצן זיי זיך אַרום און אַרום דעם באַרג, צופוסנס דעם באַרג...

גייט דער יעגער מיט פײַל־און־בויגן אין וואַלד אַרײַן; זעצט זיך דער פישער מיט נעץ און ווענטקע באַם קלאָרן טײַך; זוכט זיך דער פעלד־מאַן זײַן אַקער אויס; טרײַבט דער העדט זײַן פי איבער דער פעטער לאָנקע... ווערן קאָלאָניעס מיט דער צײַט...

גרויס איז אָבער דער צופוסנס פון באַרג, טרעפט זיך איין קאָלאָניע מיט דער צווייטער נישט; ווייסט איינע פון דער צווייטער נישט.

בויט זיך יעדערע איר וועלט פאַר זיך, און אָרדנט זיך אײַן די „איינציקע" וועלט. בויט זיך איטלעכער איר הייליקטום פאַר גאָט דעם „איינציקן", און דינט דעם האַר פון דער וועלט דעם איינציקן...

און מען לעבט זײַנע יאָרן אויס, און מען שטאַרבט צו דער רעכטער צײַט, און אַלץ לויטן ווילן און געזעץ פון גאָט דעם איינציקן...

און מען בעט גאָט, און מען רעדט אַף דער „איינאיינציק" מענטש־לעכער שפּראַך.

און מען אַרבעט; און מען מערט, און מען פרוכפּערט זיך, און מען הייבט זיך פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אַפן רוקן פון הויכן באַרג, פון געגלוסטן באַרג...

לאַנגזאַם — מיט ווייץ, האָבער און קאָרן, גייט דער אַקערמאַן; מײַדט אים אויס דער פלאַנצער פון ווײַן; העבער שפּרינגט דער העדט, איבער שטיין און פעלדז, נאָך דער ווילדער ציג; מיט דער מעטאַלענער אָדער גייט דער בערגמאַן פעסט און טיף...

און נאָך העבער שטײַגן מאַנכע...

דאָס זײַנען די, וואָס האָבן זיך, מיטן גאַנצן האָב־און־גאָב, באַרויקן נישט געקאָנט...

שוין צו פאַרבענקטע נעשאָמעס זײַנען זיי; צו פאַרבענקטע נעשאָ־מעס צו דער הויכער הייך.

ווײַל שאַרפער קלינגט אין האַרץ באַ זיי דאָס וויג־ליד...

ליגט מען אַמאָל די וועגטקע אַוועק און דעם פּיל־און־בויגן, און מען גייט פון וואַלד און טײַך... פאַלט רידל און קאַסע אַמאָל פון האַנט אַרויס; פאַרלאָזט מען דעם אַקער, פאַרלירט מען שער און שנײַדמעסער פון האַנט, קומט מען פון ווײַן־בערג אַרויס, און מען וואַרפט די האַק אַוועק, און מען קוקט פון דער מעטאַלענער אָדער אַרויס אַף דער ליכטיקער שײַן... פאַרלאָזט מען אַף גאָטס באַראָט די ווילדע ציג, און מען שווײַגט...

עס ציט דער שפּיץ פון באַרג...

האָט יעדע קאָלאָניע איר בענקענדיקן מאָן, אַנדערע — זייערע בענקענדיקע לײַט — שטײַגן זיי.

איז, וואָס העכער, דינער און דינער דער רוקן פון באַרג; בלאָנדזשען זיי און טרעפן זיך אַמאָל.

און טרעפט מען זיך...

און טרויעריק ווערט דאָס מײַסעלע, ווען עס דערציילט דערפון... און שרעקלעד...

טרויעריקע געשיכטן; בלוטיקע געפעכטן...

עס שפּינט זיך און שפּינט זיך דאָס מײַסעלע אַזוי:

האָט יעדע קאָלאָניע איר בענקענדיקן מאָן; מאַנכע — אירע בענקענדיקע לײַט — — —

צום שפּיץ פון באַרג בענקען זיי...

צו די ווינטן די שטאַרקע, צו די אָדלערס די גרויסע... צום גרויסן פרײַען הימל; צום רײַכן העלסטן ליכט, צום שענסטן אויפגאַנג פון דער זון בענקען...

עס ציט דער שפּיץ פון באַרג...

און איינציקווײַז גייען זיי, איבער די גרענעצן פון פעלדער גייען זיי... פון ווײַן־בערג־געוועלבן קומען זיי אַרויס... בײַ די ראַנדן פון מעטאַלענע גרובן שלײַכט מען זיך.

איבער שטיין און פעלדז, איבעריאָגנדיק די ווילדע ציג. —

מיט פאַרבענקטע אויגן, אין דער הויכער הייך פאַרקוקט, בלאָנדזשען זיי, זאַפּנדיק מיט אויפגעשפּיצטע אויערן די גערוישן פון דער הייך — און טרעפן זיך אַמאָל...

און טרעפן און — דערשרעקן זיך.

און מיסטרויאיש פאַרווונדערט, קוקט איינער אפֿן צווייטן, זיך אָפּ־שטעלנדיק:

פֿון פֿאַרשיידענע ערטער געקומען, אַף פאַרשיידענע וועגן געגאַנגען און — אַנדערש געקליידט, אַנדערש געשוירן און אַנדערש דעם קאָפּ באַ־דעקט...

שטאַמלט מען, זיך גריסנדיק און זאָגנדיק:

— גוט־מאָרגן!

זאָגט עס יעדערער אַף זײַן שפּראַך, אַף זײַן איינציקער שפּראַך... קלינגט עס דעם צווייטן פרעמד, האַרט, נישט־מענטשלעך און פײַנטלעך אין די אויערן... מיינט יעדערער, דער צווייטער דראָט.

„ער באַליידיקט מיך, ער שעלט!"

שטייט מען זיך קעגנזײַטיק צו:

— ביסטו אַ מענטש, גלייבסטו אין — — —

און אָנגערופֿן ווערט דער נאָמען פֿון גאָט, פֿון „איינציקן" גאָט... ווערן אין צוויי שפּראַכן גערופֿן צוויי נעמען פֿון גאָט; און יעדערער פֿון צווייטן טראַכט:

— ריידן רעדט ער נישט ווי קיין מענטש און גלייבן גלייבט ער נישט אין גאָט...

גרייט מען זיך צום שטרײַט...

רופֿט יעדערער פֿאַרן שטרײַט זײַן גאָט צו הילף...

אַף פֿאַרשיידענע שפּראַכן ריידן זיי, פֿאַרשיידענע נעמען רופֿן זיי.

זאָגט יעדערער: ער לאַכט פֿון מיר און לעסטערט נאָך מײַן גאָט! — אָדער: ער דינט אַן אַנדערן גאָט, אַ פֿאַלשן גאָט, אַ שלעכטן גאָט!

פֿלאַקערט מיטאַמאָל שטאַרקער אויף דער האַס, און מען ראַנגלט זיך; אַף טויט און לעבן גייט דער שטרײַט...

זיגט איין מענטש און זײַן איינציקער גאָט...

און דער באַזיגטער שעלט צי בענטשט זײַן גאָט און — פֿאַלט...

קאָלערט זיך דעם באַזיגטנס קאָפּ באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ... און צייכנט מיט בלוט זײַן וועג איבערן באַרג, איבערן רוקן פֿון הויכן גרויסן באַרג.

און זײַן גאָט אַף זײַן שפּראַך דאַנקענדיק, שטײַגט דער זיגער אַלץ העכער און העכער...

און די צאָל פֿון די בענקענדיקע אין די קאָלאָניעס, און די צאָל פֿון

די, וואָס טרעפן זיך און ראַנגלען זיך אַפן רוקן פון באַרג וואַקסט פון טאָג צו טאָג...

עס וואַקסט די בענקשאַפט, וואָס טרײַבט אַלץ אַרויף און אַרויף...
און עס וואַקסט דער צאָרן קעגן דעם ווילדן, וואָס מען טרעפט אַפן וועג; קעגן דעם ווילדן טיר, וואָס גלייבט נישט אין גאָט, האָט אַ שלעכטן, פאַלשן גאָט און שטאַמלט אַף אַ נישט-מענטשלעכער שפּראַך...

און וואָס אַמאָל העכער שטײַגט דער מענטש מיט זײַן צאָרן! און מיטן מענטש, אַלץ העכער און העכער — שטרײַט און שלאַכט...

ראַנגלט מען זיך וואָס אַמאָל נענטער צום שפּיץ פון באַרג...

און די טויטע קערפּערס פון באַזיגטע קאָלערן זיך אַלץ אָפּטער און אָפּטער, און פון אַ העכערער הייך, באַרג־אָפּ, באַרג־אָפּ... און צעפּליישן זיך, זיך קאָלערנדיק, אַף בלוטיקע פעצן און פעדעם, אָן שפּיצן פון שטיין און פעלדז; און אַלץ עפּטער און עפּטער ריזלט דאָס בלוט באַרג־אָפּ, באַרג־אָפּ; און שטראָמט, און טרענקט, און רייטלט דעם רוקן פון באַרג...

און אַדאַנק די אַראָפּגעפאַלענע צעפּליישטע לעסטערער פון גאָט, ווערט אַלץ פעטער און פעטער די ערד צופוסנס דעם באַרג; אַלץ פולער און געבענטשטער — די זאַנג פון ווייץ און קאָרן; פולער און גלײַענדיקער — די טרויב, זיסער — דער זאַפט אין איר... און דער ווילדער ציג שפּראָצט אַלץ מער און מער גראָז פון אונטער די פיס, און אַלץ מער און פעטערע מילך גיט זי דעם הערט...

און די פאַרבענקטע זיגער דאַנקען גאָט און — שטײַגן...

---

און ווײַטער פאַרציילט דאָס מײַסעלע:

און עס פּרוכפּערן זיך אַלץ, און מערן זיך די קאָלאָניעס צופוסנס דעם באַרג. און די פאַרבענקטע צו דער הייך וואַקסן אויך אין צאָל, — שטײַגן שוין מערערע מיטאַמאָל...

און געפערלעך, און מיט יעדן טאָג געפערלעכער ווערט דער וועג אַרויף; צו גרויסע אָדלערס און פרײַע ווינטן דער שטעג... און צום אויפגאַנג פון דער זון, און צו די ברייטע הימלען אינדערהייך...

אַלץ מער ווילדע שטאַמלער און גאָט-לעסטערער טראָגן זיך אַפן רוקן פון באַרג.

און שוין באַוואָפנט ווערט געשטיגן...

און מאַכנעס באַוואָפנטע טרעפן זיך אָפט און עפּטער...

און שלאַכטן ווערן בײַ יעדן טרעפן־זיך געפירט, און אַלץ — אין נאָמען פון גאָט, פון איינציקן גאָט!

און דערהערט מען אונטן די קריגס־געשרייען פון ד ע ר  ה י י ד, לויפט מען אַרויף צו הילף...

קומט דער הערט פון זײַן געצעלט אַרויס, דער בערגמאַן פון זײַן גרוב, פון טרויבן־געוועלב לויפט דער ווײַנבערגער אַרויף, עס אײַלט אויך דער ערדמאַן פון אַקער אַוועק, און דער פישער פון ברעג טײַך, און דער יעגער פון טיפן וואַלד, און באַוואָפנט זײַנען אַלע; דער בערגמאַן האָט פאַר אַלע וואָפן געמאַכט...

און אַלץ עפּטער און העפטיקער ווערט די שלאַכט...

הילכט דער באַרג פון אייביקן קריג; פון העלדן־געשריי, פון געווער־קלאַנג... און פון גאָטס נעמען, וואָס ווערן אין אַלערליי שפּראַכן גערופן...

און מאַסנווײַז קאָלערן זיך די טויטע אַראָפּ, אַראָפּ, און צעפלייצן זיך אַף שטיין און פעלדז, איבער וועג און שטעג... און בלוטיקע טײַכן שטראָמען באַרג־אָפּ, באַרג־אָפּ... יאָגן זיך און שטראָמען.

און וואָס אַמאָל, ווערט אונטן פעטער די ערד, פולער די זאַנג פון ווייץ, האָבער און קאָרן. זיסער און גלײַענדיקער דער ווײַן און אַלץ זאַטער און זאַטער פיטערט זיך די ווילדע ציג צווישן שטיין און פעלדז און גיט מ ע ר און פעטערע מילך...

---

נאָר איינמאָל — אַזוי ווערט דאָס מײַסעלע דערציילט — האָבן זיך צוויי, אין צעפלאַקערטן קאַמף, אַלץ העכער און העכער געיאָגט, ביז זיי האָבן פלוצלינג דעם הויכן שפּיץ באַרג דערגרייכט, און פלוצלינג גאָר פאַרבאָדן זיך אין אַ שטראָם פון ליכט, פון העלסטן רײַכסטן ליכט פון־דערהייך...

און מיטאַמאָל און פלוצלינג רײַסט זיך זיי ביידע אַ נײַע, גאַנץ נײַע שפּראַך פון דער צונג אַראָפּ! — דאָס איז געוועזן פ ו נ  ד ע ר  ה י י ד, די ליכטיקע שפּראַך, די שטראַלן־שפּראַך.

און מיטאַמאָל און פלוצלינג האָט איינער דעם צווייטן דערהערט און פאַרשטאַנען; האָט י ע ד ע ר ע ר אינעם צווייטן אַ מענטש דערקענט, דעם זעלבן גאָטס נאָמען פון זײַנע ליפּן אַראָפּ געהערט, און זיי זײַנען זיך איבער די העלדזער געפאַלן. —

און נאָך זיי זײַנען געקומען אַנדערע און אַרײַנגעפאַלן אין ליכט, און נאָך אַנדערע — און אַלע, אַלע האָבן אָנגעהויבן ריידן אַף דער איינציק-מענטשלעכער שטראַלן-שפּראַך . . .

איז אַ פרייד געווען!

אָבער פּלוצלינג האָבן זיי דערהערט פון הינטן אַ קריגס-געשריי, פון אַלע זײַטן באַרג אַ ליאַרם פון שלאַכטן . . .

אונטן איז געשען, וואָס עס האָט געמוזט געשען . . . ווי אויבן די איינצלנע פאַרבענקטע מענטשן, האָבן זיך אונטן די קאָלאָניעס געטראָפן . . .

געמערט איבער דער צײַט און געפּרוכפּערט זיך האָבן די קאָלאָניעס, און פאַרשפּרייט און פאַרשפּרייט, און אַלץ שמעלער און שמעלער זײַנען די פרײַע פעלדער און די פרײַע וועלדער געוואָרן . . . האָבן זיך יעגער מיט יעגער געטראָפן, דער ערדמאַן מיטן ערדמאַן; און הערשאַפט מיט הערשאַפט באַגעגנט, און בערגמאַן מיט בערגמאַן — אונטער דער ערד . . .

— פרעמדע זײַנען געקומען! פרעמדע אַקערן אונדזער לאַנד! ווילדפרעמדע כאַפּן פיש אין אונדזערע טײַכן; שטאַמלער אַן אַ שפּראַך גראָבן זיך אײַן אין אונדזער ערד . . . גאָט-לייקענער האָבן אונדזערע ווײַנבערגער פאַרנומען, — דינער פון פאַלשע, שלעכטע געטער די ווילדע ציג באַצוווּנגען! —

אַזוי האָט מען גערופן.

און אויפגעפלאַקערט האָט אַף אַלע גרענעצן די שלאַכט . . .

לויפן די פאַרברידערטע פונדערהייך אַראָפּ:

— שטיל! געוועער צו די פיס! אַלע זײַנען גלײַך; פאַראַן איין איינציקע מענטשלעכע שטראַלן-שפּראַך!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— און דאָס — פאַרפלייצט דאָס מײַסעלע — איז דער אָנהייב געווען . . .

פון אייביקן פרידן דער אָנהייב.

פון אייביקן פרידן אין ערגעץ-לאַנד, צופוסנס דעם גרויסן, הויכן באַרג . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און אַזוי, פאַרפלייצנדיק, צעשטראַלט זיך עס, דאָס מײַסעלע, און צעשמייכלט זיך . . .

ווי דער מיזרעכדיקער מאָרגן־גלאַנץ פון שפּיץ אַראָפּ געזען, פון שפּיץ פון הויכן גרויסן באַרג אין ערגעץ־לאַנד געזען...

עס וויים, ס'וועט ווערן אַ ליד דערפון, אַ וויג־ליד; זינגען וועלן די מוטערס עס איבער דער ליבסטער קינדער־וויג...

און אינעם קינדס הערצל־קליין, הערצל־פּיַין, קלינגען, קלינגען וועט דאָס ליד, און ס'וועט דערפון אַ בענקשאַפט װ ע ר ן...

אַ ב ע נ ק ע נ י ש צו ערגעץ־לאַנד, צום הויכן באַרג אין ערגעץ־לאַנד; צום פרידן־לאַנד, מיט דער שטראַלן־שפּראַך, דער איינציק־מענטש־לעכער —

אַ בענקשאַפט־פּיַין, אַ בענקשאַפט־רײַן!

# דער בריליאַנט

אַמאָל איז געווען — האָט רעב שלוימע, אַן אַלטער ייִד, אין בעס־מעדרעש דערציילט — אַ קאַלאַניסט.

פרעמד איז ער געווען אין דאָרף; ער האָט מיט קיינעם און קיינער האָט מיט אים ניט געהאַלטן.

ער האָט גאָר אַן אַנדער לאָשן גערעדט, און קיינער האָט אים ניט פאַרשטאַנען, און ניט געוואָלט פאַרשטיין!

איינמאָל האָט ער, דער קאָלאָניסט, געפונען אַ בריליאַנט.

רעכט פאַרשטאַנען דערויף האָט ער זיך ניט; קיין האָן איז ער אָבער אויך ניט געווען און וואָלט אים אָף אַ קערנדל ווייץ ניט פאַרטוישט.

עס שייַנט און בליצט; „עס איז אַ קליינע זון", — טראַכט ער. עס מוז ווערט זייַן אַן אויצער.

נאָר מיט אַ טייַערן שטיין צווישן פרעמדע לייַט איז מען מיטן לעבן ניט זיכער!

ווערט מען געוואָר, וועט מען אים די ערשטע נאַכט באַפאַלן, די פענצטער אַרויסנעמען און צונעמען דעם אויצער מיט דער נעשאָמע צוזאַמען!

מע מוז באַהאַלטן דעם שטיין!

דעם ווייַב אַפילע וועט ער ניט זאָגן פון בריליאַנט אַ וואָרט. ער האָט זי ליב, נאָר אַ ייִדענע — לאַנגע האָר — קורצער סייכל; זי וועט זיך ניט אייַנהאַלטן.

און ער נעמט זיך צוריקצוּוועגס צו דער קאָלאָניע און באַגראָבט דעם שטיין אין דער ערד, אין געמיוז־גערטל פאַרן הויז.

פאַר אַ צייכן לייגט ער אָף דעם אָרט אַ קיזל־שטיין; אַ שווערן קיזל־שטיין, ער זאָל דאָס אָרט דערקענען, און אַז עס וועלן קומען בעסערע

ציַיטן, אַז קינע־סינע צווישן שכיינים און ביפֿראַט צו פֿרעמדע, וועט ער וויסן ווי צו זוכן און צו געפֿינען דעם אויצער. דעמאָלט זאָל ער שיַינען און בליצן אין שיינעם העלן טאָג!

איינמאָל האָט דאָס יונגע וויַיבל דעם שטיין באַמערקט. עס איז איר אַ שאָד דאָס פּיצל ערד, וואָס דער קיזל־שטיין פֿאַרנעמט; אַף זיַין אָרט קאָן אויסוואַקסן אַ ציבעלקעלע, אַן אוגערקע... אַ שאָד!

אַליין אַוועקנעמען דעם שווערן שטיין קאָן זי ניט; רופֿט זי דעם מאַן צוהילף.

— גאָט באַהיט, — רופֿט ער אויס, — ריר ניט דעם שטיין!

— פֿאַרוואָס?

— עס איז אַ מאַזלדיקער שטיין! ער ברענגט אונדז מאַזל־אוברכה.

— עס איז דאָך איינפֿאַכער קיזל־שטיין?!

— זעסט דאָך! אַזאַ סגולה האָט ער שוין!

זי גאַפֿט! זי איז ניט זיכער, צי דער מאַן מיינט עס ערנסט, צי מאַכט ער שפּאַס.

זי קוקט אים אין די אויגן אַריַין און זעט זיי ערנסט, קימאַט האַרט, אַן אַ לאַכנדיקן פֿונק.

נו, דעם מאַן האָט זי ליב, און האַלט אים פֿאַר קלוג און הערלעך. און גלאַט — אַ ייִדענע! אַ ייִדענע איז שטענדיק צופֿרידן, אַז זי קאָן אין עפּעס גלייבן, — אין אַ סגולה, אין אַ ווונק פֿון אויבן... און לאַנג ציַיט צו קלערן האָט זי ניט; דאָס גערטל מוז פֿאַרזייט ווערן! פֿאָלגט זי און טוט אירס.

אַפֿן צווייטן טאָג באַמערקט דער מאַן צ ווי י שטיינער אין גאָרטן.

— וואָס איז דאָס? ווער איז דער צ ווי י ט ע ר שטיין? — פֿרעגט ער.

דאָס יונגע וויַיבל איז גראָד באַנאַכט שלעכט געשלאָפֿן. עפּעס האָט די לעוואָנע אַזוי וווּנדערלעך אַריַינגעשיַינט דורכן לאָדן...

עפּעס איז איר אַזוי ענג, אַזוי באַנג געוואָרן אַפֿן האַרצן... זי האָט אַזוי מוירע געהאַט...

דעם מאַן וועקן האָט זי ניט געוואָלט, האָט זי זיך מעיאַשעוו געווען, שטיל זיך אַראָפּגעכאַפּט פֿון בעט, אַרויסגעשליַיכט זיך פֿון שטוב און — צוגעלייגט נאָך אַ שטיין...

עס האָט זי באַרויִקט!

— אינצווייען — שמייכלט זי — איז שטאַרקער.

און וואָס זאָל ער טאָן, דער קאָלאָניסט? גיי, בייזער זיך אַף אַ ייִדענע, ווען זי שמייכלט אַזוי קינדיש־זיס און לייגט דיר אַרויף די ווייַסע שמאָלע הענט אַף די אַקסל און דערלאַנגט דעם אַלעבאַסטער־שטערן צום מויל — —

דעם ווייַסן שטערן קושט ער מיט פאַרגעניגן, אין די בלויע אויגן זוכט ער אַן ענטפער אַף דעם, וואָס זי איז באַנאַכט אַזוי אומרויִק... און שווייַגט!

דעם קוש אַפן שטערן האַלט דאָס יונגע ווייַבל פאַר אַ לוין פאַר איר גוטסקייט און פרומקייט! און ווען עס ווילט זיך איר אַ קוש אין שטערן — לייגט זי צו נאָך אַ שטיין...

טוט ער עס ניט, באַווייַזן זיך איר טרערן אין די אויגן.

---

דאָס פאָרפאָלק האָט קינדער געהאַט — אַ ייִנגל מיט אַ מיידל.

דאָס מיידל וווּנדערט זיך ניט, פרעגט ניט און טוט נאָך דער מוטער.

די מוטער לייגט גרויסע, די קליינע טאָכטער קליינע שטיינדלעך; נאָר די שטיינדלעך וואַקסן מיט איר צוזאַמען!

דער קלוגער זון פרעגט שוין: וואָס באַטייַט עס?

— שטיינער — ענטפערט די מוטער שטאָלץ, וואָס זי ווייס אַזויפיל — זייַנען מאַזלדיק!

— פאַרוואָס? — וווּנדערט זיך דער קליינער. — און וואָס הייסט מאַזלדיק? צי האָט מען אַמאָל מער, ווי מע פאַרדינט, ווי מע אַרבעט אוים?

דאָס פאַרשטייט שוין די מוטער ניט.

— פרעג דעם טאַטן, — זאָגט זי.

— וועסט עלטער ווערן, — ענטפערט דער טאַטע, — וועסטו דאָס אויך פאַרשטיין!

און אַז דאָס ייִנגל איז אויסגעוואַקסן, האָט אים דער פאָטער דערציילט דעם סאָד פון ברילִיאַנט.

און אַזוי איז געשען אין אַ גאַנץ לאַנגער שורה פון דורות.

איינער האָט איבערגעגעבן דעם צווייטן דעם סאָד.

אין יעדן דאָר האָט א י י נ ע ר געוווּסט פון ברילִיאַנט און די רעשט האָבן געגלייבט, אַז קיזל־שטיינער זייַנען מאַזלדיק; אַז וואָס מער, איז בעסער, און האָבן שטיינער געלייגט.

שכיינים קוקן און גאַפן.

טייל לאָכן אין די פויסטן אַרײַן; אַנדערע, פאַרקערט, האָבן דערעך־ערעץ פאַר אַלטע מינהאָגים, וואָס זיי האָבן שוין, קומענדיק אַף דער וועלט אַרויס, געטראָפן אַלס אַלטע מינהאָגים.

ניט איינער האָט געקלערט, עס מוז זײַן נאָך פון דער צײַט, ווען מאַלאָכים זײַנען אַפן לייטער געקראָכן און מענטשן האָבן געזען.

טייל שכיינים האָבן געוואָלט באַוויַיזן דער מישפּאָכע זייער ליבשאַפט און האָבן, פאַר כאַווערקייט, אויפגעהויבן שטיינער פון וועג און אין גאָרטן געוואָרפן...

און אין דער מישפּאָכע אַליין איז דאָס שטיינער וואַרפן שוין אַ קולט, אַ הייליקער מינהעג געוואָרן, אַ מין „אַוואָדאָס־האַבוירע".

יונגעלײַט פּראָטעסטירן; אַלטע בייזערן זיך און דראָען מיט ביינער־דיקע פויסטן!

יונגעלײַט האַלטן רעדעס קעגן די שטיינער, און די אַלטע זאָגן:

— ווי אונדזערע עלטערן האָבן זיך געפירט, וועלן מיר זיך אויך פירן...

— אונדזערע עלטער־זיידעס זײַנען קליגער געוועזן פאַר אונדז און האָבן שטיינער געוואָרפן — מוז אַזוי זײַן!

— ניט אונדזער וועלט, מיר זאָלן זי פאַרבעסערן, איבערמאַכן. אַ גוט פערד גייען אין קאָליע און ברעכט ניט די פיס.

און נאָך אַזוינע ווערטלעך און קלוגע שפּרוכן, אַף וועלכע עס שטייט די וועלט; דאָס הייסט, אונדזער מענטשלעכע וועלט!

און וויל אַ יונגערמאַן עפּעס טאָן דאַקעגן, ווילן די אַלטע „צעברעכן די אייער, וואָס ווילן קליגער זײַן פאַר די הינער!"

---

און יאָר־יערלעך שיידן זיך יונגעלײַט מיט טרערן אין די אויגן פון אַלטן הויז, פון דער אַלטער מישפּאָכע און גייען זוכן אַרבעט אין דער פרעמד: עסן ברויט פון פרעמדע אויוונס, נעכטיקן אונטער פרעמדע דעכער; בעטן זיך קוים אײַן.

ווײַל אין דער היים איז שוין ניט אויסצוהאַלטן!

דער באַרג שטיינער וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

ער שיט זיך אַף און קומט מיט יעדן טאָג נעענטער צום הויז.

מיט דער צײַט האָבן די הייליקע שטיינער טיר און פענצטער פאַר־וואָרפן.

— עס שאַט ניט! — האָט מען געזאָגט.

און מע שטעלט אויף אַ לייטער און מע קריכט דורכן קוימען.

עס האָט לופט פאַרפעלט; קיין אומגליק ניט! אז מע עסט ווייניק און לעבט ווייניק, דאַרף מען ווייניק לופט!

און לעבן איז ניטאָ פונוואַנען.

ניטאָ וווּ צו זייען, וווּ צו אַקערן — סאַמע שטיינער, סאַמע שטיינער!

— לאָזט כאָטש — בעטן זיך די יונגע — צוזאַמענשאַרן די שטיינער; זאָלן זיי וואַקסן אין הימל אַרײַן, נאָר ווייניקער אָרט פאַרנעמען אַף דער ערד! זאָל זײַן וווּ צו אַרבעטן, וווּ צו אַקערן און זייען.

— אַפּיקאָרסים! — שרײַען די אַלטע. — איבער אונדזערע פּגרים וועט איר צוקומען צו די שטיינער...

---

רעב שלוימע פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע,נעמט אַרויס אַ שמעק טאַבאַק.

מיר, וואָס האָבן שוין לאַנג די בייגל פאַרגעסן און האָבן באַ דער מײַסע דעם אָטעם פאַרהאַלטן, עטעמען אָפּ, און עמיץ פרעגט:

— און פאַרוואָס שווײַגט דער, וואָס ווייס פון בריליאַנט און מאַכט קיין שאַלעם ניט צווישן די אַלטע און די יונגע?

— באַ — ענטפערט רעב שלוימע מיט אַ זיפץ — דאָס אומגליק איז טאַקע, וואָס מיט דער צײַט האָט מען גאָר אינגאַנצן אָן בריליאַנט פאַרגעסן.

צי איז עמיץ פּלוצלינג געשטאָרבן און קיין צײַט ניט געהאַט אַ צוואָע צו לאָזן...

צי האָט איינער זײַן אייגענעם טאַטן ניט געגלייבט און זײַן אייגן קינד ניט געוואָלט גענאַרן...

גענוג — דעם בירליאַנט האָט מען פאַרגעסן, און אַלט און יונג שלאָגן זיך איבער שטיינער!

---

רעב שלוימע האָט געענדיקט.

און מיר פרעגן זיך: ווער איז דער בריליאַנט?

און מיר ווילן טרעפן:

— דאָס פינטעלע ייד?...

— „אָנוכי"...

— „ואהבת לרעד כמוך"?

נאָר רעב שלוימע ענטפערט ניט, א געהיימער שמייכל בלאָנדזשעט אים אפן פּאָנעם.

— שקאָצים! — רופט ער. — אהיים, ער גרויט שוין דער טאָג!

---

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

„א וו ו י ד א ס ־ ה א ב ו י ר ע" — דינען צו גאָט.

„אָ נ ו י כ י" — איך. געמיינט: בין דיין גאָט.

וו ע א ה א ו ו ט א ל ע ר י י א כ א ק א מ ו י כ א — זאָלסט ליב האָבן דיין פריינט, ווי זיך אליין.

# פון וועג אַראָפּ

אין דער שטילער, אויסגעשטראַלטער הייך, צווישן איין שורע און דער צווייטער, הערט זיך פון צווישן די זילבער־ און גאָלד־שטראַלנדיקע שטערנדלעך אַ זיפץ.

„ווער זיפצט דאָרט, קינדער?" פרעגט מיט אַ ראַכמאָנעס־קאָל די שווימענדיקע לעוואָנע, און פאַרהאַלט זיך נישט, און קוקט זיך נישט אום צו זען, פונוואַנען דער קרעכץ איז געקומען.

„איך!" ענטפערט אונטער איר אַ שטערנדל און צעפלאַקערט זיך רויט.

„וואָס פעלט דיר, קינד?"

„מאַמע, איך קאָן נישט מער, איך האַלט עס שוין לענגער נישט אוים!"

„אייביק, אייביק — קלאָגט זיך דאָס שטערנדל — אייביק דער זעלבער וועג, די זעלבע ליניע!"

„די ג ר אַ ד ע", טרייסט די לעוואָנע.

„צווישן וועלכע פונקטן?

„פון וואַנען און וווּ אַהין?

„ווּ איז דער אָנהייב, ווּ איז דער סאָף פון אייביקן גיין? עפשער גייער מיר פון נ י ש ט צו נ י ש ט, פון שלעכטס צו שלעכטס? ווּ אַהין פירט אונדזער וועג? דו ווייסט עס, מאַמע?"

„ע ר ווייס"...

„און פאַר וואָס אַנטפּלעקט ער אונדז זיינע סודעס נישט? פאַר וואָס זאָגט ער נישט, וואָס ער וויל פון אונדז? וואָס מיר טוען?"

— מיר לייַכטן!

„דאָס אַלטע ליד, מיר לייַכטן פאַר ד י וואָס זייַנען אונטן און

טרייסטן זיך מיט אונדזער ליכט... מיר זײַנען וועגווײַזער פאַר די, וואָס בלאָנדזשען אין סטעפּן אָדער פאַרטרויען זיך דעם יאָם... אָבער מיר פאַר זיך אַליין? מיר לײַכטן, און אונדזערע אייגענע נעשאָמעס זײַנען פאַרשלײַערט, אײַנגעהילט אין שאָטן... אַנדערע זעען באַ אונדזער ליכט, און מיר אַליין ווערן ווי בלינדע שאָף געטריבן! און מען טאָר זיך נישט אָפּשטעלן, נישט פאַרהאַלטן זיך אַ ווײַלע און אַ קלער טאָן: צו וואָס? און נישט לאַנגזאַמער גיין און נישט געשווינטער... א י י ן איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל אָפּגעשטעלטער וועג, א י י ן איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל אויסגע־מאָסטענע צײַט! טאָרסט קיינעם נישט אָפּוואַרטן, קיינעם נישט דעריאָגן! צו קיינעם זיך נישט ווענדן אַף דײַן וועג!

„און שטענדיק, שטענדיק אַליין — יעדער האָט זיך ז ײַ ן וועג, און יעדער איז עלנט פאַר זיך אַף זײַן אייגענעם וועג"...

„טויזנט אומגליקלעכע שוועסטער קרײַצן דורך דײַן ליניע — קיין איינציקע קומט צו דיר נישט צו, קיינעם קאָנסטו נישט באַגריסן — קיין איינציקע פרעגט: ווי גייט עס דיר, שוועסטער? קיינע שמייכלט דיר נישט צו, און דו שמייכלסט צו קיינער נישט! מיר זײַנען אַזוי נאָענט און אַזוי פרעמד; און די הערצער קלעמען אַזוי פאַר בענקשאַפט! און מען פילט זיך אַזוי דערנידערט!"

„מיר זײַנען דאָך הויך — טרייסט די לעוואָנע — די אונטן זײַנען א ו נ ד ז מעקאַנע"...

„די נאַרן! זיי, וואָס טרעפן זיך און האַלדזן, און קושן זיך און טרייסטן זיך, און לעבן נאָר אַזוי קורץ — זיי זײַנען אונדז מעקאַנע! אונדז, עלנטע, פאַריאָסעמטע, וואָס לעבן א י ב י ק, אָדער ק י מ אַ ט אייביק!"

„זע" — טײַט מען דאָרט אַרויף מיט די פינגער — „אַ שטערנדל האָט זיך אין גאָלד צעפלאָסן"... זיי ווייסן נישט, אַז דאָס גיסט זיך פאַר בענקשאַפט די נעשאָמע אויס...

„שירע זאָגן זיי, די שטערן, די גליקלעכע שטערן", און עס פאַלט זיי גאָר נישט אײַן, אַז צווישן איין „הללויה" און דעם צווייטן, ווײנט מען דאָ, פאַרגייט מען פון בענקשאַפט"...

„שווײַג, קינד, מען הערט — — גיי דײַן גראַדן וועג..."

„איך קאָן נישט מער!"

„קינד! זײַן ווילן מ ו ז געשען! אַ שטערנדל וואָס רירט זיך פון אָרט, ווערט אַראָפּגעשלײַדערט"...

„וווּהין, מאַמע? צו יענע דאָרט אונטן אַראָפּ?"

„ניין, קינד, טיפער!... און דאָרט ווערט מען געשטראָפט... אייביק געשטראָפט... ווער עס האָט וועלטן אויסגעטראַכט, דער האָט אויך אויסגעטראַכט די שטראָף! שרעקלעך מוז זי זײַן; שווער איז זײַן האַנט! טויזנטער, טויזנטער קינדער פאַרליר איך אַזוי, און קיין איינציקס איז נישט צוריקגעקומען, עס זאָל כאָטש דערציילן, וואָס עס טוט זיך דאָרט... וואָס פאַר אַ יעסורים מען לײַדט; און גרויס מוזן זיי דאָך זײַן די יעסורים; שווער איז זײַן האַנט... און קיין זיפץ פון דאָרט אַרויף קומט נישט; אין דער פינצטערניש ווערט אַלץ פאַרשטיקט! און קיין שטראַל פון די זינדיקע געשטראָפטע קומט נישט אַרויף, — אַראָפּגעשלײַדערט, ווערן זיי, פאַלנדיק, שוין אין דער לופט פאַרלאָשן! היט דיך! טו טשוּווע אָפּ דײַנע רייד!"

„ניין, מאַמע! אַ ר אָ פּ וויל איך! לײַדן וויל איך! אייביק לײַדן, נאָר וויסן, אַז דאָס זײַנען די יעסורים וואָס איך אַליין האָב אָפּ מיר גענומען! מ ײַ נ ע יעסורים, מײַן ווילן איז געשען"...

אין גאָלד צעפלאַקערט זיך דאָס שטערנדל, און רוקט זיך אָפּ, און בליץ־שנעל ווערט עס אַראָפּגעשלײַדערט און פאַלנדיק, ווערט עס אויסגעלאָשן אין דער לופט, און די לעוואָנע זיפצט און שווימט ווײַטער; זי טאָר זיך אַפילו נישט אומקוקן...

---

# אוילעס האַבע

(אַ סצענע)

---

פּערזאָנען:

**גאַווריִעל און סערל**

אַ יונג פּאָרפאָלק.

---

שפּעטלעכער אָוונט. אינדערמיט שטוב אַ געדעקט טישל צו דער וועטשערע. רעכטס אַן אויסגעלאָשענער קוימען. לינקס צוויי בעטן. פון פאָרנט, אין דער טיף באַ די פענצטער, אַ וואַרשטאַט מיט קיילים פון אַ טאָקער. אַ טונקל ברענענדיקער לאָמפּ איבערן טיש.

★

## סערל

(זיצט באַם טיש און דרימלט, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אַף די הענט, וועקט זיך, הערנדיק גאַווריִעלס טריט)

## גאַווריִעל

(קומט אַרײַן)

גוטן אָוונט!

## סערל

אזוי שפּעט! (גענעצט) וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרזוימט? (ציט זיך אויס) די וועטשערע שטייט שוין אונטערן קישן (גענעצט) וואַש דיך.

### גאַוורי̇על

(אויף און אָפּ בייענדיק)

עט, סערל, יאָ וועטשערע, נישט וועטשערע! נו, אַ טאַכלעס!

### סערל

(וואָס האָט געוואָלט צוגיין נעמען פון אונטערן קישן די וועטשערע, שטעלט זיך אָפּ פאַרוואונדערט)

וואָס איז מיט דיר, גאַוורי̇על?

### גאַוורי̇על

מען עסט וועטשערע, אַנבייסן... מען לעבט... נאָר ווי אַזוי לעבט מען? ווי אַ מוילוואָרף אין דער ערד! זיי ווייסן, די בעל-האַמעדרעש־לייט! אַז מען קוקט אין ספאָרים אַריין, ווייס מען! אַלץ שטייט דאָרטן, אַלץ! אָט האָב איך היינט, צווישן מינכע און מײַרעוו, באַם אויוון זיצנדיק, אונטערגעהערט, ווי זיי רעדן. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? קרעפּלעך אָוועקצושטעלן!

### סערל

(גייט צו אים צו נענטער)

כ'האָב דיר טאַקע היינט געמאַכט קרעפּלעך! פון נעכטיקן פליייש... האָסט נישט געגעסן.

### גאַוורי̇על

(מיט אַ פאַרוואורף)

אַ ייִדענע בלײַבט אַ ייִדענע! פאַרגעס אַ רעגע אָן עסן... דו זאָלסט הערן דעם וויכועד!

### סערל

ווען וואָס?

### גאַוורי̇על

נישט ווען ווייץ אָדער קאָרן, ווי אונדזערע באַלעבאַטים באַ דער מיזרעך־וואַנט...

### סערל

ווען מילכאָמע?

גאַוורי̇על

נאַרעלע... ווענן אוילעם־האבע!

סערל

(וויל ווײַטער צוגײן צום בעט)

וועסט דערציילן באַ דער וועטשערע...

גאַוורי̇על

(נישט צופרידן)

וואַרט אַ ווײַלע איך זאָג דיר, מויל און אויערן אויפצושטעלן. בע־רעלע מעלאַמעד, דאָס קליינטשיקע, דאָס דאַרע... דאַכט זיך אַ פליג, און אַז עס רעדט — פלאַמט אים אַ פײַער אין די אויגן... און נאָך איינער, עפּעס אַ כאָסיד, דאַכט זיך, אַ פרעמדער. ריידן זיי! זאָגט בע־רעלע פּאָשעט, — ער איז דאָך אַ דאַרדעקי־מעלאַמעד — זאָגט ער, ווי באַ דיר אין טײַטש־כומעש שטייט... איך הער דאָך! באַשער־בעכיין, מען וועט עסן און טרינקען, נישט אַזוי ווי דאָ; בעסער! און ווי הייסט בעסער! דו ווייסט דאָך: שויר האַבאָר... עס צעגייט, זאָגט ער, טאַקע אין מויל. הײַנט — ווײַן! אַלטער ווײַן! ער האָט עפּעס אויס־טערליש אָנגערופן. כ'קאָן נישט נאָכזאָגן, נאָך „מששת־ימי־בראשית", זאָגט ער, און, זאָגט ער, ליכטיק וועט זײַן אין אַלע ווינקעלעך. פון דער שכינע אַ שײַן, אַ מין אָפּגלאַנץ, און אין דעם אָפּגלאַנץ פאַרשטייסטו מיך (האַלב־זינגענדיק) וועלן זיצן די צאַדיקים מיט גאָלדענע קרוינען אָף די קעפּ, און קוועלן; און האַנאָע האָבן מאַמעש שמעלצן זיך פאַר טײַנעג!

סערל

מען זאָל נאָר זוכע זײַן, ריבוינע־שעל־אוילעם! (טרויעריק) כ'האָב נאָך אַפילע די ר' מייער־באַל־נעס־פּושקע נישט פול... שוין אַ האַלב יאָר, אַז זי הענגט!

גאַוורי̇על

הער אָבער נאָך ווײַטער! דער כאָסיד זאָגט אַנדערש: עס וועט זיך ווײַטער פירן, זאָגט ער, פּונקט ווי דאָ! נאָר פאַרשטייסטו מיך, אַז דײַגעס, אַז אַגמעס־נעפעש, אַז אַ פיצל צאַר! פאַרשטייסט? אַ וועלט, ווי די וועלט, נאָר אַז אַלעם שלעכטן. קעדוימע־לעמאָשל? נעם זאָגט ער, אַ באַלעגאָלע, אַ שמײַסער, פון וואָס האָט אַזאַ מענטש האַנאָע? פון

גוטע פערד, פון אַ גוטן וואָליונגערישן קנאַק מיטן בײַטש. זאָגט דער ריבוינע־שעל־אוילעם: מאַכבעטייסע! און אויב ער פאָרט נישט אין שאַבעס אַרײַן, איז נישט אויוועך אַף צאַר־באַליי־כאַים, נאָרט נישט אַף מיט די צעטלען, שלעפּט נישט אַרוים פון די זעק — פאָרט ער דאָרט ווײַטער! אַזוי האָט ער פון רעבנס מויל געהערט, און זײַן רעבע האָט עס פון באַל־שעם! האַקלאַל! האַקלאַל — פאָרט ער! און שמירן די רעדער דאַרף ער נישט... שעמען זאָים גים זיך אַף זיי, אַף די רעדער! און אַ וועג האָט ער, ווי אַפן טיש... און אַ בײַטש, לעמאָשל פון עלפנ־ביין, אַ שטריקל, לעמאָשל, פון זײַד! און עס קנאַקט איבער אַלע ש"י אוילעמעס... מאַמעש עס דונערט! און פערד, צוויי פאָר, דרײַ פאָר, פיר אויך... ווי איינעם קומט... „נאַשפּיץ" און אין דער ברייט... און פערד — לייבן, אַדלער... עס פליט! קעהערעף־איען פון איין עק וועלט צו דער צווייטער, און צוריק...

## סערל

און אַזוי שטענדיק?

## גאַווריִעל

אַז ער האָט האַנאָע דערפון! דאָס הערסטו דאָך, איז זײַן גאַניידן! און עס איז אַ יוישער אויך! וואָס מען ווינטשט זיך, זאָגט ער, אַף דער וועלט, האָט מען אַף יענער, דער ריבוינע־שעל־אוילעם גיט נאָך יעדן באַזונדער זײַן טײַנעג... אַ בעטלער, זאָגט ער, ווינטשט זיך גוטע באַ־לעבאַטים — האָט ער! שטייען פאַר אים אָפן אַלע טירן... מען באַ־שיט אים מיט גראָשנס, ווי אַ קאַלע מיט האָפּן! דאָס איז שוין מײַן מאָשל... און ער גייט און גייט... און אָט, לעמאָשל, צום בײַשפּיל: אַ קאַשערער מעלאַמעד, וואָס ווינטשט זיך אַן ערלעכער מעלאַמעד? גוטע טאַלמידים ווינטשט ער זיך, פלינקע קעפּעלעך, אילויִם... און דער דאַנערשטיק זאָל אים נישט דערעסן... די רעבעצן זאָל אים נישט קראַצן אין אויער: אַף שאַבעס און אַף שאַבעס! האָט ער עס, קנעלט ער דאָרט באַ די סאַמעראָדנע גווירים. האָט ער די בעסטע און שענסטע טאַלמידים, טאַקע גוטע שעפּעלעך... פּאַשעט ער זיי מיט טוירע! און עס וואַקסן פון זיי לאַמדאָנים אַרוים, גרויסע לאַמדאָנים, ראַבאָנים, צאַ־דיקים גרויסע... יעדן זמאַן לאָזט ער אַרויס אַ גאָען, און דאָס איז זײַן גאַניידן! אַ פאָר מאָל אין יאָר קומען צו אים זײַנע טאַלמידים צו גאַסט,

דער ראָוו, יענער ראָוו, דער צאַדיק, יענער צאַדיק, שמעלצט ער זיך טאַקע אין זיי, זאָגן זיי אים: דאָס אַלץ האָבן מיר פון אײַך, רעבע! וואָס?

## סערל

(טרויעריק)

דאָס איז נישט פאַר אונדז געדאַכט.

## גאַווריעל

פון אַ טאַקער האָט ער נישט גערעדט. דערציילט האָט ער נאָר וועגן אַ דײַען. עס איז געווען ערגעץ אין אַ שטאָט אַ דײַען, האָט ער געפּאַסקנט שײַלעס, איז ער אָבער אַ גוטער געווען, אַ בריליאַנט, אַז אויעוו־ייִסראָעל. „קאָשער" פּלעגט ער ענטפערן מיט אַ סימכע. באַ „טרייפע" האָט ער קימאַט געוויינט, ער האָט געוווּסט, וואָס עס הייסט אַ ייִדישער שאָדן, ווי שווער עס קומט עפּעס אָן! אַפּילע באַ אַן ערדענעם טעפּל פּלעגט ער וויינען! ביפראָט אַ הון אָף שאַבעס, ווער שמועסט — פּייסעכדיקע קיילים ... האָט ער טאַקע געציטערט, אַז ער האָט געזען אַרײַנקומען מיט אַ שײַלע! טאָמער, כאָס־וועשאָלעם, וועט מוזן זײַן טרייף! און טאָג און נאַכט האָט ער גאָט געבעטן, נישט וועגן אַשירעס, נישט וועגן פּאַרנאָסע אַפּילע, נאָר זײַן ליבער נאָמען זאָל אים באַשערן סאַמע קאָשערע שײַלעס! און זײַן ליבער נאָמען האָט אויסגעהערט זײַן געבעט. זיצט ער דאָרט און פּאַסקנט שײַלעס, און קוועלט: וואָס אַ שײַלע עס קומט, איז אַלץ קאָשער! קאָשער און קאָשער! און די סימכע זײַנע איז גרויס איין־לעשאָער! נאָך יעדער שאַלע גייט ער זיך אַ טענצל איבער דער שטוב ... זינגט ער פּאַר גרויס טײַנעג ... ווי אַ פייגעלע זינגט ער!

## סערל

(האַלב־דערשראָקן)

ווייסט, גאַווריעל, עפּעס אַ מין אוילעם־האַדימיען?!

## גאַווריעל

אַבי גוט! זאָל זײַן אַן אוילעם־האַדימיען און אַז אַ ייִד, זאָגט ער, איז אַ באַל־צדאָקע, אַ מאַכנים־אוירעך ... אַ ייִד, וואָס גיט, נישט אַבי אַפּצוקומען און נישט מיט ביזאָיען, נאָר טאַקע מיט אַ ייִדיש האַרץ, מיט אַ גוט אויג, ער האָט נאָכעם דערפון, וואָס ער גיט ... — אַזאַ ייִד —

זאָגט ער — זיצט אַף יענער וועלט אין אַ גרויסער שטוב, אַ סאַליע מיט אָפענע טירן אין אַלע פיר זײַטן... אויפגעפּראַלט! און אַ גאַנץ יאָר איז באַ אים פּורים... צי כאַנוקע! און אַ געדעקטער טיש מיט אַלערליי שטראָדלען, כאַלעס מיט זאַפרען, פיש און פלייש, און פלוימען... הײַנט מאַשקע! און ער זיצט באַ אָפענע זעקער געלט און טיילט, סאַמע גאָל־דענע מאַטבייעס טיילט ער און רופט: עסט, ראַבויסים, עסט און טרינקט! לעכאַים, לעכאַים! און נעמט געלט. און דאָס מויל ווערט אים נישט מיד פון ווינטשעווען, און די האַנט נישט אָפגעשוואַכט פון טיילן, עס וואַקסן אים די קויכעס פאַר פרייד, זיי באַנײַען זיך אים פון טאָג צו טאָג... און אָרעמע לײַט קומען און גייען אַוועק, קומען און גייען... קומען קומען זיי בלאַסע, אויסגעמאַטערטע, אויסגעדאַרטע און פאַרמאָרע־שכוירעטע, און אַרויס גייען זיי פריילעך און לוסטיק, זינגענדיק און טאַנ־צנדיק... און ער זיצט און קוועלט און שעפּט נאַכעס, און עס וואַקסט אין אים דערפון דאָס האַרץ... וואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט, סערל?

## ס ע ר ל

כ'וויים? כ'קלער: וויפל מען דאַרף אָרעמעלײַט, אַ באַלעבאָס זאָל האָבן אַ גאַניידן?

## ג אַ ו ו ר י ע ל

אַ ייִדענע בלײַבט אַ ייִדענע! גיב שוין בעסער די וועטשערע!

(מאַכט ליכטיקער די לאָמפּ)

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

ש אַ ר ־ ה אַ ב אַ ר (שור־הבר) — אַ לעגענדאַרער אָקס פון וועלכן עס וועלן געניסן די צאַדיקים, אַז מאָשיִעד וועט קומען.

מ י ש ײ ש י ס י ע מ ײ ב ר ײ ש י ס (מששת ימי בראשית) — פון זינט די וועלט איז באַשאַפן.

ב אַ ל ש ע ם (בעל שם) דער גרינדער פון כאַסידיזם (געלעבט 1700־1760).

ש ע מ ע ן ז אַ י ס (שמן זית) — איילבערט־בוימל.

ש ײַ א ו י ל אַ מ ו י ס (ש'י עולמות) — דרײַ הונדערט מיט צען וועלטן. לויטן אַבערגלויבן פון די רעליגיעזע ייִדן, איז פאַר יעדן צאַדיק פאַרגרייט דרײַ הונדערט מיט צען וועלטן.

א ו י ע ו ־ יִ ס ר אָ ע ל (אוהב ישראל) — וואָס האָט ליב ייִדן.

א ײ ן ל ע ש אַ ע ר (אין לשער) — זיך ניט פאַרצושטעלן.

# ס י ב ר ע נ ט

(אײנאַקטער)

---

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

**שמאַריע** — איבער זיבעציק.

**באַנע־רויזע** — זײַן װײַב, אַ יאָר צװײיאונצװאַנציק.

**דאָװיד** — שמאַריעס שטיף־זון.

**אַ ייִד** — אין פענצטער.

---

אַ באַלעבאַטישע שטוב מיט אַ טיר אין הינטערגרונט אין קיך אַרײַן. אין קיך קענען דער טיר אין שטוב רעכטס. פון פאָדער־גרונט און אַרויף אַ קאַמאָד, אַ פענצטער אין גאַס אַרײַן, אַ שאַנק און אין װינקל — הויך אָנגעלייגטע זעק מיט טװוּע, לינקס — אַ באַנק־בעטל הינטער אַ שפּאַנישן װענטל, צום פאָדערגרונט צו אָפּן; צװײ הויך־אויפגעבעטע בעטן, אינדער־מיט אונטער אַ הענגל־לײַכטער — אַ טיש מיט שטולן אַרום.
צײַט: צו טיקן־שעװוּעס.

### דאָוויד
(ליגט אויפן באַנק־בעטל)

### שמאַריע
(ענדיקט דאָס בענטשן)

### כאַנע־רויזע
(האָט געענדיקט, קוקט אומרויִק צום שפּאַנישן ווענטל, דערנאָך צו שמאַריען, נעמט זייער שטיל צוזאַמען די טעלער פון טיש, גייט אַף די נעגל צו דער קיך צו)

### שמאַריע
„אדני עוז לעמו יתן, אדני יברך את עמו בשלום״!

### אַ ייִד
(קומט פון דרויסן צום פענצטער, וואַרפט אַן איראָנישן בליק צום שפּאַנישן ווענטל, זוכט מיט די אויגן כאַנע־רויזען אין קיך, שמייכלט; דערנאָך הויך צו שמאַריען)

גוט־יאָנטעוו, ר׳ שמאַריע...

### שמאַריע
(דרייט זיך צו אים אויס, אומרויִק)

גוט־יאָנטעוו, גוט־יאָר...

### דער ייִד
(מיט אַ בליק צום שפּאַנישן ווענטל)

ליבער אייַער גאַסט! נישט געגאַנגען אַפילו דאַווענען?

### שמאַריע
אַזוי ליגט ער אין דער פינצטער... אַפילו צו דער סודע נישט גע־גאַנגען. (פון צאָרן באַהערשט) אַהיימגעקומען... אַ שוטעף צום הויז!

### כאַנע־רויזע
(וואָס האָט געוואַשן ס׳געפעס בײַ דער קיך, זיך אויסדרייענדיק מיט פאָרוווּרף)

שמאַריע!

### דער ייִד
נו, אַ שוטעף איז ער דאָך... איר האָט עס געקויפט מיט זײַן מוטער, אַלעהאַ־האַשאָלעם, דאַכט זיך, אייַער דריטע ווײַב... בעשוטפעס? (פויזע) איר גייט צו טיקן־שעווועס?

### שמאַריע
אַוואַדע, וואָס איז די שאַלע?

דער ייִד

כ׳מיין, ווייַל ס׳איז שפּעט. (פּויזע) איך גיי שוין, (אָפּ)

שמאַריע

(נאָכלויפנדיק)

ברעך די פיס! (סאַפּעט שווער, פאַרדרייכערט אַ ציגאַר, רופט) כאַנע־רויזע! (העכער) כאַנע־רויזעלע!

כאַנע־רויזע

(אַריינקומענדיק)

וואָס?

(בלייבט שטיין ניט ווייט פון טיר, ווישנדיק זיך נערוועז די הענט אָן פאַרטעך)

שמאַריע

ווי געפעלט דיר מייַן שטיף־זונדל און דייַן שיר־נישט געוועזענער...?

כאַנע־רויזע

שמאַריע, ער הערט דאָך יעדער וואָרט.

שמאַריע

וואָס? נישט עמעס? נישט געשאַדכנט זיך צו דיר? — אי״ה באַלד מוצאי יו״ט צאָל איך אים אויס זייַן כיילעק און היידאַ!

כאַנע־רויזע

אָבער וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט?

שמאַריע

פון דיר?

כאַנע־רויזע

האָסט דאָך מיך גערופן.

שמאַריע

און אַז כ׳האָב גערופן, גייט מען צו נענטער. הע? און ווען אַ יונגער־מאַן רופט דיך?

כאַנע־רויזע

(צוגייענדיק)

ס׳וואַסער ווערט מיר קאַלט.

**שמאַריע**

מיר — דאָס האַרץ (פּויזע) כ'גיי צו טיקן־שעוועס!

**כאַנע־רויזע**

(דערשראָקן)

גיי נישט! (כאַפּט זיך) כמאַרעס, ס'וועט רעגענען...

**שמאַריע**

(וואָס האָט אַף כאַנע־רויזען געקוקט אַ לאַנגע ווײַלע מיט קאַלטן כשאַד)

שאַדט נישט! כ'בין נישט פֿון צוקער און כ'שמעק דיר נישט, ווי צוקער! (נאָך אַ קורצער פּויזע, צאַרנדיק) און צו לײַטן געלעכטער וויל איך נישט זײַן... ס'דאַרף קיינער נישט וויסן. הערסט?

**כאַנע־רויזע**

(זיך קוים איינהאַלטנדיק פֿון וויינען)

קוועל מיך נישט, שמאַריע, כ'בין אַזוי קראַנק...

**שמאַריע**

נו... נו? פּריצישקע קרענק, כ'וויל זאָלסט דיך מאָרגן צו דער שול אָנטאָן. הערסט? זאָלסט מיר נישט פֿאַרשטערן דעם יאָנטעוו, ווי פּייסעך! כ'וועל דיר אַרויסגעבן די צירונג, דערנאָך וועסטו אַ טערעץ האָבן: כ'האָב דיך נישט געוואָלט וועקן! נעם דיר אַרויס ס'קלייד... ס'נײַע.

**כאַנע־רויזע**

נאָך וואָס?

**שמאַריע**

זאָלסט גיין אין שול אַרײַן, ווי אַ מענטש! ווי עס פּאַסט פֿאַר שמאַריע טוווע־סויכערס. גענוג כאַרפּעס און בושעס געהאַט פּייסעך! — געגאַנגען אין שול אַרײַן אין דעם אַלטן קליידל, אין וועלכן די קאַבצאָנישע קרויווים האָבן זי אַרויסגעפּאַקט! פֿון פּייסעך אַ טישעבאָוו געמאַכט! און עפּשער האָסטו זיך מיט עפּעס אַנדערש געפֿרייט.

**כאַנע־רויזע**

איך? —

**שמאַריע**

כ'וויים? גענוג סימכע געהאַט, אַז דו האָסט אייגענע מאַצעס געגעסן!

כאַנע־רויזע

(איראָניש)

אייגענע !

דאָוויד

(שפּרינגט אויף, האַלט זיך קוים איין און זעצט זיך צוריק)

שמאַריע

אַלץ נישט פון מאָעס־כיטן !

(פּויזע)

כאַנע־רויזע

וואָס ווילסטו פון מײַן לעבן ?

שמאַריע

וואָס ווילט איר פון מײַן לעבן ? שווײַגסט ? ! כע־כע־כע. צנוּעַ מײַנע ! . . . כ'בעט דיך, אַז דער הימל שפּאַלט זיך, וואָס וואָלסטו געבעטן ?

כאַנע־רויזע

דעם טויט !

שמאַריע

(נאָך אַ פּרוווּנדיקע פּויזע)

פאַר וועמען ?

כאַנע־רויזע

(אויסהאַלטנדיק דעם בליק)

פאַר מיר . . .

שמאַריע

אַזוי ! ביסטו נאָך טאַקע אַ קאָשער ווײַבל — קריגסט אַ מאַטאָנע דערפאַר — צירונג. (עפנט דעם קאַמאָד, זוכנדיק) אַזוי, אַז מ'איז אַ געטרײַ ווײַבל ! כע־כע־כע ! (אַרויסנעמענדיק) שנירלעך פּערל !

דאָוויד

די יערושע פון ערשטן ווײַב !

שמאַריע

(גלייכצייטיק)

אַ פּריצע. (זיך אומקערנדיק צום ווענטל) וואָס ברומט ער דאָרט, דער

אַפּיקוירעס? (צוריק צו כּאַנע־רויזע). אַ פּריצע מעג זיי טראָגן. (צום ווענטל) אָנגעגעסן זיך מיט טרייפעס, ברומט אין אים! (צו כּאַנע־רויזע) אַ קונציק שליסל מיט אַ בריליאַנטל. (צום ווענטל) הערסט? געהאַט אַ דין־טוירע מיט אירע יאָרשים; מ'האָט עס מיר צוגעפּאַסקנט! (צו כּאַנע־רויזע) אַ כּראַבינע מעג עס טראָגן. נאַ, נעם, טראָג עס געזונטערהייט!

## כּאַנע־רויזע

(נעמט און פאַרלירט פון דער האַנט אַפן טיש אַרויף די פּערל)

## שמאַריע

אַסטראָזשנע! (זוכט ווייטער אין קאָמאָדע, אַרויסנעמענדיק) און אָט אוירינגלעך!

## דאָוויד

(עטוואָס שטילער)

פון צוויטן!

## שמאַריע

אַפילע פאַרגרינט; נאָך יאַנטעוו אויספּוצן; קרייד ב"ה פעלט נישט, און „אחרון, אחרון חביב" — קאָנסט דאָך לאָשן־קוידעש — ער האָט דאָך דיך געלערנט? — אַ קייט און אַ זייגער. (דרייט זיך אויס צום ווענטל צו, צי רעדט נישט עפּעס דאָוויד).

## כּאַנע־רויזע

שוין אַלע דריי ווייבער!

## שמאַריע

(דערהערט, דרייט זיך האַסטיק אויס)

פּאַסט דיר נישט? קיין איינציקע פון מיסט נישט אויפגעהויבן! אַלע כּאַסענע־קליידער און נאָדן געהאַט. (אַרויסגייענדיק) פאַרשטעק דעם לאָדן, כ'וועל דיר צוקלאַפּן. (אָפּ).

## כּאַנע־רויזע

(גייט צו צום פענצטער)

(פּויזע)

## שמאַריע

(פון דרויסן נאָכן צוקלאַפּן פון לאָדן)

שוין?

כאַנע־רויזע

(וואָס האָט דעם נאָגל פון האַנט אַרויסגעלאָזט, מעכאַניש)

שוין.

דאָוויד

(אָפּרוקנדיק דאָס ווענטל)

כאַנע־רויזע ! . . .

כאַנע־רויזע

(דרייט זיך אום דערשראָקן)

אָך ! . . .

דאָוויד

(אויפשטייענדיק)

ווילסט מיר אַפילו נישט ענטפערן ?

כאַנע־רויזע

(אָטעמט שווער, אָפּרייסנדיק ס׳טיכל פון האַלדז)

מען טאָר נישט, דאָוויד.

דאָוויד

(פאַרוואונדערט)

וואָס ?

כאַנע־רויזע

כ׳בין אַן איישעס־איש, נישט דאָס, וואָס געווען !

דאָוויד

וואָס איז מיט דיר, כאַנע־רויזע ?

כאַנע־רויזע

כאָטש דו קוועל מיך נישט, דאָוויד !

(זי קאָן נישט אָפּרייסן דעם בליק פון בענטש־ליכטל, וואָס צאַנקט, טוקט זיך און פלאַמט אויף). ס׳וויל נישט שטאַרבן . . . ס׳וויל נישט אויסגיין . . . ס׳מוז אָבער . . . אַלע מוזן ! (דאָס ליכטל פאַרלעשט זיך מיטן לעצטן אויפפלאַמען).

דאָוויד

כאַנע־רויזע !

כאַנע־רויזע

און אין מיר צאַנקט און צאַנקט די נעשאָמע יאָרן־לאַנג ! יאָרן־לאַנג !

דאָוויד

(גייט אַפּ פון ווענטל)

קיין וואָרט פאַר מיר האָסטו נישט ?

(גייט אויף און אַפּ איבער דער שטוב. פון זיין גאַנג צעוויגט זיך דער הענג־לייכטער. בא דעם שוואַכן ליכט פון דעם קיך־לעמפּל טאַנצן אַרום שאָטנס אַף די ווענט. כאַנע־רויזע יאָגט זיי נאָך מיט פאַרשטאַרטע אויגן. דאָווידס טריט ווערן האַסטיקער און וועקן זי פון שווערע געדאַנקען, זי זעצט זיך און פאַרברעכט די הענט)

כאַנע־רויזע

שווין דריי טעג און דריי נעכט אַזוי... אויף און אַפּ, אויף און אַפּ...
(כאַפּט זיך אַן באַם קאָפּ) מעשוגע צו ווערן ! אַפּן בלויזן האַרץ טרעט ער מיר !

דאָוויד

(גייט צו צום ווענטל)

זאָגסט מיר עפּעס, כאַנע־רויזע ?

כאַנע־רויזע

(איבערשראָקן)

ניין, ניין !

(פּויזע)

דאָוויד

(נאָך אַ ווײַלע)

וואָס האָסטו מיר געטאָן, כאַנע־רויזע ? ! וואָס האָסטו אונדז ביידן געטאָן ? !

כאַנע־רויזע

(מיט אַ קאָל אַן קלאַנג)

וואָס ווילסטו פון מיר, דאָוויד, האָב דו ראַכמאָנעס אַף מיר !

דאָוויד

פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געגלייבט, כאַנע־רויזע !

כאַנע־רויזע

(ווי פריער)

קוועל מיך נישט, דאָוויד — גאָט איז מיין איידעס ! אַ שוואַכע בין איך... האָסט מיך אַ רעגע אַרויסגעצויגן פון דער פינצטער. דערנאָך, אַז דו ביסט אַוועק, בין איך צוריק אַריינגעפאַלן אין דער פינצטערניש ! — זיי האָבן מיך ליכט איבערוועלטיקט, איבערגעדייבערט... זיי האָבן מיר

אפֿן קאָפּ פֿלעקער געשלאָגן! „נאָר געלערנט האָט ער דיך״... דאָרט פֿעלן קיין קאָלעס נישט... „ער האָט דיר דען עפּעס צוגעזאָגט? !״ „ער שרײַבט דען?״

### ד אָ װ י ד
(עמפּערט)

כ׳האָב געשריבן, כּאַנע־רויזע, כ׳האָב געשריבן!

### כּ אַ נ ע ־ ר ו י ז ע

האָט מען אונטערגעשלאָגן!... און אין דער פֿינצטערער אָרעמ־קייט... ווייס איך? און יעדער ביסן ברויט האָט געשטיקט, יעדער טרונק וואַסער געוואָרגן! פֿון קראַנקע קינדערס מויל אַוועקגענומען... און דו ווייסט — אַ שוואַכע בין איך; אַ מענטש אָן בלוט... אַ פֿליג... איז געקומען די שפּין... (פּויזע) אַ שוואַכע פֿליג!

### ד אָ װ י ד

ווײַל דו האָסט נישט געגלייבט, כּאַנע־רויזע!

### כּ אַ נ ע ־ ר ו י ז ע

עפּשער... נאָר יעדער ביסן האָט געשטיקט, יעדער טרונק וואַסער — געוואָרגן... איז ער געקומען... אָרום און אָרום געשפּינט אַלץ, אַרומגענומען! און דאָ בין איך איינע אַליין... איינע אַליין, אַ יע־סוימע... און אָן קויעד... בין איך אין פֿינצטערן קייווער אַרײַנגע־שפּרונגען, איך בין אַליין שולדיק... ווען אַ פֿונק סייכל... אַ פֿונק... און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבן, אַ לעבן... שרעק, פּײַן, עקל... נעכט! דאָוויד, איך בין גענוג באַשטראָפֿט געוואָרן!

### ד אָ װ י ד

נישט דײַן שטראָף וויל איך! באַפֿרײַען וויל איך דיך, באַפֿרײַען!

### כּ אַ נ ע ־ ר ו י ז ע

ניין, ניין, דאָוויד! געשטאָרבן, באַגראָבן! כ׳האָב מוירע פֿאַר דיר, דאָוויד! איך דאַרף דיך גאָרנישט הערן, דאָוויד... עס איז אַ זינד... אַ שרעקלעכע זינד! ער האָט מיר גאַנצע נעכט פֿון ספֿאָרים אַרויסגע־לייענט... פֿאַראַן אַ געהענעם... מען הענגט אָף בריסטן... איבער אָנגעצונדענע סמאָלע, כ׳האָב מוירע פֿאַר דיר, דאָוויד! פֿאַר דער זינד, פֿאַר גאָט!

## דאָוויד
(דערשראָקן)

וואָס האָט ער געמאַכט פון דיר, כאַנע־רויזע? וואָס טוט זיך עם? וואָרף פון דיר אַראָפּ זײַן קלאָלע, שאָקל דיך אָפּ, ווי פאַרקישעפּט ביסטו! וואָס טוט זיך מיר דיר, קרוין מײַנע, כאַנע־רויזע, לעבן מײַנס! נעשאָמע מײַנע!

## כאַנע־רויזע
(קוקנדיק שטאַר אַף די שאָטנס)

נײַן, נישט דײַנע, נישט דײַנע! אַז אײשעס־איש בין איך, שמאַריעס בין איך... ער האָט מיך געקויפט... גענומען אַרײַן אין זײַן שפּינוועבערײַ און ער נאָגט און נאָגט... נישט דײַנע בין איך... דײַנע, דאָוויד, לעבט שוין נישט... ער האָט זי באַזידלט, באַשפּיגן, פאַרמזיעסט, דערקנאַד מיט די דאַרע הענט געוואָרגן, מיטן אַלטן פײַער אין די אויגן מיר פון לײַב אויסגעברענט. פאַרפאַלן!... שמאַריעס ווײַב בין איך, אַז אײשעס־איש... איך מוז אַנטלויפן פון דיר, דאָוויד. (רוקט זיך הינטערוויילעכץ אַפּ מיטן בענקל צו די זעק אין ווינקל) און קוועל מיך נישט, דאָוויד! רעד נישט, זײַ דו מײַן מאַלעד־האַמאָוועס נישט! מאַד מיך כאָטש נישט זינדיק! דײַן קאָל איז אָנגעזאַפּט מיט זינד, דײַן יעדעס וואָרט שטעכט מיך אין האַרץ, ווי אַ נאָדל... און איבער דער שטוב גײ נישט... איך טאָר אַפילע דײַנע טריט נישט הערן! איך טאָר נישט און קאָן נישט! איך האָב שוין קיין קויעך נישט און אַזוי ווי דו גייסט, אַזוי טאַנצן אַרום מיר די שאָטנס אַף די ווענט, זיי קריכן צו מיר! שטעקן צו מיר אוים לאַנגע צונגען... לאַנגע דאַרע הענט! זעץ דיך אַנידער, דאָוויד!

## דאָוויד
(זעצט זיך אַפּן באַנק־בעטל, שפּאַרט אַז דעם קאָפּ אין טיר)

און ווי לאַנג איז, אַז דו האָסט פאַר מיר קיין מוירע נישט געהאַט... ווי לאַנג איז, אַז מיר האָבן זיך אַזוי טרײַ געזעגנט... אין סקווער אַף דער באַנק, געדערנקסט! אַ קלאָרע נאַכט געווען... געזעגנט האָבן מיר זיך. „מען וועט דיך אַרויסלאָזן", האָסטו מיך געטרייסט, וועסט צוריקקומען... אַפּן אַנלען אָנגעשפּאַרט ביסטו געזעסן... אַ שוואַכע, אַ בלאַסע, און שטיל געשמייכלט האָסטו! אַ שטילער רויקער גלויבן האָט איבער דײַן פּאָנעם געשוועבט... האָסט אָנגעשפּאַרט דיין קאָפּ אַן מײַן אַקסל; איך האָב דיך געקושט, און דײַן פּאָנעם האָט זיך גערויטלט, ווי

אַ פרישער מאָרגנשטערן! און פון דיינע אויגן, פון דיינע גרינע טיפע שמאַראַגדן, זיינען גאָלדענע שטראַלן אַרויס... געבליצט האָבן זיי... מיך ביסטו געוואָרן און אַראָפּגערוקט האָט זיך דיין קאָפּ אויף מיין האַרץ... „ווי עס קלאַפּט!" האָסטו קוים הערנדיק געזאָגט, און ווי געציטערט האָט דיין קול... און איבער דיינע האָר, איבער דיין העבאַן־קרוין האָבן וווּנדערלעכע גלאַנצן געציטערט. מיט אַ פאַרציטערטער האַנט האָב איך דיינע האָרנאָדלען אַרויסגענומען און דיין העבאַן־קרוין האָט זיך צעפלאָכטן, ביז צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט... איך האָב מיט דער פלאַכער האַנט דיינע האָר געגלעט... פונקען זיינען מיר פון אונטער דער האַנט געפלויגן.

## כאַנע־רויזע

(וועקט זיך, בעטנדיק)

שווייג, דאָוויד, שווייג! דערמאָן נישט דאָס פאַרלוירענע! עס טוט אַזוי וויי!

## דאָוויד

(מיט אַ פאָרוואָרף)

און מיר האָבן נישט גערעדט, כאַנע־רויזע! נאָר דו האָסט געוווּסט און געגלייבט!

## כאַנע־רויזע

איך האָב דיר דעמאָלט געגלייבט, דאָוויד, איך האָב מיך דעמאָלט אין ליכטיקן שטריימל געבאָדן און אַ ליכטיקע נעשאָמע געהאַט! דו ביסט געווען בא מיר, מיין האַרץ האָט דיך אַזוי נאָענט געפילט, און מיין נעשאָמע איז צו דיר געפלויגן, ווי פון ווינט און רעגן אַ שוואַכע טויב אין היימישן טויבנשלאַג אַריין!

## דאָוויד

(דערפרייט)

דער טויבנשלאַג איז אָפן, כאַנע־רויזע! דו ביסט מיין!

## כאַנע־רויזע

ניין, ניין! דיין כאַנע־רויזע איז געשטאָרבן... שמאַריעם איישעס־איש לעבט!... אין קייווער לעבט זי, אין פינצטערן קייווער... באַזידלט, באַשפּיגן... מיינע אויגן וואַרפן שוין קיין שטראַלן נישט, איך האָב זיי אויסגעוויינט... איך האָב שוין נישט קיין העבאַן־קרוין... אָפּגעשניטן האָט מען זי און ער האָט די האָר מיט די שטראַלן, מיט די גלאַנצן עמיצן פאַר אַ שייטל פאַרקויפט, איך טראָג אַ האָר־באַנד! פאַרלאָשן איז געוואָרן דער גאָלדענער שטריימל און אַ פינצטערניש האָט מיך פאַרשלונגען.

## דאָוויד

איך וויל דיך צוריק אין דער ליכט אַרײַנציִען!
(פון דרויסן הערט זיך אַ ווינט, וואָס ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער. רעכטס ציטערט און קלאַפּט דער לאָדן)

## כאַנע־רויזע

ניין, ניין, דאָוויד! — הערסט, איך האָב מוירע, דאָוויד! איך שרעק מיך — פאַר דיר, פאַר אים, פאַר דער וועלט... פאַר אַלע... נאָך מער פאַר גאָט!

## דאָוויד

גאָט איז אַ גוטער, כאַנע־רויזע.

## כאַנע־רויזע

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

דײַן גאָט, דער באַשעפער פון דײַן וועלט... דײַן וועלט איז פאַר מיר אַ גאָרטן מיט רויזן געווען... פלאַמענדיקע רויזן... און ווייסט אויך... און פיל בלויע, בלויע שטילע ברידערלעך... און בלוי איז געווען, און לײַטזעליק דער הימל איבערן קאָפּ... מיט מיליאָנען לײַט־זעליקע אייגעלעך האָט גאָט אַראָפּגעקוקט אַף דער וועלט... און האָט אין גאָרטן די בלומען געבענטשט, און אַ ווינטל האָט אין גאָטס נאָמען געבלאָזן: ליבט אײַך, ליבט! גאָט וויל אַזוי, גאָט הייסט אַזוי! אַף דעם האָט ער דעם גאָרטן געוויס באַשאַפן — דאָס אַלץ, דאָוויד, איז כאָרעוו וועגעכרעוו געוואָרן — אַן איישעס־איש בין איך — — — אַ פליג אין זײַן נעץ, אין זײַן נעץ, אין זײַן שפּינוועבס! און ער זיצט איבער מיר און יאָגט, און יאָגט... גאַנצענע טעג, גאַנצענע נעכט... ער האָט מיר די פּרײַערדיקע נעשאָמע אויסגענאָגט! און פון גאַנײדן בין איך פאַרוואָגלט געוואָרן! — איך בין זײַן, און אין זײַן וועלט לעב איך, אין זײַן געהענעם! און אונטער מיר ברענט דער געהענעם און איבער מיר איז אַרויסגעצויגן אַ קאַלטער שטיינערנער הימל... און אַרום מיר טאַנצן זײַנע שאָטנס, זײַנע שיידים! גאַנצע טעג, גאַנצע נעכט האָט ער עס מיר בלאָז און פינצטער געמאַכט — און פון צווישן די שפּאַלטן פון אײַזערנעם הימל קוקט אַראָפּ אַ בייזער גאָט! ער טרייסט נישט, ער שעלט! ליבן הייסט ער נישט! מיט שאַרפע אויגן, וו מיט בליצן פון כאַלאָפים קוקט ער דעם אָרעמען מענטשן אין האַרץ אַרײַן און פאַרשט און שטראָפט — פאַר יעדער סעקונדע גליק שטראָפט ער! דער ווינט שטאַרקט זיך, הערסט! דאָס פאָרשט ער! דאָס פרעגט ער! אַזוי רעדט ער צום אָרעמען פאַר־

יאָסעמטן, שוואַכן מענטש! פון שטורעם אַרויס! (עס דונערט) און שוין! ער האָט אַ זוינע געפונען און שטראָפט. „אומר־ועושה״!

ד אָ וו י ד

כאַנע־רויזע!

כ אַ נ ע ־ ר ו י ז ע

(מיט צאָרן)

שווייַג, אַז ער רעדט! (דער ווינט רייסט אויף דעם לאָדן פון פענצטער רעכטס. עס באַווייזן זיך פלאַמען. מיט שרעק) פלאַמען קומען צו מיר, דאָוויד, פלאַמען!

ד אָ וו י ד

(לויפט צו צום פענצטער אַרויס, עס הערן זיך גלאָקן פון גאַס)

כ אַ נ ע ־ ר ו י ז ע

(שפרינגט אַף לינקס)

עס קלינגט! די טומע קלינגט! דער גיהנום! נאָך מייַן פאַרזינדיקטער נעשאָמע קלינגט מען... איך גיי פון דער וועלט! איך גיי און אַז אַ וואָרט אין מויל... אַז ווידע! און אַזוי פאַרזינדיקט, דאָוויד, ראַטעווע מיך, דאָוויד. (גייענדיק צו אים מיט אויסגעשטרעקטע הענט) נאָר דיך איינעם האָב איך אַף דער וועלט, נאָר דיך איינעם!

ד אָ וו י ד

(ווענדט זיך פון פענצטער, אײַלט צו איר)

נישט ווייַט ברענט!

ש מ אַ ר י ע

(אַריינקומענדיק מיט צעשפרייטע הענט, וואָס לאָזן זיי ניט צוזאַמענקומען)

דאָ, דאָ ברענט! ס׳גיהנום ברענט!

(ראַשער פאָרהאַנג)

---

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

ט י ק ו ן  ש וו ו ע ס (תיקון שבועות) — אַ זאַמלונג פון אויסצוגן פון טאַנאַך, טאַלמוד און אַנדערע ספאָרים, וואָס רעליגיעזע ייִדן זאָגן שוועס באַנאַכט.

אַ ד ו י נ י  אוי ז  ל ע אַ מ ו י  י ִ ט ײ ן, אַ ד ו י נ י  י ע וו אָ ר ו י ך  ע ס  אַ מ ו י  ב אַ ש אָ ל ו י ם (אדונו עוז לעמו יתן, אדונו יברך את עמו בשלום) — אַ פראַזע פונעם בענטשן.

אַ כ ר ו י ן, אַ כ ר ו י ן  כ אָ וו י וו (אחרון, אחרון חביב) — דאָס שפּעטער־דיקע אַזוי דאָס ליבסטע.

א ו י מ ע ר  וו ע א ו י ס ע (אומר ועושה) — געזאָגט און געטאָן.

ט ו מ ע (טומאה) — דאָ: קלויסטער. רעליגיעזע ייִדן רופן דעם קלויסטער „טומע״ — אומרייניקייט.

# מאָניש

צו וואָס איז אונדזער לעבן גלײַך?
צו אַ טײַך!
און די מענטשן — צו די פיש!

ס׳וואַסער איז געזונט און פריש,
וואָלט׳מיר שווימען אָן אַן עק;
שטעלט דער שוואַרצער זיך אַוועק,
ווי אַ פישער אַפן ברעג — —

שטייט דער שאָטן אַפן לאַנד
מיט דער ווענדקע אין דער האַנט —
כאַפּט די פיש.

אַף אַ ווערעמל נישט קיין רײנס —
אַף אַ טײַוועלע אַ קלײנס,
טײַנעג אַף אַן אויגנבליק...
אָנגעצויגן שוין דער שטריק,

אין דער לופטן קוים אַ טרעסל,
ס׳פליט דער העכט שוין צונעם קעסל
אַפן פײַער פון געהענעם...
און געפּרעגלט און געבראָטן...

און — יִמאַך שמוֹ — מ׳קען אים
און מ׳ווייסט: ס׳איז מײַסע־שאָטן

און ס׳געראַט׳ם,
ווײַל דאָס ווערעמל ציט און ציט...

כ׳זינג דערבײַ אויך אַ ליד!
לייגט די אויערן צו און הערט!

ס׳איז געווען אַמאָל אַן אילוי —
כ׳ווייס נישט ווען און ווו אַפילע,
נאָר אין פוילן, און, אַפּאַנים,
אין דער גוטער אַלטער צײַט...
און בײַ גוטע פרומע לײַט:

פרום דער טאַטע,
פרום די מאַמע;
די מישפּאָכע —
לאָמדים סאַמע,
און זיי שעמען
אַף דער וועלט,
און מעווינים גרויסע זאָגן:
זיי וועט אַלע איבעריאָגן
מאָניש — אונדזער העלד...

צינד אינגאַנצן
זיבן, אַכט!
און אַ מאַסמיד —
טאָג, ווי נאַכט!

טוירע זאַפּט ער ווי אַ שוואָם;
און אַ קעפּל — ווי אַ בליץ,
צי אַרויף — צום העכסטן שפּיץ,
צי אַראָפּ — אין טיפסטן טהאָם!
ווי אַ וואַסער זופט ער ט״ז;
מעג דער ראַמבאַם זײַן, ווי האַרב,

טרעפט ער באַלד אַרײַן אין קאָרב,
און אַ באָקי שווין אין שאָם...

און אַ שיינער יונג — אַ פּראַכט:
שוואַרצע לאָקן, ווי די נאַכט;
רויטע ליפּלעך — רויזן צוויי,
שוואַרצע ברעמען, ווי די בויגן,
ווי דער הימל בלויע אויגן, —
און דאָס פּנים אין זיי!

אָנצוקוקן איז אַ פרייד
מיידלעך ווערן רויט און בלאַס,
אַז ער ווײַזט זיך אַף דער גאַס, —
אַז דער שיינער מאָניש גייט...

די יונגע רעבעצן אין כיידער,
זיצט אַ גאַנצן טאָג קעסיידער,
קוקט אַף מאָנישן און קוועלט —
אַפן קוימען לויפט און ברענט,
און זי זיצט פאַרלייגט די הענט,
הערט, מיקלוימערשט, ווי מען קנעלט...

און דער שכינע — שיינער אָדל
פּאַלט פון האַנט אַרויס די נאָדל, —
לאָזט זיך אונדזער מאָניש הערן!
פּרעסט דאָס הערצל מיטן הענטל,
דריקט דאָס אויערל צו צום ווענטל,
און עס קײַקלען זיך די טרערן...

אָבער ריין, ווי גאָלד, איז מאָניש,
פון דעם אַלעם ווייסט ער גאָר ניש'!
וואָס האָט אונדזער מאָניש האָלט?
ער האָט ליב אַ בלאַט געמאָרע,

ער האָט כּיישעק צו אַ סוואָרע...
„שור שנגח את הפרה״!
אַז מען שמועסט, אַ גאָלד...

און אין יענער צײַט
האָט מאָניש אַלם אילוי געשעמט!
קומען לאָמדים פון דער פרעמד
און ראַבאָנים פון נאָענט און ווײַט
דעם אילוי פאַרהערן
אַ נײַער שטערן!
עס טאַנצן פאַר סימכע די זילבערנע בערד, —
ווייל דער מאַמען, וואָס האָט׳ם געטראָגן,
ווייל דעם טאַטן, ווייל איז דעם אָרט!
כ׳גיב עס איבער וואָרט וואָרט אין וואָרט,
נאָר וואָס אָרט זאָגן?

געלעבט האָבן דעמאָלט
די אַלטע באַלעבאַטים, —
מעשענע ברילן,
זילבערנע באַטים,
גאָלדענע אַטאָרעס,
אײַזערנע מויכעס...
אַנדערע יאָרן,
אַנדערע קויכעס...

אין בעס-האַמעדרעש —
קעפּ אַף קעפּ;
מ׳לערנט אין הײַזל,
אַף די טרעפּ,

ס׳ווערט פאַר כצאָס
קיין ליכט פאַרלאָשן —
אַ פראָשבע — אַ רענדל,
טוירע מ׳גראָשן!

---

הויכע בערג פֿאַראַן אַ סאַך,
נאָר אַראַראַט פֿון טאַנאַך
מיט די שנייען אױפֿן קאַרק
איז אַן אויסטערלישער באַרג;

אַף זײַן רוקן, ווי באַשריבן,
איז די טייווע שטיין געבליבן
נאָכן מאַבל. און מען הערט,
ווי זײַן ליבער נאָמען שווערט
אייביק לעבן פֿאַר דער ערד...

„ראָצכע, מענטשל, גאַנווע, מאַסער,
כ׳וועל נישט טאָפּיען דיך אין וואַסער:
איך פֿאַרשטעל מיר בעסער ד׳אויגן״...
נ׳הענגט אַרויס אַ פֿײַלנבויגן
אַפֿן הימל לעזיקאָרן...

אַמאָל איז געווען, אַ פּעקל מיט יאָרן, —
עס זיצט נאָך די טייווע טיף אין שנייען,
און עס לעבן דאָרט אין צווייען
ס״ם און לילים — מאַן און ווײַב,
צוליב דער קעלט און צײַט-פֿאַרטרײַב,
פֿון געהענעם גאַנץ פֿאַרבאָרגן,
נישט אַ ליבער טעט-אַ-טעט?

איין מאָל פֿרימאָרגן
סמאָל ליגט נאָך און רויכערט אין בעט,
לילים מאַכט טואַלעט
קעגן דעם צויהער *), —
עס קלינגט אין טויער:
„הערײַן!״

---

*) אייגנטלעד, אַ פֿענצטער; לויט לעגענדע, אַ טייערער שטיין, וואָס האָט באַלויכטן די טייווע!

באַווײַזט זיך, דערשראָקן, אַ שעד,
קלאַפּט מיט די ציין,
פאַלט מיטן פּנים און צאַפּלט אַף דר'ערד:
— „אָ, קעניג מײַן,
האָסט פאַר דער וועלט
דײַן פּנים פאַרשטעלט;
האָסט גאָרנישט געהערט,
גאָרנישט געזען...
און צינד איז שוין שפּעט, עס ציטערט דײַן טראָן”.

ס'ם שפּרינגט אויף: „הער באַראָן,
וואָס איז געשען?”

— „אין קעניגרײַך פּוילן
האַרט בײַ דער גרענעץ,
שטייט זיך אַ שטעטל
גרויס, ווי אַ גענעץ.

(כ'רייד נישט פון מאָקעם!)
הערט מען עס זעלטן, —
הײַזלעך, ווי ניסלעך;
שמאָס — געצעלטן!

דרייען זיך ייִדלעך
אַרום ווי די מייסים;
מ'האָט קיין פּאַרנאָסע,
מ'לעבט פון טאַנייסים.

אָן האַנדל, אָן וואַנדל,
האָט טוירע אַ קיִעם,
מ'פּאַשעט לאַמדאָנים,
ס'וואַקסן אילויִם...

וואַקסט צינד אַ פייִרע,
וועט עס פאַרשעמען

פּוילן און ליטע,
פּרײַסן און בעמען...

וועט ער אויסוואַקסן,
לאָזטו אים פרײַ,
זע'מיר פאַרפאַלן,
ביסטו פאַרבײַ!

מיט אײַזערנע ריטער
וועט ער אונדז דרעשן;
און וועט אין גהענעם
ס'פײַער פאַרלעשן!

וועט ער אונדז יאָגן
מיט שרעקלעכן האַס,
ברענגען מאָשיעכן,
כאָלילע וועכאַס!"

---

ווי ס"ם האָט די ווערטער דערהערט,
איז אים די סימכע געוואָרן געשטערט,
פלאַמען אים אויף די אויגן רויט,
און ער שוויצט מיט טײַוולס קויט,
ווי אַ קעסל אויפגעברויזט,
לויפט צו לילים מיט דער פויסט...

— „זי איז שולדיק, זי אַליין!"

— „די נום איז האַרט,
נאָר, מײַן מאַן, וואַרט
זי קנאַקט דאָך אונטער די ציין...
ניצאָכן איז זים;
גרייט אָן די שפּיז,
דער בראָטן וועט קומען אַליין!"

ענטפּערט לילים און פאַרשווינדט
אַף די פליגל פון אַ ווינט. —

---

טראַ־ראַ־ראַ, טראַך!
וואָס איז געשען?
האָט נישט ווער ערגעץ
מאָשיִעכן געזען?

ווען בלאָזט מען שויפער?
עלול, נישט טאַמוז!
צי איז מעשוגע
געוואָרן דער שאַמעש?

ס'בלאָזט טראָמפּייט,
ס'קנאַלט און קנאַקט,
אַן עקסטראַ פּאָסט
קומט אָן פון טראַקט!

בלאָזט די טראָמפּייט,
קנאַקט צו די בײַטש,
שטייט מען מיט אָפענע
מײַלער: וואָס טײַטש?

וואָס טײַטש?
געקומען פון דאַנציק אַ דײַטש;
האַנדלט מיט ווייצן, האַנדלט מיט קאָרן,
ס'איז אינעם שטעטל אַ מעכײַע געוואָרן,
איינמאָל אַ קוינע! איינמאָל אַ צאָלער!
ס'בליצן די רענדלעך, ס'בלאַנקען די טאָלער!

פון פאַרשום אַ רעגן!
פאַרלייגן די פּויערים מיט פורן די וועגן,
האַנדלען באַטלאָנים,

שאָכטים, דאַיאָנים,
מען לויפֿט, מען קויפֿט און פֿאַרשיקט...
גאָט האָט דאָס שטעטל מיט איינמאָל באַגליקט.

און ס'איז געקומען אַ גאָלדענע צײַט,
מ'טראָגט אין דער וואָכן אַטלאָס און זײַד —
כאַסענעס מאַכט מען טאָג-טעגלעך קעסיידער,
באַוואָרפֿן די שנײַדער מיט כאַסענע-קליידער!

עס זײַנען אָן הענט שוין די קלעזמער געבליבן,
די כופּע צעריסן, די שטאַנגען צעריבן.
מ'האָט שוין פֿון באַדכן קיין קויעך צו לאַכן,
מען קריגט שוין קיין וואַקס נישט, האַוודאָלעס צו מאַכן.

מ'האָט מיט איינמאָל פֿאַרגעסן די נויט:
ווער נעמט עס אין מויל, מ'באַקט נישט קיין ברויט!
ס'ווערט געגעסן נאָר לעקעך און פֿלאָדן,
און מאַשקע — צום באָדן!

---

האָט דער דײַטש זיך מיטגעבראַכט
איין איינציק טעכטערל — אַ פּראַכט:
גאָלדענע לאָקן ביז די פּיס,
אויגלעך העלע, ווי די שטערן,
און אַ קאָל — אַ פֿרייד צו הערן!
האָניק — זיס,
און אין סאַמעט אײַנגעהילט!

רעדט זי, גלײַך אַ פֿידל שפּילט!
לאַכט זי — אַ קאַסקאַדע פֿרייד!
און דער טרעגער אונטער דער לאַסט,
און אין קלויז, דער פּאָרעש, וואָס פֿאַסט,
נאָר מ'לאַכט, קינד און קייט!
דאָך דעריקער איז דאָס לידל,

ס׳רעדט אַ פידל, ס׳זינגט אַ פידל...
עס ווערט אַזוי זיס, ס׳ווערט אַזוי באַנג...

מאָניש לערנט שוין לאַנג אין קלויז,
און טאָג אַף טאָג פאַרבײַ דעם הויז
מיט זאַנג און קלאַנג
גייט ער אין דער קלויז אַרײַן,
און ערשטעלט זיך אָפּ אין טויער,
זאַפּט די לידער אײַן אין אויער.
און ס׳פאַרשיקערט אים ווי ווײַן, —
(אַ זינדיקן מענטשן, אָפּער וועאייפּער!)
נעמט דערנאָכדעם זיך צום סייפער,
שווימען די זעלבע ניגונים אַרויס,
זינגט זיי שטונדן אָפּן זייגער,
און עס הערט פאַרבליפּט די קלויז:
נישט קיין וואָלאַך, נישט קיין שטייגער,
און עס ציט די קליי אַרויס...

אַ כאַווער קוקט,
זעט ער, מאָניש זיצט פאַרצאָגט,
און פאַרציטערט, ווי אין פיבער,
און אַ שטערן בלאַס, ווי קרײַד,
און פאַרקוקט ערגעץ ווײַט
פון פענצטער אַרויס, פון סייפער אַריבער.
— „אוי, וואָס איז דיר, מאָניש, זאָג?"
און אַזוי טאָג אַף טאָג,
טאָג אַף טאָג!
זעט די מוטער ווי מאָניש פאַרשווינדט:
— „וואָס איז דיר, מײַן קינד?
ווער האָט פאַרלאָשן, וואָס פאַר אַ ווינט,
די אייגעלעך דײַנע, די שיינע האַוודאָלעס?
ווו האָסטו גענומען ניגונים — יעלאָלעס?

פלעגסט דאָך זינגען גאַר אַנדערע זאַכן,
ס׳פלעגט דאָך פאַר טײַנעג ס׳האַרץ אין מיר לאַכן

באַם כאַזן אין שול, צי שאַבעס באַם טיש;
ווי אַ פויגל פרײַ, ווי אַ גלעקל פריש,
הײַנט — עפּעס אַנדערש זינגט פון דיר אַרויס,
וואָס איז דיר, מײַן קינד, דער מאַמען זאָג אויס!
עס שרעקט זיך די מאַמע דײַן!"

— „ווייס איך דען, מאַמע, וואָס ס'זינגט אין מיר?
כ'וויל גאָרנישט זינגען, עס זינגט זיך אַליין!
ס'פליִען די קוילעס, ווי פייגל פון נעסט...
און אַזוי זינגט זיך, אַזוי ווי דו זעסט!"

---

און אין מאָקעם איז געווען
פון קאַדמוינים אַ מאַפּוילעס:
(כ'וויל נישט נעמען אַף מישקוילעס, —
פון אַ קלויסטער, צי אַ שלאָס;
כ'גיב עס איבער אָם בעאָס,
כ'האָב עס אין אַ בוך געלעזן...)

ווינען לייצים אין דער כורווע,
און מ'קרייט דאָרט און מ'לאַכט,
און זיי בילן, און זיי מיאַוטשען,
און זיי שרעקן נאַכט אַף נאַכט.

וואַרפן שטיינער פון די לעכער,
איבער הײַזער, איבער דעכער,
און אַפן דאַך
גייט אַף דער וואַך
אַרום אַ הונט, קודלאַטע, ווילד,
וואָס האָט קיינמאָל נישט געבילט,
נאָר געשטשירעט מיט די ציין...
מיילע, ציטערט הויט און ביין,
ייִדן, און לעהאַוודל, קריסטן,
וויכן לאַנג די גאַנצע גאַס,

און מיט הויכן גראָז באַוואַקסן,
שטייען הײַזלעך פּוסטע־פּאַס!
קומט די נאַכט, באַווײַזט זיך מאָניש
אין די שאָטן פון די ווענט...
און ער שלײַכט זיך צו דער כורווע,
מיט די לאַצן אין די הענט —
אים באַגלייטן צוויי מאַלאָכים:
אין דער לינקער זײַט אַ שלעכטער,
און מיט טרערן אין די אויגן
גייט דער גוטער אין דער רעכטער.

און דער גוטער מאַלעך רוימט אים
אינעם רעכטן אויער אַרײַן:
„האָב אַף דיר אַליין ראַכמאָנעס,
זאָלסט פאַר גאָט נישט זינדיק זײַן.
דען די וועלט האָט ער באַשאַפן,
וואָס אין הימל, וואָס אַף דר'ערד!
און די אַלע שיווים אומעס,
וועלכע לעבן אַף דער שווערד!
נאָר אַ טאַמצים פון די פעלקער
האָט ער ייִדן אויסגעצויגן,
און זעקס הונדערט דרײַצן מיצוועס
אָפּגעמאָסטן, אָפּגעוווֹיגן!
און וועט די היטער פון זײַן טוירע
מיט ש״י אוילאָמעס פאַרגעלטן —
זאָג זשע, באָכער, איז אַ דײַטשקע
ווערט אַזוי פיל שיינע וועלטן?"

כויזעק מאַכט דער שלעכטער מאַלעך,
רוימט אין לינקן אויער אַרײַן:
„ווערסט דערנאָכדעם טשווע טאָן,
און ער וועט דיר מויכל זײַן!
האָט דען רווון נישט געזינדיקט,

אָדער דאָוויד מיט באַס־שעווא ?
און זיי לויכטן אין גאַניידן !
ווייַל ער האָט אַ גוטע טעווע —
און אַ ליאַדע קרום, אַ טרער,
אין אַ ווינטער־טאָג אַ טאָנעס,
און אַ קרעכץ : איך וועל נישט מער,
און ער גלויבט דיר אַף נעמאָנעס״...

הערט ער, מאָניש, די מאַלאָכים,
און דער יישעוו דויערט נישט לאַנג.
זי באַוווייַזט זיך שוין אין פענצטער,
און עס קישעפט איר געזאַנג.

קוים געהערט און קוים געזען,
און ער פליט שוין פייַל פון בויגן...
בלייַבט דער גוטער מאַלעך שטיין
מיט די טרערן אין די אויגן...

---

און אין דער כורווע ברענט די ליבע ;
פלעדער־מייַז און שפּינען הערן
זייער זינגען, זייער לאַכן,
זייער קושן, זייער שווערן !

זי פאַרלאַנגט, ער זאָל איר שווערן,
אַז עס איז קיין לײדיק פלוישן,
אַז ער וועט זי נישט פאַרגעסן,
אַף אַ צווייטער נישט פאַרטוישן.

און ער שווערט איר באַ זײַן רעבן,
באַ דעם טאַטן, באַ דער מאַמען
און באַ אַלע נאָך צוזאַמען !...
— „זאָג, .וואָס נאָך ? אום גאָטעס ווילן !״

און זי שעפּטשעט: „ווייניק, ווייניק!"
און ער שווערט איר באַ די פּייעס,

באַ די ציצעס, באַ די טפילן,
אַלץ פאַרברענטער און פאַרשײַטער,
און זי שמייכלט און זי בעט זיך:
„שווער נאָך ווײַטער, שווער נאָך ווײַטער!

ווײַל אַ באָכער קאָן פאַרפירן,
קאָן פאַרגעסן", — האָט זי מוירע...
און ער שווערט איר באַם פּאָרויכעס,
באַם פּאָרויכעס, באַ דער טוירע...

און זי רופט אַלץ: „העכער, העכער!"
זי וויל זיכער זײַן אינגאַנצן,
און זי קישעפט מיט די ליפּלעך,
און די אייגעלעך — זיי גלאַנצן,

און זיי פליסן לויטער קישעף,
און ער האָט קיין לאַנגן יישעוו,
שווערט באַם שויפער שעל מאָשיעך,
„העכער, העכער!" ביז ער האָט
דעם נאָמען גאָט...
פון זינדיקן מויל אַרויסגעזאָגט —

פון דער הייך אַ דונער שלאָגט!
פון געהענעם — אַ געלעכטער —
און פון שוועבל גייט אַ רייעך,
און ער פליט שוין, פײַל פון בויגן,
אַף אַ בעזעם אין דער הייך!

---

אַפן באַרג אַראַראַט דאָרטן
איז אַ לעבן, אַ געפּילדער,

ס׳איז אַ באַל דאָרט אין דער טייוווע,
און אַ שרעקלעכער, אַ ווילדער!

און ציגײַנער פון געהענעם,
צען קאַפּעלן מוזיצירן,
און שאַמפּאַניער — ווי וואַסער,
און די רוכעס קאַנקאַנירן.

לאַמפּן — טויזנט פּעסער סמאָלע!
די רעשאָים זײַנען קנויטן,
גייט אַרום אַן עקסטראַ שאַמעש
מיט אַ שערל צו די צויטן!

און די קעניגן איז לילים,
אין די אויגן האָט זי בליצן,
טראָגט סמאָל די לאַנגע
שלעפּע מיט בראַבאַנדער שפּיצן...

אָן דער זײַט פון טייוווע־טויער,
באַ דעם לעפּל פונעם אויער
אָנגעשלאָגן, מאָניש שטייט...
ס׳פײַער ברענט... די שפּיז איז גרייט...

---

# מײַן מוזע

נישט קיין בלימל איז מײַן מוזע,
אַף דער וויזע וואַקסט זי נישט;
נישט קיין שמעטערלינג, וואָס זוכט
אַלע בלומען אויף און קושט!

נישט קיין נאַכטיגאַל מײַן מוזע,
האָט קיין טרעלן, האָט קיין זיסע...
ז'איז אַ ייִדענע אַן אַלטע,
אַן אײַנגעשרומפּענע, אַ מיִעסע;

אַן אַגונע מיט יעסוימים
און פאַרשפּרייטע אַף דער וועלט;
און אַן עוויענטע אַ גרויסע,
און זי שרײַט נאָר, און זי שעלט...

# עמעס און שעקער

„שקר", שטייט, „אין לו רגליים" —
אָבער עמעס? זי האָט פּיס!
פּאָרט דער שעקער אין קאַרעטן
און די עמעס — גייט צופּיס!

פון די פּיס דאָך פּאַלט די עמעס...
ווי בריליאַנטן — הינער־אויגן,
קוים זי שלעפּט זיך! און דער שעקער
פליט זיך „נאַשפּיץ" — פייל פון בויגן!

און באַשפּריצט זי מיט דער בלאָטע,
און דערלאַנגט איר מיט דער בייטש!
און די גאַסן־יונגען לאַכן:
ווייס וואָס „נאַבאָק" איז די טייטש!

# בריִדער

ווײַסע, ברוינע, שוואַרצע, געלבע —
מישט די פֿאַרבן אויס צוזאַמען!
אַלע מענטשן זײַנען ברידער...
פֿון איין טאַטן, פֿון איין מאַמען!

אויך — איין גאָט האָט זיי באַשאַפֿן,
און — איין פֿאָטערלאַנד די וועלט —
אַלע מענטשן זײַנען ברידער,
דאָס איז איינמאָל פֿעסטגעשטעלט!

*

אַלע מענטשן זײַנען ברידער,
שוואַרצע, ווײַסע, ברוינע, געלבע...
אַנדערש זײַנען נאָר די פֿאַרבן,
די נאַטור איז — די זעלבע:

אומעטום דאָס זעלבע פּראָלן,
כ'האָב עס טויזנט מאָל געהערט!
און פֿון זאָגן ביז צו טראָגן —
איז פֿון הימל ביז צו ד'ר'ערד!

. . . . . . . . . . . . .

אַלע מענטשן זײַנען ברידער:
געלבע, ברוינע, שוואַרצע, ווײַסע...
פֿעלקער, ראַסן און קלימאַטן —
ס'איז אַן אויסגעקלערטע מײַסע.

אומעטום דער זעלבער מוסער,
אומעטום דאָס זעלבע לײַגן —
מיטן מויל דער גאַנצער אוילעם,
די פּאָליטיקער מיט שווײַגן!

. . . . . . . . . . . . . . . .

אַ ל ע מענטשן זײַנען ברידער!
און — זיי שפּילן זיך אין פּלישקעס,
די נעשאָמעס זײַנען ווערמלעך —
אינעם טאַביק פון שישקעס...

# האָף און גלייב

האָף! נישט ווײַט איז שוין דער פרילינג,
ס'וועלן שמעטערלינגען שפּרינגען!
נײַע נעסטן, נײַע פייגל;
וועלן נײַע לידער זינגען; —

גלייב, די נאַכט וועט זײַן פאַרשוווּנדן,
און די וואָלקן אויך צערונען,
בלאָ וועט ווײַטער זײַן דער הימל —
נײַע שטערן, נײַע זונען!

נײַע רויזן, נײַע בלומען
וועקט דעם פרילינגס זיסער הויך;
עס וועט שײַנען, שמעקן, זינגען!
און — אַף אונדזער קייווער אויך...

# מײַן נישט

מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע — באַשאַפן
מאַכן אַ וועג מיט פויסטן און נעגל
צום שענק פּאַס, און פרעסן און זויפן, ווען אַנדערע
קוקן פון ווײַטן מיט גלעזערנע אויגן
פאַרכאַלעשט, און שלינגען דאָס שפּײַעכץ און ציִען
צוזאַמען דעם מאָגן, וואָס וואַרפט זיך אין קרעמפּן! —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע!

מיין נישט, די וועלט איז אַ בערזע — באַשאַפן,
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שוואַכע,
זאָל קויפן באַ אָרעמע מיידלעך די בושע,
באַ פרויען די מילך פון די בריסטן, באַ מענער
דעם מאַרך פון די ביינער, באַ קינדער דעם שמייכל,
דעם זעלטענעם גאַסט אַפן וואַקסענעם פּאָנעם — —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ בערזע!

מיין נישט, די וועלט איז אַ העפקער — באַשאַפן
פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל;
דער הימל — אַ פאַרהאַנג, אַז גאָט זאָל נישט זען!
דער נעפּל — מען זאָל אַף די הענט דיר נישט קוקן;
דער ווינט — צו פאַרשטיקן די ווילדע געשרייען;

די ערד איז צו זאַפּן דאָס בלוט פון קאָרבאָנעס —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ הפקר!

די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בערזע, קיין הפקר!
געמאָסטן ווערט אַלעס, געוואויגן ווערט אַלעס!
קיין טרער און קיין בלוטיקער טראָפּן פאַרגייען,
אומזיסט ווערט קיין פונק און קיין אויג נישט פאַרלאָשן!
פון טרערן ווערן טייַכן, פון טייַכן ווערן יאַמים,
פון יאַמים — אַ מאַבל, פון פונקען — אַ דונער —
אָ, מיין נישט, לעם דין וועלעם דייַען!

# טרייסט

טרייסט מײַן פאָלק, עס דאַרף די טרייסט,
שטאַרקט דאָס האַרץ, מאַכט פעסט דעם גײַסט.
זײַט נישט דער ווינט, וואָס לעשט די פלאַם,
נאָר בלאָזט זי אויף, ווײַל נאַכט איז סאַם!
נאָר בוימאויל גיסט און פוצט די קנויט,
ווײַל נאַכט איז גיפט און שלאָף איז טויט!
טרייסט מײַן פאָלק, עס דאַרף די טרייסט!

מאַכט פעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גײַסט, —
עס האָט געלויכט, שוין נישט איין נאַכט,
עס האָט געזיגט שוין נישט איין שלאַכט.
און נישט געלאָזט די פאָן פון האַנט!
עס שטייט — אַן אײַזן־פעסטע וואַנט!
אין וויסטן, ווילד־פאַרקאָכטן יאַם!
אָ, שטאַרקט דאָס פאָלק! בלאָזט אויף די פלאַם!

אָ, שטאַרקט דאָס פאָלק! נישט אָפגעשלאָפט!
זאָל שפריצן העל די לעבנס־קראַפט,
אַלס פײַערדיקע זײַל באַנאַכט — — —
עס זינקט די נאַכט, דער טאָג דערוואַכט!
און שיקט די שטראַל — אַ גאָלדענע פײַל —
אַלס גרוס דער פײַערדיקער זײַל! —
אָ, טרייסט מײַן פאָלק, עס דאַרף די טרייסט,
מאַכט פעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גײַסט!

# דרײַ נייטאָרנס

די אויגן רויט, די ליפּן בלאָ,
קיין טראָפּן בלוט אין באַק נישטאָ,
דער שטערן בלאַס, באַדעקט מיט שוויס!
דער אָטעם אָפּגעהאַקט און הייס — —
עס זיצן דרײַ מיידלעך און נייען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די נאָדל — בלאַנק, די לײַוונט — שניי
און איינע טראַכט: איך ניי און ניי,
איך ניי באַטאָג, און ניי באַנאַכט,
קיין כופּע-קלייד זיך נישט געמאַכט!
וואָס קומט מיר אַרויס, איך ניי?

נישט איך שלאָף און נישט איך עס...
איך וואָלט געגעבן אַף מייער באַל-נעס,
עפּשער וואָלט ער זיך געמיט:
אַן אַלמען כאָטש, אַן אַלטן ייִד.
מיט קינדערלעך אַ שאָק!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די צווייטע טראַכט: איך ניי און שטעפּ,
און שטעפּ מיר אויס גאָר גראָע צעפּ!
דער קאָפּ — דער ברענט, די שלייף — זי האַקט,
און די מאַשין — קלאַפּט צו צום טאַקט:
— טאַ-טאַ, טאַ-טאַ, טאַ-טאַ!

איך פאַרשטיי דאָך יענעמס ווינק!
אָן אַ כופּע, אָן אַ רינג,

וואָלט געווען אַ שפּיל, אַ טאַנץ,
אַ ליבע אַף — אַ יאָר אַ גאַנץ!
נאָר דערנאָך, דערנאָך?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די דריטע שפּייַט מיט בלוט און זינגט:
איך ניי מיך קראַנק, איך ניי מיך בלינד.
עס צוויקט די ברוסט באַ יעדן שטאָך...
און ער — האָט כאַסענע די וואָך!
איך ווינטש אים נישט קיין שלעכטס!

עט, פאַרגעסן וואָס אַמאָל!...
טאַכריכים וועט מיר געבן קאָהאָל,
אויך אַ קליינטשיק פּיצל ערד,
איך וועל רוען אומגעשטערט,
איך וועל שלאָפן, שלאָפן!

# באַם פּרעמדן כופּע־קלייד

(אַ סצענע פון וואַרשעווער לעבן)

אין אַ מאָדע־מאַגאַזין. פּערזאָנען: מאַדאַם,
צוויי מאָדיסטקעס און האַנט־מיידלעך

**מאַדאַם:**

היינט ווערט געשטעפּט און גענייט,
היינט וועט מען ליידיק נישט זיצן!
טוריי — טוריי — טוריי!
זעט נאָר די גאַזן, די שפּיצן!
זעט, ווי דאָס זיידנס וועט בליצן!

אַ שלעפּע וועט זיין גאָר אַ מוירע!
אַוואַדע צען איילן די שלעפּ!
היינט נאָך — בריליאַנטענע קנעפּ!
זעט — מען געטרויט אַזאַ סכוירע!

**האַנט־מיידלעך:**

(כאָר)

אָט האָט איר אַ וווּנדער,
כ'לעבן, קיין שפּאַס!
צי הייסט דען נישט „פּאַווע" —
יאָ פּאַווע — די גאַס,

ווו ס'שטייט זיך אַ מויער
גאַנץ געלבלעך און בלייך,
דאָ פּעסט ווי אַ פּעלדזן,
דריי שטאָק אין דער הייך;

די פענצטער — אין אײַזן,
די טויערן — פאַרמאַכט...
עס גייט נאָך אַ זעלנער
אַרום אױף דער וואַכט!

אוי, דאָרטן צו וווינען
איז טרויריק און באַנג!
עס שלאָגט דורך די טויערן
דאָס קייטן־געקלאַנג...

עס קלינגט אַזוי טרויריק
דין־דאָן... דין־דאָס!
אָ, רירט נישט דאָס זײַדנס,
נישט טשעפּעט, מאַדאָם!

**די ערשטע מאָדיסטקע:**
סאַטען־דע־ליאָן... און שפּיצן, און גאַז,
עס פעלט נאָך בריליאַנטן צום רימל...
דיוואַנען און בלומען, און לאָמפּן... די קאַלע
וועט אויסזען — אַ מאַלעך פון הימל!

**האַנט־מיידלעך:**
(כאָר)
נישט קיין גראָשן פאַר דער דירע
און אין מויל קיין ביסן!
כ׳וויל באַם מאַלעך פאַרשום בעטן!
ניין, זי וויל נישט וויסן!

מאַלעך, גיב פאַרויס אַ רובל!
ניין, זי גיט נישט פריר!
כ׳וויל פאַרציילן איר פון הונגער, —
ווײַזט זי מיר די טיר!

אוי, עס זעצט מיר אין די שלייפן,
דאַכט זיך מיר, אַט פאַל איך.

„נאָר אָן קונצן, נאָר אָן פאַקסן!"
לאַכט מיך אויס דער מאַלעך!

. . . . . . . . . . . . .

אוי, מיך האָט דעם מאַלעכס לאַכן
ביז אַהיים געהעצט!
און איך האָב דעם מאַלעכס זײַדנס
אַף אַ ברויט פאַרזעצט!

און עס איז אַראָפּגעפאַלן
פּלוצלינג, ווי פון הימל,
אוי, דער מאַלעך מיט אַ לאַפּאַץ,
טאַקע ווי צום רימל!

און מיך האָט פאַרזאָרגט דער מאַלעך
אַף די גרויסע פרעסט,
אוי, אַף גאַנצע דרײַ כאַדאָשים
מיט קוואַרטיר און קעסט!

**די צווייטע מאָדיסטקע:**

בלאַס איז דאָס זײַדנצײַג, פּונקט ווי מײַן פּענעמל,
דורכזיכטיק־דין, ווי מײַן הויט...
רירט מען עס, קרעכצט עס „אוי!", פּונקט מײַנע
[ביינדעלעך,
דאָס הייסט אַ גליקלעכע מויד!

דערצו וועלן קומען בריליאַנטענע קנעפּלעך,
גרויסע, ווי אָרעמע טרערן!
נו, אײַל דיך, רעדעלע! אײַל דיך, טרעקאָטשע,
כ'זאָל מײַנע ביינדלעך נישט הערן!

טראַך־טראַך־טראַך, ביינדעלע! טור־טור־טור, רעדעלע!
שלאָג'מיר דאָך גלײַך מיטן זייגער...
טראַך־טראַך־טראַך, ביינדעלע! טור־טור־טור, רעדעלע!
ווען וועל'מיר רוען, אַ שטייגער?

**האַנט־מיידלעך:**

(כאָר)

עס איז פאַראַן אַ שטיבעלע
אַף אַ שטילער גאַס!
ס'האָט קיין טיר, קיין פענצטערל —
אייביק שטיל און נאַס!

כאָטש מען צאָלט קיין דירע־געלט,
וואַרפט מען נישט אַרויס!
דאָרטן רוען אַף אייביק שוין,
די ביינדעלעך זיך אויס!

פון קיין שטעפּן ווייסט מען נישט,
עס ווערט שוין נישט גענייט...
צום שטיבעלע קומט איטלעכער
אַף אייביק שוין באַגליידט!

**די צווייטע מאָדיסטקע:**

שטעפּ, נאָדל, שטעפּ די בראַבאַנדערנע שפּיצן —
פאַר איר, פאַר איר!
טאַכריכימלעך וועסטו גיך און באַלד שטעפּן —
פאַר מיר, פאַר מיר!

עס בליצן בריליאַנטן, עס שמייכלט די קאַלעשע —
שיין אַזוי, ליב!
ווען וועט אַ שמייכל מײַן פּאָנעם באַשײַנען?
אין גרוב, אין גרוב!

ער וועט זי טוליען, צעקניטשן די שפּיצן
אין האַרציקן שטורעם!
דיך ווער וועט גלעטן, און פּיעשטשען, און טוליען?
אַ וואָרעם, אַ וואָרעם!

**„לוסטיק־לעבן"**

(אַ יונג האַנט־מיידל)

וואָס פאַרסאַמט איר מיר דאָס לעבן?
זינגט נישט אַזוי שרעקלעך!

כ׳האָב קיין סאַמעט און קיין אַטלעס —
נאָר די רויטע בעקלעך!

כ׳האָב קיין שפּיצן, קיין בריליאַנטן, —
ווייס איך, וואָס זיי טויגן,
כ׳האָב אַ האַלדז — אַן אַלאַבאַסטער,
צוויי בריליאַנטן-אויגן!

כ׳דאַרף קיין פּערל — זעט די ציינדלעך,
אַך, ווי זיי געפעלן!
און די יונגע פרישע ליפּלעך
זײַנען מײַנע קרעלן!

פעלט מיר גאָלד דען? זעט די לאָקן!
און וואָס גליק איז — ווייס איך!
לאָזט מיך לאַכן, לאָזט מיך לעבן —
„לוסטיק לעבן" הייס איך!

**האַנט-מיידלעך:**
(אויסער „לוסטיק-לעבן")

אַף יעדער גאַס, אין יעדן הויז
שטייט אַ קאַסטן מיסט!
קלײַבן לאָזט מען פראַנק און פרײַ
שמאַטעס גאָר אומזיסט!

און — ווערט „לוסטיק לעבן" אַלט,
ווייסט איר, וואָס איר גליסט?
מאַכט אַ שטעקעלע זיך פײַן,
גראַבלט זיך אין מיסט!

**די ערשטע מאָדיסטקע:**
יונגערהייט אַ העזעלע,
געשפּרונגען און געקישט;
אַצינד האָט עס קיין נעזעלע,
און קיין גומען נישט!

**די צווייטע מאָדיסטקע:**

זי וועט זיצן צווישן בלומען
אַף אַ דיוואַן — רײַך!
און מיר מאַכט אַף דר'ערד אַ ביסל
שטרוי נאָר גלײַך!

זי דאַרף שפּילן, זשיראַנדאָלן,
לאָמפּן אַלערליי;
מיר צוקאָפּנס — גראָשנדיקע
ליכטלעך צוויי!

אָן מוזיק אויך פּירט מיך לייגן,
ווען אויך הײַנט באַנאַכט...
ווילט איר דאַווקע — ווײנט אַביסל,
ווילט איר — לאַכט!

**מאַדאַם:**

שטילער, שטילער, שטילער,
שטיל אַן אויגנבליק!
טוריי—טוריי—טוריי!
אָט דאָס הייסט מוזיק!

וואָס האָט איר פון די לידער?
דריקעניש — נישט מער!
עס ציטערן די ברעמען,
אָט, אָט, פאַלט אַ טרער...

און אַז טרערן פאַלן
פון דער שווערער נויט —
אַף די ווײַסע קליידער
ווערט אַ פלעק אַף טויט.

טוריי—טוריי—טוריי!
אָט דאָס הייסט מוזיק —

איר האָט נישט קיין אייגנס,
זינגט פון פרעמדן גליק!

**אַלע:**
(כאָר)
עס איז געווען אַ מיידעלע,
אַ מיידעלע אַ פּראַכט —
עסן עסט עס יעדן טאָג,
שלאָפט זיך יעדע נאַכט!

ליפּלעך האָט זי רויטינקע,
רויטינקע, וואָס נישט?
נאָך נישט קיין צעביסענע,
נאָך נישט אויסגעקישט!

און זי האַלט דאָס קעפּעלע
כיינעוודיק און שטאָלץ!
זאָרגט עס אַף אַ ברייטעלע,
קוילן, אָדער האָלץ?

און אייגעלעך — פאַרכאָלעמטע,
בלימעלעך גענוי!
בלימעלעך און קאָלע־כיין
ליגט אַף זיי ווי טוי!

אַצינד נייען מיר דעם מיידעלע,
צו מאַזל און צו גליק,
אַ זײַדן כופּע־קליידעלע,
אַ קליידעלע אַ שיק!

מען וועט איר גע׳ן אַ מאַנעלע,
אײַ, דעם יונגן בלוט...
כאַ־כאַ־כאַ! דאָס מאַנעלע
דאָס קאָנען מיר דאָך גוט!

**מאַדאַם:**

אוי, נאַרישע קינע!
איך קאָן דיך פון לאַנג,
איך קאָן אויך דיַין צינגל —
די גיפטיקע שלאַנג!

אוי נאַרישע קינע!
די גאַל איז דיַין האַרץ —
גאָלד וואָס איז? בלאָטע!
דער שניי איז דיר שוואַרץ!

די זון האָט דאָך פלעקן,
די שטערן — צו קליין!
מיינט — זי פרעסט יענעם,
און פרעסט זיך אַליין!

**אַלע:**
(כאָר)

עס איז געווען אַ מאַמעלע,
אַ מאַמעלע אַ פיַינס!
זי האָט געהאַט אַ טעכטערל,
אַ טעכטערל אַ קליינס!

און עס האָט דאָס מאַמעלע
דאָס טעכטערל געקישט,
געקושט, געהאַלדזט, געוואָרנט עס:
„זיַי קיין נאַשער נישט!

„קוק נישט אַף קיין איַינגעמאַכטס,
ד'אויגן האַלט פאַרגליַיזט!
טו נאָר, וואָס דער טאַטע וויל,
און וואָס די מאַמע הייסט!"

„און וואָס גוטע, פרומע ליַיט
עס ראָטן דיר, מיַין קינד!

זעסטו נאַשן, קוק אַוועק!
בעסער — מאַך דיך בלינד!"

„זאָגט מען, כאַס־וועשאָלעם, דיר:
„אײַנגעמאַכטס איז זיס!",
זאָלסטו ווערן פײַער־פלאַם,
טופּען מיט די פיס!"

„פאַר דאָס וועל איך שפּעטער דיר
קויפן אַפן מאַרק,
אימירצעשעם, אַ ניסעלע, —
ווייסט, איך בין נישט קאַרג!"

פאַר אַ גאַנצן גראָשן געלט —
אַ ניסעלע פון גאָלד,
פאַר דיר אַליין אַ שפּילעכל,
וועסט עס האָבן האָלד!

פאַר אַ גאַנצן גראָשן געלט,
און נאָר פאַר דיר אַליין...
און דו וועסט עס קושן פרײַ,
און קנאַקן מיט די ציין!"

און עס פאָלגט דאָס טעכטערל,
וואָס טאַטע־מאַמע הייסט;
און זי האַלט אַ גאַנצן טאָג
די אייגעלעך פאַרגלײַזט!

רייטלט זיך, אַז אײַנגעמאַכטס!
זאָגט מען איר — איז זיס!
ס'צאַפּלט איר דאָס יונגע האַרץ —
זי טופּעט מיט די פיס!

עס קומט די צײַט, דאָס מאַמעלע
האַלט איר וואָרט, נישט קאַרג!
פאַר אַ גאַנצן גראָשן געלט
קויפט זי איר אין מאַרק

אַ פאַרגאָלדעט ניסעלע.
אוי, ס'איז מאָלע כיין!
מיט ציטערדיקע הענטעלעך
כאַפּט ז'עם אַף די ציין!

כאַפּט עס אַף די ציין און קנאַקט —
איַי! די נוס איז פול!
עס שפּיַיט און שפּיַיט דאָס וויַיבעלע —
טאַבאַק פול אין מויל!

— מאַמע, ווײנט דאָס טעכטערל,
די יאָנדערע ווּ איז?
„מאַמעשי" און „מאַמע־קרוין",
איז דאָס דער טאַם פון ניס?

דאָס האַרץ טוט וויי דעם מאַמעלע;
דאָס פּאָנעם מאַכט זי גלאַט: —
„עס איז אַזוי! דיַין מאַמעלע
האָט אויך אַזוינס געהאַט"!

**מאַדאַם:**

נישט דאָרט איז גליק, ווּ צירונג בליצט,
ווּ איידלשטיין מיט פונקען שפּריצט;
נישט אַלץ איז גאָלד וואָס בלאַנקט און גלאַנצט,
נישט דאָס איז פרייד וואָס לאַכט און טאַנצט!
עס מיַידט גאַנץ אָפּט דאָס גאָלד'נע בעט
דער שלאָף; דעם גרויסן זאַל — די זעט,
ווי אויך דאָס גליק דעם זאַק מיט געלט, —
דאָס ווייס שוין לאַנג די גאַנצע וועלט!

**די ערשטע מאָדיסטקע:**

אַמאָל איז געווען, נאָר ווּ? מינאַסטאַם
דאָרט ערגעץ אין בויבערג, אַף יענער זיַיט יאַם
נאָר — צי איז געווען? איר פרעגט נאָך, איר קלערט?

איך האָב עס אַליין פון מײַן באָבען געהערט!
די מאַמע — געשטאָרבן, דער טאַטע — אַוועק,
די טרויעריקע ווינטער־נאַכט האָט גאָר קיין עק!
די פענצטער — פאַרשמידט, די טיר איז פאַרשנייט,
און ס'רײַסט זיך דער ווינט ווי אַ הונט אַף דער קייט!
הורורו—הורורו — וואָיעט און קלאָגט.
דאָס האַרץ איז דערשראָקן, עס ציטערט, עס נאָגט...
„באָבע!" זי הערט נישט, נאָר „דיאַ־דיאָם־דיאָם!"
די טויבע פאַרציילט מיר פון יענער זײַט יאָם!

**אַלע:**

גענוג שוין האַקדאָמעס,
נישט פּלוידער, נישט קווייל;
פאַרגעס אָן דער באָבען,
די מײַסע פאַרצייל!

**די ערשטע מאָדיסטקע:**

אַף יענער זײַט יאָם איז געשטאַנען אַמאָל
אַף הינערשע פיסלעך אַ הײַזל אין טאָל,
געשטאַנען זיך איינפאַך, אָן אזעס, אָן שטאָלץ,
אָן פוצעכץ, אָן צירונג — פון ליים און פון האָלץ!
אַ פענצטער אַ פיצלס, נאָר כיינעוודיק האָלד!
די זון זי באַשיט עס טאָג־טעגלעך מיט גאָלד!
לעוואָנע און שטערן
פאַרהאַלטן זיך גערן
און מאָלן מיט זילבער די שויבן.

דאָס האָט דער הימל די ליבע באַלוינט:
עס האָבן אין הײַזל צוויי ברידער געוווינט!
עס האַלטן צוויי הערצער צוזאַמען געטרײַ.
שווער איז די אַרבעט, נאָר ס'אַרבעט זיך פרײַ!
ווײַס איז דאָס מעבל, מיט קלײַען דאָס ברויט,
נאָר אַלץ איז צוזאַמען — די פרייד און די נויט!
עס האָט זיך געלעבט,

די צײַט האָט געוועבט
איר לאַנגן, איר קאָשערן פֿאָדעם!

נאָר איינמאָל באַווײַזט זיך אַ גאַסט אױף דער שוועל,
פֿול גינגאָלד, שמאַראַגדן, עס פֿינקלט זײַן פֿעל!
די שלאַנג איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט;
דער עלטערער ברודער דערזעט זי און טראַכט:
עס איז אױף דער וועלט דאָך רײַכטום פֿאַראַן!
ווען איך האָב אַ שמאַראַגד, איך, אָרעמער מאַן,
כ׳פֿאַרקויף אים, וואָס ניט?
כ׳וואָלט אױפֿן יאַריד
געקויפֿט מיר צו מעלקן אַ קו!

די שלאַנגען — זיי ווייסן, וואָס ס׳טראַכט זיך בײַ לײַט;
זי ווינקט אים און רופֿט אים אַוועק אין אַ זײַט
און זאָגט אים: „איי, ברודער, וואָלסטו נאָר געוואָלט,
שיטסטו דיר אָן פֿעסער פֿול גאָלד,
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן אַ וועלט
און אַלץ, וואָס מ׳קען נאָר באַקומען פֿאַר געלט!
איך מאַך נישט קיין שפּאַס:
פֿאַראַן אַזאַ סאָד,
איך קען דיר אים זאָגן אין וואַלד!״

די שלאַנג איז אַוועק, און דער יינגערער קלערט:
„ווי גאָט האָט זיך יעדן זײַן שיינקייט באַשערט:
גיי פֿרעג׳ן: דער גלאַנץ און די שיינקייט וואָס טויג?״
די לײַדנשאַפֿט פֿלאַמט שוין אין עלטערנס אויג:
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן — אַך, גאָט!
זי זאָל נאָר נישט נאַרן און זאָגן דעם סאָד!
קוקט ער צום וואַלד,
און גאַנוועט זיך באַלד
פֿון ב ר ו ד ע ר אַרויס צו דער ש ל אַ נ ג!

די זון גייט שוין אונטער, פֿאַרגאָלדט נאָך די זוים
פֿון וואָלקן אין הימל; און אונטער אַ בוים
זיצן שוין ביידע — דער מענטש און די שלאַנג;
זיי זיצן צוזאַמען און שמועסן שוין לאַנג.
ער ציטער׳ט און ווייס נישט — פֿאַר פֿרייד צי פֿאַר שרעק?
זי וויקלט דאָס האַרץ אים אַרום מיטן עק
און רעדט פֿון דיאַמאַנטן,
קרעלן, בריליאַנטן:
„אַלץ וועסטו האָבן גאָר גרינג!"

„באַטראַכט נאָר דײַן ברודער, דאָס איז אַ פֿאַבריק
פֿון קרעלן, בריליאַנטן, דיאַמאַנטן און גליק!
עס טר׳פֿט זיך, ער אַרבעט און וווּנדערלעך הייס
ווערט אים, דער שטערן באַדעקט זיך מיט שווייס,
עס טריפֿן די טראָפּן!... ער ווישט מיט דער האַנט;
לאָז נישט! דער טראָפּן דאָס איז אַ דיאַמאַנט!
נאָר אַרבעטן הייס!
קלויב אויף דעם שווייס!
שיטסטו אָן פֿעסער דיאַמאַנטן!"

„ס׳טרעפֿט און אים פֿאַלט פֿון די ברעמען אַ טרער;
מיינסטו, דו נאַר, עס איז וואַסער נישט מער,
און טרייסט׳ן און האַלדזט׳ן; דו האַלטס עס נישט אויס,
און קושסט אים די טרערן פֿון ד׳אויגן אַרויס!
פֿאַרשווענדסט דײַן פֿאַרמעגן, דו נאַרישער קאָפּ!
לאָז וויינען, לאָז טריפֿן! און קלויב יעדן טראָפּ!
אַ טרער, האָב פֿאַרשטאַנד,
דאָס איז אַ בריליאַנט, —
רײַך וועסטו זײַן ווי אַ קעניג!"

„דערנאָך — האָט דײַן ברודער אַן איידעלע פֿעל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל — דו האָסט שוין אַ קרעל!
בלוט — זאָגסטו — איז עס, בלוט — זאָגסטו — אַ קאָפּ?

דו נאַר! עס איז קרעלן, דו צאַפּ נאַר און צאַפּ!
זאָל ער נאַר בלוטן און בלוטן נישט קאַרג!
אָנשיטן וועסטו שוין קרעלן אַ באַרג!
דו האָסט אַ פאַבריק,
און מאַך דיר דײַן גליק,
ביסט שטאַרקער און ווײסט שוין דעם סאָד!"

די ליפּן פאַרביסן, די פויסטן געבײַלט,
גייט שוין דער עלטערער ברודער פון וואַלד,
די אויגן — זיי ברענען און זיימען זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּלט די ליבע צום ברודער אין האַרץ;
ער טרייסט זיך: „איך וועל דאָך נאַר מאַכן אַ פּרוּוו,
אַ שטאָך וועל איך געבן אַ קליינעם, נישט טיף;
מײַן ברודער? איך ווייס!
נאַר טרערן און שווייס,
זײַנען דאָך בריליאַנטן, בריליאַנטן!"

עס הערט די לעוואָנע נאָך ד'אייגענע נאַכט,
ווי ס'האָט אינעם שטיבל געוויינט און געלאַכט.
עס קוקן די שטערן אין פענצטער אַרײַן:
ווי לאַכט עס אַ ברודער באַם ברודערס געוויין?!
די זון האָט צומאָרגנס געוואונדערט זיך שטאַרק:
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטן אין קאַרק?
עס וואונדערט צוגלײַך
דעם וואַלד און דעם טײַך:
וואָס איז עס אין שטיבל געשען?

און עס איז געקומען אויףביידע גאָטס שטראָף!
דאָס גליק איז פאַרשוואונדן, עס ווייכט זיי דער שלאָף,
אַוועק איז די ליבע, דער פרידן אַוועק! —
דער שלאָפט ניט פאַר ווייטיק, דער צווייטער — פאַר שרעק;
דער שרײַט: ס'איז מײַן אָשירעס, מײַן רײַכטום, מײַן גוט!
און יענער: ס'איז טרערן, מײַן שווייס און מײַן בלוט!

דיאַם, דיאַם, דיאַם, דיאַם
אַף יענער זײַט יאַם
רײַסט מען זיך שוין בײַ די האָר!

**אַלע:**

(כאָר)

מען שלאָגט זיך, מען רײַסט זיך,
טראַך־טראַך, טראַך־טראַך! —
נאָר וואָס איז געווען
דער סאָף פון דער זאַך?

דער סאָף פון די ברידער
פון שרעקלעכן הויז?
פאַרצייל שוין און צי נישט
די הערצער אַרויס.

**די ערשטע מאָדיסטקע:**

אוי, ס'איז געווען אַ שרעקלעכע נאַכט!
איך ליג בײַ דער באָבען אין שוין און איך טראַכט:
„וואָס לייגט זיך דער שאָטן, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט?
וואָס רײַסט זיך דער ווינט ווי אַ הונט אַף דער קייט?
וואָס ברעכן די מויערן, וואָס רײַסט זיך דער דאַך?
צי הער איך די באָבען, צי בין איך נאָך וואַך?

איך ליג בײַ דער באָבען אין שוים און איך טראַכט:
„צי זע איך אין כאַלעם די שרעקלעכע נאַכט?
צי הער איך אַ מײַסע? צי בין איך דען דאַך?
ווו ברעכן די מויערן? ווו רײַסט זיך דער דאַך?
ווו רײַסט זיך דאָס הייל אַוועק פון זײַן אָרט?
הורורו—הורורו — דאָ אָדער דאָרט?"
שטענדיק געקלערט
און קיינמאָל געהערט
דעם סאָף פון דער שרעקלעכער זאַך!

**אַלע, אויסער מאַדאַם:**

דער זייגער שלאָגט! אײַ, צען שלאָגט,
געענדיקט שוין די מי!
אַהיים, ווער נאָר אַ היים פאַרמאָגט,
אַהיים ביז אין דער פרי!

אין בעט אַרײַן, אַ בעט ווער ס'האָט,
נאָר שלאָפן גייט, געדענקט אָן גאָט!
שלאָפן דאַרף די נויט!

**מיידלעך:**

שלאָפן איז אַ פײַן געשעפט
מען רוט זיך אויס! און טיילמאָל טרעפט
עס כאָלעמט זיך — אַ ברויט!
אַך, צען שלאָגט, צום עק די מי —
גוט-נאַכט, מאַדאַם —

**מאַדאַם:**

קומט פאָרגן פרי!

# פאָלקס־מאָטיוו

שטיינערנע פּאַלאַצן
אײַזערנע באַלקאָנען,
טרעפּ פון ווײַסן מאַרמאָר,
גאָלדענע סאַלאָנען.

קריסטאָלענע זשיראַנדאָלן
בלאַנקען דורך די שויבן...
דאָרט וועט מײַן געליבטער
זיך אַ קאַלע קלויבן.

זיך אַ קאַלע קלויבן,
שענער און געזינטער...
און איך וועל דאָ פוילן,
ווי אַ בלאַט אום ווינטער...

# ב ר ײ ט ע ל ע

ברייטעלע, ברייטעלע־קליין!
ברייטעלע מוז קײַלעכדיק זײַן!
און איצט שנעל, אין אויוון אַרײַן!

געגוג אין אײיועלע געזעסן, —
האַם־האַם! אויפגעגעסן!

# לערנענדיק גייַן

עטעלע, ענטעלע, ענטעלע!
פאַרוואָס גייסטו נישט גראַד?
און דאָס ענטל, ענטל זאָגט:
ווייַל איך בין נישט קיין סאָלדאַט!
כ'בין אַן ענטל, כ'בין אַן ענטל
און זייַ מיר ווי די באָבע יענטל
אַהער — אַהין געוואַקלט זיך
אין די שיינע רויטע שיך!

# אַפֿן גרינעם בערגעלע

אַפֿן גרינעם בערגעלע
וואַקסט אַ יונג ביימעלע
וויל דאָס ביימעלע נישט שלאָפֿן!

די לעוואָנע טוט עס שטראָפֿן:
צײַט צו דרעמלען, ביימעלע,
אַפֿן גרינעם בערגעלע!

אַזוי זאָגן אויך די שטערן,
נאָר דאָס ביימל וויל נישט הערן!
וויל נישט מאַכן צו די אויגן!

איז אַווינטל צוגעפֿלויגן:
ביימל, ביימל, רויִק זײַן!
און שאָקלט עס און וויגט עס אײַן!

ווינט אַהער, ווינט אַהין
שלאָפֿן מוז אַ ביימל גרין!

דרימלט אײַן דאָס ביימעלע
אַפֿן גרינעם בערגעלע;
אַפֿן גרינעם בערגעלע
דרימלט אײַן דאָס ביימעלע!

# דער סקולפּטאָר

איך זיץ נישט ליידיק אין דער היים.
האָב איך צייַט נאָר, נעם איך ליים,
קלעפּ איך מיר אַ מייַזל אויס,
מאַך אַ פייגעלע דערווים,
פון פייגעלע, נישט לאַנג געטראַכט,
ווערט אַ ציגעלע געמאַכט,
כ'מאַך אַ מענטשעלע דערפון!
און וואָס איך וויל! און אַף דער זון
טריקן איך מייַן אַרבעט אויס:
מענטש און ציג, קאַץ און מויז,
וואָס איך זע נאָר אַף דער וועלט, —
און אין פענצטער אויסגעשטעלט.

# דער יעגער

יאַנקעלע וויל אַ יעגער זײַן,
יאַנקעלע וויל אין וואַלד אַרײַן
שיסן וויל ער נאָר אַ בער!
— ווו נעמט מען געווער?

אונדזער יאַנקעלע דערזעט —
אין אַ ווינקעלע אַ בעזים שטייט!
מיטן בעזים וועט ער יאָגן,
און אַ גרויסן בער דערשלאָגן!

ער קען אין שטוב שוין מער נישט בלײַבן!
וויל דעם בעזים אונטערהייבן,
שווערער בעזים קערט זיך איבער
און דער יעגער פֿאַלט אַריבער!

נישט קיין בער און נישט קיין האָז,
און צעשלאָגן זיך די נאָז!
ער וויל שוין נישט אין וואַלד אַרײַן,
ער וויל שוין נישט קיין יעגער זײַן!

# דער שיפער

ס'האָט דער רעגן אויפגעהערט,
דער הימל איז שוין אויסגעקלערט,
נאָר די רעכער זײַנען נאַס,
רינען טײַכעלעך אין גאַס,
רינען, רינען, רינען!

כ'האָב מײַן שיפעלע געפונען,
אַפן וואַסער עס געלאָזט,
און עס קומט דער ווינט און בלאָזט,
יאָגט מײַן שיפעלע געשווינט
אַף די פליגל פונעם ווינט, —
פלי דיר, פלי, מײַן שיפעלע!
און וווּהין פליסטו, שיפעלע?
— צו דער פרײַער וועלט אַהין,
וווּ ס'איז ליכטיק, וווּ ס'איס גרין,
פויגל זינגט, בלימל בליט. —
— שיפל, שיפל, נעם מיך מיט!

# רעגן

קינדערלעך, אוי, קינדערלעך!
אַ רעגנדל גאָר וווּנדערלעך,
שמעקעדיקע טרעפּעלעך!
אַ רעגנדל איז גאָטס גענאָד,
קומט אַרויס און טאַנצט אַ ראָד!

מיט בלויזע פּיס און קעפּעלעך!
גאָרנישט קלערן, גאָרנישט פרעגן,
קינדער וואַקסן אַפן רעגן,
ווי די בלומען, ווי די זאַנגען!
נאַקטע קעפּלעך, נאַקטע פּיס,
וואַקסט פון יעדן קינד אַ ריז,
ביזן הימל צו דערלאַנגען!

# עטעלע

זאָג מיר, עטעלע, מײַן גאָלד,
וואָס האָסטו פײַנט, וואָס האָסטו האָלט ?
בלײַבט זי שטיין, ווי צעמישט,
עטל שווײַגט און ענטפערט נישט,
דאָך ווייסן אַלע, ווי מיר שײַנט,
וואָס עטעלע האָט ליב און פײַנט!

ליב האָט אונדזער עטעלע
צו ליגן לאַנג אין בעטעלע,
פײַנט האָט זי נאָר אויפשטיין,
אויך באַנאַכט דאָס שלאָפן־גיין...

ליב האָט עטעלע צו נאַשן,
פײַנט — דאָס פּאָנעמל צו וואַשן.
קנאַקן ניסלעך ? גאָר נישט פויל;
פײַנט צו שווענקען אויס דאָס מויל!

אויך ליבט זי זייער פּוטער־זעמל
און קען נישט קוקן אָן דאָס קעמל.
לערנען — מאָרגן, נאָר נישט הײַנט!
דאָס איז אַלעס, ווי מיר שײַנט!

# אינהאַלט:

## חסידיש:



## פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן:



## מײַסעלעך:



## דראַמאַטישע ווערק:



## לידער און פּאָעמעס:



## קינדער־לידער:




Este libro se terminó de imprimir el día 15 de Abril de 1952 en la Impresora BAIRES, Cangallo 2981, Buenos Aires.